## דוד בערגעלסאן

# אלע ווערק

באַנד 3

- דערציילונגען
- שטורעמטעג

# דערציילונגען

# אין איינעם אַ זומער

## I

— אײַזיק, שטיי באַם פּלויט.

— לאָז ניט די חזרים, אײַזיק.

אײַזיק האָט אַ פּאָר לאַנגע הענט, פּעסטע און פּאַרקאַשערטע העכער די עלנבויגנס. און אַליין איז ער אַ שטאַרקער, אַ מוסקולדיקער, ווי אַ שמיד־געהילף, וואָס קלאַפּט מיטן גרויסן האַמער. ער שטייט אינעם ווײַסן אַרײַנגעלאָזטן סטודענטן־העמדל באַם טויער אַף דער זון; און לעבן אים גאָר נאָענט גייען דורך די אַכט „שטיקלעך". זיי מעלה־גערהן און סליונגען פון היץ.

פון די בהמות שמעקט מיט פאַרטריקנטן קי־צאות, מיט פרישער מילך, מיט שטויב און מיט אויסגעטריקנטן דאָרף, וואָס האָט שוין צוויי וואָכן כסדר אומזיסט געלעכצט נאָך רעגן. דאָס הײַטל אין נאָז ווערט דערפון אויפגערעגט ביז גאָר, ס׳ווילט זיך ניסן.

אײַזיק פאַרמאַכט דעם טויער און פילט, אַז פון אים אַליין שמעקט שוין אויך מיטן זעלביקן גערוך. מיט שטויב שמעקט פון אים און מיט פרישער, נאָך ניט געמאָלקענער מילך. ער שמייכלט. פּאַמעלעך און פויל גייט ער נאָך דעם פעטער יודלס עלטערער טאָכטער, סימען; ער גייט איר נאָך אין הויף אַרײַן צו די שטאַלן. נעכטן איז ער איר אַהין נאָכגעגאַנגען פונקט אַזאַ שווײַגנדיקער ווי איצט, אַ קליגערער פון דער אַרבעט, וואָס זיי טוען. דער הײַנטיקער טאָג וועט, ווי צוויי טראָפּן וואַסער, זײַן ענלעך אַפן נעכטיקן.

אַרום ברענט די זון פון העלן האַלבן טאָג, ס׳גליט דער ברענענדיקער תמוז. דאָס גרויסע פירוויאַרסטנדיקע דאָרף האָט אויסגעשיט אַלע ברואים אין פעלד אַרײַן און שלאָפט מיט דער גאַנצער צעוואָרפענער ברייט, וואָס צום טאָל און צום טײַך מיט די געלע זאַמדיקע ברעגן; ס׳דראַפּעט זיך פון יענער זײַט טײַך אַפן באַרג, ס׳פאַרצײַט זיך דאָרטן מיט אַ דרימלדיקן נעפּל פון זומערדיקער ווײַט און באַהאַלט אויס אין שטילן עק דאָס נגידישע ייִדישע הויז, מיט די צוויי געשניצטע גאַניקעס אין ביידע זײַטן און מיטן יונגן מיידל, וואָס האָט זיך אַהין ניט לאַנג אומגעקערט פון דער פרעמד, פון שטודירן, אפנים, צי פון פאַרברענגען אין דער גרויסער ווײַטער שטאָט.

— אײַזיק, שטיי באַ די קעלבלעך.

אײַזיק קוקט אַף יעדער בעריעשער באַוועגונג, וואָס ס׳מאַכט סימע, דעם פעטער יודלס עלטערע טאָכטער, און אַ געפיל איז באַ אים אַ פאַרשלאָפנס און פוילס, גלײַך ער איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען אַ גרויסן גאַנץ פרי; דאָס האַרץ צאַפּלט נאָך אין אים מיטן לעצטן זיסן דרימל, מיט חלום וועגן יונגן, ניט לאַנג געקומענעם גבירישן מיידל, מיט וועלכן ער האָט זיך צוריק מיט עטלעכע טעג דאָרטן באַ איר פאָטער אין הויז באַקאַנט.

— אוליאַנאַ! רופט סימע.

אוליאַנאַ צעטיילט די מעלק־שעפלעך, און סימע, אין ווייכן, ווײַסן קלייד, קוקט פריִער אַרײַן אין יעדן פון זיי, צי זיי זײַנען ריין. אוליאַנאַ איז אויך אַ זאַך, אײַזיק קוקט, ווי אירע שטײַפע אָפּגעברענטע עלנבויגנס אַרבעטן געשווינד באַם מעלקן, און אַ באַהאַלטן שמייכעלע פאַרגראָבט זיך אים טיף אין די ליפּן און אונטער די גערדיכטע ברעמען לעבן די אויגן. איין מאָל האָבן זיי ביידע געטרייסלט אַ באַרנבוים אין ווײַטסטן ווינקל פון גאָרטן, ער פון איין זײַט, און די באָרוועסע אוליאַנאַ פון דער צווייטער זײַט, האָט ער געזען, אַז ער איז העכער פון איר מיט גאַנצע צוויי קעפּ און אַז באַ יעדן בליק זײַנעם לאָזן זיך אירע אויגן אַראָפּ, ווי באַ אַ צנועה. איצט איז אײַזיקן וואַרעם אין האַנט: ער קראַצט אין האָלדז דאָס יונגע אַרויסגעלאָזט קעלבל, וואָס האָט אויסגעצויגן דעם קאָפּ מיט פאַרגלאָצטע אויגן און מיט בענקשאַפט צו מאַמע־קו.

— אײַזיק וואַרט אַ רגע.

און אײַזיק פאָלגט; ער באַהאַלט אויס דאָס שמייכעלע אין די ליפּן און אונטער די געדיכטע ברעמען לעבן די אויגן און באַוווּנדערט ערגעץ אין טיפסטער טיף פון זײַן וועזן:

— אַ מאָדנע הויז דאָ אין דאָרף, דעם פעטער יודלס...

דער פעטער יודל, אַ מענטש אין די פופציקער, אַן אויסגעפּוצטער אין די גאַוואוהדיקע שטיוועלעטלעך, אַ רעספּעקטאַבלער ווייכער און אַ תמיד צופרידענער. ס'שמייכלט אַף אים אַלץ, אפילו די ברייטע צעקעמטע, ווייכע באָרד, אפילו די גלאַט פאַרשפּיצטע זאַמשינע שיך, וואָס ער לאָזט זיך תמיד נייען לויט איין און דעם זעלביקן פאַסאָן. תמיד איז בײַ אים „גאָט צו דאַנקען" און זינגענדיק „ווויל, זער ווויל". כאָטש אַליין האָט ער מער ניט חתונה נאָכן ערשטן ווײַב דער פאַרשוין, וואָס איז זייער יונג געשטאָרבן און האָט אים איבערגעלאָזט צוויי פּיצלעך קינדער אַף אויפצוציִען. אַלע הייסן זיי בײַ אים מיט פאַרצויגענע נעמען:

— סימעלע.

— רחלע.

און אויך בײַ זיי, בײַ די קינדער זײַנע, איז תמיד „גאָט צו דאַנקען" און זינגענדיק „ווויל, זער ווויל", כאָטש סימען האָט נאָך צוריק מיט עטלעכע יאָר אַוועקגעוואָרפן איר מאַן דער וואַיאַזשאָר, און מען קאָן עד היום ניט וויסן, ווו ער געפינט זיך, אין אַמעריקע, צי אין טיף רוסלאַנד. און רחל, די ייִנגערע, די שיינע, מיט די שטאַרק שוואַרצע געשווירענע האָר, האָט אויך איר מאַן ערגעץ ווו, אַף דער וועלט, ער איז אַ געוועזענער פּראָוויזאָר, אַן אַקטיאָר, און פאַרט אַרום איבער פּראָווינציעלע שטעט מיט דער טרופּע, וועלכע ער שטעלט אַליין צונויף. מוראַנאָוו, הייסט ער, אַט דער מאַן רחלס, דער געוועזענער פּראָוויזאָר און אַקטיאָר. און אויך אַזוי רופן אים דאָ באַם פעטער יודל אין הויז אַלע, אפילו דער פעטער יודל אַליין, און אפילו רחל, די פרוי זײַנע.

— מוראַנאָוו, זאָגט מען דאָ, האָט שוין פאַרגעסן דעם וועג אַהער.

— מוראַנאָוו האָט פּײַנט צו שרײַבן בריוו.

און דאָס אַלץ האָט אַזאַ ווײַטן שייכות צו אים, אײַזיקן, וואָס געפינט זיך שוין דעם צווייטן חודש דאָ אין דאָרף באַם פעטער יודל אין הויז און טוט גאָרנישט. ער איז אַ סטודענט, און ווי יעדער סטודענט, פּילט ער ניט, אַז ער גייט אַרום בטל. אים קומט אום זומער רוען. אין שטאָט,

ווו ער לערנט, האָט ער פּאַרטיי־חברים, קריסטן און יידן, און אַלע זײַנען זיי אַזעלכע יונגע, שטײַפע און פּראָ־אַדמדיקע, ווי ער. מען שרײַבט קיי־נעם ווענן זיך קיין בריוו ניט, און מען זאָגט קיין מאָל ניט איינער דעם צווייטן, אַז מען האָט זיך ליב. איין מאָל איז ער מיט אַ פּאָר פון זיי אָפּגעזעסן באַ פיר חדשים אין טורמע, איז ער אַרויס פון דאָרטן נאָך אַ מער שטײַפער און גרייטער, אַ פּאַרעקשנטער אויף אייביק. נאָר ווענן דעם ווייסט ניט קיינער דאָ באַם פעטער יודלען אין שטוב, ניט מען פרעגט אים, ניט ער דערציילט. ער טוט דאָ אַלץ, וואָס מען הייסט אים, און פּאַרנאַכט נעמט ער אַ האַנטוך און גייט זיך באָדן צום גערייזלטן טײַך, וואָס האָט געלע זאַמדענע ברעגן, און אַז ער גייט צוריק, האַלט די זון שוין באַ זעצן זיך, און ער באַגעגנט ס׳רוב דאָס יונגע גבירישע מיידל דאָרטן לעבן גרויסן הויז מיט די נײַע געשניצטע גאַניקעס, וואָס שמעקן נאָך מיט זייער העל געלער, פרישער פּאַרב. פון אים שמעקט מיט טײַך־וואַסער, מיט נאָס געווירצל און מיט געזונטן יונג, וואָס קאָן נאָכן באָדן איבערקערן בערג, און זי פירט זיך אַרום מיט אַ קליינטשיק שוועסטערל, וואָס איז שטאַרק קאַפּריז און מוזיניקדיק קלוג. איר ברוסט איז אָפן נאָר אין דער הויך באַם האַלדז, זי איז ברוין פון זון, ווי אָפּגעשמירט מיט ברוינער פּאַרב, און אויך אַזוי איז איר פּנים.

— לינאַ, לינאַ, זאָגט זי צום קליינעם מיידעלע, און לאָזט עס ניט זיך אַראָפּזעצן אין מיטן וועג אויף דעם זאַמד, וועסט דאָרטן גאָרניט גע־פינען, לינאַ!

זי איז רויק, און עפּעס פּאַרטראַכט איז דאָך תמיד פאַראַן סײַ אין אירע גרויע אויגן, וואָס מיט די גרויסע ווײַסלעכער, סײַ אין איר קול. אײַזיק פילט צו איר פון ערשטן טאָג אָן עפּעס אַ ווייך געפיל, ווי צו אַ שוועסטער. אַז ער גייט אַוועק, געדענקט ער נאָך אַלץ זי, מיט איר גרויסן הויז, וואָס שטייט באַם וועג אַ גאַנצן טאָג אַקעגן ברענענדיקער זון, שטייט מיט ס׳רוב פאַרמאַכטע דרויסן־לאָדנס און האָט ניט דאָרטן, אין די פיל ניט באַלעבטע צימערן, קיינעם, אַחוץ אַט דעם מיידל מיטן קינד. ס׳דאַכט זיך, אַז זיי זיצן דאָרטן תמיד אין איינעם פון די ערשטע צימערן און הערן זיך אײַן אין אַ שאַרך, וואָס ערגעץ ווײַט אין די עקס־טע חדרים.

— שאַ, זאָגט זי לינען, זיץ אײַן.

און ביידע וואַרטן זיי דאָרטן, אַז דער שאַרך אין די ווײַטע חדרים זאָל זיך נאָך אַמאָל איבערחזרן.

## II

באַלד נאָך שבועות, ווען ער איז אַהער אַראָפּגעקומען, האָט אַף אים באַנאַכט אָפּן וואָקזאַל, מיט אַ שמייכל אַף די ליפּן און מיט ברייט־קייט אין דער צעקעמטער באָרד, געוואַרט דער פֿעטער יודל, און גע־שמעקט האָט פֿון אים באַם צעקושן זיך מיט פֿאַלמירע זייף, מיט „גאָט צו דאַנקען" און מיט „וויל, זער וויל". און אין דער היים, בשעת זיי זײַנען מיטן טאָג־ליכט אָנגעקומען, האָט געזאָטן דער סאַמאָוואַר, און אין שטילקייט פֿון עסצימער, וואָס רוט נאָך פֿון באַנאַכט, איז געווען עפּעס געטרײַעס, און פֿאַרשלאָפֿענע, אַרומגעוואַשענע און געטרײַע זײַנען פֿון זייערע שלאָף־צימערן, איינע נאָך דער אַנדערער, אַרויסגעגאַנגען סימע און רחל, ביידע אין לײַכטע שטוב־קליידער, ביידע מאַמעדיק געניטע, אַן רייד, האַרציקע, מיט זיכערע האַרעפּאַשנע בעל־הביתטע־הענט און מיט בקיאות פֿון אָנשטענדיקע פֿרויען, וואָס האַלטן פּענסיאָנערן. און נאָך דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עפּעס פּענסיאָנעדיקס איז טאַקע דאָ אין הויז פֿאַראַן. דער אויסגעפּוצטער פֿעטער יודל, באַ וועמען קיינער ווייס אייביק ניט דערגיין, צי ער וועקסט אַליין די אויסגעפּוצטע שיך, צי ניין, פֿאָרט אַלע טאָג אַוועק צו זײַנע קאַלכשטיינער, וואָס ער רײַסט און ברענט און מאַכט אין זיי קליינע גליקן, און אַהער אין הויז קומען אַלע טאָג עסן מיטיק פֿיר־פֿינף מענטשן פֿון דער רײַכער ראַפֿאַנאַד־פֿאַבריק, וואָס אַרויס דאָרף אָפּן באַרג. צווישן זיי איז פֿאַראַן אַ דאָקטער, אַן אינזשע־ניער און אַ נידעריקער פּוכקער און פֿריילעכער קאַרדופֿל, אַ כעמיקער, און אַלע זײַנען זיי דאָ אין הויז צופֿרידן, וואָס זיי רײַסן זיך אָפּ אַף אַ פּאָר שעה פֿון זייער אַרבעט אין פֿאַבריק, און אַלע צאָלן זיי דאָ פֿאַר מיטיקן מיט געלט אין קאָנווערטן, און אַז זיי פֿאָרן ערגעץ אַוועק, שרײַבן זיי אַהער קאַרטלעך מיט לאַנדשאַפֿטן פֿון אַלע גרויסע וואָקזאַלן, ווו זיי פֿאָרן דורך, און פֿון אַלע גרויסע שטעט, וווּהין זיי קומען, און אַז זיי קערן זיך נאָך דעם אום צוריק, ברענגען זיי אַהער מתנות, קליינע, זעל־

טענע, נאָר פאַרשטעלט טײַערע, כּדי מ׳זאָל זיך דאָ אין הויז ניט באַליי־דיקן און ניט שרײַען אָף זיי, אַלעמאַי זיי זײַנען אויסבערענגער. און אַז אימעצער פון זיי שפּאַצירט נאָך דעם מיט סימען, צי מיט רחלען, אָף לאַנג אַוועק איבערן דאָרף, איז דאָס נאָר אויסשליסלעך צוליב דעם, ער זאָל איר קאָנען באַלד אויסדערציילן וועגן אַלע סיכסוכים, וואָס ער האָט מיט זײַנע בני בית, און פרעגן באַ איר אַן עצה...

אײַזיק רעדט דאָ מיט זיי זעלטן, כאָטש אים קומט אויס יעדן טאָג צו זיצן מיט זיי באַ איין טיש. ער קוקט אָף זיי ווי פון דער זײַט, מיטן פאַרבאַהאַלטענעם שמייכעלע אָף די ליפּן און אונטער די געדיכטע ברעמען, גלײַך נאָר אים אַליין איז באַוווּסט דער סוד פונעם ווירקלעכן לעבן, אים מיט זײַנע חברים פון דער גרויסער שטאָט, וואָס שרײַבן זיך קיין מאָל קיין בריוו און זאָגן קיין מאָל ניט איינער דעם צווייטן, אַז זיי האָבן זיך ליב. איטלעכס מאָל, וואָס זיי פאַרפירן דאָ באַם טיש אַ שמועס וועגן אַזעלכע זאַכן, וואָס רירן אים אָן, ווערט ער פלוצעם נאָך געהאַרטעווער און שטײַפער, ווי ער איז, און די אויגן ציִען זיך באַ אים צונויף אַ ביסל איראָניש, גלײַך ער רויכערט אַ פּאַפּיראָס און האָט מורא, דער רויך זאָל אים ניט אַרײַן אין די אויגן אַרײַן.

אַזוי? זאָגט ער שטילערהייט און האַלט זיך אײַן און מאַכט אַזאַ באַוועגונג, גלײַך ער וויל זיך אויסציִען, נאָר ס׳איז ניט שיין באַם טיש. „אַזוי?" חזרט זיך איבער ערגעץ טיף אין אים, און זײַנע צוזאַמענגע־צויגענע אויגן קוקן נאָך אַלץ אַ ביסל איראָניש פון אונטערן שמייכל, וואָס לעבן די ברעמען.

ס׳מאַכט זיך:

דער דאָקטער, דער אינזשעניער, דער קאַרדופל דער בעמיקער און די איבעריקע פאַרזיצן זיך דאָ באַם טיש נאָכן עסן צוליב אָפּרו פון שווערער אַרבעט און פון גרויסן קעסל־טומל, וואָס דאָרטן אין פאַבריק; מען טרינקט רויטן ווײַן, פון דעם, וואָס מען שיקט אַהערצו צענדליקער פלעשער פון פאַבריק, מען רויכערט פּאַפּיראָסן, מען רייביקט זיך די ציין און מען באַרעדט יעדער מינדסטן סיכסוך, וואָס אין פאַבריק. איך פאַבריק איז, ווײַזט אויס, גיט רויק; ס׳וואַקסט דאָרטן אַ שטילע אומ־צופרידנקייט ערגעץ טיף אינעם טומל. נאָר דער אינזשעניער געפינט, אַז ס׳איז ווערט אַ שמעק טאַבאַק.

— די אַרבעטער אין היגן קאַנט, זאָגט ער, זײַנען געװעזענע פּויע־רים. און אַלע זײַנען מיט אים מסכּים:

מ׳שטײנס געזאָגט:

— װאָס קאָן זײַן גוט? דער קאָפּ זײערער איז דער צװײטער מע־כאַניק אין די בלויע ברילן.

— אַן אמתער פּרא־אדם.

— אַחוץ אָרענטלעכקײט, פאַרמאָגט ער גאָרניט אַף דער נשמה.

און דער אינזשעניער דערצײלט, װי אַזוי ער האָט מיט אים נאָך זײַן לעצטן אַרויסטריט געהאַט אַ שמועס:

— פּאַן פּאמאַרסקי, האָט ער אים געזאָגט, ס׳שאַדט ניט צו באַ־קענען זיך מיט אַ קעגנער.

דער דאָקטער לאַכט:

— און מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע?

— כע־כע־ע...

— זײ װעלן, װי אַלע מאָל, ניט אויספירן גאָרניט.

— װעמען גײט עס אָן?

— זײ װעלן אונטערצינדן די פאַבריק, אַט װעט איר זען.

— זאָל זי ברענען.

און אַלע מאַכן זײ אַן אײַנדרוק פון זײַטיקע, גלײַכגילטיקע, געקר־מענע פון אַ פרעמדער װעלט; זײ װעלן זיך דאָ אַ ביסל פאַרהאַלטן, זײ װעלן אַלץ צוזען און װעלן פאַרשװינדן. דער אינזשעניער איז נאָך דערצו אַ קלוגעטשקער און אַ לץ. ער איז נאָך גאָר אַ יונגער און אַ רײַכער, ער איז אַ מיוחס באַ אַלע זײַנע באַקאַנטע, אַ מיוחס אַף דער פאַבריק, ער פּראַקטיצירט דאָ דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, און מיטן ברוינעם גבירישן מײדל איז ער באַקאַנט, אפשר, נאָך פון דער גרויסער שטאָט, גאָר נאָענט באַקאַנט, ער גײט אָפט צו איר אין הויז.

— מען דאַרף קעמפן — זאָגט ער אויסגעצויגן מיט אַ שטאַרקן טראָפּ אַפן לעצטן װאָרט.

ער קרימט נאָך דעם צװײטן מעכאַניק מיט די בלויע ברילן, און אַלע שמײכלען. נאָר אײַזיקן זיצט זיך שוין ניט באַם טיש, ניט ער קאָן, ניט ער װיל דאָרטן װײַטער בלײַבן. ער גײט אַרויס אין הויף אַרײַן און װײסט ניט, צו װאָס ער זאָל זיך נעמען.

— וואָס, אַ שטייגער, וואָלט ער איצט געקאָנט טאָן ?

ווען דעם פעטער יודלס פערד און וועגל זאָל איצט זײַן אין דער היים, וואָלט ער אײַנגעשפּאַנט און וואָלט געפאָרן אַרויס דאָרף צו דער בערע, פאַרנעמען אַ טייל פונעם געקויפטן היי. ס׳וואָלט אים אויסגעקומען צוויי מאָל הין און צוריק דורכפאָרן פאַרבײַ דעם הויז מיט די צוויי געלע, געשניצטע גאַניקעס.

נאָר דאָס פערד און וועגל איז נישטאָ, די בהמות אויך ניט, אין דעם פוסטן הויף באַקט די הייסע תמוזדיקע זון. נאָך אַ ביסל, און ס׳וועלן פון זיך אַליין, דאַכט זיך, אָנהייבן ברענען דער בוריאַן, דאָס אויסגעטריקנטע גראָז מיט הויפן שפּענער, וואָס אין ווינקל, לעבן דער געשלאָסענער קאָמער.

III

פאַרנאַכט זײַנען זיי איין מאָל געגאַנגען אַראָפּ אַ באַרג מיטן דאָרף, סימע, דעם פעטער יודלס עלטערע טאָכטער, דער קלײנער פּרײַלעכער קאַרדופל דער כעמיקער, און ער, אײַזיק. בײַ סימען זײַנען די אויגן געווען רויטלעך און דאָס לענגלעכע פּנים אויסגעמאַטערט, באַדעקט מיט אַ סך פּודער, און האָט געהאַט אַזאַ אויסזען, גלײַך זי האָט פריער שעהנלאַנג געוויינט. זי האָט געהאַלטן אין איין ריידן וועגן עפּעס מיטן קליינעם כעמיקער, אין איין דערציילן, און אײַזיקן איז דער שמועס געווען אַף אַזוי פיל לאַנגווײַליק, אַז ער האָט אומבאַמערקט אָנגעהויבן אָפּשטיין פון זיי אַף אַלץ מער טריט. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן דער לאַנגער גריבלדיקער בריק בײַם אופּוסט, וואָס לעבן דער שטייענדיקער מיל, און האָט גענומען קוקן אַראָפּ צום וואַסער, וואָס גיסט און רינט און פליסט פון אונטערן שלעכט פאַרמאַכטן שליוז. פון אונטן האָט שטיל געפלאָסן דאָס ריטשקעלע, וואָס האָט אין ביידע זײַטן צוויי הויכע גריבער מיט צוויי גערטנער, פאַרזייטע מיט קרויט. אַ פאַרשפּעטיקטע, אַליין געבליבענע קאַטשקע האָט דאָרטן שווימענדיק געטונקט דאָס קעפּל אין וואַסער און אַן איינזאַמער טאָפּאָל אַ ריז איז דאָרטן איינער אַליין געשטאַנען אַפן קליינעם באַגרינטן האַלבן אינדזל און האָט געבויגן ניט מער ווי דעם שפּיץ זײַנעם אין יענער זײַט, ווו־

הין ס׳בלאָזט דער ווינט, געבויגן קוים קוים און שווער, ווי מיט גוואַלד. גלײַך ער איז גרייט גיכער מיט אַמאָל אין גאַנצן אומוואַלגערן אַף דער ערד, איידער קניִען און בויגן זיך פּאַמעלעך. פּלוצעם האָט אײַזיק דער־הערט, ווי סימע רופט אים אָפּן קול:

— וואָס שטייסטו? אײַזיק!

צי האָט עס ניט געהייסן, אַז זיי האָבן ווירקלעך עפּעס אויסצובאַ־האַלטן פון אַ זײַטיקן אויער?

זיי האָבן אים אָפּגעוואָרט, האָט ער זיך ווידער געמוזט לאָזן שפּאַ־נען אין איין שורה מיט זיי איצט איז געווען קלאָר: מען גייט מיט אַ וויזיט אַהין, אינעם הויז, וואָס מיט די צוויי געלע און נײַע געשניצטע גאַניקעס. באַ אײַזיקן האָט אַ קלאַפּ געטאָן דאָס האַרץ. אַף די טרעפּ־לעך פונעם רעכטן גאַניק, ווּהין זיי זײַנען אַרויפגעגאַנגען, האָט ער דערזען אַ באַקאַנטן מאַטאַציקלעט, מיט אַ באַקאַנט היטל אַף דער באַנק, און אָקאָרשט אין עסצימער באַם טיש האָט ער דערזען דעם אינזשע־ניער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער מאָטאָציקלעט מיטן הוט זײַנען דעם אינזשעניערס, פּלוצעם דערפילט צו זיי אַ שנאה, צום מאָטאָצי־קלעט און צום היטל, און פּלוצעם געקראָגן חרטה:

— נאָך וואָס האָט ער זיך אַהער נאָכגעשלעפּט?

ער איז דאָ געווען אַ זײַטיקער, אַ פרעמדער. ער האָט זיך פאַר־צויגן מיטן פּאַפּיראָס, וואָס ער האָט גענומען באַם פריילעכן קאַרדופּל דעם כעמיקער, זיך אַנידערגעזעצט באַ דער זײַט אַף דער באַנק, וואָס לעבן פענצטער, זיך דאָרטן ווידער אַמאָל פאַרצויגן ענערגיש, און טיף מיט אַ שמייכעלע אונטער די ברעמען און מיט אַמאָל ערגעץ טיף אין זיך באַשלאָסן, אַז אים איז פריילעך.

— ס׳איז גוט.

— אײַזיק, האָט אים סימע פונעם טיש גערופן, ווו ביזטו.

— כ׳בין דאָ.

און אים איז באמת ווי געוואָרן פריילעך פון זײַן קול, פון זיך אַליין, פון דעם, וואָס ער זיצט דאָ אין הויז אָפּגעזונדערט אָן אַ זײַט און זעט צו אַלץ, וואָס אַרום אים קומט פאָר.

דאָס גאַנצע געשעעניש דאָ אין הויז איז באַשטאַנען דערין, וואָס הײַנט אין דער פרי האָט זיך פון אויסלאַנד מיט איר לעבער־פּעלער

אומגעקערט די בעל־הביתטע, אַ דאַמע אין די מיטעלע יאָרן, אַן אומעט־לעכע מיט אייגענע גלאַט צוגעקעמטע האָר, וואָס איבער זייער אומ־נאַטירלעך רויטלעכער פאַרב זעען זיי אויס, ווי אַ פּאַריק. זי איז גע־זעסן אויבן־אָן מיט מידקייט אין לענגלעך אָפּגעברענטן פּנים און מיט פאַרלייגטע הענט אַף דער ברוסט, און אין די אויגן האָט זיך געוואָרפן דאָס, וואָס אַלע אַרום, אַחוץ איר, זײַנען אויפגעלייגט און פריילעך. זי האָט געהאַלטן אין איין קוקן אין פּראָפיל פון יונגן אינזשעניער, וואָס זיצט לינקס פון איר באַם טיש, זיך באַגעגנט מיט זײַן בליק, אַראָפּגע־לאָזט די אויגן, זיי אויפגעהויבן און ווידער אַף אים געקוקט, גלײַך ער איז שוין אייגנער פון אירע בני־בית. ער איז צוגעקומען צו איר הויז־געזינט פונקט פאַר דער צײַט, וואָס זי איז ניט געווען אין דער היים, און איצט איז זי געקומען און אים געטראָפן שוין אַן אייגענעם, אַ דער־וואַקסענעם און גרייטן; מען האָט איר געזאָגט:

— דו ווייסט? מאַמע...

און זי האָלט דערפאַר אַף אים אין איין קוקן.

דער יונגער אינזשעניער האָט זיך פריילעך געהויקערט און זיך געבויגן איבערן טיש צו סימען צו. עפּעס האָט ער געהאָט באַ איר צו מאָנען, פאַר אַ געוועט, אפנים. סימע האָט זיך געגויטיקט אין כע־מיקער, ווי אין אַן עדות. נאָר דער כעמיקער האָט אַרויסגעטראָגן די קליינע לינע אַף די אַקסלען און האָט אָנגעשפּאַרט אין צווייטן עק חדר.

— אײַזיק, האָט סימע געדופן, קום אַהער.

— כ׳בין דאָ, האָט אײַזיק געענטפערט.

אים איז געווען גוט דאָרטן לעבן פענצטער. ער האָט זיך ניט גערירט פונעם אָרט, און סוף־כל־סוף איז געשען די פרייד. צו אים, אײַזיקן, האָט זיך דאָרטן אַף דער באַנק צוגעזעצט דאָס גבירישע מיידל מיטן ברוינעם פּנים, וואָס ער באַגעגנט פאַרנאַכט נאָכן באָדן זיך, גייענ־דיק צוריק פון טײַך. מען האָט זי אַ פּאָר מאָל גערופן צוריק צום טיש, נאָר זי איז דאָך געבליבן זיצן לעבן אים. נאָר דער כעמיקער מיט לינען האָבן זיך ביידע נאַריש געמאַכט אַף אַזעלכע קולות אַז מען האָט לחלוטין ניט געקאָנט הערן, וואָס זי זאָגט; אין וואָס איז באַשטאַנען איר פראַגע? זי האָט געוואָלט וויסן מיט אַ וועלכע קרײַזן האָט זיך אײַזיק אָנגעקערט דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט; זי האָט דאָך עט־

לעכע יאָר דאָרטן אין שטאָט געוווינט; זי געדענקט אַלע פּנימער פון די, וואָס זי האָט באַגעגנט אפילו אין גאַס.

אײַזיק האָט געשמייכלט מיט די ברעמען און ערגעץ טיף אין זיך; ער האָט געמוזט מודה זײַן:

— אויך ער האָט זי דאָרטן קיין מאָל ניט באַגעגנט.... קיין מאָל...

און אין האַרצן האָט ער בשעת מעשה געפילט די גרויסע ווײַסלעכער, וואָס אַרום אירע גרויע אויגן.

— איר וועט נאָך לאַנג בלײַבן דאָ אין דאָרף?

זי איז, הייסט עס, צוגעגאַנגען אים זאָגן, אַז זי האָט אים נאָך קיין מאָל ניט באַגעגנט און פרעגן, צי ער וועט נאָך לאַנג בלײַבן דאָ אין דאָרף, און אים איז געוואָרן דערפון אַזוי פריילעך, גלײַך זי האָט אים צוגעזאָגט גילדענע בערג. פון דאַנקבאַרקייט האָט ער איר געהאַלטן אין איין נאָכקוקן. ער האָט געזען, ווי זי וואַרפט אַף אים בליקן פון צווייטן האַלבן צימער, ווהין מען האָט זי אַוועקגערופן, זי האָט אים אין זינען די גאַנצע צײַט און וועט נאָך צו אים צוגיין. נאָר אַהער צום הויז איז שוין געהאַט צוגעפאָרן דער פאָטער אירער, דער בעל־יועץ פון דער ראַפּאַנאַד־פאַבריק. ער איז צוגעפאָרן מיטן נײַעם פאַעטאָן און מיט די נײַע פערד, וואָס מען האָט אים דאָרטן אין פאַבריק ניט לאַנג פאַר איינע אַ זעלטענע עצה געשענקט. ער איז אַרײַנגעקומען שטיל, ווי שטיל ער קומט תמיד אַרײַן אין פאַבריק, ווו מען טוט ניט אָפּ קיין מינדסט קלייניקייט, ביז מען פרעגט זיך פריִער באַ אים ניט אָן; ער האָט באַשײַנט דעם אויבן־אָן מיט זײַן געקנייטשטע לאַנגער רויטלעכער באָרד, מיט דער זײַדענער פעסע, וואָס העכער דעם טיף וואַקלענדיקן שטערן, און מיטן שמייכל, וואָס לײַטזעליקט אַלעמען, אַלעמען אַרום טיש, לײַטזעליקט שטיל אָן לשון:

— מען פאַרברענגט, הייסט עס, פריילעך באַ מיר אין הויז... איך בין זייער צופרידן...

און אַרום האָבן שוין געקלונגען טעלער און לעפל. מען האָט געגרייט אָפּן לאַנגן צערוקטן טיש. מען האָט גערעדט אַלע אין איינעם, ווי ערב אַ שמחה, און מען האָט ניט באַמערקט, ווען האָט מען אָנגעצונדן די לאָמפּן און ווען איז אויגעוואַקסן אָפּן טיש דער שניי־ווײַסער, עטוואָס געקראָכמאַלעטע טישטעך.

אין יענעם אָוונט האָט מען דאָרטן, אין גבירישן הויז, וואָס מיט די צוויי גאָלע גאַניקעס, געגעסן פיש מיט פרישן פּײַנקוכן, מען האָט געטרונקען וויַן פון גלײַכע פלעשער, וואָס האָבן אויסגעליידיקטערהייט אויסגעזען העל־גרין און מאָדנע נײַ, און אַלץ איז געווען ענלעך אַף אַ שמחה, אַף אַ האַלב אָפּיציעלן קנס־מאָל.

דער אינזשעניער מיטן לענגלעכן, ניט שיינעם פּנים און מיטן שטאַרק דינעם האַלדז איז געזעסן אויבן־אָן, לעבן בעל־הבית, ווי אַ חתן, און דער דאָקטער, וואָס איז אָנגעקומען שפּעטער, ווי אַלע, און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון עסן, האָט צופיל אַראָפּגעקוקט צו די פינגער, וואָס גלעטן די ניט־דערטרונקענע גלאָז וויַן, צופיל געשמייכלט און זיך צו־פיל געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל דאָ באַלד אָפּן אָרט באַגריסן חתן־כלה, צי ניין. ער איז אָנגעקומען שפּעט און האָט ניט געוווּסט, וואָס האָבן אין דעם זין געטאָן אָט די אַלע, וואָס עסן פריילעך אַרום טיש און ריידן פריילעך איינער מיטן צווייטן. אײַזיק איז אויך געווען איינער פון די, וואָס עסן פריילעך און ריידן פריילעך. ווען די פלעשער, וואָס שטייען אַרום אים, האָבן אָנגעהויבן ליידיק ווערן, האָט ער זיך אָפּן פּשוטן שטייגער האַלב אויפגעהויבן און האָט פריילעך געבעטן באַם דאָקטער, ער זאָל צוריקן פולע. אים האָט באַנג געטאָן, אַלעמאָל דאָ איז נישטאָ קיינער פון זײַנע חברים פון דער גרויסער שטאָט, מיט זיי וואָלט געווען פריילעכער. נאָר שפּעט, אַרום צוויי אַזייגער באַנאַכט, ווען מען האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט ער מיט אַמאָל ווי חרטה גע־קראָגן אַף דער גאַנצער פרייד. ער איז אָפּגעשטאַנען פונעם עולם, גע־גאַנגען איינער אַליין מיט אַ נאָגנדיק געפיל און האָט ניט אויפגעהערט געדענקען, ווי אַזוי זי, די ברוינע מיט די גרויסע ווײַסלעכער אַרום די אויגן, האָט דאָרטן פריילעך אַרויסבאַגלייט אַלעמען פון הויז. פאַרוואָס איז באַ אים אַ גאַנצן אָוונט געווען אַזאַ געפיל, גלײַך די שמחה דאָרטן אין הויז קומט פאַר נאָר צוליב אים, אײַזיקן?

## IV

אײַנגעשלאָפן שפּעט, געהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט באַ זיך אין זכרון דעם נעפּלדיקן אָנדענק פון איר פּנים, פון אירע אויגן און פון אַלע באַ־

וועגונגען פון איר געשטאַלט. און נאָך דעם אויפגעשטאַנען אין אַן אומ־גענווייגלעך גרויסן גאַנץ פרי, דערזען אַ נײַע פּײַכטע וועלט באַם פרישן גאָלד פון זונען־אויפגאַנג און גלײַך גענומען שפּאַנען דעם פעטער יודלס פערד און וועגל, גענומען שפּאַנען מיט עקשנות פון אַ ניכטערן און מיט שפּורן פון אַ נאַכט־געדאַנק:

— באַסי הייסט זי... אַ פשוטער נאָמען, באַסי...

פון שטוב אין אונטערשטן קליידל האָט זיך סימע שטיל אַרויסגע־שאַרט, זיך אַרויסגעשאַרט פאַרשלאָפענערהייט ניט מער, ווי אַף אַ רגע, זי וועט אים אַרויסבאַגלייטן און וועט באַלד זיך לייגן שלאָפן, ס'איז נאָך פרי:

— צוערשט וועט ער פאָרן צו די קאַלכשטיינער, ער וועט נעמען דעם פעטער יודלען אַהיים. און צוריקוועגס זאָל ער ניט פאַרגעסן אַרײַנ־פאָרן אין דער ראַפּאַנאַד־פאַבריק און פאַרנעמען די פינף זעק קיישלעך וואָס מען האָט פון זייערט וועגן אין שטאָט אײַנגעקויפט.

— גוט, ער וועט ניט פאַרגעסן.

און גלײַך אַוועקגעפאָרן פון הויף, אַ טרײַב געטאָן דאָס פערד מיט עקשנות פון אַ ניכטערן און מיט שפּורן פונעם לעצטן נאַכט־געדאַנק:

— באַסי הייסט זי... אַ פשוטער נאָמען.

אַז ער האָט זיך אין איינעם מיטן פעטער יודלען אומגעקערט, איז שוין געווען פאַרנאַכט, די זון האָט געלויכטן נידעריק, אין אַ זײַט; אַ „קלוניעדאַך" אין אַ שכנישן פויערשן הויף האָט געשטראַלט ווי גינ־גאָלד; איבערן גאַנצן דאָרף זײַנען געווען צעוואָרפן פיל אַזעלכע שטרויע־נע דעכער, און אַלע האָבן געשטראַלט. דאָס זײַנען געווען „אירע" דע־כער, „איר" דאָרף. און סימע מיט רחלען אין אונטערגעקליבענע קלייד־לעך זײַנען ביידע געשטאַנען אין דער גרויסער קיך און געהאָלפן דער גויישע קעכנע קלעפּן פון קעז און טייג די מילכיקע וועטשערע. ס'האָט פלוצעם פאַרשמעקט מיט אַ קינדעריש ווײַטן לאַנג־נאָגנדיקן און מידן טאָג, אַ תענית. ס'האָט זיך עפּעס אי יאָ געגלויבט, אי ניט געגלעויבט, אַז ס'איז הײַנט תשעה־באב, דאָ אין דאָרף תשעה־באב...

יענער טאָג איז אַממיינסטן געבליבן אין זכרון, ווײַל אין עס־צימער אַרום טיש זײַנען די בענקלעך געווען פאַנאַנדערגערוקט און אין גלעזער־נע שעלעכלעך זײַנען געלעגן האַלב־אָפּגעשיילטע ניט דערעסענע פרוכטן,

און סימע האָט איבערגעגעבן, אַז זי, באַסי, איז דאָ געווען:

— זי איז דאָ געזעסן באַ אַ פּאָר שעה, און מער, און האָט געוואַרט אַף אים, אײַזיקן.

אַך, יאָ, אָט די סימע, וואָס שטייט אין אונטערשטן קליידל און העלפט אַלץ קלעפּן די מילכיקע ווערשערע, זי האָט דעמאָלט שיער פאַרגעסן אים דערציילן, אַז באַסי האָט געבעטן, ער זאָל אַרײַנקומען.

— אויב ער וועט נאָר דורכגיין דאָרטן, לעבן זייער הויז, זאָל ער אַרײַנקומען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געשוויגן און געפּילט אין שלאָף, אַז דאָרטן אין הויז איז פאַראַן זי, וואָס האָט געבעטן ער זאָל אַרײַנקומען. געפּילט, נאָר געדענקט דעם אינזשעניערס מאָטאָציקלעט מיטן היטל און ניט גענטפערט זיך אַליין אַף דער פראַגע:

— וועט ער אַהין אַרײַנגיין, צי ניין?

און אַף מאָרגן פּלוצעם אויפגעוואַכט גאַנץ פרי און באַשלאָסן:

— ניין!

ס'איז געווען גוט, וואָס סימע מיט רחלען זײַנען נאָך געשלאָפן, ער האָט קיינעם ניט באַדאַרפט זאָגן די סיבה, פאַרוואָס ער פאָרט אַוועק אין איינעם מיטן פעטער יודלען צוריק צו די קאַלכשטיינער.

באַ אַ וואָך צײַט איז ער אָפּגעווען לעבן פעלדז, ווו מען שנײַדט דעם פעטער יודלס היי. געהאָלפן צונויפלייגן דאָס היי אין האָפּנס און אַכטונג געגעבן באַם גראָבן די קאַרטאָפלעס. עטלעכע נעכט גענעכטיקט דאָרטן אונטערן פרײַען הימל אַף דער בערע, געוואָרן שטאַרק אָפּגעברענט, שטײַף און האַרט פון זון און אַרבעט. געשלאָפן אונטער די האָפּנס און געפּילט זייער ריח פון זיך אַליין, אַ גערוך פון פעלד אום אין הייסן זומער און פון פריש אײַנגעטריקנט היי.

ס'האָט געריזלט אַ ריטשקעלע דאָרטן אין עק בערע, אַ ווײַטס אָזאָ און אַ שמאָלס, געמורמלט אַלע אָוונט מיט וואַסערל־קרישטאָל, און די לבנה קוקט אַרײַן דערין פון איבער פעלדז, פון איבער נאַכט און שטערן, קוקט אַרײַן טיף און נישטערט אַזוי און זוכט. האָט אײַזיק אויך אַרײַנגעקוקט אַהין אין איינעם מיט לבנה, געזעסן אַזוי באַם ריטשקעלע מיט

אַ צאַפּל אין האַרץ, מיט אַ שמייכעלע אַ באַגראָבנס טיף אין די ליפּן, אַ שמייכעלע וועגן ווײַטן עק דאָרף און וועגן הויז דאָרטן מיטן מיידל; און וואָס ס׳וועט זײַן מאָרגן איז ניט געווען זײַן זאַך, ער האָט ניט געוואָלט קלערן.

נאָר אָט איז שוין דאָס היי שטאַרק טרוקן און אײַנגעפּרעסט אין די האָפּנס, מען פירט עס אַראָפּ; די קאַרטאָפּלעס זײַנען שוין אויך אויסגעגראָבן און ליגן אין די זעק. און פון ערגעץ אַ נאָענט דאָרף האָט מען געבראַכט צו טרײַבן אַ סטאַדע אָהער אַף אָפּגעשניטענער בערע, מעלהגרהט זי גאַנצע הייסע טעג דאָ באַם ריטשקעלע. שמוציק זײַנען געוואָרן די ברעגן מיט דער בערע. אײַזיקס פּיס מײַדן אויס אומעטום אומרייניקערטער, און אַלץ דערמאָנט דאָך אַזוי שטאַרק אָן די פינף „שטיקלעך״, וואָס דאָרטן אין דער היים, אין הויף, און אַלץ ציט אַהין און ציט.

איז אָט:

איינמאָל פאַרנאַכט האָט ער זיך אַהין אומגעקערט און האָט ווידער דערזען די פיל צעוואָרפענע שטרויענע דעכער, בעת זיי שטראַלן באַ זונפאַרגאַנג, ווי גינגאָלד, אירע דעכער, איר דאָרף. און אין גערדאַנק איז געלעגן דאָס הויז דאָרטן אין ווײַטן שטילן עק פון דאָרף. ער האָט גענומען מיט זיך אַ האַנטעך און זיך געלאָזט גיין צום טײַך, וואָס מיט די געלע זאַמדיקע ברעגן. נאָר אַפּן וועג האָט ער דעם האַנטעך ערגעץ אַהינגעטאָן, אים פאַרלוירן, אַפּנים, און אַליין האָט ער פאַרקערעוועט לינקס, ער איז אַרײַנגעקומען אין הויז מיט די געלע גאַניקעס און האָט באַלה באַ דער טיר ווידעראַמאָל דערפילט דעם צאַפּל אין האַרץ. דאָס איז געווען דער זעלביקער צאַפּל, וואָס באַנאַכט באַם ריטשקעלע, נאָ אַ מער שטאַרקער און שנעלער; ער האָט זיך איבערגעחזרט איינמאָל און צוויי מאָל, און דאָס שמייכעלע אַף די ליפּן האָט אַ רגע אַ ציטער געטאָן און זיך גענומען אײַנגראָבן אַלץ טיפער און טיפער.

אין ערשטן חדר איז געווען שטיל; ס׳איז דאָרטן קיינער ניט געווען. אין צווייטן חדר האָבן אין די אויגן אַ בלאַנדזשע געטאָן אַ פּאָר שוואַרצע אַראָפּגעלאָזענע שטאָרן מיט אַ פּאָר פּאַסן גאָלדנשײַן, וואָס זוימט זיי אַרום. אונטער די פּיס איז געווען ווייך, זיי האָבן געטראָטן אַף אַ קאָבריק, אַפּנים, צי אַף אַ געוואַנט אַ גרויסן, אַזאַ, וואָס שפּרייט זיך פון וואַנט

צו וואַנט און פון דער רעכטער זײַט, פון דער שווערער קאָנאָפּע, וואָס אין ווינקל, האָט זיך געגעבן אַ שטעל אָף זיי.

ווײַטער איז שוין אַלץ פאַרנעפּלט און ניט קלאָר, אַ ברוין פּנים מיט אַ ברוינעם האַלדז האָבן אַ שווינדל געטאָן גאָר נאָענט פאַר די אויגן. הענט אַנטפּלעקטע ביז די עלנבויגנס האָבן זיך אין שטײַפער געטרײַשאַפט פאַרפלאָכטן אַרום זײַן האַלדז, און פון וועמען האָט אַזוי שטאַרק געשמעקט מיט הייסן זומער און מיט פריש צוגעטריקנט היי, פון אירע הייסע ליפּן, צי פון זײַנע ?

אָף מאָרגן פאַר זון־זעצן־זיך איז ער ווידער געזעסן מיט איר דאָרטן אין צווייטן חדר און אַחוץ זייביידן, איז קיינער ניט געווען. זי האָט אָף אים געוואַרט, געזוכט מיט לײַדנשאַפטלעכע אויגן עפּעס וואָס בײַ אים אין פּנים און האָט ניט געוווסט, וואָס מיט אים צו טאָן. אַלע רגע האָט זי אים איבערגעזעצט פון איר רעכטער האַנט צו איר לינקער און פון איר לינקער האַנט צוריק אָף רעכטס.

— דאָ זיץ, אײַזיק.

און דאָס וואָרט „אײַזיק" איז ווידער בײַ איר אַרויס מיט מאָדנע חן. גלײַך ס'האָט אָקאָרשט איצט מיט אַמאָל באַקומען פאַר איר דעם ריכטיקן זינען, ס'איז איר וואָרט און מער קיינעמס ניט ; אַז זי זאָגט עס, שמייכלט זי, און ס'צעשפּרייט זיך אין איר דאָס האַרץ ; זי באַקומט פּלוצעם אַ פולע ברוסט מיט האַרץ :

— אײַזיק !...

נאָר פאַר אים איז דאָס ניט געווען קיין נײַס. איין מאָל פאַרנאַכט איז ער דאָרטן לעבן אָפּגעשניטענעם היי צוגעקומען ביז צום ווײַטלעכן פוסטן וועלדל. ער האָט זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט און זיך אײַנגעהערט. ס'איז געווען שטיל. ער האָט געפּרוווט אַ געשריי טאָן אין וועלדל אַרײַן ניט גאָר הויך :

— באַסי !...

און פון אַלע עקן וועלדל האָט די שטילקייט אָפּגעענטפערט מיט אַ מאָדנע פאַרטראַכטן ערנסט :

— באַסי !... באַסי !...

און געווען איז אָט דער נאָמען אין גאַנצן נײַ. לחלוטין ניט ענלעך אָף די נעמען, וואָס מענטשן האָבן ביז הײַנטיקן טאָג געהייסן.

פון דעמאָלט אָן האָט אין גאַנצן דאָס דאָרף נאָך אַמאָל באַקומען אַ נײַעם אויסזען. אין מיטן הייסן העלן טאָג נאָכן באָדן זיך, האָט מען געקאָנט אַרויפקלעטערן אַרויף באַרג, וואָס שיט פון אונטער די פיס מיט ליימיק רויטע ברעקלעך און מיט גליִענדער זאַמד, זיצן אַזוי מיטן נאַסן האַנטעך אין די הענט און קוקן, ווי דאָס דאָרף טונקט זיך אין זון. ס׳איז גרויס און ברייט און אין ווײַטן שטילן עק באַהאַלט עס אויס דאָס הויז מיט די צוויי גאַניקעס און מיט דער הויכער שפּיגלקייט אָפן דאַך. דער שפּיגלקייט מינעט זיך און שײַנט, גלאַנצט און שטראַלט ווי זון, און ניט ווײַט פון אים איז דאָרטן פאַראַן זי... ס׳רויכערט דאָרטן אַ קוימען, אַ פּאָר טויבן פליִען פאַרבײַ, און פאַרנאַכט וועט גיין אַהין ער, אײַזיק. ער וועט ניט טראַכטן וועגן גאָרניט; ער וועט זײַן פאַרנעפּלט פונעם צאַפּל אין האַרץ און וועט גיין.

## V

דער אינזשעניער מיטן לאַנגן ניט שיינעם געזיכט און מיטן שטאַרק דינעם האַלדז האָט ניט אויפגעהערט פאָרן אַהין אין הויז. אַלע באַטאָג פאַר מיטיק האָט זײַן צוויי־רעדערדיקער מאָטאָציקלעט דורכגעשניטן די לענג פון דאָרף און מיט קנאַק און הילכיק שיסערײַ געיאָגט אַראָפּ, אַראָפּ צו די צוויי געלע גאַניקעס, וואָס זײַנען פאַרגאָסן מיט זון.

אַז ער איז פון דאָרטן געקומען צוריק אַהער, צום פעטער יודל אין הויז צו דער באַשטימטער שעה עסן, איז ער געווען אויפגעלייגט און פריילעך און זיך אָפּט געפּרוווט ראַנגלען מיטן קליינעם קאַרדופּל דעם בעמיקער. הייסט עס, אַז צווישן אים און באַסין איז גאָרנישט ניט געשען, ער איז ווי פריִער געווען איר חתן.

אײַזיק האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן אָף די פּאָר שעה, ווען דער אינזשעניער האָט זיך געפונען דאָ באַם פעטער יודל אין הויז באַם מיטיק. ער האָט איינער אַליין אַרומגעבלאָנקעט אין גאָרטן אין די ווײַטלעכע שטילע ווינקלען, געזעסן דאָרטן אָף אַ נידעריקן שטיין, גע־גריבלט מיט אַ שפּענדל אין זאַמד און ניט געוואָלט טראַכטן וועגן אינ־זשעניער, ניט געוואָלט טראַכטן וועגן זיך, אײַזיקן, וועגן דעם, וואָס איצט אינעם דאָזיקן מאָמענט, בעת ער זיצט אַזוי און גריבלט מיטן שפּענדל

אין זאַמד, איז ער ייִנגליש און נאַריש, און זײַנע חברים דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, וואָלטן איצט פון אים געלאַכט. אין אַזאַ מין צו־שטאַנד האָט ער זיך געקאָנט געפינען אַ שעה און צוויי, אַ גאַנצן באַטאָג. און נאָך דעם איז שוין געווען פאַרנאַכט. ער איז געזעסן איינער אַליין צווישן די אָפּגעקילטע שפּיצן, וואָס אין אָנהייב יונגן וועלדל אַרויס דאָרף און האָט אָך איר געוואָרט. באַ אים האָט דאָס האַרץ געצויגן, נאָר זי איז אַהין געקומען זעלטן, דעמאָלט האָט ער זיך ליידיגייעריש און פויל אומגעקערט אַהיים, ליידיגייעריש און פויל אַרײַנגעקומען אין שטוב, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַלע ווייסן, וואָס מיט אים האָט געטראָפן. באַ אַלעמען אין די אויגן איז ער געוואָרן וואָלוול...

דערצו איז נאָך גראָד צו יענער צײַט איין מאָל באַנאַכט שטיל און אומגעריכט אַראָפּגעקומען רחלס מאַן, מוראַנאָוו דער אַרטיסט. אַראָפּ־געקומען איז ער, ווי געוויינלעך, מיט די פיל בריליאַנטענע פינגערלעך אָף די הענט, מיט די בריליאַנטן פינגערלעך, וואָס ער האַלט תמיד אויס צוליב אַ שלעכטן טאָג, צוליב אַ צײַט, ווען מען וועט זיי מוזן פאַרזעצן.

ער איז, ווי געוויינלעך נאָך אַ שלעכטן סעזאָן, אָפּגעשלאָפן צע־כראַסטעט אַקעגן אַ פּאָר מעת־לעת באַ רחלען אינעם געמיטלעכן ציכטיק צוגעפּוצטן צימער, און רחל איז אין יענע טעג אַרומגעגאַנגען אין די שטעק־שיך, מיט אַ בלאַסן און רויִקן געזיכט און אַ צופרידנקייט אין קול און אין יעדער תנועה, וואָס זי מאַכט אין שטוב צוליב בעל־הבתיש־קייט. דער פעטער יודל איז, ווי תמיד, געווען באַ די קאַלכשטייגער, און אין הויז האָט גאַנצע טעג געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט פון אויס חתונה און געהערט האָט זיך שטענדיק, ווי אין סימעס חדר קלאַפּט אָן אויפהער דער שטייענדיקער וועק־זייגער.

מוראַנאָוון האָט מען נאָך דעם אָוועקגעשטעלט אַ קליין פאַרשפּרייט טישל אָף דער ווערענדע ניט ווײַט פונעם גרויסן טיש, ווו מען עסט. מען האָט געקאָכט פון זײַנטוועגן באַזונדער שוואַרצע קאַווע, געבאַקן פון זײַנטוועגן באַזונדער די אַלע געבעקסן, וואָס ער האָט ליב. און געזעסן איז ער גאַנצע שעהן, צעכראַסטעט באַ אָט דעם טישל, און געטרונקען די קאַווע פּאַמעלעך, פאַרטראַכט, ווי מיט חשבון, געדרויכערט גראָבע ציגאַרן, געהוסט הילכיק, ווי אַ בעל־הבית, און גערוט.

ער האָט געהאַט אַ קורצע נאָז, אַ פאַרשאַרפטע און פאַרשפּיצטע

צום עק, און אַליין איז ער געווען אַ וווּקסיקער, אַ פלײשיקער, אַ פּולער, געקוקט באַווייליגנדיק מיט די שטאַרק אָפענע בוימלדיקע אויגן און ליב געהאַט צו פאַרדרייען אַ שטיקעלע וואַטע אַרום אַ שוועבעלע און לאַנג דרעליווען מיט דעם אין איינעם פון זײַנע אומגעווײנלעך קליינע אויערן. פון גרויס גלײַכגילטיקייט צום גאַנצן קליינעם לעבן, וואָס אַרום אים, האָט ער שוין אפילו ניט געגאָלט די שוואַרצע שיטערע סטערניס, וואָס שפּראָצן אים אומעטום פון די באַקן און פון דער אויבערשטער ליפּ אונטער דער קורצער פאַרשפּיצטער נאָז.

נאָר איין מאָל באַטאָג איז אַהער צום פעטער יודל אין הויז פּלוצעם געקומען צו לויפן באַסי, געקומען איז זי מאָדנע פריילעך, אין אַ העל־גרינעם זײַדענעם קלייד, וואָס האָט זי געמאַכט ברייט אין די זײַטן, נידעריקער פון דער טאַליע, און יונג, יונג ווי פון אַ יאָר אַכצן. זי האָט זיך געאײַלט. זי איז געשווינט דורך דורך די ווערענדע אַזוי, אַז מ׳האָט זי אפילו ניט באַוויזן צו באַקאַנען מיט מוראַנאַוון, וואָס זיצט דאָרטן באַם טישל, און איז גלײַך אַוועק אין גאָרטן אַרײַן, ווו זי האָט באַדאַרפט געפינען אײַזיקן.

מוראַנאַוו האָט זי באַגלייט מיט די צעעפנטע בוימלדיקע אויגן, וואָס באַווייליקן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו קוקן, ווי איר העל־גרין קלייד שווינדלט אין גאָרטן צווישן דיביימער. ער האָט מיט אַמאָל ווי פאַרלוירן די רויִקייט און האָט אויפגעהערט צו זיצן באַם טישל. און נאָך דעם האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געהערט, ווי ער בלאָנקעט אַרום אין גאָרטן און אונטער דער שטוב, און פון אומעטום, ווו ער האָט זיך געפונען, האָט זיך אַהער אַף דער ווערענדע געהערט, ווי ער פּרוווט מיט גדלות זײַן געדיכטע אַרטיסטן־שטימע.

— מיאָ, מיאָ — טני — וי — וי!

אין יענעם פאַרנאַכט האָט זיך מוראַנאַוו דער אַרטיסט אַרומגעגאָלט, אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אַ פּאָר גרינע הויזן מיט אַ שוואַרץ רעקל, אַ געשפּילעטס אין דער הויך ביזן פּנים, און האָט פאַרגעלייגט אײַזיקן מאַכן אַ שפּאַציר איבערן דאָרף... אײַזיק האָט אַף אים אַ קוק געטאָן, ער האָט געטראָגן אַ האַרטן הוט אַפן קאָפּ, געהאַלטן אַ קליין יאַמשאָווע שטעקעלע אין האַנט; ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַנטפּרעניאַר פון אַ קליין־שטעטלדיקן צירק. נאָר אָפּזאָגן אים האָט מען דאָך ניט געקאָנט.

מען האָט געמוזט באַגראָבן טיף, טיף דאָס שמייכעלע, וואָס צווישן די ליפּן און אונטער די ברעמען לעבן די אויגן, און אַרומשפּאַצירן מיט אים איבערן דאָרף.

## VI

די באַהאַלטענע אומצופרידנקייט, וואָס אויף דער ראַפּאַנאַד־פאַבריק, האָט זיך געשטאַרקט. זי האָט זיך פאַרקליבן אַלץ טיפער און טיפער אינעם טומל, אינעם רויך און אינעם דאַמף. זי האָט לאַנג געשלונגען איר עקשנותדיקן סוד, נאָר דער צווייטער מעכאַניק אין די בלויע ברילן האָט די גאַנצע צײַט געאַרבעט אין דער שטיל, און דער סוד איז סוף־כל־סוף אַרויסגעשוווּמען און האָט זיך אַנטפּלעקט. דאָס איז געשען אין אַ הייסן זוניקן פרימאָרגן, וואָס נאָך איינעם אַ חגא־טאָג, אַ זונטיק.

די בני־בית, וואָס באַם פעטער יודלען אין הויז, זײַנען דעמאָלט אַלע פון גאַנץ פרי געשטאַנען אין דרויסן אויף דער זון; מען האָט איינ־ציקווײַז געקלעטערט אויפן לייטער און אויפן דאַך, מען האָט זיך פאַר־שטעלט מיט אַ פלאַכער האַנט פון זון און מען האָט זיך אײַנגעקוקט אין די שפּיצן פון דער פאַבריקס דרײַ ריזן־קוימענס, וואָס שטעקן אַרויס אויסערן דאָרף פון הינטערן באַרג. די קוימענס האָבן דאָרטן מער מיט שוואַרצן רויך ניט געשפּיגן, זיי זײַנען געווען טויט.

שטייענדיק אַזוי אויפן דאַך און אײַנקוקנדיק זיך, האָט מען פּלוצעם דערהערט, ווי דעם אינזשעניערס צוויי־רעדערדיקער מאָטאָציקלעט שנײַדט דורך מיט רעש די שלעפּערדיקע שטילקייט פון דאָרף און יאָגט אַוועק לינקס, צום הויז מיט די געלע גאַניקעס אויפן פּנים. נאָר אין אַ פּאָר שעה אַרום, ווען מ'איז אַהין צוגעגאַנגען, האָט מען דאָס הויז שוין געטראָפן אַ פּוסטס, אַ געשלאָסנס, אַלע זײַנע אײַנוווינערס זײַנען ערגעץ אַוועק. און אויך פון דער פאַבריק איז דורך אַ קליין שיקסעלע אָנגעקומען אַהער צום פעטער יודלען אין הויז אַ צעטעלע, ווו דער כעמיקער האָט געשריבן, אַז אַלע זייעריקע פאָרן אַוועק; אויף עטלעכע טעג פאָרן זיי פון פאַבריק אַוועק. ער האָט פריילעך געלאָזט אַלעמען פרײַנטלעך גריסן.

דעמאָלט האָט דאָס גאַנצע דאָרף באַ דער געוויינלעכער שיין פון זון אָנגעהויבן אויסצוזען אַזוי מאָדנע, גלײַך צו אַוונט צײַט מוז אין

דעם עפּעס אומגעוויינלעכעס געשען, לקוי חמה, אַ שטייגער, צי עפּעס אַנדערש, און איבער די לאַנגע און שטילע גאַסן האָבן, ווי אין אַ גרויסן חגא־טאָג, אַ יום־טוב, פאַרלעכוויַיז און איינציקוויַיז אַנגעהויבן אַרומ־שליאַיען זיך די פיל אַרבעטער פון פאַבריק. זיי זיַינען אַלע געווען אָנ־געטאָן זונטיקדיק; זיי האָבן געריסן אין די פויערשע סעדער די פּרוכטן און זיך געוויצלט מיט די שיקסעס, וואָס ווילן דאָס ניט ליַידן. זיי זיַינען מחנהסוויַיז געשטאַנען אין מיטן דאָרף אַפן פּלאַץ, וואָס צווישן די אייג־ציקע צוויי תמיד געפּאַקטע דאָרפס־קלייטלעך, געקאָנט יעדערן און גע־חוזקט פון זיך, פון זייערע וויַיבער און פון דער פּאַרטיע פורן, וואָס האָבן געבראַכט אין פאַבריק האָלץ און ניט געהאַט באַ וועמען צו מאָנען שכר־עגלה.

אַף מאָרגן איז פאַרגעקומען פּונקט דאָס זעלבע. די אַרבעטער האָ־בן זיך ווידער געשליאַיעט אַף די שמאָלע גאַסן, דאָס דאָרף האָט אויס־געזען, ווי אום יום־טוב, און דאָס אומגעוויינטלעכע איז נאָך אַלץ ניט געשען.

איַיזיק האָט זיך אין יענע טעג געפילט מאָדנע; גליַיך אַלע עלטע־רע, וואָס האָבן אַף אים אַ דעה, זיַינען פון דאָרף אָוועקגעפאָרן, און ער, דער יינגסטער, איז דאָ איצט געבליבן איינער אַליין. היַינט איז ער אַ פריַיער; ער קאָן טאָן, וואָס ער וויל. ער האָט גענומען דעם האַנטעך און איז אַוועקגעגאַנגען צום טיַיך, וואָס מיט געלע זאַמדיקע ברעגן. נאָר אַפן אָרט פון צו באָדן זיך האָט ער אַרויפגעקלעטערט אַפן באַרג, וואָס שיט פון אונטער די פיס מיט שטיינער־ברעקלעך און מיט הייסער זאַמד. ער איז דאָרטן אַ היפּשע ציַיט געזעסן און האָט געקוקט אַף די צוויי שפּיגלקייקן, וואָס שטראַלן וויַיט־וויַיט אַף די געלע גאַניקעס, מינען זיך און גלאַנצן און קיינער חוץ אים, איַיזיקן, ווייסט ניט, אַז אָט דער גלאַנץ באַטיַיט:

— באַסי!...

וווּ איז זי איצט געווען? זי איז אַוועק אין איינעם מיטן פאָטער, מיט דער מוטער, מיטן אינזשעניער, מיטן כעמיקער און מיט דער קליי־נער לינען; זי האָט ניט געפילט, אַז דווקא ווען זיי אַלע זיַינען נישטאָ, איז כדאַי געווען צו בליַיבן דאָ, און אָט, למשל, ווען ס׳וויַיזט זיך אַרויס, אַז זי איזווירקלעך געבליבן דאָ, ווען ער קומט איצט אַ שטייגער צו אַהין,

קלינגט אָן באַם רעכטן געלן גאַניק, און זי עפנט אים די טיר...

אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען אַהער פון דער גרויסער און ווײַטער שטאָט אַראָפּגעקומען צוויי פון דער פאַרוואַלטונג און מיט זיי אין איינעם דער פאַבריק־אינספּעקטאָר, דער סטאַנאָוואָי, און נאָך איינע, אַ געעלטערטע און וויכטיקע פערזאָן, וואָס האָט געזאָגט אַלעמען „דו" און האָט זיך געפירט שטרענג ווי אַ גענעראַל.

די אַרבעטער האָט מען צונויפגערופן אַף דער פאַבריק און פאַר זיי געהאַלטן רעדעס. מען האָט זיי צוגעזאָגט, מען האָט אַף זיי געשריגן און זיי פאָרגעלייגט זיך שטעלן צו דער אַרבעט. די אַרבעטער זײַנען געקומען שווײַגנדיק, אויסגעהערט שווײַגנדיק און שווײַגנדיק זיך פונאַנדערגעגאַנגען. די פאַבריק איז אַזוי אָפּגעשטאַנען באַ צען טעג פוסט. נאָר סוף־כל־סוף האָט זיך דאָס אַלץ געענדיקט מיט גאָרנישט. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז מען באַם פעטער יודלען ווידער אַמאָל געקראָכן אַפן דאַך אַ קוק טאָן, ווי די שפּיצן פון די פאַבריק־קוימענס לאָזן שוין ווידער אַמאָל שוואַרצע וואָלקנס; אַ פּאָר דאָרף־שקצים האָט מען אַרעסטירט דערפאַר, וואָס זיי האָבן געסטראַשעט אונטערצינדן, און דעם צווייטן מעכאַניק אין די בלויע ברילן האָט מען אָפּגעזאָגט פון זײַן שטעלע. ער האָט זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ פוסט־און־פּאַסניק איבערן דאָרף, אָט דער יונגער באַלעזענער גוי מיט די קליינע, שלעכט וואַקסנדיקע וואָנצעלעך און ברייטן בעל־מלאכהשן פּנים, וואָס זעט אויס אומעטיק, ווי דאָס פּנים פון אַ כינעזער. ער האָט געהאַלטן אין איין פאַרטראַכט קוקן דורך די בלויע ברילן ערגעץ־וווהין צום באַרג, וואָס אַרויס דאָרף. ער האָט געקוקט אומעטיקערהייט אַף רעכטס און אַף לינקס, און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס האַלט ער אין איין פאָרשן דעם ווײַטלעכן האָריזאָנט, אין איין זוכן אַן אָרט, וווהין ער וואָלט געקאָנט אַהינטאָן זײַן געביין.

# VII

געקומען זײַנען צוריק אַלע פון פאַבריק, אַחוץ אינזשעניער און אַ חוץ אַלע, וואָס וווינען אינעם נײַעם הויז מיט די געלע געשניצטע גאַניקעס. דער דאָקטער מיטן קאַרדופל דעם כעמיקער האָבן דאָ, ווי פריִער אַלע טאָג פריילעך געגעסן מיטיק. מען האָט דאָ, ווי פריִער, מיט פאַר־

געניגן אָפּגערוט פון גרויסן קעסל־טומל, וואָס דאָרטן אין פאַבריק איז. גלײַכצײַטיק געשמועסט וועגן דעם, וואָס די אַרבעטער אין היגן קאַנט זײַנען געוועזענע פּויערים.

— אַן קעפּ.

— סקאַט.

מען האָט זיך דאָ נאָך איינעם אַ מיטיק אַלע אין איינעם צוזאַמען מיט סימען און מיט רחלען געבראַכן די קעפּ און צוגעקלערט דעם נוסח פון די טעלעגראַמעס, וואָס מען וועט באַלד אַוועקשיקן דעם אינזשעניער און באַסין צום טאָג פון זייער חופה, ערגעץ דאָרטן אין דער גרויסער שטאָט. און נאָך דעם זײַנען שוין אַהער טעלעגראַמעס אָפּט אָנגעקומען פון זיי ביידע, פון באַסין און פונעם אינזשעניער, טעלעגראַמעס פון דער לוסט־רײַזע, וואָס זיי מאַכן ערגעץ דורך וואַרשע, דורך ווין און דורך בערלין. מען האָט זיי געלייענט דאָ באַם מיטיק אָט די טעלעגראַמעס זייערע; מען האָט קריטיקירט זייער מאַרשרוט און מען האָט זיך תמיד אינטערעסירט צו טרעפן:

— ווו געפינען זיי זיך, צום בײַשפּיל, איצט?

אײַזיק האָט ניט געוואָלט הערן דעם ענטפער און האָט זיך אומבאַמערקט אַרויסגעשאַרט אין דרויסן, אין הויף אַרײַן און אין גאָרטן. ער האָט דאָרטן אַרומגעשפּאַנט איינער אַליין אין אַ נעם ווײַסן סטודענטישן העמדל; ער האָט געטראָטן אַף געלע בלעטער און אַף די שטיקלעך צווײַגן, וואָס ברעכן זיך אונטער די פיס. און ניט ווײַט אַף דער וועראַנדע איז ער איינער אַליין געזעסן צעכראַסטעט באַ זײַן טישל מוראַנאָוו דער אַרטיסט, גערויכערט ציגאַרן, געלייגט פּאַסיאַנסן און אַלע מאָל געפּרוווט מיט כוח זײַן פעסטע און געדיכטע אַרטיסטישע שטימע:

— מיאַ, מיאָ טנו ר״ו.

גלײַך זי, באַסי, איז נאָך דאָ און וועט דערהערן, אָט וועט אַ שווינדל טאָן איר העל־גרין זײַדן קלייד צווישן די שטאַמען פון די ביימער, אַ שווינדל טאָן און פאַרשווינדן.

נאָר אָט איז געקומען דער סוף פון אלול. אַהין אין הויז מיט די געלע גאַניקעס האָבן זיך אומגעקערט פאָטער און מוטער, געדאַכט האָט זיך אָבער עפּעס, אַז זיי שלאָפן דאָרט אָפּ גאַנצע טעג, זיי שלאָפן זיך אויס פון נאָך דער חתונה. און דאָ באַם פעטער יודלען אין שטוב האָט

מען אָנגעהויבן ריידן וועגן אַ מנין אויף ימים נוראים, מען האָט געציילט די מענטשן:

— מוראַנאָוו, איז נײַן.

— אײַזיק, איז צען.

אײַזיק האָט ניט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, כאָטש דער מנין האָט באַדאַרפט פאַרקומען דאָרטן אינעם הויז מיט די געלע גאַניקעס. ער האָט זיך געפֿוילט זאָגן, אַז ער פֿאָרט מאָרגן אַוועק.

אין יענעם טאָג האָט ער צום לעצטן מאָל אַרויפֿגעקלעטערט אויפֿן באַרג, וואָס שיט מיט הייסע פריסיק־שטיינדלעך און מיט זאַמד, און איז דאָרטן לאַנג געזעסן אונטער גליִענדיקער זון מיטן פּנים צום ווײַטן אויפֿן שטילן עק פֿון דאָרף. צוויי גרויסע שפּיגל־קייקן האָבן אַרויסגעקוקט פֿון צווישן גרינע ביימער־שפּיצן און פֿון צווישן דעכער געמינעט און געגלאַנצט; אַ פּאָר טויבן זײַנען געפֿלויגן פֿאַרבײַ; אַ רויכל, אַ קוים אָנגעזועענס האָט זיך דאָרטן רויִק געציקעט פֿון איינעם אַ קוימען, און זומער־טאָג האָט געשײַנט, זון האָט זיך געגאָסן אין די גלעזערנע קייקן אַרײַן, זיך געגאָסן, געשײַנט און ווידער געגאָסן, און אויפֿן האַרצן איז דאָך געווען גרינג.

מאָרגן וועט ער, אײַזיק, שוין דאָ ניט זײַן. פֿאַרטאָג וועט זיך מיט אים אויפֿן נאָענטן וואָקזאַל צעקושן דער שמייכלענדיקער פֿעטער יודל און וועט אויף אים צום לעצטן מאָל אַ בלאָז טאָן מיט ריח פֿון פּאַלמירע־זייף, מיט „גאָט צו דאַנקען" און מיט „ווויל, זער ווויל". אַ וואַכנדיקן וועט אים דער צוג אַוועקטראָגן צוריק אין דער גרויסער שטאָט, צוריק צו זײַנע חברים, וואָס זײַנען אַזעלכע שטײַפֿע, שווײַגנדיקע און פֿראַ־אַדמדיקע, ווי ער, שרײַבן קיין מאָל קיין בריוו ניט און זאָגן קיין מאָל ניט איינער דעם צווייטן, אַז זיי האָבן זיך ליב. נאָר אַמאָל וועט דאָך דאָרטן אַרויפֿשווימען דער איצטיקער צאַפּל אין האַרץ, און פֿאַרגראָבן וועט זיך טיפֿער דאָס ציטערדיקע שמייכעלע אין די ליפּן, עס וועט זיך געדענקען אַ טאָג אַ זומערדיקער, אַ באַרג, וואָס שיט מיט פריסיק־שטיינדלעך און מיט זאַמד, אַ פּאָר שפּיגל־קייקן, וואָס שטראַלן איבערן דאָרף מיט זילבערשײַן און מיט זון, און אַ מיידל אין אַ העל־גרינעם זײַדענעם קלייד וועט אויף אַ רגע אַ שווינדל טאָן צווישן שטאַמען פֿון ביימער, אַ שווינדל טאָן און פֿאַרשווינדן.

# די משומדת

ס'טראָגן זיך קלאַנגען, אַז אַהער אין געגנט האָט זיך אומגעקערט משה־לייב יאַנאָשאָווס טאָכטער די משומדת מיטן מאַן אירן דעם מי־ראָוואָי. פון נאָך פסח אָן טראָגן זיך אָט די קלאַנגען.

אַן אָרעמער ייִד גייט צו־פוס פון איין דאָרף אין צווייטן. ער איז פאַרטראַכט, ווי זײַן נאָך־פּסחדיקער קבצנישער טאָג:

ער ווייס ניט, צי מיט דײַן צו־פוס גיין וועט ער עפּעס פאַרדינען.

און אָפן וועג, וואָס באַארבעטע פעלדער באַהאַלטן אים אין זייערע גרינע טיפן, רוקט זיך אים אַקעגן אַ פור מעבל, הויך ווי אַ שטוב. טישן און בענקלעך סטאַרטשען מיט זייערע פיס צום נײַ־זומערדיקן הויך־בלויען הימל און שאָקלען זיך אַזוי פאַמעלעך, גלײַך זיי וואָלטן דערציילן:

פון ווײַט פירט מען זיי, און אַהין צום מיראָוואָי... אַלץ צום מי־ראָוואָי.

און אָט זײַנען שוין דאָ זיי אַליין, די משומדת מיטן מאַן אירן, דעם מיראָוואָי.

שוין אפשר מער ווי צוויי וואָכן, זינט זיי האָבן זיך באַזעצט אינעם קליינעם פריצישן הויף, וואָס אין נאָענטן קאַזיאָנעם דאָרף. זיי האָבן לעבן קיך־טיר אָפּגעלאָזט פיל גלחישע אינדיקעס, אַ סך הינער מיט גענדז, קערן זיך מיט קיינעם ניט אָן און רופן אַרויס צו זיך דרך־ארץ.

איצט בליִען שוין אַרום זיי די צוואָקסענע סעדער פון דאָרף. ביי־מער, ווי ווײַסע כלות, שטייען דאָרטן פאַרטראַכט, סתם אומעטיק, די לופט פאַרמאָגט ניט אַ גאַנצן טאָג קיין מינדסט ווינטל, וואָס זאָל אַ ריר

טאָן מיט זייערע צווײַגן, און אַ ייִדישער סוחר פאָרט נאָענט צו בײַך־
השמשות דאָס דאָרף אָף זײַן אייגענער בריטשקע אַדורך. זײַן פורמאַן
זיצט צו אים מיט די פלייצעס און טרײַבט אָן. ער אַליין דרייט דעם
קאָפּ צום מיראָוואָיס פאַרפּוצטן הויף און זעט די משומדת מיט איר לענג־
לעך שיינעם, עטוואָס אויסגעמאַטערטן פּנים, וואָס זעט אויס פאַרעקשנט
און מאַנט נאָך עפּעס אַלץ בײַ דער גאַנצער געגנט. אין לײַכט ווײַסע
זומערדיקע בגדים שטייט זי דאָרטן צווישן רומל עופות. זי פרעגט עפּעס
בײַם פורמאַן, וואָס קומט אָן רײַטנדיק אָף אַ פערד, זי שפּאַנט אַוועק צום
ווײַט־אָפּגעצוימטן האַלבן הויף, וואָס איז פול מיט בריקעדיק קעלבל, מיט
בעריעשן קיכנע־געשריי און מיט גערוך פון מעלקעדיקער קו, און אַרום
איז שטיל. פון ווײַטן עק דאָרף קומען די געציילטע קלאַנגען פונעם קלויס־
טער גלאָק, דעם באַס. זיי טרײַבן דעם ייִדן. זיי רופן אַ פאַרשפּעטיקטע
גוייִשע פור, וואָס ערגעץ אין אַ ווײַטלעכן גרינעם טאָל, און דערציילן
אָן אויפהער:

— ער פאַרגייט, ער פאַרגייט, דער פרעמדער שטילער גוייִשער
יום־טוב.

דער יונגער מיראָוואָי, זאָגט מען, איז צו אַלעמען אַזוי ווייך און גוט.
ער מאַכט תמיד פּשרות צווישן צעקריגטע גויים און זאָגט לײַטישן
מוסר פאַר שיכּרות. נאָענט צו זון־זעצן, אַז ער שפּאַצירט איבערן דאָרף,
טיילט ער קאָנפעקטן און לאַכט, וואָס שקצימלעך אין ברודיקע העמדלעך
זיצן מיט די נאַקעטע געזעסלעך אָפן מיטן וועג און מעסטן מיט די
פויסטעלעך דעם שטויב:

— סוסליקי! — שרײַט ער צו זיי.

די שקצימלעך פאַרשטעלן מיט די אַרבל די שמעוודיקע געזיכטן.
דאָך לויפן זיי אים נאָך ביזן ווײַטן ברעג טײַך. זיי בלײַבן דאָרטן שטיין
און קוקן, ווי, אַנטלויפנדיק פון זיי, זעצט ער זיך אַרײַן אין זײַן נײַ,
ווײַס אויסגעפּאַרבטן שיפל און לאָזט זיך בעריעש אַוועק צום טײַכס פאַר־
וואַקסענעם האַלדז:

— סוסליקי!

פון אונטער זײַנע רודערס רינען פײַערדיק גאָלדיקע פעדים. ס'ווערן
צעפּיצלט פיל פאַרגייענדיקע זונען און זינקען שטיקערווײַז אין טיפקייט
פון טײַך. אַזוי דערגרייכט ער ביז די גויים, וואָס טעסען קלעצער צו־

ליב דעם אַלטן צעוואָרפענעם בריק. דאָרטן שמעקט מיט פרישע דעמ־בענע שפּענער, מיט נאַס געווירצל און מיט שטילן זומערדיקן פּאַרנאַכט. אַ פראָש וועט באַלד אַרויסשטעקן זײַן קעפּל און וועט נעמען קוואַקען אַקעגן דער בלאַסער לבנה; אַ בושל וועט שטיין אַף איין פיסל און וועט אויסקלאַפּן אַ ביינערדיקע מעשה דעם קומענדיקן פּאַרנאַכט; און ער וועט נאָך לאַנג לעבן די גויִים זיצן און וועט שמועסן מכוח דער נאָענ־טער פּאַרוואַקסענער ליוואַדע. נאָך זײַן מיינונג, וועט מען סוף־כל־סוף אָפּציִען אַהין די פליסנדיקע טײַך־וואַסער און מאַכן די שליוזן שטאַרקער און טיפער.

די משומדת מיט ערנסטן לענגלעכן פּנים איז נאָך מער ווי מיידלווײַז ווײַט אָפּגעשיידט פון מענטשן און פאָרט קיין מאָל ניט אַרויס פון דאָרף.

זי האָט ליב דעם מאַן אירן. מעגלעך, אַז צוליב אים טוט זי זיך אָפּ אָן אין אָט דעם ווײַסן געשטיקטן קלייד, וואָס לאָזט פרײַ איר פולן, קלאָרן האַלדז און מאַכט זי ברייטער אין טאַליע און אין ברוסט. פאַר־נאַכט, אַז ער גייט אַוועק אין דאָרף, שפּאַנט זי איינע אַליין אין דרויסן לעבן פּאַרקאַן פון איר הויז און האָט די גאַנצע צײַט אַזאַ געדולדיק אויסזען, גלײַך זי קלערט אָן אָן אויפהער וועגן דעם, וואָס ער האָט דאָס רעכט אַף לאַנג אַוועקצוגיין...

זי קאָן אים דערויף גאָרניט זאָגן...

זי האָט אַן אומעטיק פאַרטראַכט קול. שטענדיק, אַז זי רעדט, ווייסט מען ניט, וואָס איז מער אומעטיק: אירע שוואַרצע אויגן, דאָס לענגלעכע פּנים, צי דאָס קול. און מיט אָט דעם קול קלאָגט זי זיך אָפּן מאַן אירן כמעט בײַ יעדן מיטיק:

— קאָליאַ, טי ניטשעוואָ ניע יעש! *)

ייִדן האָבן עס איין מאָל אונטערגעהערט, בשעת זיי זײַנען אַרויס־גערופן געוואָרן פאַר עדות פון גויִשן געשלעג, און האָבן באַם מי־ראָוואָי אין קאָרידאָר מיטיק־צײַט איבערגעוואַרט. מיט עפּעס מאָמע־דיקס און געטרײַ־שיצנדיקס האָט געווירקט דאָס קול. די ייִדן האָבן זיך דערפילט אַזוי מאָדנע, גלײַך זיי וואָלטן אַקאָרשט פון ס׳נײַ באַ־מערקט, אַז זיי זיצן שוין אַ לאַנגע צײַט אָן היטלען, זיי האָבן זיך שמיי־כלדיק אַדורכגעוווּנקען:

*) קאָליאַ, דו עסט גאָרנישט!

— אַפּנים, זי האָט אים טאַקע פּשוט ליב, דעם גוי, אַ?

און פון די אינעווייניקסטע חדרים איז נאָך צו זיי אַלע מאָל אַרויסגעלאָפן עפּעס אַ קליין מאָדנע ציכטיק נפשל, אַ זכרל פון אַ יאָר פיר, מיט אויגן נאָך גרעסערע און שוואַרצערע, ווי בײַ דער מוטער, מיט אַ קליין קנײַענדיק פּיסקעלע און מיט אַ חן־גריבעלע אין לינקן בעקל. אַלע ווײַלע איז עס געבליבן שטיין אין טיר און געקוקט אַף די ייִדן אַזוי נײַגעריק, פאַרחידושט, גלײַך זיי, גאַנץ קהל, אַלע ייִדן פון נאָענט און פון ווײַט, קערן דעם אָן מחותנים פון כלהס צד. איינער פון די שמייכלדיקע ייִדן האָט עס שוין אפילו גענומען נאָרן צו זיך מיט אַ פינגער, געווונקען צו דעם מיטן פאַרקנייטשטן שטערן, מיט דער נאָז און מיטן גאַנצן שמייכלדיקן פּנים און דערבײַ אונטערגעשעפּ־טשעט צו זיך אַליין אַף ייִדיש:

— קום אַהער, ממזרל.... אַהער, אַהער...

נאָר דאָס קליינע נפשל האָט זיך דערשראָקן דווקא פאַר אָט דעם ווינקען. פון די אינעווייניקסטע חדרים האָט עס דערהערט דער מוטערס קול, און אַוועק איז עס אַהין מיט אַ קלאַפּנדיק הערצל, טופּענדיק מורא־דיק שטאַרק מיט די פיסלעך און יאָגנדיק געשווינט, ווי פון שרעק.

# אָן אַ נאָמען

מײַן חבר, אַ שרײַבער, דערציילט מיר:

מיר איז אָפּט אומעטיק; מיך ציט פון איין אָרט אָפּן צווייטן, איך פאָר אַרום. איך האָב אַ סך פרײַנט, נאָר איך ווייס ניט, ווו זיי געפינען זיך. וועגן דעם לעבן פון אייניקע פון זיי ווייס איך ניט מער ווי איינעם אָדער צוויי פאַקטן. איך האָב אַ כלה, נאָר איך ווייס ניט, ווי אַזוי מען רופט זי. דאָס איז ניט קיין פּיזמון, דאָס איז אַ פאַקט, אָט שטעלט אײַך פאָר:

איר לעבט איבער אַ שלעכט שטיקל צײַט. איר געפינט זיך אין אַ פרעמדער גרויסער שטאָט, וווהין איר זײַנט געקומען אויפזוכן אײַער אַ נאָענטן חבר. איר זײַנט ספּעציעל צוליב דעם געפאָרן אַ קאַרגן מעת־לעת, נאָר אַז איר קומט צו צו אײַער חברס וווינונג, טרעפט איר זי געשלאָסן. דער סטרוזש, צו וועמען איר קלינגט לאַנג, גייט סוף־כל־סוף צו אײַך אַרויס מיט אַ פולן, קײַענדיקן מויל און ענטפערט אײַך אַף גיך צווישן איין קײַ און צווייטן:

— די בעלי־בתים — אַף אַ זומער וווינונג.

— און דער קוואַרטיראַנט?

— אַרויסגעפאָרן.

— וווהין?

— ווער ווייס אים?

און אויסדרייענדיק זיך צו אײַך מיט די פּלייצעס שלינגט ער אַראָפּ, שרײַט אָן אַף אַ פרעמדן אומריינעם הונט, וואָס האָט זיך זאַנאַדעט

אין הויף, שנײַצט זיך גוט אויס, ווישט אָפּ די הענט אָן די פּלודערן און בלײַבט ניט, פֿאַרשווינדט אינעם שוואַרצן לאָך פֿונעם פֿרעמדן אַרײַנ־פֿאָר, און דאָס אַלץ קומט פֿאַר אין שפּעטן זומער, פֿאַרנאַכט, באַם ער־שטן יונגן פֿײַער פֿון דער נאָר וואָס אָנגעצונדענער גאַסן־עלעקטריע. איר שטייט אַזוי אַ ווײַלע מיטן פּנים צו דער קלייטן־גאַס, איר שטייט גלאַט אַזוי, וווּהין וועט איר אײַלן? אַז סײַ־ווי־סײַ האָט איר מער קיינעם ניט אין אָט דער גרויסער ווימלדיקער שטאָט. דערצו איז נאָך דער פֿאַרנאַכט אַליין עפּעס אַ קילער, כמעט אַן אלולדיקער, ס׳גייען אַ סך פֿרעמדע, ס׳ציט צו יעדן געמיטלעכן פֿײַערל. יעדער באַלויכטן פֿענצטער קוקט צו אײַך מיט אַזאַ פֿרעמדער רויִקייט, גלײַך ס׳וואָלט אײַך וועלן זאָגן:

— נאָר איינער, כ׳האָב דען חלילה באַ דיר עפּעס אָפּגענומען? כ׳האָב מיר מײַן אייגנס.

איר גייט אין אַ צווייטער גאַס, אין אַ דריטער, אַ מער טונקעלער און שטילערער, און אומעטום די זעלביקע פֿרעמדע.

אָפּן ראָג טוט זיך פֿאַר אײַך אַ טראָג דורך אַ צווייענדיקער צר בויפֿגעטשעפּעטער טראַמווײַ וואַגאָן; ער פֿאַרקערעוועט געשווינט מיט אַ גיכן צעשראָקענעם גלאָקן־קלאַנג, מיט אַ גרילצנדיקן קוויטש פֿון די הינטערשטע, מיט געוואָלד נאָכגעשלעפּטע רעדער. איר זעט, אַז דער הינטערשטער אָפֿענער דאַטשע־וואַגאָן איז העל באַלויכטן. ער איז גע־פּאַקט מיט זומערדיקע אויסגעפּוצטע פֿרעמדע. אַ סך פֿרויען זיצן דאָרטן אין ווײַסן מיט פֿאַרשיידנפֿאַרביקע הוטן. אימעצער פֿון זיי האָט, דאַכט זיך, געהאַלטן אַ פּאַק בלומען אין די הענט. אַ פֿרעמד הונדערט מענטשנדיק לעבן, אַ העל באַלויכטנס, האָט זיך נאָר וואָס געשווינט דורכגעטריבן גאָר נאָענט לעבן אײַך, געטאָן אַ רייַץ, אַ צי, אויפֿגערעגט און אַנטלאָפֿן. און ווידער גייט איר אַליין צווישן דעם אַרומיקן דרויסנ־דיקן גערויש און פֿרעמדער אינעווייניקסטער רויִקייט.

באַלויכטענע פֿענצטער פֿון פֿיל־גאָרנדיקע הײַזער קוקן ווידער אַף אײַך, ווי אויגן פֿון דער שטילער נאַכט, וואָס טוליעט זיך צו זיי, און רופֿן אײַך און טרײַבן אײַך... אין אַזאַ מין מאָמענט זײַט איר פֿעיִק צוצוקלעפּן זיך צו יעדן מענטשן, וואָס שטויסט אײַך ניט אָפּ. פֿאַר וואָס זאָלט איר, למשל, ניט צוגיין צו יענער דינסט, וואָס זיצט זיך אַליין

און זינגט זיך אונטער אַפּן בענקל, וואָס לעבן הויף־טירל ? פּאַר וואָס, למשל, זאָלט איר מיט איר ניט חתונה האָבן און ניט אַוועק מיט איר קיין אַמעריקע... אויב איר טוט עס ניט, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס איר האָט נאָך צײַט ; איר ווילט נאָך אַ טראַכט טאָן. אין אַזאַ מאָ־מענט זײַט איר פּעיִק אויפצוהייבן זיך אַף אַ וואָסערע ס׳איז ציכטיקע מירמל־שטיינערנע טרעפּ, אַנקלינגען אין אַ פּאַלירטע טיר, מיט אַ בלאַש־קענדיקן מעשענעם בלעטל, און טראַכטן, אַז ס׳איז שוין צײַט, ס׳איז צײַט, אַז דאָ זאָל ווױנען אײַער פרוי, און איר, דער מידער, זאָלט איצט צו איר אַרײַנקומען, זיך אַוועקזעצן באַם טיש, וואָס מיטן זודיקן סאַ־מאָוואַר, און איר זאָגן :

— גוט אָוונט.

אויב איר טוט עס ניט, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס מענטשן זײַנען נאָך אַלץ ניט אין גאַנצן דערצויגן און שרעקן זיך נאָך פאַרן צווייטן ; אַנדערע זײַנען נאָך דערצו פּעיִק צו מאַכן סקאַנדאַלן . . .

און אַזאַ מאָמעט האָב איך ווירקלעך איבערגעלעבט אין יענער גרויסער שטאָט, וווּהין איך בין געקומען אויפזוכן מײַן חבר. אַפּן אַנדערן טאָג בין איך גלײַך אַנטלאָפן פון אָט דער שטאָט, וואָס האָט אין מיר אויפגערודערט אַזוי פיל געפילן. איך בין אַנטלאָפן פון איר, ווי פון אַ שונא... נאָר דאָ הייבט זיך אָקאָרשט אָן די מעשה, וואָס איך וויל אײַך דערציילן.

אַף מאָרגן אין אָוונט בלאָנדזשע איך אַרום איינער אַליין אַף אַ קלייניקער פּוסטינקער באַן־סטאַנציע, וווּהין איך בין געקומען דאָרט אויפזוכן מײַן חברס עלטערן. נאָר תחילת אָוונט, אַז איך קום צו זייער הויז, טרעף איך עס געשלאָסן. איך גיי עס אַרום פון אַלע זײַטן, איך קוק אַרײַן אין דעם דורך די פענצטער; איך זע, אַז ס׳איז פּוסט, און געדענקען געדענק איך בשעת מעשה, אַז דאָס קוק איך :

— איך בין אַ נאַר, געוויס אַ נאַר, וואָס טו איך דאָ ?

נאָר אינעם צווייטן שכנישן הויז איז אַלץ העל באַלויכטן און שטאַרק פריילעך. דאָרט איז אַ חתונה. כלי־זמר שפּילן, און געסט צונויפגעפּאַ־רעגע טאַנצן, און לאָמפּן זעצן זיך, לויכטן און זעצן זיך, איך גיי אַהינצו. ס׳טאַנצט דעם חתנס אַ רײַכע מוטער מיט איר טאָכטער, אַ יונג מיי־דל, און דעם מיידלס חברטע, אַ קורסיסטקע, לאָזט זיך טאַנצן זיי אַקעג־

גן שוין נאָר פון הוילער התלהבות, פון גרויס דאַנקבאַרקייט צו אַט דער מומע, וואָס האָט זיך געלאָזט טאַנצן, אַלע שטופּן זיך און קוקן, און קיינעם אַרט ניט, וואָס אויך איך, דער פרעמדער, קוק אַהין אַריַין. קיינער האָט ניט גאַרנישט אַקעגן דעם, וואָס אויך איך וויל זען מיט מיַי־נע אייגענע אויגן, ווי קונציק זי טאַנצט, אָט די בכבודיקע מומע. פון אָנהייב פאַרשטייט מען גאָרניט:

— פון וואַנען איז אָט דער אַראָפּגעפאַלן?

נאָר באַלד וויַיזט זיך אַרויס, אַז אויך דאָ ווייס שוין אימעצער, ווער איך בין. די כלה אַליין האָט שוין אַזוי פיל וועגן מיר דערציילט איר שוועסטערקינד, מיַין חבר מישע, וועלכן איך זוך. איך מוז אַריַינגיין, זאָגט זי; איך מוז זיצן אָט דאָ, אויבנאָן. לעבן איר און לעבן איר חתן, זי האָט דאָ לעבן זיך אַ סך רויזן, איר האָט מען צוגעשיקט פון איינעם אַ פריצישן הויף רויזן, וויל זי מיר זייער פיל דערציילן וועגן זיך און וועגן איר שוועסטערקינד, מיַין חבר מישען. זי וועט מיר זאָגן, וווּ ער געפינט זיך, נאָר לעת־עתה מוז איך עפּעס געניסן. אָט דאָס איז איר חתן, שויך, אַזוי צו זאָגן איר מאַן:

— וואָס? ער ווייס גאָרניט, ווער איך בין? אַזוי פרעגט זי באַם חתן. און דער חתן ענטפערט, אַז יאָ:

— פאַרוואָס זאָל ער ניט וויסן?

ער דריקט מיר פריַינטלעך די האַנט און דערציילט מיר, אַז ער „אינטערעסירט" זיך:

— באַ זיי אין שטעטל, זאָגט ער, זיַינען אויך פאַראַן ציוניסטן.

איך זיץ אַליין מיט מיַין פרעמדקייט אויבנאָן, לעבן, כיבוד, וואָס מ'האָט פאַר מיר אַוועקגעשטעלט, און רייכער אַ סך פּאַפּיראָסן. איך קוק אַף יענער יונגער ברוינער מיידל, וואָס איז, ווי אַלע, אַנגעטאָן אין וויַיסן, נאָר זי טאַנצט ניט. פאַר וואָס גייט זי אַפילו איין מאָל ניט טאַנ־צן? זי זיצט, ווי איך, איינע אַלייך, פאַררוקט אין אַ ווינקל, און וויל זיך ניט באַגעגענען מיט מיַינע אויגן. איטלעכס מאָל, וואָס איך טו אַף איר אַ קוק, פאַרדרייט זי דאָס פנים אָן אַ זיַיט, זי וויל בעסער קוקן אין אַ פוסטער זיַיט, איידער צו באַגעגענען זיך מיט מיַינע אויגן. שמייכלדיק און פריילעך מיט אַ האַלב אָפּגעטרונקענער גלאָז וויַין, גייט אַלע מאָל צו איר צו איר פאָטער. ער איז אויך אַ שיינער. ער פרעגט באַ איר

עפּעס, נאָר זי בלײַבט אומעטיק, ווי פריִער. נאָך סוף־כל־סוף זיץ איך שוין גאָר נאָענט לעבן איר, איך זיץ אַפן צווייטן בענקל. איך זאָג צו איר:

— כ׳האָב אײַך, דאַכט זיך, געזען אַפן וואָקזאַל, תחילת אַוונט, ווען איך בין אָנגעקומען מיטן צוג, האָב איך אײַך דאָרטן געזען.

איך גיב צו, כדי זי זאָל זיך ניט שרעקן:

— אין אַט דעם ווײַסן קלייד זײַט איר דאָרטן געשטאַנען, אָן אַן אויבערשט פון אויבן.

— אַך יאָ, זי איז דאָרטן געשטאַנען... זי איז אַרויסגעגאַנגען באַ־געגענען געסט־מחותנים. נאָר מיטן פאַרנאַכטיקן צוג איז קיינער, אַחוץ מיר, ניט געקומען... זי האָט ניט געוווּסט, צי איך בין אויך אַ מחותן צי ניין; זי איז געשטאַנען און געוואַרט.

און ווידער באַהאַלט זי אויס פון מיר אירע אויגן. אַ ביסל שפּעטער שטייט זי שוין דאָך מיט מיר אין דרויסן באַ דער טיר. זי שטייט דאָרטן אָנגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס אָן וואַנט און האַלט די הענט אַרונטער, און ווידער באַהאַלט זי פון מיר אויס אירע אויגן. איך שטיי און טראַכט:

— וועגן וואָס וואָלט איך איר, אַ שטייגער, איצט געקאָנט אָנהייבן דערציילן?

און פּלוצעם טוט באַ איר אַ ציטער דאָס קול, ס׳איז אַזאַ זאַפּטיקס, אַט דאָס קול אירס, אַזאַ ברוסטיקס און דאָך אַזאַ ציטעריקס. זי וואָלט זיך וועלן, זאָגט זי, דורכגיין אַ ביסל. זי פאַרכאַפּט זיך באַלד:

— פאַרשטייט זיך, אויב איך האָב גאָרנ־שט אַקעגן. זי האָט נאָר מורא אַ ביסל פאַר אַט דעם ווײַסן פעלעק, וואָס אַקעגן. מעגלעך אַז דאָס ליגט אַ בהמה און מעלה־גרהט. מיר וואָלטן זי געקאָנט אַרומגיין אַט דאָ פון דער זײַט.

ס׳איז שטיל, און מיר גייען. זי בויגט נאָך עטוואָס נידעריקער דעם קאָפּ.

זי וואָלט מיר וועלן עפּעס דערציילן. ס׳איז איר אַזוי שווער צו טראָגן עס אין זיך, אַט דאָס, וואָס זי וואָלט מיר וועלן דערציילן. זי וווינט דאָ מיט איר פאָטער אַף איינעם אַ נאָענטן קליינעם וואָקזאַל, און באַ איר איז אַן אומעטיק לעבן; באַ אַלע די, וואָס וווינען דאָ אַף די אַרומיקע וואָקזאַלכלעך איז אַן אומעטיק לעבן. זי האָט ניט קיין מוטער.

זי האָט אַן עלטערע שוועסטער, אסתר. האָט זי געלייענט אַ סך ביכער אסתר. דער פאָטער פלעגט זיי איר תמיד וואָך בײַ וואָך ברענגען פונעם נאָענטן גרויסן וואָקזאַל, ווו ס׳איז פאַראַן אַ ביבליאָטעק. איצט האָט זי חתונה געהאַט, אסתר, פאַר אַ שניט־קרעמער פונעם נאָענטן שטעטל האָט זי חתונה געהאַט. זי האָט אים ניט ליב געהאַט, דעם חתן אירן, נאָר אַנ־דערע האָבן געפונען, אַז ער איז שוין אויך ניט אָן מעלות:

ער האָט זי הויך געשעצט נאָך פון אַמאָל, אסתרן, ער האָט אַליין מודה געווען, אַז זי שטייט פיל העכער פון אים און האָט געזאָגט, אַז צוליב איר איז ער גרייט זיך אָפּטיילן פון זײַן מוטער און עפּענען אַ באַזונדערע קלייט. זי אַליין האָט איר פאַר דער חתונה געזאָגט, אסתרן:

— אסתר, באַטראַכט זיך, אפשר דאַרף מען ניט...

נאָר אסתר האָט געזאָגט:

— „ס׳איז שוין אַלץ איינס, האָט זי געזאָגט, כ׳האָב עס שוין באַ־זיך געפּועלט. עלעהיי איך שנײַד זיך אָפּ אַ האַנט" האָט זי געזאָגט.

איצט איז זי געבליבן אַליין אין שטוב, אַליין מיטן פאָטער, און לייענט די זעלביקע ביכער. וואָס פריִער פלעגט לייענען אסתר. דער פאָ־טער ברענגט זיי איר פונעם נאָענטן וואָקזאַל, ווו ס׳איז פאַראַן אַ ביב־ליאָטעק. זי לייענט זיי גאַנצע טעג, אָט די ביכער, און געפינט אין זיי די צייכנס מיט די צושריפטן, וואָס אסתר האָט אין זיי געמאַכט. זי שלאָפט ניט נאָך דעם אָפּט באַנאַכט און האָט שווערע געדאַנקען. און איצט וויל זי בײַ מיר פרעגן:

— אמת? כדאַי צו לעבן?... ניין, דערויף בין איך שוין בשום אופן ניט מסכים.

— אַז איך וועל שוין זײַן גאָר אַ זקן, וועל איך ליגן אין בעט און וועל דרייען מיטן ציינלאָזן מויל: כ׳וויל נאָך אַ וועסנע... נאָך אַ וועסנע.

און פּלוצעם הייב איך אָן זייער פיל צו דערציילן וועגן זיך:

— איין מאָל האָב איך געגעבן פינף רובל איינעם אַ בעטלער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין שטויב. ער האָט לחלוטין, ניט געהאַט קיין פיס, אָט דער בעטלער, זיי זײַנען אים געווען אָפּגעהאַקט, אַ סך העכער פון די קני. כ׳האָב געזען, ווי האַלטנדיק די פינף רובל אין מויל, איז ער געשווינט אַוועקגעקראָכן. כ׳האָב געמיינט, ער וועט זיך קויפן אַ

טרונע. נאָר ער האָט זיך אָפּגעלאָזט און געקויפט אַ נײַ בלוי העמדל, ער האָט געוואָלט גליק.

נאָר ניין, ניט וועגן דעם האָב איך איר דערציילט:

— איין מאָל, קינדוויַיז, אין אַ ווינטער אָוונט האָט מען מיך אײַנגעוויקלט אין אַ סך שאַלן און גענומען ערגעץ טראָגן. אַז מ׳האָט מיך צוריק אַוועקגעשטעלט אַף דער ערד און מיך אויסגעוויקלט פון די שאַלן, האָב איך דערזען, אַז איך שטיי אַף אַ חתונה, אין אַ גרויסן שטאַרק באַלויכטענעם בית־המדרש. איך בין נאָך דעמאָלט קיין גאַנצע פיר יאָר ניט אַלט געווען און האָב ניט געדענקט, צי פאַרן הײַנט איז געווען אַ נעכטן. אַז מ׳האָט מיך אויסגעוויקלט פון די שאַלן, האָב איך זיך אָנגעבויגן און גענומען באַטראַכטן אַף זיך דאָס שוואַרץ סאַמעטע־נע קאָסטיומל מיט די ווײַסע לייקענע שיכלעך. זיי זײַנען מיר געווען שטאַרק געפעלן, די ווײַסע לייקענע שיכלעך, נאָר אַז איך האָב זיך אַרומגעקוקט, האָב איך לעבן זיך דערזען פון איין זײַט די חתן־כלה און פון דער אַנדערער זײַט דעם אָרון־קודש און האָב מיך מיט אַמאָל אָנגעהויבן טרייסלען אַף די פיסלעך און טאַנצן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָב איך דעמאָלט אָנגעהויבן טאַנצן.

נאָר מעגלעך, אַז אויך ניט וועגן דעם האָב איך דאַן אָנגעהויבן דערציילן, נאָר וועגן עפּעס אַנדערש. מיר זײַנען אַוועקגעגאַנגען מיטן מעת־לעתנוויַיזן פּוסטן רעלסנשנור ביז אין שוואַרצלעכן אָנהייב פאַר־נעם געדיכטן וועלדל; כ׳האָב נאָך אַלץ גערעדט אָן אויפהער. און אַז מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק, האָבן מיר דערזען, אַז ס׳הייבט שוין אָן צו טאָגן, און אַז מיר האַלטן איינער דעם צווייטן באַ די הענט און דריקן זיי פעסט, מיר פאַרגלויבן איינער דעם צווייטן די הענט. אין הויז האָבן נאָך אַלץ מיד געשפּילט די כלי־זמר. פּלוצעם האָט זי מיר דאָ לעַ־בן הויז באַוויזן אירע אויגן און מיך אַ גאַנצע רגע געלאָזט אין זיי קוקן. כ׳האָב דערזען, אַז אויך אין זיי, אין אָט די אויגן הייבט אָן צו טאָגן.

נאָר מיר זײַנען דאָך אַוועקגעגאַנגען נאָך אַמאָל צוריק צום רעלסנ־שנור און צום אָרט, וווּ ער ווערט פאַרשווונדן אין שוואַרצלעכן אָנהייב פון געדיכטן וועלדל. מיר האָבן פון ס׳נײַ געהאַט אַ סך, אַ סך, וועגן וואָס צו ריידן.

אַז מיר האָבן זיך אומגעקערט דאָס צווייטע מאָל, איז שוין וועגן

אַלץ, אַלץ געווען אָפּגעשמועסט: איך וועל אין גיכן אַראָפּקומען אַהין אַף דער קלייניבנקער באַן־סטאַנציע, ווו זי וווינט, און וועל זיך דאָרטן באַזעצן אינעם גויִשן שטיבל, וואָס אַנטקעגן, ווײַל מיר איז דאָך אַלץ איינס, ווו איך זאָל ניט וווינען. און די ערשטע צײַט וועלן מיר קיינעם וועגן גאָרנישט דערציילן. פּלוצעם האָט זי זיך צו מיר צוגעדריקט און גענומען אַרײַנקוקן מיר אין די אויגן:

— דערווײַל, האָט זי געזאָגט, דערווײַל וועסטו מיר שרײַבן, אמת?

איצט האָבן שוין אין הויז מער די כלי־זמר ניט געשפּילט.

די מחותנים האָבן פאַרן פונאַנדערפאָרן זיך געטרונקען טיי. מ׳האָט גערעדט אַלע אין איינעם, מ׳האָט פריילעך געלאַכט, און אין דרויסן איז אויפגעגאַנגען די זון. מעגלעך, אַז מ׳האָט פריילעך געלאַכט, דערפאַר וואָס אין דרויסן איז אויפגעגאַנגען די זון. די כלה האָט נאָך אַלץ געטראָגן די לאַנגע ווײַסע הענטשקעס, וואָס אָן די פינגער, זי האָט שמייכלדיק עפּעס גערעדט צו מיר, נאָר איך בין געווען צעטראָגן און האָב איבערגעפרעגט:

— וואָס?...

אין איינעם מיט פיל אַנדערע בין איך געשטאַנען אַף די טרעפּלעך, וואָס פאַרן הויז, ניט ווײַט פון דער וואָרטנדיקער פּשוטער גויִשער פור און האָב געקוקט, ווי פריילעך מײַן מיידל געזעגנט זיך מיט אַלעמען, און ווי אַזוי זי פאַרבינדט זיך דעם קאָפּ מיט אַ שאַלעכל אַפן פּשוטן דאָרפישן שטייגער.

שרײַב „אונדז״ פראָסטער, האָט זי מיר באַם געזעגענען זיך אַ שעפּטשע געטאָן, „מיר״ זײַנען פּראָסטע.

און דער פאָטער אירער איז שוין געזעסן אויבנאָן אַף דער פור און האָט אַף איר געוואָרט.

איך בין געווען אויפגערעגט און האָב די גאַנצע צײַט געדענקט, אַז איך דאַרף נאָך עפּעס טאָן, איך דאַרף זיך אײַלן, ווײַל אָט באַלד פאָרט אָפּ די פור.

ווען די פור איז אָפּגעפאָרן, האָב איך זיך גלײַך געלאָזט נאָך איר לויפן און האָב זי אָפּגעשטעלט. איך האָב געהאַלטן אין די הענט אַ סך רויזן, וואָס די כלה האָט מיר באַ מײַן קומען געשענקט, האָב איך זיי איר אָוועקגעגעבן און האָב געזען, ווי זיי ביידע שמייכלען, זי און דער

פאָטער. נאָר אַז די פור איז אָפּגעפאָרן, האָב איך גלײַך דערפילט, אַז ס׳איז ניט דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט טאָן, כ׳האָב זיך געוואָלט דערמאָנען און האָב ניט געקאָנט. איך האָב זיך געזעגנט מיט דער כלה און בין אַוועקגעגאַנגען אָפּן וואָקזאַל. דאָרטן איז אַ לאַנגער צוג געשטאַנען מיטן לאָקאָמאָטיוו צו יענער זײַט, וווהין איך האָב באַדאַרפט פאָרן. ער האָט באַדאַרפט פאָרן. ער האָט גלײַך גענומען אָפּגיין. איך בין געשטאַנען אין אַ כמעט פּוסטן דריט־קלאַסיקן וואַגאָן, כ׳האָב געקוקט אין פענצטער און געהערט, ווי ס׳הייבן אָן אַלץ גיכער קלאַפּן די רעדער. און פּלוצעם האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס איך האָב באַדאַרפט טאָן; כ׳ווייס ניט איר נאָמען, כ׳האָב באַדאַרפט בײַ איר פרעגן:

— ווי רופט מען דיך? — האָב איך באַדאַרפט בײַ איר פרעגן.

# צוויי וועגן

צוויי וועגן פירן פון דער שטאָט אַרויס, אַ ברייטער און אַ שמאָלער.

פירט דער ברייטער וועג גלײַך מיט די גרינע פעלדער, וואָס צום האָריזאָנט. דערגרייכט ערגעץ לעבן אַ באַרג דעם גרויסן וועג, וואָס פירט פון איין קרײַז־שטאָט צו דער צווייטער, און האַקט זיך מיט אים אָפּ אַזוי פּלוצעם, טרויעריק, גלײַך ער וואָלט מיט עפּעס אומצופרידן זײַן און וואָלט זיך אַליין באַקלאָגן:

— אָט זעט, ווי קליין איך בין, איך קאָן שוין מער אין ערגעץ ניט פירן.

טיילט זיך אָפּ פון אים דער שמאָלער וועג נאָך באַם הילצערנעם טויער פון שטאָט און נעמט זיך באַלד לינקס, צו די פאַרוואָקסענע פויערשע שטיבלעך צו. צוזאַמען מיט אָט די שטיבלעך הייבט ער זיך אין דער הויך אויף, צוזאַמען מיט די שטיבלעך לאָזט ער זיך אין דער נידעריק אַראָפּ, גלײַך ער וואָלט מורא האָבן, אַז אָפּטיילנדיק זיך פון זיי, וועט ער איינער אַליין צווישן בערג און טאָלן פאַרבלאָנדזשען און וועט נאָך דעם זײַן אייגענעם אָנהייב ניט געפינען. ער דערגרייכט ענדלעך דאָס קליינע קאָזלאָווער טײַכל, באַ וועלכן די פויערשע הײַזער ענדיקן זיך, און מוז נעבעך איינער אַליין ווײַטער אַפן בערגל קלעטערן.

פאָרט מען מיט אָט דעם שמאָלן וועג פינף וויאָרסט אָפּ, לאָזט מען זיך אין אַ שטילן גרינעם טאָל אַראָפּ, הייבט מען זיך מיטן וועגן ווײַטער אַפן בערגל אַרויף, קומט מען צו אַן איינזאַם וועלדל צו, צו יענעם זעלביקן עלנטן וועלדל, וואָס מען ווייס ניט, צו וועמען ס׳קער, און איבער וועלכן ס׳קריגן זיך שוין יאָרנלאַנג אַ פּריץ מיט זײַנע פאַרעקשנטע שכ־

נים־פויערים. פון דאָרטן זעט מען שוין אָן דעם דאָרף, וואָס אין טאָל, די איינגעגראָבענע ציגל־פאַבריק, וואָס רייכערט טאָג און נאַכט, ווי אַ קאָלך־אויוון, און, העכער, אויפן באַרג, דעם גרויסן, תמיד רוישנדיקן געפלאַסטערטן טראַקט, וואָס פירט ערגעץ ווייט צו דער היפּשער האַנדלסבאַרער שטאָט.

סוחרישע פורן לויפן דאָרטן אַפּ און אויף, באַגעגענען זיך, יאָגן זיך איבער און פאָרן זיך פאַנאַנדער אין פאַרשיידענע זייטן, אַלנדיקע און אומעטיק־ערנסטע, גלייך זיי וואָלטן אייגנצייטיק קלערן וועגן זייערע הייזער, וואָס ערגעץ דאָרטן אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך און וועגן יענעם רוישנדיקן און סוחרישן וועלט־ווינקל, וווהין ס׳שלעפּן זיי זייערע מוחות.

די רעדער קלאַפּן דאָרטן אָן אָן אויפהער אין די שטיינער, און אַ ווידערקול ווערט פון אַט דעם קלאַפּן צווישן הימל און ערד געבוירן, אַ תמימותדיק און קינדיש כשרס, וואָס נעמט זיך באַלד איבער ברייטע פעלדער טראָגן, כאַפּט זיך אויך אין עלנטן וועלדל אַריין און הייבט דאָרטן אויף אַ קוים־קוים באַמערקטן גערויש.

און טוט פון ערגעץ ווו אַ ווינטל אַ בלאָז, קומט דאָס אויך אַהער אין וועלדל צולויפן און טראָגט זיך דאָ מיט אַזאַ פאָרכט צווישן די ביימער דורך, גלייך ס׳וואָלט זיי אַ שטילן און אומעטיקן גרוס אַט פון יענע אַרומלויפנדיקע סוחרים ברענגען:

— יאָ, יאָ, זיי פאָרן נאָך די סוחרים... אַט דאָרטן אויפן טראַקט פאָרן זיי.

דעמאָלט טוט אַ ציטער דער גאַנצער וואַלד און פאַלט אַריין אין אַ מרה־שחורה. ביימער בויגן די קעפּ צו דער ערד און שאָקלען זיך צו איין ווייטן הימלווינקל. ווער ווייס? אפשר טוען זיי דאָס פאַר די סוחרים תפילה, זיפצן און בעטן:

— צייט, צייט, דאָס די סוחרים זאָלן אַרומיאָגן אויפהערן.

נאָר די פורן יאָגן דאָרטן נאָך אַלץ און וואַרפן אָפּ פון זיך ווייט דעם גערויש פון זייערע קלאַפּנדיקע רעדער. אַזעלכע פרעמדע און אומבאַקאַנטע קריכן זיי אַרויס פון איין זייט האָריזאָנט, טראָגן דאָ דורך זייער דרימלענדיק רעשנדיקן סוד און ווערן ענדלעך פאַרשוווּנדן אין דער צווייטער זייט האָריזאָנט; דעמאָלט קריכן פונעם ערשטן עק האָ־

ריזאַנט אַרויס נײַע, אויך אַזעלכע אומבאַקאַנטע און פרעמדע, און האַלטן דעם געריש אונטער. הימלען טרויעריקע קוקן אַראָפּ אַף די פורן און שווײַגן, און די לופט, וואָס אַרום, איז שוין אַזוי געוווינט צו אָט דעם אַלעם און צו יענעם פוסטן מעשהלע, וואָס שוועבט ערגעץ דאָ טאָג און נאַכט אַרום:

— אַ מעשה מיט אַ באַיאָרטן גרײַז־גרויען סוחר, וואָס האָט שוין האַנדלען קיין כוח ניט געהאַט און דערפאַר אַף זיך דעם טויט געבעטן...

שטיבלעך זײַנען ערגעץ ווו באַ דער זײַט פונעם טראַקט פאַראַן, קליינע אײַנזאַמע שטיבלעך, וואָס ליגן אַזוי ווײַט איינס פונעם צווייטן: איינס ווייס שוין ניט, ווו דאָס צווייטע געפינט זיך.

זומער, ווען אַלץ ווערט דאָ פאַרגרינט און פאַרוואַקסן און נאָר דער אומרויִקער געפּלאָסטערטער טראַקט ציט זיך מיט זײַנע בלײַ־קאָלירענע שטיינער, ווי אַ שטרענגער וואָכעדיקער פּאָס, און הילכט מיט זײַן געווייַנלעכן איינטאָניקן גערויש, ווערט אַמאָל אין איינעם פון אָט די אײַנזאַמע שטיבלעך אַ גרויס־שטעטיק פאָרל אַף אַ מאָנאַט מגולגל און בלאָנדזשעט דאָ גאַנצע טעג אַרום איבער גרינע פעלדער, טאָלן און בערג: אַזאַ שטיל, רויִק און אָפּגעזונדערט לעבן פירן זיי דאָ; אָן דער ווײַטער און גרויסער שטאָט פאַרגעסן זיי, און השגות גרויסע באַקומען זיי.

ווער ווייס? אפשר, גלוסט זיך זיי שוין אַף אייביק דאָ פאַרבלײַבן און באַקומען די מעגלעכקייט אַרומצושפּאַנען דאָ אייביק מיט פּאַמעלעכע, לעגענדאַריש־גרויסע טריט, אַזוי, אַז מיט אַ פּאָר שפּאַן זאָלן זיי דעם ווײַטן, ווײַטן האָריזאָנט־עק דערגרייכן.

קומען זיי אַמאָל כאַרנאַכט אויך צו אָט דעם טראַקט צו און בלײַבן דאָ ניט ווײַט, אָנגעשפּאַרט אָן די ביימער, שטיין. דער טראַקט רוישט; די סוחרישע פורן לויפן אָפּ און אויף, באַגעגענען זיך, פעלן זיך אויס און ווערן פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן סוד פון זייער אייביקער אומרויִקייט. איין זײַט האָריזאָנט גיט זיי אַרויס, די צווייטע שלינגט זיי אײַן. באַפאַלט דאָס פאָרל אַ טרויעריקע שטימונג און אַ מרה־שחורה קוקט צו זיי אַרויס פון יעדן דורכלויפנדיקער פור און פון דער טונקעלער פאַרנאַכטיקער לופט. זיי שטייען דאָ לאַנג, קוקן און שווײַגן, און אַליין ווייסן זיי שוין ניט, פאַר וואָס קוקן אַזוי פאַרקלערט זייערע אויגן, און פאַר וואָס זיי קאָנען איינער צום צווייטן קיין וואָרט ניט אויסריידן.

# באַנאַכט

באַנאַכט איין מאָל האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אין דעם ענג־געפּאַק־טן טונקעלן און שווער שנאָרכנדיקן וואַגאָן, איך האָב אים גלײַך דערזען זיצן אַקעגן מיר אַף דער באַנק און איך האָב אים גלײַך דערקענט. דאָס איז געווען ער, דער אַלט־באַקאַנטער ייִד, וואָס שטענדיק, אַז ער פֿאָרט מיט דער באַן, קאָן ער ניט שלאָפֿן באַנאַכט, און אַז ער קאָן ניט שלאָפֿן באַנאַכט, נודעט ער, און אַז ער נודעט, זוכט ער עפּעס בײַ יעדן אין די אויגן און מאָנט עפּעס יעדן בײַ דער נשמה, מאָנט שטום, נאָר נאָגנדיק און אָן אַן אויפֿהער.

— יונגערמאַן, האָט ער אַף מיר באַלד אַ וואָרף געטאָן זײַנע וואַ־סערדיקע אייביק אומעטיקע אויגן, וווהין פֿאָרט איר, יונגערמאַן ?

דערבײַ האָט זײַן קול אָפּגעקלונגען אין מײַנע אויערן אַזוי זויער־לעך און אַלט־אַלט, עלטער פֿון דער צײַט, וואָס איך געדענק. און ווײַל ער האָט מער צו מיר ניט גערעדט, האָט זיך געדאַכט, אַז ניט ער האָט דאָס קול פֿון זיך אַרויסגעלאָזט, ס'טראָגט זיך פֿון ערגעץ ווײַט און עס פֿאָדערט דין וחשבון :

— יונגערמאַן, וווהין פֿאָרט איר ערגעץ, יונגערמאַן ?

און, אַז איך האָב דאָס צווייטע מאָל אַן עפֿן געטאָן די אויגן אינעם טונקעלן, שווער שנאָרכנדיקן וואַגאָן, איז דער צוג נאָך אַלץ געלאָפֿן איבער שוואַרצע זומפּן און וויסטע וואַסערדיקע פֿעלדער, און די נאַכט האָט נאָך אַלץ געשמיסן מיט רעגנטרערן אָן די פֿענצטער, און אינעם ווײַטן וואַגאָן־ווינקל האָט נאָך אַלץ געצאַנקט דאָס ליכט, געהאַלטן אין

איין צאַנקען און אויסגיין. קעגנאיבער דעם דינעם טיר־ווענטל, וואָס פירט אין דער צווייטער וואָגאָן אַפּטיילונג, האָט זיך לאַנג און אָן אויפֿהער געריסן אַ געוויקלט וויג־קינד. און דאָ לעבן וואַכנדיקן נאַכט־יידן, וואָס אַקעגן מיר אַף דער באַנק, איז שוין געזעסן אַ רויטבאַקיקער בחור אין אַ לײַבל און אין שטיוול, און אויך אָט דעם בחור, האָט זיך מיר געדאַכט, קען איך שוין פון לאַנג. שטענדיק הייבט אים אויף פון זײַן אײַנגעזעסן אָרט עפּעס אַן אומגליק, וואָס האָט מיט אים געטראָפֿן, און שטענדיק הערן אים מענטשן אויס; זיי קוקן מיט רחמנות אין זײַן פּנים און שווײַגן, באַמערקן זיי דערווײַל, אַז ער איז בטבע אַ גוטער, און זאָגן צו אים:

— יונגערמאַן, זאָגן זיי צו אים, כאַפּ זיך, זיי מוחל, אַראָפּ און פּאַרע אונדז אָפּ אַ טשײַניקל טיי.

איצט האָט שוין דער בחור געהאַט אויסדעצײלט דעם וואַכנדיקן נאַכט־יידן וועגן אַלע אומגליקן, וואָס האָבן מיט אים געטראָפֿן:

— דערצו קאָן איך נאָך ניט שלאָפֿן, האָט ער זיך שטיל געקלאָגט, און וואָס טוט מען, וואָס טוט מען אין אַזאַ לאַנגער נאַכט?

— וואָס טוט מען?

דער פֿאַרנודעטער נאַכט־ייד האָט ניט פֿאַרשטאַנען:

— וואָס הייסט, וואָס טוט מען?

ער האָט לאַנג געזוכט עפּעס באַם רויטבאַקיקן בחור אין די אויגן און אים לאַנג עפּעס געמאַלט באַ דער נשמה.

— וואָס זאָלסטו טאָן? — האָט ער שטיל איבערגעחזרט און זײַן קול האָט דערבײַ ווידער אָפּגעקלונגען מאָנאָטאָניש, זויערלעך און אַלט־אַלט, עלטער פון דער צײַט, וואָס איך געדענק.

— קוק אַרײַן אין אַ ספר, האָט ער געזאָגט, לערן...

— קען איך אָבער ניט, האָט זיך דער בחור געקלאָגט.

— קענסט ניט?

דער ייד האָט זיך פֿאַרטראַכט:

— קענסט ניט, טאָ זאָג מיר נאָך וואָרט אין וואָרט. זאָג:

— אין אָנפֿאַנג איז געווען די ערד לער און וויסט, און דער אָפּגרונט — חושך, און גאָטס גײַסט האָט אַרומגעשוועבט איבער די וואַסערן.

— אין אָנפאַנג, האָט דער בחור נאָכגעזאָגט, איז געווען די ערד לער און וויסט, און דער אָפּגרונט — חושך, און גאָטס גײַסט האָט אַרומגעשוועבט איבער די וואַסערן.

אַרום און אַרום איז דער שווער לויפנדיקער פאַרטונקלטער וואָגאָן נאָך אַלץ געווען פול מיט שנאָרך און בלאָזערײַ פון די, וואָס באַ דעם שײַן פונעם צאַנקענדיקן ליכט שלאָפן זיי אין דרײַ פּאַכן, איינער העכער פונעם צווייטן. פאַרשוויצטע פּנימער האָבן זיך אַרויסגערויטלט ווי פון אַ געשווילעכץ, באַקן האָבן זיך געבלאָזן, נעזער האָבן געפּײַפט, און אַלץ אָף פאַרשיידענע שטייגערס. געווען איז אַ פײַף אַ געזעצטער, אַ לײַטישער, אַ פײַף, וואָס איז גאָט די נשמה שולדיק און האָט בדעה צו זאָגן:

— נו יאָ, איך שלאָף... אַוודאי שלאָף איך...

געווען איז אַ פײַף אַ ייאושדיקער, וואָס לאָזט זיך אָף הפקר:

— איך שלאָף, וואָרעם ס'איז אַ תוהו־ובוהו־וועלט... אַ תהו־זבוהו־וועלט...

געווען איז אויך אַ פײַף אַ געציקלטער, וואָס פאַרדרייט זיך ווי אַ „תביר” און פרעגט אַ קשיה:

— וואָס־זשע וועט שוין דאָ זײַן?... אַז אַלע וועלן שלאָפן, וואָס־זשע וועט שוין דאָ זײַן?

און אַ פײַף אַ שטאַרקערער, וואָס וויל פון גאָרנישט ניט וויסן און וואָרנט:

— וועקט ניט, ס'וועט'ניט העלפן.

און צווישן אַט דעם שנאָרכן און פײַפערײַ האָט דער רויטבאַקיקער בחור נאָכגעזאָגט דעם פאַרנודעטן נאַכט־יידן וואָרט אין וואָרט, ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד, זון און שטערן, טאָג און נאַכט, שרצים און חיות, עופות, גרעזער און מענטשן; ווי אַזוי דער שלאַנג איז געווען קלוג, און די שלעכטיקייט פון מענטשן האָט זיך געמערט, און גאָט האָט זיך באַדענקט, וואָס ער האָט דעם מענטשן באַשאַפן. גאָט האָט געזאָגט:

— איך וועל אָפּמעקן פון דער ערד אַלץ, אַלץ, פונעם מענטשן, וואָס איך האָב באַשאַפן, ביז אַ שרץ, און אַן עוף, וואָס פליט אין דער הויך. וואָרעם איך האָב זיך באַדענקט, וואָס איך האָב זיי באַשאַפן.

און פּלוצעם... פּלוצעם איז באַם פאַרנודעטן נאַכט־יידן אויסגעוואַקסן עפּעס איינער אַ מענטש, וואָס הייסט נוח.

— חזר איבער וואָרט באַ וואָרט, האָט ער געזאָגט צום רויטבאַקיקן בחור; זאָג:

און נוח האָט געפונען חן אין די אויגן פון גאָט.

— און נוח, האָט דער בחור נאָכגעזאָגט, האָט געפונען חן אין די אויגן פון גאָט.

אַרום און אַרום איז נאָך אַלץ געשטאַנען די געשמאַקע און שווערע שנאָרכעריַי. דער צוג איז נאָך אַלץ געלאָפן איבער שוואַרצע זומפּן און וויסטע וואַסערדיקע פעלדער און די נאַכט האָט נאָך אַלץ געשמיסן מיט רעגנטרערן אין די פענצטער. ניט געשלאָפן זיַינען נאָר איך, דער פאַר־נודעטער נאַכט־ייִד און דער רויטבאַקיקער בחור, וואָס אינעם ליַיבל און אין די שטיוול. דער ייִד מיטן בחור זיַינען געזעסן, ווי פּאַרגליווערטע, און זיך געקוקט איינער דעם צווייטן אין די פּנימער, און איך בין געלעגן און געטראַכט:

— אַ גוט וואָרט: „און נוח האָט געפונען חן”, ס'האָט מציל געווען די וועלט.

# שבט גדליה

אין מיטן גרויע ווײַסע סטעפּעס אין אַ פּאַרוואָרפענעם טאָל לעבן אַ ריטשקע (מיט טאָפּאָלעס, מיט ווערבעס) איז געלעגן גדליהס היים — אַ פאַרלוירענע נעסט מיט עטלעכע הונדערט ייִדן, אַ פאַרגעסן לעבן אין הוילן דרויסן.

ביימעלעך אין פעלד אַרום דער היים — פאַראַן, נאָר זייער זעל־טן, צעוואָרפענע, איינציקע, קליינע.

אַף אַזאַ ביימעלע קוקן אַ מענטשנס אויגן זייער לאַנג און אַליין — אַנעם מענטשן; זיי ווילן טרעפן:

— אַ מענטש, צי ניין?

געווען איז גדליה אַ בעל־עגלה־יונג, ווי זײַן טאַטע, ווי זײַן גאַנצע משפחה, און גערופן האָט מען אים „שבט גדליה" איבער זײַן גבורה און איבער זײַן וווקס — פונקט ווי מען האָט גערופן „די שבטים" אַלע זײַנע ברידער.

דער סאַמע עלטסטער ברודער:

שבט שמשון — .

אַ מענטש וואָס זעט אויס געשוואָלן ניט בלויז אין דער ברייט, נאָר אויך אין דער לענג. געשוואָלן, דאַכט זיך, זײַנען אויך די ווער־טער, וואָס ער רעדט, די פעטש, וואָס ער פּאַטשט מיט די הענט, אום שמחת־תורה, דער שמייכל, וואָס אין זײַנע אויגן, און די טובות, וואָס ער טוט מיט זײַן כוח דעם אָדער יענעם פון זײַנע שכנים — גלאַט אַזוי, אומזיסטיקע, גוט־האַרציקע און געשוואָלענע טובות.

ווײַטער זײַנען געגאַנגען:

— שבט שמואל

— שבט קיווע

— שבט דוד

— שבט נחום

— שבט בינעם, און צולעצט דער סאַמע יינגסטער — שבט גדליה.

אַלע ריזיקע, געשוואָלענע סײַ אין דער ברייט, סײַ אין דער לענג, אַלע האָבן זיך געשלאָגן בלויז צווישן זיך (מיט זײַטיקע מענטשן האָבן זיי מורא געהאַט אָנצוהייבן, ווײַל פון איין פּאַטש קאָן יענעם אַרויס די נשמה), און אַלע, אַז מען האָט זיי גענומען פאַר סאָלדאַטן, האָט מען זיי פאַרשיקט ערגעץ ווײַט, ווײַט און זיי געהאַלטן דאָרט לענגער, ווי מען האָט געווײנלעכע סאָלדאַטן. אַלע מענטשן האָבן געדינט קנאַפּע פיר יאָר און זיי האָבן איבער עפּעס געדינט ניט ווייניקער פון אַכט און זיבן יאָר.

דער ווונדער:

דער פאָטער — דער אַלטער אזיע איז דווקא געווען זייער אַ קליינטשיקער, אַ ביינערדיק־מאָגערער. אין באָד פלעגט ער פריַיטיק זיצן איינער אַליין אין אַ ווינקל און אויסקוקן מיט די אויגן זײַן אייגן מאָגער לײַב; געדאַכט האָט זיך, אַז ער הערט ניט אויף צו באַוווּנדערן:

— ווי־אַרום האָב איך פון זיך אַרויסגעגעבן אַזעלכע בנים?

כאָטש געווען איז ער אויך אַ בעל־עגלה.

דער חילוק צווישן אים און צווישן שבט גדליה:

דער אַלטער האָט אַלע זײַנע יאָרן געלערנט איינעם און דעם זעלבן פּרק משניות — מער האָט ער ניט געקאָנט. פירנדיק זײַנע פאַרשויינען איבער די אומענדלעכע סטעפּעס האָט ער דעריבער תמיד אַרײַנגעקוקט אין אַ קליין אָפּגעפּלעקט משניותל און האָט אונטערגעזונגען:

— היה — אַז איינער איז געווען בגליל — אין גליל, והחזיק — און האָט אַ חזקה געטאָן ביהודה — אין יהודה...

— אָדער ביהודה — אַז איינער איז געווען אין יהודה, והחזיק — און האָט אַ חזקה געטאָן בגליל — אין גליל.

דאָס האָט ער געטאָן צוליב עולם־הבא און צוליב דעם, אַז נאָכן טויט זאָל אים זײַן גרינגער צו קאָלערן זיך אונטער דער ערד קיין ארץ־ישראל. און גדליה — אַ יונג פון אַ יאָר צוויי־דרײַ און צוואַנציק — האָט שוין קוים געקענט „עברי" און האָט געגלויבט, אַז קאָלערן זיך קען בלויז אַ לעבעדיק פערד און ניט קיין טויטער מענטש. חוץ דעם איז גדליהס צײַט געווען אַ גאַנץ אַנדערע — אַ צײַט אַ שטילע און אַ זויערע. ווי אַן אַלטע מויד, וואָס האָט ניט חתונה און איז פרום, און לעבט יאָרן לאַנג אָן שום אומגליקן און אָן שום גליקן.

פון די פיל שטילע ווינטערס און שטילע זומערס האָט גדליהן תמיד גענודיעט אַף דער נשמה און אים אַרויפגעשלאָגן, ווי אַף ברעכן, וואָרעם געזונט און ווקסיק איז ער געווען, אַז ער איז געשטאַנען צווישן דערוואַקסענע מענטשן האָט פון דער ווײַטנס אויסגעזען, ווי אַ באַ־העלפער שטייט צווישן יינגלעך, וואָס גייען לייענען באַ אַ קימפעטאָרן קריאת־שמע. און זײַנע כוחות האָט ער ניט אַף וואָס אויסצונוצן.

די יאָרן זײַנען געווען לאַנגווײַליקע און נאַקעטע, ווי די גרויע סטעפעס אַרום שטעטל, — סטעפעס, וואָס זיי מעסטן דעם הימל און דער הימל מעסט זיי.

און גדליהס בעל־עגלישע גלעקער ציילן אַף זיי אין די לאַנגע זומער־טעג די מינוטן, ציילן פּינקטלעך אַ שעה־פערטהאַלבן צום וואָקזאַל, און נאָך דעם, אַז מען קומט פאַרנאַכט אַהיים און מען שפּאַנט אויס, שמעקט פון דעם פאַרגאַנגענעם זומער־טאָג מיט שווייס פון אַ מידן פערד און אויך מיט אַזאַ ריח שמעקט פון דער קומענדיקער נאַכט. מען לייגט זיך שלאָפן. מען שטייט אויף און מען טוט ווידער דאָס זעלבע, וואָס נעכטן.

די היים קען מען פאַרלאָזן אַף אַ וואָך און אַף מער, און זײַן זיכער, אַז דאָרט וועט גאָרנישט פּאַסירן.

דאָס שטעטל האָט געדרעמלט אין גרויס אָרעמקייט. און קצבה, האָט זיך געדאַכט, נעמט עס אייביקע — קצבה פונעם הימל, און פּלוצעם . . .

פּלוצעם האָט זיך אין דער צײַט איבערגעקערט אַן אַלט־פאַראָס־טעטע רעדעלע, זיך אָנגעהויבן צו דרייען און צו יאָגן. פּלוצעם האָט זיך דעם קליינעם אָרעמען שטעטעלע פאַרגלוסט רײַך ווערן.

כאָטש אָרום און אַרום אַף דער וועלט איז גאָרנישט געשען... און ניט גלאַט אַזוי פאַרגלוסט — דאָס איז געווען אַ ברענענדיקער פיבער, אַן אונטערגאַנג, אַ קרענק פון וועלן רײַך ווערן. די קרענק האָט אַרומ־געכאַפּט פון אַ גאַס ביז אַ געסל, פון אַ הויז ביז אַן אונטערשטיבל און ביז אַ פאַרשטופּטן אַלקער, ווו עס וווינט אַ פריש חתונה־געהאַט אָרעם פּאָרפאָלק. און מאָדנע איז דאָך געווען — ווײַל פיל האָבן דע־מאָלט ווירקלעך פּלוצעם אָנגעהויבן רײַך צו ווערן.

גדליה האָט צוגעקוקט, ווי כמעט אַלע אין זײַן שטעטל יאָגן אַרום איבער דער געגנט. אַלע פליִען, אַלע לעכצן און טרינקען, ווער מער און ווער ווייניקער, פון אָט דעם שטאַרקן ברויזנדיקן געטראַנק. ער האָט דאַן, ווי תמיד, געטריבן ווי אַלע טאָג זײַן פערד צו דער באַן, געטריבן מיט גרויס פּוילקייט, מיט פאַרדרוס און האָט שטיל, נאָר בייז געשאָלטן:

— אַ בראַנד אין זיי...

— אַ כאָליערע ! ...

געמיינט האָט ער די פיר נײַע אויפשפּראָצנדיקע גבירים.

אַליין איז ער פון תמיד אָן געווען דער שווערסטער פאַרשוין בײַ זיך אין וואָגן, כאָטש געווען איז ער נאָך אַ יונגער בחור. שווער איז בײַ אים געווען ניט בלויז דער קערפּער, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער, פירנדיק אין וועג פאַרשוינען, תמיד געהאַט אַוועלכע עס איז געדאַנקען בײַ זיך אין קאָפּ. די געדאַנקען האָבן זיך דעמאָלט בײַ אים געדרייט, סײַ ווען זײַן פערד איז געגאַנגען פּאַמעלעך, סײַ ווען זײַן פערד איז פויל אונטערגעלאָפן. מערסטנטייל האָט ער געשוויגן. נאָר אַמאָל, ווען די פאַרשוינען האָבן הינטער זײַנע פּלייצעס אָנגעהויבן צו דרעמלען, האָט זיך געקאָנט טרעפן, אַז ער זאָל פּלוצעם אָנהייבן:

— געווען פריִער בײַ אונדז אין טאָל איינער אַ גביר, ישראל נתנס, פון אַלע צײַטן אַ גביר און איצט... אַ שטיק אַכצן שוין, אָדער צוואַנציק — צו אַלדי רוחות. אַ ? — זײַנוול שוין אויך אַ גביר... געהערט די מעשה מיט זײַנוולען ?

II

דער ערשטער האָט אין יענעם טאָל באַ דער ריטשקע אויפגעהויבן דעם קאָפּ שמעון מייטעס, אָדער שמעון דער קענער. אין איינעם אַ זו־מער האָט ער פּלוצעם אָנגעהויבן צו גליקן, כאָטש ביז יענעם זומער האָט ער זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט, אַחוץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ קענער און אַחוץ דעם, וואָס פון אים און פון זײַנע קינדער האָט זיך שטאַרק געפילט פון מויל.

אין דעם זין זײַנען זיי געווען אַן אויסנאַם, מענטשן האָבן צו זיי ניט געקאָנט צוגיין נענטער ווי אויף פיר טריט. מען האָט געזאָגט:

— עס פילט זיך פון זיי פאַר אַ מײַל.

— עס איז אַ שטראָף פון גאָט.

— עס איז אַזאַ משפחה.

און ווײַל אַלע האָבן זיי געהאַט גוטע קעפּ און האָבן געקענט זייער פיל זאַכן, וועלכע אַנדערע האָבן ניט געקענט, האָט מען דעריבער גע־גלייבט, אַז דער שלעכטער ריח פילט זיך ניט פון זייערע מײַלער, נאָר פון זייערע קעפּ.

„שבט גדליה" האָט דאָס גוט געוווּסט, ווײַל תמיד, אויב ער האָט געהאַט צו פירן איינעם פון זיי צו דער באַן, האָבן די איבריקע פאַר־שוינען ניט גאָר גערן זיך געזעצט אַפן וואָגן.

נאָר דאָך קענערס זײַנען זיי געווען.

שמעון, דער פאָטער זייערער — אַ פעטינקער, אַ גראָבלעכער, אַ רידעוודיקער — איז פון תמיד אָן אַרומגעגאַנגען אַף גאָטס וועלט מיט אַן אַרויסגערוקט בײַכל, מיטן קאָפּ אַף דער זײַט, און מיט וויגנדיקע, גאַווהדיקע טריטעלעך, — כאָטש וואָס מיט אים איז געווען דער יחוס האָט קיינער קיינמאָל ניט געוווּסט.

ער האָט געטראָגן סײַ זומער, סײַ ווינטער אַ ווײַסע וועסט מיט מוטערפּערלנע קנעפּלעך און אַ קורץ סורדוטל, אַ ביסל אַן אויסגע־פלעקטס, נאָר אַ שוואַרצס. ער האָט באַקומען זייער פרי אַ גרויען קאָפּ און אויך מיטן גרויקייט, האָט זיך געדאַכט, איז ער שטאָלץ, ווי מיט אַ שטיקל יחוס.

אַלע שבת אינדערפרי האָט ער פאַרשפּעטיקט צום דאַווענען, ווי אומישנע. כאָטש קיין באַזונדערע אַרבעט האָט ער דאָן, ווי יעדער ייִד, באַ זיך אין דער היים ניט געהאַט. נאָר ווײַל ער איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אַ געשטראָפטער — פאַר זײַן גוטן קאָפּ האָט ער באַצאָלט מיטן שלעכטן ריח, וואָס פּילט זיך פון זײַן מויל, — האָט ער אַמוויי־ניקסטן געוואָלט כאָטש מיט עפּעס זיך אויסטיילן — זאָל זײַן מיט דעם, וואָס ער און זײַנע קינדער קומען דאַווענען, ווען מען האַלט שוין באַ „קדושה״, און דאָס שנײַדט יעדערן די אויגן און אַלע קוקן זיך דאָן אום.

גדלנים זײַנען באַ זיך געווען זײַנע קינדער. אויך זיי זײַנען יונג געוואָרן גרוי, און ווײַל זיי זײַנען אַלע געווען קענערס, זײַנען זיי תמיד געזעסן אין דער היים און האָבן זיך מיט עפּעס באַשעפטיקט — זיי האָבן גערעכנט, געמאָלט און געשניצט. זיי האָבן געמאַכט פון ראָזשינ־קעס זייער גוטן ווײַן. פונעם ווײַן האָט שמעון געצויגן זײַן פּרנסה; פונדאַנען האָט זיך גענומען זײַן רײַכקייט. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ פּריץ פון דער געגנט, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויסטרינקען באַ שמעונען אַ פלאַש ווײַן.

געקלונגען האָט נאָך דעם די מעשה אַזוי:

דער פּריץ, אַ יונגער, זייער אַ צעטראָגענער. באַ שמעונען אין שטוב איז ער ניט אײַנגעזעסן קיין רגע אויף איין אָרט, ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום טיש מיט דער גלאָז אין האַנט. און ווי ער האָט זיך אַזוי אַרומ־געדרייט, האָט ער דערזען:

אַנטקעגן, אין אַ גלעזערנע שאַפקעלע, שטייט אַ קליינער מאָדעל, אַ צוויי־גאָרנדיק הייפל אויסגעפּײַלט פון האָלץ, צי פון קאַרטאָן, און אָפּגעפאַרבט ווי אַ רויט, ציכטיק און זינגענדיק מויערל. פענצטער האָט עס פריילעכע, ווי פריילעכע חנעוודיקע אויגן. טירן און אַרײַנגאַנ־גען — באַדעקט מיט קונצנדיקע טאַקערײַען און שניצערײַען: גאַניקעס הויכע, גלעזערנע און דאָך ווייכע; טרעפּ, וואָס זײַנען באַדעקט, ווי מיט אַן אומזיכטבאָרן בישוף, און עס קומט אויס ווי זיי בעטן: „קומט אַרײַן!״. און אין גאַנצן זעט אויס דאָס מויערל, ווי אַ ניגון, ווי אַ פריילעך יום־טובל, וואָס מען האָט אים פאַרשלאָסן אינעם גלעזערנעם שראַנקל, און דער יום־טוב ציט זיך דאָרט אייביק, אייביק.

דער פּריץ האָט פאַרגעסן אָן דער גלאָז ווײַן, ער האָט געפרעגט:

— ווער האָט דאָס מויערל געמאַכט?

שמעון האָט געענטפערט:

— איך און מײַנע קינדער; איך האָב פאַרטראַכט, מײַנע קינדער האָבן אויסגערעכנט און אויסגעפירט.

דער פריץ האָט געזאָגט:

— איך האָב דאָ אין געגנט אַ מאַיאָנטעק. איך האָב מיר אָנגעהויבן צו בויען דאָרט אַ הויז, נאָר איך האָב אויפגעהערט, ווײַל אַלע היגע בוי־מײַסטערס זײַנען גרויסע קאַליקעס. זיי וואָלטן מיר אויסגעבויט אַ שטאַל, ניט קיין הויז, און אַזאַ הויף, ווי אַט דער קליינער מאָדעל, וואָלט איך זייער געוואָלט האָבן.

שמעון האָט געזאָגט:

— איך און מײַנע קינדער קענען דאָס אויסבויען.

דער פריץ האָט געפרעגט:

— וויפל דאַרף עס קאָסטן?

שמעון האָט געענטפערט:

— עס לאָזט זיך באַרעכענען.

און פרײַזן האָט שמעון ליב געהאָט צו שטעלן הויכע. ער האָט ליב געהאָט גוט צו פאַרדינען אפילו בײַ אַ זײַן ווײַן.

דער סוף איז געווען:

שמעון האָט אויסגעבויט דעם פריץ פונקט אַזאַ הויף, ווי דער מאָדעל בײַ אים אין גלעזערנעם שראַנקל.

און נאָך דעם האָט ער בײַ צוויי אַנדערע פריצים אויסגעבויט צוויי אַנדערע גרויסע הייף.

און נאָך דעם האָט מען אים אין צוקער־פאַבריק אָפּגעגעבן אויפצושטעלן אַלע גרויסע געמויערטע קאָרפּוסן.

— די ערשטע דרײַ טויזנט רובל געדענק איך נאָך און דאָס איבעריקע קומט שוין במילא, דאָס איבעריקע קומט שוין, ווי אין אַ טשאַד, ווי אין אַ חלום.

אַזוי האָט דערציילט יאַנקל און דערבײַ איז אים זײַן לענגלעך פּנים געווען אַ ביסל פאַרקרימט, גלײַך ער האָט נאָר־וואָס אײַנגענומען אַ ביטערן פּראָשעק.

— דער עיקר — האָט ער געזאָגט — זײַנען די ערשטע 3 טויזנט.

פון מויל צו מויל איז אַרומגעגאַנגען:

— ווו נעמט מען „די ערשטע דרײַ טויזנט״?

— ער האָט שוין „די ערשטע דרײַ טויזנט״.

— ער וועט אין גיכן האָבן „די ערשטע דרײַ טויזנט״.

אין טאָל האָט מען אָנגעהויבן האָוועןֿ, פויזען, אַרומיאָגן איבער דער געגנט; מען איז געקראָכן פון דער הויט; מען האָט געמאַכט שות־פות אַכט־צען מענטשן, כדי צו האָבן אין איינעם „די ערשטע דרײַ טוי־זנט״ און נאָך דעם זיך צוריק צעטיילט. מ׳האָט געהאַנדלט גאַנצע קאָמ־פּאַניעס, געווען צוערשט שטאַרק שלום און באַלד נאָך דעם זיך שטאַרק צעקריגט. מען האָט זיך פאַרלאָזט, זיך געלאָדן.

עס זײַנען אַזוי אַוועק צוויי־דרײַ פאַרהאַרעוועטע, שיכורע יאָרן, יאָרן פון גערעטעניש און פון אומגערעטעניש.

אַז מען האָט זיך נאָך דעם אַרומגעקוקט, האָט מען דערזען:

אייניקע האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצוכאַפּן „די ערשטע דרײַ טוי־זנט״. כמעט יעדערער פון זיי ווערט רײַך. און מאָדנע: כמעט יעדערער פון זיי האָט אַ וועלכן חיסרון... זאָל זײַן אַ קליינעם, אַבי אַ חיסרון.

מען האָט געשמועסט:

— זע נאָר, עס איז דאָך טאַקע אַ טשעקאַווע זאַך.

די גאַנצע מעשה מיט די חסרונות איז געווען אַ ביסל אויפגעבלאָזן. גבירים אין טאָל זײַנען געוואָרן אַ גרעסערע צאָל, און ווער פון זיי עס האָט קיין חיסרון ניט געהאַט, בײַ יענעם האָט מען אַ חיסרון אויסגע־זוכט. דאָך האָבן די שטענדיקע רייד שטאַרק געווירקט און דאָס שטענ־דיקע זוכן חסרונות האָט געבראַכט דערצו, אַז יענע, וועלכע האָבן קיין חסרונות ניט געהאַט, האָבן זיך דערפילט ווי פאַרטיילט און האָבן ביס־לעכווײַז אויפגעהערט צו גלייבן, אַז זייער מזל זאָל נאָך ווען ניט איז אויפבליִען.

איבערהויפּט האָט אין דעם אויפגעהערט צו גלייבן „שבט גדליה״. ווײַל וואָס, וואָס, נאָר אַז ער איז אַ מענטש מיט אַ חיסרון האָט שוין אויף אים קיינער בשום אופן זאָגן ניט געקאָנט.

ער איז, ווי פריִער, געווען דער שווערסטער פאַרשווין בײַ זיך אין וואָגן, און האָט, ווי פריִער, געהאַט שווערע געדאַנקען בײַ זיך אין קאָפּ;

די געדאַנקען האָבן זיך געדרייט סײַ ווען זײַן פערד איז געגאַנגען פּאַ־מעלעך, סײַ ווען זײַן פערד איז פויל אונטערגעלאָפן, און אַליין האָט ער אַלץ געהאַט פאַרדרוס אָף די נײַע גבירים; ער האָט שטיל און בייז געשאָלטן:

— אַ בראַנד אָף זיי.

— אַ כאָלעריע.

III.

אין טאָל האָבן זיך געבויט הײַזער.

אין טאָל — אַ גביר נאָך אַ גביר.

און יעדער גביר בויט זיך איבער זײַן שטוב לויט זײַן אייגענעם גבירישן געשמאַק. וואַרפט פאַנאַנדער די ווענט, מאַכט גרעסער די פענצטער, קלאַפּט אַרויף אַ נײַעם דאַך, נעמט אַרײַן נײַעם פּלאַץ, און די ווײַבער פון די גבירים גיבן דאָרט אַכטונג אָף דער אַרבעט. מאָדנע ווײַבער, זיי קלינגען מיט די שטוב־שליסעלעך און קאָמאַנדעווען — האַלבע מאַנצבילן.

אַלע שבת באַטאָג האָט „שבט גדליה״ אַרומשפּאַצירט אַרום אַט די הײַזער, געשפּאַנט פּאַמעלעך מיט אַרונטערגעלייגטע הענט און האָט בייזלעך מיט אומצופרידנקייט געקוקט, ווי עס בויט זיך.

ער איז פון תמיד געווען איינער אַליין, געקומען איז דאָס אים פון זײַן אומגעווייגלעכער גרייס און פון זײַן אומגעווייגלעכער ברייט — וואָס פאַר אַ חברים האָט ער געקענט האָבן, אַז תמיד, ווען ער רעדט צו זײַן גלײַכן, קומט אויס ווי אַ דערוואַקסענער רעדט צו אַ קליינעם חדר־ייִנגל; ער פילט זיך דאָן נאַריש. זײַן גרויסער פּנים זעט דאָן אויס מאָדנע, גלײַך אָט, אָט וועט ער געבן אַ שמייכל. אויך איצט האָט ער אַליין געטראָגן אין זיך זײַן פאַרדרוס.

צוריק־געריט, וואָס האָט ער צו די נײַע גבירישע הײַזער.

נאָר פון דער אַנדערער זײַט: וואָס האָט ער, „שבט גדליה״, פון זיי געהאַט.

פאַרקערט, וואָס מער אַ גביר אין שטאָט אַלץ ווייניקער פאַרעכצן פאַר אים מיט זײַן פערד.

אַ גביר האָט ליב צו פאָרן גיך, איינער אַליין, ווען ער וויל און וואוהין ער וויל.

אַזוי איז מיט די קענערס, אַזוי איז מיט מיכל פּיאַטקע, מיט יאַנקל איצי־יואלס, מיט ישראל מנשהס און מיט אַלע אַנדערע — אַלע האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט אייגענע פערד, גדליה זעט זיי מער קיין מאָל ניט בײַ זיך אַפן וואָגן.

אָפט מאָל איז ער געפאָרן ליידיק צום וואָקזאַל.

זײַנע בעל־עגלישע גלעקער האָבן אומזיסט אָפּגעקלונגען פערטהאַלבן שעה אַף די סטעפּעס, אומזיסט אויסגעציילט דעם לאַנגען זומער־טאָג זײַנע מינוטן.

פון אַזאַ אומזיסטיק פאָרעכץ ציט אַן אויפהער בײַ דער נשמה. גלײַך דעם גאַנצן וועג וואָלט מיטגעפאָרן זייער אַ שלעכטע בייזע ווײַב און וואָלט עסן.

נאָר פיל ערגער פילט זיך גדליה, אויב אים קומט אויס פונעם וואָקזאַל צו פאָרן ליידיק אַהיים.

אַלע צוגן זײַנען שוין דורכגעלאָפן. אַפן שלאָפנדיקן וואָקזאַל איז שטיל, ווי אַרום אַ שלאָפנדיקן גאַסטהויז און קיין פאַרשוינען זײַנען נישטאָ.

גדליה שטייט דאָן לעבן זײַן וואָגן און קײַעט אַ שטרוי.

ער טראַכט מיט ווייטיק:

— ווי אַף צו־להכעיס.

ער וואַרט נאָך אַלץ, טאָמער וועט אַ פאַרשוין קומען, כאָטש פונוואַנען זאָל ער קומען? אים איז ביטער.

קײַענדיק די שטרוי, געדענקט ער די נײַע גבירים פון טאָל.

פילן פילט ער, אַז אים איז מען ווי אַרומגעגאַנגען, מען האָט אים ווי פאַרטיילט, און פאַרוואָס עפּעס אים?... דווקא אים — דעם גרויסן...

עס טרעפט:

ער פאָרט ליידיק צוריק, איינער אַליין אַ שווערער אין זײַן פוסטן וואָגן.

און פון הינטן יאָגט אים איבער אַ פריילעכע פור פון נײַעם גביר, אַ גרינגע און פרישע.

די פור לאָזט אים איבער ווײַט הינטער זיך און גדליה פאָרט דאָן ווי אימעצן אַף צופיקעניש נאָך מער פאַמעלעכער.

אין האַרצן גליט אַ קויל און ער שעלט בייז און שטיל, ווי פאַר זיך:
— אַ בראַנד אין זיי...
— אַ כאָלעריע...

ווען אַט די נײַע גבירים וואָלטן געווען ניט קיין אויפגעקומענע, ניט קיין „זגיקלעך", וואָלט אפשר דער פאַרדרוס ניט געווען אַזוי גרויס.

גדליה פילט, אַז ער וואָלט צען פון זיי אָף איין מאָל געקענט מאַ־כן אַ לעמעשקע — אַז זיי אַלע זײַנען רײַך און ער, גדליה...

ער האָט געפּרוּווט אַ האַנדל טאָן, אַ בײַט געבן זײַן פערד אָף אַ צווייטן, דעם צווייטן אָף אַ דריטן. באַ איין „בײַט" האָט ער צוגעצאָלט, באַם צווייטן „בײַט" האָט מען אים צוגעצאָלט, באַם דריטן „בײַט" האָט ער ווידער יענעם צוגעצאָלט.

נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז זײַנע אָפּגעשפּאָרטע פאַר רובל האָט ער צוגעלייגט, אַליין איז ער קוים צוריק געבליבן באַם ערשטן פערד, און פון דער זײַט האָט מען זיך איבער אים געוווערטלט:

— נו, וואָס גדליה? עס איז אַז אָך און וויי, אַז מען האָט ניט קיין חיסרון.

דערצו נאָך האָט זיך געטראָפן די מעשה מיט זײַנוולען — אויך ער האָט אָנגעהויבן רײַך צו ווערן.

אַ מאָדנע מעשה:

געווען איז זײַנוול אַ יונגער בחור, אויך אַ בעל־עגלה, ווי גדליה, נאָר ניט אַליין אַ בעל־עגלה, אַ שמײַסער באַ אַ בעל־עגלה.

געפאָרן איז ער, ווי גדליה, אַלע טאָג צו דער באַן, געשטאַנען דאָרט אין איינעם מיט אים און געוואַרט אָף פּאַרשוינען. געווען איז ער דער איינציקער מיט וועמען „שבט גדליה" האָט באַם וואָקזאַל פון מאָל צו מאָל געכאַפּט אַ בעל־עגלישן שמועס.

כאָטש אויך דאַן האָט זיך גדליה געפילט ווי נאַריש און זײַן פּנים האָט ווי געוואָלט שמייכלען, זײַנוול — אַ יאַדערדיקער, רירעוודיקער און פעסטער בחור, און גדליה האָט דאָך צו אים אַ געפיל ווי צו אַ דין, איידל שטעקעלע, וואָס ברעכט זיך.

איין מאָל, ווען זײַנוול האָט געוואָלט כלומרשט זיך ראַנגלען, האָט זיך גדליה אײַנגעבויגן און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים מיט אײַנגע־בויגענע עלנבויגנס:

— קום נאָר אַהער, דו ליאַלקע, דו.

און אַז ער האָט זײַנוולען דעמאָלט אַרײַנגעכאַפּט די הענט און אים צוגעקוועטשט צו דער ברוסט, האָבן באַ זײַנוולען זיך געוואָרפן די הענט און די פיס, ווי באַ אַ קליין הינטל, וואָס קאָן זיך ניט בײַסן.

נעמט זײַנוול אין מיטן זומער און וואַרפט אַוועק — אויס בעל־עגלה.

— זאָלן אים, זאָגט ער, מײַן באַלעבאָס, צעלובען די ווערים, איך האָב פון אים אַ קרענק.

אַליין פאַרדינגט ער זיך אַפן חודש און אַרבעט אין פעלד לעבן אַ רײַכער פערמע באַ אַ נײַער דרעש־מאַשין, וואָס פאַררויכערט אינמיטן די סטעפּעס דעם זומערדיקן הימל.

זײַנוול ווערט פאַרברענט פון דער זון און אַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־זעצן.

— סע גוט, דערציילט ער גדליהן, ווי איך בין אַ ייִד, סע גוט.

נאָר אין איינעם אַ שטאַרק הייסן זומערדיקן באַטאָג ברענגט מען אים צו פירן אין טאָל אַרײַן אַף אַ פור. זײַנוול ליגט אַ פאַרחלשטער.

באַ דער מאַשין האָט אים אָפּגעריסן אַ האַנט.

אָבער ווי אָפּגעריסן, — די גאַנצע לינקע האַנט ביזן אַקסל.

זײַנוול איז איין זאַך, די אָפּגעריסענע האַנט — אַ צווייטע זאַך, — מער קערן זיי זיך ניט אָן איינער מיט דעם אַנדערן.

נאָר זײַנוול איז אַ יונג אַ פריילעכער; ער וועט זיך ניט זעצן זאָרגן. ער איז גיך געזונט געוואָרן און פאַר זײַן אָפּגעריסענע האַנט האָט ער באַ אימעצן אויסגעלאָדן גאַנצע דרײַ טויזנט רובל — „די ערשטע דרײַ טויזנט״.

איצט גליקט ער, ווי אַלע נײַע גבירים, וואָס אין טאָל.

ער איז אַ שותף מיט מיכל פּיאַטקע און קויפט אָפּ אין מאַרק אַ קלייט נאָך אַ קלייט. זיי האָבן ביידע בשותּפותדיקע פערד־ און וועגעלע און יאָגן אַרום איבער דער געגנט. מיכל פּיאַטקע שפּאַנט מלמדיש דאָס פערד. זײַנוול העלפט אים מיט איין האַנט, ווײַל דער לינקער אַרבל איז באַ אים אַ ליידיקער, גלאַט אַזוי אַן אַרבל, וואָס באַמבלט זיך.

אַליין אָבער איז ער געוואָרן נאָך יאָדערדיקער, רירעוודיקער. ער שטייט אַף די פיס פיל פעסטער ווי פריִער. ער איז שטענדיק אָנגעטאָן ווי אַ חתן און זאָגט וועגן דעם ליידיקן אַרבל זײַנעם:

— איז וואָס אַרט עס מיך ? ... אַנו לאָמיך ווען דאָס שענסטע מיידל ...

גדליהן האָט ער איין מאָל געטראָפן באַ דער באַן.

גדליה איז געשטאַנען איינער אַליין לעבן זײַן פור; ער האָט אַרויסגעקוקט אַף פּאַרשוינען.

— איז וואָס, — האָט זײַנוול צו אים אַ ווונק געטאָן מיט איין אייגל — דרייסט נאָך אַלץ מיטן בײַטשל ?

גדליה האָט זיך ניט אומגעקוקט.

— איך דריי, — האָט ער פויל אַרײַנגערוקט אַ האַנט טיף אין וואָגן אונטער דער שטרוי — אַ ברירה האָב איך.

זײַנוול האָט זיך געגעבן אַ קײַלעכדיקן דריי, ער האָט פריילעך אַ פּאָך געגעבן מיט זײַן ליידיקן אַרבל.

— אָן אַ חיסרון גייט דאָס ניט, דו, יאָלד איינער ... וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר ? ...

און ער האָט גענומען פון אים אָפּלאַכן, בילן אַף אים, ווי אַ קליין הינטל אַף אַ גרויסן:

— גראָבער קאָפּ! וואָס קומט דיר אַרויס, וואָס דו ביסט גרויס, ווי אַ שקאָפּע ?

און נאָך דעם האָט ער גענומען צושטיין צו אים אָפּט, כמעט אַלע מאָל ווען ער האָט אים אין שטאָט באַגעגנט.

— דו, שבט גדליה, דו נבלה, דו ... מען נעמט און מען לייגט אַניידער באַ דער באַן אַ האַנט אָדער אַ פוס ... וואָס־זשע ? זיי ווען דיר דאָרט ניט באַצאָלן, ווען זיי דיר ניט ? ... זיי זײַנען קאָרג רײַך, זײַנען זיי ? ... עדות קריגט מען, ווי איך — פּאָר צוויי פינף־און צוואַנציקער.

אָדער:

— דו, גרויסע שקאָפּע, דו ... ווען מען האַקט דיר אונטער די קניען, בלײַבסטו דאָך נאָך אַלץ צוויי מאָל גרעסער, ווי מיכל פּיאַטקע.

דערבײַ האָט ער געהיט „שבט גדליהס" הענט, געקוקט ווי זיי רײַבן זיך אָן די קלובעס, ווי אַף פּעטש געבן, און איז אַלע רגע אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זײַט.

— איך האָב אָט־אָט־דאָ ... — האָט ער געקלאָפּט מיט דער גע־

בליבענער האַנט איבערן טאַש, ווו עס ליגט זײַן געלט־בײַטל — אַ שטײַ־
גער, וויפל, טראָגט דיר דײַן קאָפּ, האָב איך אָט־אָט־דאָ ?
איז אָט איבער אָט דעם זײַנוולען...

## IV

באַ „שבט גדליה" האָט די קויל אין האַרץ געגליט שטאַרקער.
פון טאָג צו טאָג איז זײַן שנאה צו די נײַע גבירים געוואַקסן.
פאַר די אויגן האָט אַן אויפהער אַרומגעשוועבט זײַנוולס ליידיקער אַרבל.

דער אַרבל האָט זיך געבאַמבלט, געבאַמבלט, און ערגעץ טיף אין האַרצן איז שוין דאַן דער באַשלוס געווען אַ פאַרטיקער, אַ פעסטער.

— און, מילא, כאַפּט עס אַ שוואַרץ יאָר — וויניקער מיט אַ שטי־קל פוס.

איצט האָט ער שוין ניט געוווסט אַף וועמען די קויל באַ אים אין האַרצן גליט : — אַף די נײַע גבירים, אַף זײַנוולס ליידיקן אַרבל, צי אַף זיך אַליין, אַף זײַן אייגענער געוואַלטיקער ווקס, געוואַלטיקער ברייט.

איצט האָט ער געלעבט ווי אין טשאַד און אַ געפיל איז באַ אים אַפּט געווען אַזאַ, גלײַך מען האָט אים שטאַרק פאַרשטאָפּט די אויערן מיט וואַטע און ער קוקט בלויז מיט די אויגן. ער זעט אַלצדינג, וואָס אַרום טוט זיך, נאָר הערן הערט ער ניט קיין מינדסטן קלאַנג.

צום ערשטן מאָל האָט אים אַזאַ געפיל באַהערשט אין איינעם אַ פרײַטיק.

דורכגייענדיק אין מאַרק צווישן די ווײַבער און צווישן די פורן, האָט ער דערזען אשר דעם פישער, פון דעם ווײַטלעכן דאָרף — אַ פעס־טער און רירעוודיקער ייִדל, אַ פאַרשמאַלצעווטער, ווי אַלע אַנדערע מאַרק־ייִדן, נאָר דער רעכטער פוס איז באַ אים אונטערגעהאַקט — צום רעכטן פוס, אַ ביסל העכער פון דער קני, איז באַ אים מיט פאַסיקלעך און מיט רימענדלעך צוגעשפּילעט אַ הילצערנע קוליע, אַ גראָבע, ווי אַ פוס אַן אַ טריט.

„שבט גדליה" איז דאָרט אַ ווײַלע געשטאַנען, ווי אַ פאַרטשאַדע־טער און האָט געקוקט, ווי ער גייט גרינג, אָט דער אשר, ווי אַלע מענ־

טשן, בא יעדן טריט טוט ער זיך בלויז ברייט אַ וויג אין ביידע זײַטן.

גדליהן האָט דאַן אימעצער געװאָלפן, נאָר באַ אים זײַנען די אויערן געווען ווי פאַרשטאָפּט. ער האָט בלויז געזען, ווי מען מאַכט צו אים מיט די הענט, נאָר הערן האָט ער ניט געהערט קיין מינדסטן קלאַנג.

פון דענסמאָל אָן האָט ער זיך אָנגעהויבן צו צוקוקן צו קאַליקעס.

ער האָט זיך תמיד אָפּגעשטעלט לעבן זיי און האָט זיי באַטראַכט גלאַט אַזוי אָן שום געדאַנקען באַ זיך אין קאָפּ.

זיי האָבן אים צו זיך געצויגן.

זיי האָבן אים ערגעץ וווהין ווי געוואָלט פאַרנאַרן...

און נאָך דעם האָט זיך אים זייער אָפּט אָנגעהויבן חלומען, אַז ער האָט שוין, דעם חיסרון...

כמעט אַלע נאַכט אין סאַמע טיפסטן שלאָף, איז צו אים אָט דער חלום געקומען, און געווען איז פאַר אים אי שרעקלעך, אי פול מיט טרייסט...

אין דער נאַכט, אין דער פינצטער, אין סאַמע טיפסטן שלאָף האָט ער פלוצעם, ווי אין אַ שרעק, געקאָנט זיצן בלײַבן, זיך אַ שאָקל געבן מיט אַ דרעמלדיקן מוח, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און אַף גיך, אַף גיך אָנ־געהויבן צו שאַרן אַרום זײַן קערפּער מיט ביידע הענט, טאַפּן, נישטערן און אים זוכן, זוכן אָט דעם חיסרון...

נאָר אַ ביסל שפּעטער איז ער שוין ווידער מיט דעם געדאַנק וועגן „אים", שווער געשלאָפן און אין שלאָף געבענקט נאָך „אים", געוואַרט אַף „אים" אין איינער אין דער זעלבער צײַט אי מיט שרעק, אי מיט פרייד.

אַליין איז ער שוין צו יענער צײַט גאַנצע טעג געווען פאַרטומלט.

אַז מען האָט צו אים גערעדט, האָט ער געענטפערט פאַרטויבט.

ער איז צו דער באַן נאָך אַלץ געפאָרן.

און פאַרשווינען זײַנען פון מאָל צו מאָל געוואָרן ווייניקער און ווייניקער.

געווען איז דאָס אין אָנהייב אָסיען, אַ טאָג אַ טונקעלער, אַ טאָג אַ זון, אַ וואָלקנדיקער, נאָר זייער אַ שטילער, אַ שווערלעכער, ווי אָנ־געגאָסן מיט בלײַ

גאַנץ פרי האָט אַ ווינטל אָפּגעשטעלט דעם באַנאַכטיקן דריבנעם רעגן.

נאָר קילער איז דאָך ניט געוואָרן, ליכטיקער — אויך ניט.

דער קליינער ווינט איז פאַרשווונדן און דער טאָג איז געבליבן אַ פאַרטויבטער, אַ ניט פילנדיקער, ווי אַ פערטערפּעט לײַב — אַ טאָג, וואָס שלינגט אײַן אין זיך קלאַנגען און גיט זיי מער צוריק ניט אַרויס.

גדליה איז געקומען צו דער באַן ליידיק, איינער אַליין מיט זײַן פור.

ער האָט איבערגעוואָרט איין צוג, אַ צווייטן, אַ דריטן, קיין פאַר־שוינען, ווי אָף צו־להכעיס, אין ניט געווען.

קיין צוגן האָבן שוין אויך מער קומען ניט געדאַרפט.

גדליה איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געוואַרט.

לינקס, ווײַט פון וואָקזאַל, האָט ערגעץ געקלאַפּט אַ דרעש־מאַשין.

דאָס דרעשן האָט דערגרייכט אַהער כוואַליעסווײַז און האָט דער־מאָנט אָן אויפהער אָן זײַנוולס ליידיקן אַרבל.

רעכטס מיט די רעלסן, וואָס ציִען זיך אַוועק פאַרבײַ דער ראַמפּע, האָט מען אָנגעלאָדן וואַגאָנעס, אָנגעלאָדן זייער שווער און איינציקווײַז.

גדליה האָט זיך אײַנגעהערט, ווי מען שטופּט אָפּ פון דער ראַמפּע אַ שווער אָנגעלאָדענעם וואַגאָן.

אָט קומט אונטער איינער פון די רעזערוו־לאָקאָמאָטיוון.

ער טוט דעם וואַגאָן אַ שטויס.

דער וואַגאָן קאַלערט זיך שטיל, ער גליטשט זיך אַוועק אָף די רעלסן.

עס דויערט אַזוי אַ היפּשע ווײַלע.

עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ, אַ שטילער קלאַנג פון בופאָרן — דאָס שטויסט זיך אָן דער וואַגאָן אין די ווײַטע אָנגעלאָדענע וואַגאָנען.

אָנשטאָט אַוועקצופאָרן אַהיים איז גדליה אַרויפגעקראָכן צו זיך אָפן וואָגן, זיך אַרויסגעצויגן מיטן פּנים אַראָפּ און האָט אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אין דער שטרוי.

ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו שלאָפן.

נאָר דער שלאָף איז געווען אַ מאָדנער, אַ פאַרטויבטער.

עס איז געווען זייער שטיל.

און ווידער האָט פון ערגעץ ווײַט כוואַליעסוויַז דערגרייכט דאָס דרעשען פון דער מאַשין.

ווידער האָט דער לאָקאָמאָטיוו אָפּגעשטויסן פון דער ראַמפּע שווער־אָנגעלאָדענע וואַגאָנען.

אין די אויערן האָט זיך ווי אַן אויפהער געהערט:

אַ קלאַפּ.

אַ טויבער שטויס פון בופערן.

אַ שטילער קלאַנג.

גדליה האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען, אַז דער טאָג איז נאָך טונקעלער ווי פריִער.

די לופט איז נאָך טויבער.

די שטילקייט — גרעסער.

עס ווערט נאַכט.

ער איז אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן און האָט שטיל זיך גענומען גנבֿענען פון אונטן, אַרום און אַרום דער ראַמפּע.

איצט איז ער שוין ווידער געווען, ווי אין טשאַד. זײַן געפיל איז געווען אַזאַ, גלײַך מען האָט אים די אויערן שטאַרק פאַרשטופּט מיט וואַטע, און ער קוקט בלויז מיט די אויגן. זען זעט ער, נאָר הערן הערט ער ניט קיין מינדסטן קלאַנג.

ער האָט דערגרייכט צו די אָנגעלאָדענע אָפּגעטיילטע וואַגאָנען, וואָס וואַרטן ווײַט פון דער ראַמפּע אַף בײַע, און האָט גלײַך געפונען אַן אָרט צווישן צוויי אָפּגעשטאַנענע וואַגאָנען.

אַרום איז קיינער ניט געווען.

ער האָט זיך אַנידערגעלייגט לעבן די רעלסן מיטן פּנים אַראָפּ און האָט צווישן די צוויי אָפּגעשטאַנענע וואַגאָנען אַרײַנגעלייגט זײַן פוס.

איצט האָט ער אָט פון דער זײַט ווו עס געפינט זיך די ראַמפּע דערהערט אַ שטויס פון לאָקאָמאָטיוו. ער האָט זיך צוגעדריקט מיט דער ברוסט שטײַפער צו דער ערד און האָט שטאַרק, שטאַרק פאַרמאַכט די אויגן.

אַף מאָרגן, ווען ער איז אין גרויסע ווייטיקן און אין גרויס היץ געלעגן באַ זיך אין דער היים האָט ער געפילט:

אימעצער וועקט אים אַלע ווײַלע, ווי פון חלשות.

אַלע ווײַלע האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, דערזען, ווי עס דרייען זיך

אַרום אים מענטשן, געפינטלט אָקעגן זיי מיט די אויגן, נאָר קיינעם פון זיי ניט דערקאַנט.

אָקאָרשט בײַנאַכט, ווען ער האָט באַנײַס געעפנט די אויגן, האָט ער ווי אין חלום דערקאַנט דעם ליידיקן אַרבל, וואָס באָמבלט זיך אָקעגן בעט אין דער לופט — זײַנוולס ליידיקער אַרבל.

אויך דער ווונק פון זײַנוולס אַ פריילעכן אייגל האָט ער דערקאַנט.

זײַנוול האָט זיך צו אים אָנגעבויגן איבערן בעט און האָט אים הויך אַרײַנגעשריגן אין אויער:

— מזל־טוב, „שבט גדליה״! מזל־טוב מיט „די ערשטע דרײַ טויזנט״!

# שטורעמטעג

# בירגערקריג

## I

### אין פֿאַרפֿסהדיקן אַקער־שטייען מידלעך צו די פֿערד

אַף אַ מיסטיק בערגל האָט אַן אַלטע קוואָטשקע צו פֿאַרנאַכט־צו גע־קוואָקעט עלנד. געפֿאָרפּלט, געפֿאָרפּלט אין וואַרעמלעכן קויט און קיין אייער ניט געלייגט.

אַף האַלבן וועג צווישן אַ גרויסן זומפּיקן וואַלד און אַ ווײַט־צעוואָר־פֿן בלאָטיק דאָרף האָט אַן אַלטע קרעטשמע זקניש געוואַרעמט איר קרו־מען דאַך — אים געטוקט, געטוקט אין שײַן פֿון פֿאַרגייענדיקער זון און אים דערוואַרעמען ניט געקאָנט.

פֿאַרנאַכטלעך האָט מיט אַ פֿריש טרייסלדיק פֿערד־און־וועגל צוגע־קנאַקט אַהער אַ נײַ באַשטיוולט יאָדערדיק בחורל מיט אַ שמאָל לענגלעך פּנימל.

אַראָפּגעשפּרונגען פֿריילעך, זיך אַ דריי געגעבן אַף איין אָפּצאָם און און זיך אַרומגעקוקט ניט אַזוי מיט די שוואַרצע אייגלעך ווי מיט אַ שמייכעלע, וואָס רוקט זיך הין־און־הער איבער זײַן אייבערשטן פֿאַרקאַשערטן און נאַריש־צעשפּאָלטענעם דינעם ליפּל. ער האָט היימיש אַרײַנגעקוקט אין קיך.

— איז ווו איז רייזל אַ ? מלכה ? — נאָך אַלץ אין דאָרף ?

די יידענע האָט אָף אַ רגע אויפגעהערט צו שטויסן יידע פויסטן אין דער פליסיק־זויערלעכער ראַשטשענע, געוואָלט מיטן אַרבל פון פאַר־טייגטער האַנט אָוועקשאַרן די האָר און באַוויזן נאָר אַ וויש טאָן די פייכ־טע נאָז.

— די מויד ? — האָט זי ווי אַ שפּײַ געטאָן אין טייג אַרײַן — די מויד האָט אָנגעכאַפּט דער גערז — געלאָפן קוקן, ווי די פּעטליורעס וועלן אַרײַנפירן אין דאָרף די דײַטשן... מיט מוזיקע, זאָגט מען — אַ ?

זי האָט שווער געאָטעמט.

— און ווי איז אין דאָרף ? — שוין געדעשטעוועט די „גרויסע״ ?

— נאָך אַ מין ?

דער בחור האָט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען, געגלעט מיט אַ פינגער דעם שאַרף שפּיץ פון נאָז. די אייגעלעך זײַנען אים געווען ווײַט פון דאַנען, געקוקט פאַרטראַכט.

— אַט אַקאַרשט איצט, — האָט ער געזאָגט — די דײַטשן האָבן זיי נאָר־וואָס אָוועקגעפירט.

— אַ סך ?

— אַ מענטשן פּערציק.

— פּעטריקן אויך ? — דעם באָלשעוויק.

— נאָך אַ מין ! — גלײַך פון כאָסלירע.

— ס׳עט ניט זײַן, ווער ס׳זאָל אַרבעטן בײַ אײַך אין וואַלד.

— אַ דאגה... ס׳עט זײַן, ס׳עט זײַן.

שטיל. פון צווייטן גרויסן אַלקער האָט אַ כאָרכל געטאָן אַ הייזעריקער גאָרגל.

— זיך אָפּגעשטעלט אין דאָרף די דײַטשן, אַ ? וואָלי.

— זיך אָפּגעשטעלט. אַ פולע שקאָלע, ר׳ נח.

דער בחור איז אַרײַן אין טונקעלן אַלקער.

אָפן סאָפּקעלע, מיט די פלייצעס אָנגעשפּאַרט אין דער הייס־אײַנ־געהייצטער הרובע, איז דרימלענדיק געזעסן דער באַלעבאָס — אַ פליי־סיק ־ פאַרבלאָזער קנויל, געהאַלטן די פיס אונטערן געזעס און אַלע מאָל פאַרלוירן דעם קאָפּ אָף דער ברוסט. ער האָט פון אַלע יאָרן געהאַנדלט אין דאָרף מיט די גוים, ווינטער ־ צײַט זיי צוגעבן צו ביסלעך געלט און זומער אָפּגענומען בײַ זיי מיט תבואה. איצט האָט

ער אַלע רגע באַנײַס צונױפגערעכנט אַפן קאָפּ. װיפל געלט ס׳קומט אים בײַ יעדן גױ באַזונדער און בײַ אַלעמען אין אײנעם. און װײַט אַקעגן איז שױן איצט דער בחור געזעסן אײנער אַלײן בײַם טיש, גענומען װאַרטן אַף דער מױד, אַפּנים. ער האָט שױן אױך װי געדרײ־מלט, און צו זײַנע דיק־פּאַרקאַשערטע נאַשער־ליפּלעך האָט זיך נאָך אַלץ געקלעבט דאָס שמײכעלע.

— איר װײסט, ר׳ נח, — האָט ער פּלוצעם פון דרימל אַרױסגע־שמײכלט — איך דאַרף בענטשן גומל.

— ס׳איז דען ?

— פײסין האָט מען געהרגעט — פײסין מיטן רױטינקן בלינדן אײגל. ער האָט אױך געדינט, װי איך, אין װאַלד, אַף דעם צענטן װיאָרסט האָט ער געדינט.

— ס׳אי דען ?

— ער איז אײערנעכטן געפאָרן קײן װאָלאָדערקע נאָך רובּ־שטשיקעס.

— נו ?

— און איך האָב אױך געזאָלט פאָרן מיט אים.

ס׳איז געװאָרן שטיל. דער אַלטער בײַ דער זײַט האָט װי ניט אױפגעהערט צו דרימלען, װידער פאַרלױרן דעם קאָפּ, װידער געמאַכט די חשבונות אַפן קאָפּ. דאָס בחורל איז שױן אױך געשלאָפן, נאָר אין קיך האָט געפלאָקערט אין אױװן, און די באַק־דײַזשע האָט שװער גע־סקריפּעט אונטער דער ײדענעס קנעטנדיקע הענט. אין טונקעלן דרױסן פאַר די פענצטער האָבן זיך אַ שאָקל געטאָן אַ פּאָר אומבאַקאַנטע שאָטנס.

— שױן װידער — האָט מיט גסיסה־כאָרכל געקנאָטן די ײדענע, — אַז איך זאָג: האַלט די טיר אַפן ריגל — עס קריכן אַרום זשאַ־בעס... פון שבת אָן. מען קאָן זײ ניט. מען װײסט ניט פונװאַ־נעט...

— פאַרװאָס װײסט מען ניט, מלכה ?

דער בחור האָ געפּאָנפּעט פון דרימל :

— פון קיִעװ. פון יענער זײַט דניעפּר... באַלשעװיקעס. אַז דער דײַטש איז אַהין אַרײַן אײנס און צװײ, איך אײן נאַכט. האָבן ניט

באַוויזן אפילו פאַרנעמען די בעבעכעס. דער טײַך האָט גראָד געלאָזט, אַזוי זאָגט מען: ווער עס איז אַריבער דאָס וואַסער, האָט זיך געראַטעוועט. איצט בלאָנדזשעט מען אַרום צו צוויי — צו דרײַ און מען קומט ניט צו קיין ישוב. מען כאַפּט זיי אויס אייניציקווײַז אין די דערפער, שאָקלט מען מיט די וועלדער... אָט גייט מען — אָ!... זיי זײַנען געניוג דערשלאָגן. מען האָט ניט וואָס מורא צו האָבן... איכ׳ל דרימלען, מלכה.

נאָך אַ לאַנגן שווערן גאַנג זײַנען צוויי אין ברודיקע, פאַרדריפּעטע שינעלן צוגעקומען אַהער, צו דער אומבאַקאַנטער קרעטשמע, און זיך אַ שאַר געגעבן באַ דער טיר. געקווענקלט: אַרײַנגיין צי ניין?

אַף יעדער דאָרף איז געווען פאַרוואָרפן אַ שלייף — געוואָרגן ׳גרויסע״. אומעטום האָבן זיך געפּלעקט קלענערע און גרעסערע טיילן פון אוקראַאיניש און פון דײַטשיש חייל. און פון אַ קעגן, פון יענער זײַט פעלד און בלאָטיקן וועג, האָט אַ קויטיקער הימל צום דאָרף־צו געהאָט אַ קלאָרן ברעג. שטילע היימען האָבן דאָרט געדעמפּט צו אים מיט אָוונטיקן רויך, אויסבאַהאַלטן פאַר זיך אַליין די דאָרפישע רו און געשראָקן אַהער מיט בלינדער מלאך־המותדיקער סכנה.

באָטשקאָ — האָט געהייסן איינער פון די צוויי.

זיק — האָט געהייסן דער צווייטער.

זיי האָבן סוף־כּל־סוף אויפגעריגלט די טיר פון קרעטשמע און זײַנען אַרײַן — אַרײַן קלומרשט אַ טרונק געבן, אַ פרעג טאָן, צו מען קאָן ניט עפּעס עסן. די ייִדענע האָט זיי געענטפערט:

— נישטאָ גאָרנישט.

— און ברויט?

— אַנו, אַפילו אַף אַ רפואה.

די ייִדענע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף זיי ווי מיט פאַרשנדיקע אויגן:

— הײַנט האָט מען געראַטעוועט אין דאָרף די „גרויסע״. מײַן מויד איז נאָך אַלץ נישטאָ, געלאָפן קוקן.

צוליב וואָס האָט איר געניצט גלײַך אַרײַנפלעכטן די „גרויסע״? צי אפשר האָט זי איצט צו נאַכט־צו זיך געשראָקן פאַר צוויי פרעמדע פּני־

מער באַ זיך אין שטוב און געוואָלט געבן אַן אָנצוהערעניש אַז ניט אַלץ איז הפקר דאָ אין קאַנט.

באָטשקאָ און זיק האָבן זיך דורכגעקוקט, איבערגעבנדיק איינער דעם צווייטן די קוואָרט אַף אַ טרונק טאָן, זיך געזײַטלט מיט די אויגן אַף דער יידענע. זי איז געווען אַ ביינערדיק־דאַרע, אַ צעקנייטשטע. אַוועקלייגן האָט מען זי געקאָנט מיט איין זעץ, נאָר קיין באַדערפעניש דערין איז ניט געווען. זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין צווייטן גרויסן אַלקער און זיך דאָרט אַוועקגעזעצט קעגן פּאַרטרוקנט ברויט און וואַרטן אַף טיי. זיי האָבן אַזוי געקײַט מיט די מײַלער און געקוקט מיט וווּנדער צו דער פלי־סיקער בריאה אַפן סאָפּקעלע — אַ מאָדנע באַשעפעניש. איצט אָ, ווען אין דרויסן איז שוין וואַרעם, זיצט עס אַרײַנגעטוטשעט אין דער פײַער־דיק־הייסער הרובע; ס'איז עפּעס אי שלעפעריק, אי וואַכעדיק, און מען קאָן ניט וויסן, צי עס הערט, וואָס אַרום דעם טוט זיך, צי ניין.

— קכע!

זיק האָט אַ ניס געטאָן, בכיוון — געוואָלט זען, צי דאָס נפש וועט זיך אויפכאַפּן, צי ניין.

נאָר אויפגעכאַפּט האָט זיך דער דרימלענדיקער בחור אויבנאָן באַם טיש. אַן עפּן געטאָן די שוואַרצע אייגלעך און גלײַך באַפּוטערט מיט אַ גליטשיק שמייכעלע די דין־פּאַרקאַשערטע נאַשער־ליפּלעך.

— פונוואַנען גייט מען דאָס, אַ? לאַנדסלײַט, פון אַרבעט אַוודאי?

— ניין. — האָבןביידע מיט אַמאָל אויפגעהערט צו קײַען.

— וואָס־זשע? מען זוכט אַרבעט?

— יאָ, מען זוכט.

— איז אפשר צו אונדז אין וואַלד? אַ? לאַנדסלײַט.

באָטשקאָ און זיק האָבן זיך דורכגעקוקט:

— מען קאָן, פאַרוואָס דען ניט.

— באַ האָלץ?

באָטשקאָ און זיק האָבן גערעדט ביידע מיט אַמאָל און עפּעס צו טויבלעך. באַם בחור אין די שוואַרצע אייגלעך האָט זיך אַ לײַכט געטאָן עפּעס כיטריקס, ער האָט זיך גלײַך באַגעגנט מיטן פײַערל, וואָס באַ זיקן אין די אויגן, און זיך אויסגעלאָשן:

— די דיליאַנקע אָבער איז אַ ווײַטע, ליגט פיר וויאָרסט טיף אין וואַלד. קכע !... — זי איז אַ נאַסע.

— מיר ווייסן. — האָט אַראָפּקוקנדיק שטיל אַ פּאָנפּע געטאָן באַטשקאַ. — געאַרבעט וויפל מאָל אַף נאַסן.

אין יענעם זעלבן אוונט האָבן באַטשקאַ און זיק זיך געטרייסלט מי־טן בחור אינעם וועגל און זיך גערוקט אַפן וועג צו אַן אומבאַקאַנטן וויאָר־סטיק־לאַנגן וואַלד. ס׳איז געווען אַ קילע נאַכט. אין קליינעם פאַרשפּע־טיקטן פרעסטל האָבן פון טונקעלן הימל אַראָפּגעקוקט צום דאָרף אַ סך ווײַטע שטערן, און אין אַלע הײַזער איז מען שוין געשלאָפן. דער בחור האָט אַפּנים בכיוון צופיל גענאַקעט אַפן פערד.

— וויאָ, וויאָ, — האָט ער אַן שום נוצן געפּילדערט.

געהייסן האָט עס :

— שלאָפט... שלאָפט — ס׳פאָרן היימישע באַקאַנטע מענטשן.

אין עק דאָרף, לעבן קלויסטער האָט מען דאָך די פור אָפּגעשטעלט. אין ביידע זײַטן פון וואָגן האָבן זיך געפלעקט באַוואָפנטע הירטלעך. אַ געלעגערט קול האָט אַף אוקראַיִניש זיך פון דאָרט דערנענטערט. זיך פאַרמאָסטן שטרענג און היצליש :

— ווער פאָרט ?

דער בחור האָט געענטפערט באַליידיקט :

— ס׳איז דאָך איך — פון מאשענער וואַלד־געגנט — מײַנע רוב־שטשיקעס.

און די פור איז דורכגעפאָרן בשלום.

איצט האָט דער בחור שוין מער קיין פּיפּס ניט געטאָן, אַרײַנגעצויגן דעם האַלדז אין די אַקסלען, זיך אײַנגעשרומפן אין אַ קנויל און געלאָזט זײַן פערד פרײַ לויפן אַ קעגן דעם ווײַטלעכן גלאַנציק־צוגעפרוירענעם וועג, פרײַ שפּרינגען אַקעגן אַ באַרג מיט אַ לבנה, וואָס הייבט זיך דאָרט אויף איבער ביימער־שפּיצן פון אַ ברוגזלעכן וואַלד. ס׳האָט זיך געדאַכט : דער בחור ווייס פון גאָרנישט, ער איז פאַרקלייסטערט און דרימלט, דרי־מלט. ער איז גלאַט צופרידן, וואָס ער האָט איצט אַף זײַן נאַסער דיליאַנ־קע פאַר ביליק געקריגן רובשטשיקעס. פּלוצעם האָט ער צו זיי — צו זיקן מיט באַטשקאַן — זײַן פּנים אויסגעדרייט און מאָדנע וואַכעוודיק געענ־

מען אַף זיי קוקן. געקוקט, געקוקט אַזוי מיט אַ נאַשער־שמייכעלע אַף די פּאַרקאַטשערטע ליפּלעך, מיט אַ פּײַערל אין די שוואַרצאַפּל, און אומגע־ריכט פאַרמאַכט איין אייגל און מיט צווייטן אַ ווינק־געטאָן:

— פון די „גרויסע” אפשר, אַ? פון אונטער קיִעוו.

זיך האָט, שטייענדיק אַף די קניִען, אַ זוך געגעבן אַרום זיך אין וואָגן עפּעס אַ שווערע זאַך, מיט וועלכער מען זאָל זיך קאָנען באַשיצן. נאָר דאָס בחורל האָט באַלד ווי נאָטגעלאָזט:

— מיר איז אַלצאיינס — האָט ער געזאָגט, — דער עיקר: זיך פירן סטאַטיק. האָקןביימער און זיך ניט אַרויסרוקן פון יענער דיליאַנקע. זי איז אַ ביסל נאַס, דערפאַר — זיכער... די דײַטשן זוכן, ווי מיט ליכט... אַהין וועלן זיי ניט קומען...

## II

## מען בענקט קיין דרום און מען גייט אַף צפון

הויך איבער טענענביימערס שפּיצן, איבער פּאַטלאַטע קעפּ פון הונ־דערטיאָריקער אַליכע האָט נאָך העל דערברענט די צווייטע האַלבע פון איינעם אַ לעצטן זומער־טאָג, געצונדן פּעדימער פון גאָלד, פאַרסילעט שטראַלן אין גרינער שאַרף פון נאָדלען.

פון אונטן, אַף זומפּיק־קילן באָדן אַרום צעהאַקטע צווײַגן, אַרום זע־געכץ און אומגעוואַלגערטע שטאַמען, האָבן פריִע בין־השמשות שוין גע־קילט די שעה אַקעגן נאַכט.

שאַטנדיקע לופט האָט זיך געשוואַרצט, ווי שטילער, סאַמעטענער טונקל.

באַטשקאַ און זיק — דאָס איינציקע „פּאָרל” דאָ אין טיפער געדיכ־טעניש פון וואַלד, האָבן שוין געהאַט אָוועקגעלייגט די העק, פויל גע־קלעטערט אַרום רויכערדיקן פײַער, געשטופּט אין פלאַם אַרײַן די פיס און געטריקנט אַף זיך די צעווייקטע פאַסטעלעס אין איינעם מיט די שמאַטעס — זיי האָבן אין יענעם טאָג געאַרבעט קנאַפּ.

זיק, דער לאַנגער, מיטן שראַם, ווי אַ קליינע האַלבע לבנה, באַם לינקן אויג, האָט אין יענעם טאָג פון אויבן אָפּן בלאָען העמדל אָנגע־טאָן די אַמעריקאַנער שלייקעס (אַ זכר, אַז ער איז פאַר דער מלחמה גע־ווען אַן אַרבעטער אין טשיקאַגאָ). ער האָט נאָך גאַנץ פרי מיטן טאָגלעך געפּאַקט אַ יונגע גויקע ערגעץ ווײַט אין טרוקענעם טייל פון וואַלד — אַ מין אַגונקע, וואָס גייט זוכן אַרבעט אין ווײַטלעכן זומפּיקן כוטאָר... ער האָט מיט איר פאַרפירט אַ שמועס, געוואויר געוואָרן, אַז איר מאַן האָט מען געדעשטעטוועט באַלד נאָך דער כאָסלירע, ווײַל ער איז אויך וויב־טער־צײַט אין איינעם מיט די „גרויסע” געגאַנגען אַף קיִעוו. ער האָט די יונגע גויקע געבראַכט צו פירן אַהער אין דער ווײַטער זומפּיקער דיליאַנ־קע און זיך אָפּגעהאַלטן אַן עצה מיט באַטשקאַן:

— לאָזן זי דאָ? אַ? וולאַדימיר...

ביידע האָבן זיך אַ ווײַלע דורכגעשמועסט מיט האַלבע ווערטער, געשפּיגן קונציק אַף גאַנצע קלאַפּטער פון צווישן צונויפגעדריקטע ציין און געקוקט מיט חמור־אייזלדיקע אייגלעך צו דער יונגער גויקע, וואָס שטייט די גאַנצע צײַט אין בכבודיקער ווײַט, חנדלט מיט די אַראָפּגע־לאָזטע בליקן און פליקט פון נידעריקן קוסט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל.

זיקס לאַנג פּנים מיט די אומרויִקע אַנגלען האָט זיך געבעטן ווי דער פּנים פון אַ גזלן:

— זאָל זי בלײַבן, אַ? וולאַדימיר... זאָל זי צונויפלייגן די קלאַפּ־טער.

אַ פּויזע.

— בלײַבן? אַ? וולאַדימיר?

באַטשקאָ האָט סוף־כּל־סוף געטאָן אַ קליינעם שאָקל מיטן קאָפּ, פאַרגלאַנצט די סאַמעט־שוואַרצע אויגן צום שטערן־צו, גלײַך ס'איז אים שווער אַ שלונג צו טאָן, ווי זײַן שטייגער, אַ גלעט געגעבן די גרויסע וואָנצעס אַף רעכטס און לינקס, געהייסן האָט עס:

— בלײַבן.

אַ שעה פיר—פינף האָט דאָן די שאַרפע זעג שטײַפער ווי תמיד גע־אַרבעט איןביידנס מוסקולדיקע הענט.

אַרום אין דער גאָר ווײַטער וואַלד־שטילקייט איז ניט געווען ווער סע זאָל הערן, ווי שאַרפער געציינדלטער שטאָל שלײַכט זיך היין און צו־ריק איבער גראָבן און פּײַכטן קלאָץ און זעגט מיט געדולדבאַרער קראַפט, מיט שטילן נאָכקלאַנג און מיט טאַקט, ווי אַ גלײַכמעסיקער אָטעם.

זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו וואַרפן יצר־הרע־אייגעלעך צום רויטן קורצן קליידל און צו די פאַרביקע רויטע פיס, וואָס זײַנען נאַקעט ביז איבער די קניִען. זיקס אומרויִקע שוואַרצאַפּל האָבן זיך געקוויקט:

— אַ פּאָר יאַדערדיקע פיסלעך... פון גאָט אַ?

— יעס, יעס, — האָט ער פריילעך מיט זײַנע פלווידערדיקע אַמע־ריקאַנער ווערטער אויפגעוועקט אַלע מאָל אַ נײַעם מנין ווידערקולות אין דער נאָענטער און עקסט־ווײַטער שטילקייט פון וואַלד.

פון דער ווײַטנס, פון צווישן די גראָבע שווינדלדיקע שטאַמען, האָט זיך די גאַנצע צײַט געזען, ווי די יונגע גויקע מיטן אַלטן פאַרביקן שאַל, פאַרבונדן ווי אַ צלם איבער אירע פולע בריסטן, טראָגט לעפיש צונויף די

גראָבע אָנגעזעגענע שפּיטערס, דריקט זיי שווער צום האַרצן, בעת זי לייגט זיי פינקטלעך אין קלאַפּטערס, און שעמט זיך אַ קוק געבן אַ הער צו די מאַנצבילן, וואָס זײַנען מיט איר אָן אַ שומר דאָ אין טיפן וואַלד.

— אַרבעטן! אַרבעטן... ניט געשטאַנען.

באַ די מאַנצבילן האָבן מיט אומבאַשיידטן אימפּעט זיך געשלײַכט הין און צוריק די הענט.

נאָר מיט די ערשטע קאָסע שטראַלן פון דער זון האָט דעם לאַנגן זיקן זיך פּלוצעם פאַרגלוסט צוצוגיין אויך אַ קוק געבן, ווי דאָס ווײַבל אַרבעט.

פון ווײַטנס, פון צווישן די ביימערס גראָבע שטאַמען, האָט באַטשקאָ געזען, ווי זיק פאַרפירט אַ שמועס, ווי ער נעמט זי פאַרביידע הענט און ווי ניט גלייביק די גויקע מיט די צוויי יונגע אויגן, ווי גרויסע גריבּלעכע ווײַנטרויבן, בלאָזט דעם גוידער. זי שעמט זיך און היט פון אים אין אַ בכבודיקער ווײַט איר פּיסק. נאָר שעמעוודיק אַזוי שלעפּט זי זיך אים דאָך נאָך צו די האַלב־טרוקענע גרעזער, וואָס אונטער די פרישצונויפגעלייגטע קלאַפּטער, שפּאַרט זיך אַלץ צוריק און ווערט דאָרט מיט אים פאַרשוווּנדן. עס געדויערט אַ ווײַלע.

דעם אָנגעשטרענגטן אויער חלומט זיך פון דאָרט אַ געראַנגל פון צוויי לײַבער.

— יעס, יעס! — האָט פון אונטער די קלאַפּטערס זיך ווידער אָנגערופן זיקס פלוידעריק קול.

און נאָך דעם איז געוואָרן שטיל. אַ וואַלד־פויגל, אַ דערשראָקענער, אַ גרוי־שוואַרצער, ווי די טונקלקייט פון תחילת נאַכט, איז נאָך ערגעץ דאָרט אונטער די קלאַפּטער אַרויס פון זײַן נעסט און האָט אַהער אַ פלי געגעבן אַזוי נידעריק איבער באַטשקאָס קאָפּ, אַז ער האָט באַ זיך אויפן רוקן דערפילט דעם שרעקיקן פאָך פון זײַנע היפּשע פליגלען.

באַטשקאָ האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי ער וואָלט אויף אימעצן געהאַט אַ רוגזה. ער האָט אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט, פאַרדרייט פון מאַכאָרקע אַ ציגאַר און זיך אַראָפּגעזעצט באַם רויכערדיקן פײַער מיט די פלייצעס צו די ווײַטלעכע פאָר קלאַפּטערס און צו דעם, וואָס אונטער זיי קומט פאָר.

צוליב עפּעס האָט ער אַ נעם געטאָן די האַק, וואָס איז דאָ נאָענט געלעגן, אַ פּרוביר געגעבן איר שאַרף, נאָר באַלד אַוועקגעוואָרפן, זיך פאַרקליבן אין אַ דרײַעקעכדיקן שמאָטעדיקן בײַדל, וואָס האָט זיך דאָ ניט ווײַט געברודיקט, זיך אומגעקערט פון דאָרט מיט אַ פאָטאָגראַפיש בילדל פון אַ שיקסל און זיך אַוועקגעזעצט באַ דער זײַט פון פײַער אַף אַט דעם שיקסל קוקן.

דאָס שיקסל אַפן בילד וואָס באָטשקאָ האָט לאַנג געהאַלטן און באַטראַכט, האָט אויסגעזען צו זײַן אַ זעלטנס:

אַ וווקסיקס, מיט אַ פאַרדריסן נעזל און מיט גרויע פריילעכע אײיגעלעך, וואָס זײַנען תמיד גרייט שעלמיש אַ ווונק צו געבן.

דאָס אייבערשטע ליפּל איז באַ דעם געווען אַ פּולבלעכס, אַ פאַרקאַשערטס, אַזוי אַז טונקעלע לײַדנשאַפטלעכע ציינדלעך האָבן פון אונטער דעם אַרויסגעקוקט פריילעך מיט אַ בײַסיק צאַפּלענדיקן באַגער און מיט חשק אונטערצווינקען:

— שעם זיך ניט, נאַרעלע... נו... גיכער... גיכער.

בײַ אַ רעכטן מאַנצביל האָט שוין פון אַט דעם בליק אַליין געקאָנט זיך אונטערברעכן דאָס האַרץ. דערצו נאָך האָט זי געטראָגן אַ קלינגענדיקן יום־טוב־נאָמען: „פּראָסיאַ”!

— פּראָסיאַ... פּראָסיאַ...

זיצנדיק אַף אַ מאַלפּישן אופן אָנגעבויגן באַם פײַער, האָט איצט באָטשקאָ בענקענדיק אַרײַנגעקוקט דאָס פאָטאָגראַפיש בילדל אין פּנים אַרײַן און האָט געדרימלט ערגעץ טיף אין זיך מיט אַלע זײַנע געהירן.

וואָס מער זײַנע באָנגדיקע אויגן האָבן זיך אַרײַנגעזויגן אין דעם שיקסלס אייגעלעך, אינעם נעזל און אין די ציינדלעך, אַלץ שטאַרקער האָט באַ אים געזונגען אונטער דער ברוסט.

מיט יעדער נײַער רגע האָט מער באַנק געטאָן דאָס לעבן פון פאַראַיאָריקער פרײַער צײַט. דער נאָז האָט גלײַך פאַרשמעקט מיט די דערמאָלטיקע זנות־זאַטע אָסיען־טעג, מיט געלע בלעטער, וואָס שיטן זיך פון די ביימער, ווי פון צעפּוילטע קישנס פּוך, און דער זכרון האָט גלײַך אַהין פאַרטראָגן... ווען איז דאָס געווען? פאַראַיאָרן, פאַראַיאָרן.

אַף גרינלעכע וואָלקנדיקע פעלדער מיט אַ ברייטן נישט־ברוקירטן שליאַך, צווישן גראָבנס איז געגאַנגען אַ פּאָלק, געשפּרייט מורא איבער דער גאַנצער געגנט — באַ „האָרען״, דעם לאַנגן גרענעץ־טײַך.

ער האָט אָוועקגעלייגט באַ זיך די אָפיצירן, אָט דער פּאָלק און האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף מער קיין עלטסטע ניט האָבן.

ער האָט אַלײן אויסגעקליבן פון זיך איינעם אַ געוועזענעם דעזער־טיר, אַ דרײַבענדלדיקן ווזוואָדנעם קאָמאַנדיר, וואָס פאַרמאָגט זײַן איי־גנס אַ פערד. דאָס איז וולאַדימיר באַטשקאָ אַליין.

— באַטשקאָ! — האָט מען צו אים פון אַלע זײַטן געשריגן — וואָס שטייסטו? האָסט דײַן אייגנס אַ פערד, טאָ פאָר אַרויס פון פּאָלק אַ פריער! זײַ אַ קאָמאַנדיר!

און פון דעמאָלט אָן רײַט ער תמיד פאָמעלעך פאָרויס דעם פּאָלק אַף זײַן בולאַנעם פערד. ער קוקט זיך ניט אום צוריק צום טויזנטקעפּיקן פּאָלק. ער הייבט נאָר אויף פאָר אַ צייכן די האַנט, און דער גאַנצער פּאָלק לאָזט מיט אַ מאָל אַרויס אַ פריילעכן „ווען עמען הער איך״־געזאַנג — אַ פרײַען, אַ ברייטן, ווי די וועלקענדע פעלדער אַרום, ווי דאָס לעבן, וואָס האָט שוין ניט אַף זיך גאַנצע זיבן חדשים ניט קיין צאַר, ניט קיין פריץ.

— אױ־ליאָ אױ־ליאָ.

— אױ־ליאָ־ליאָ! —

זינגט דער גאַנצער פּאָלק, און באַלעבטע און טעמפּע פּנימער גיסן זיך אָן מיט רויטן כּוח און בליצן מיט התפּעלות אין דער אַרויסגערוקטער קאָ־זאַקן־פּיאה, מיט בוהאַי־קראָפּט אין באַפרײַטן רירעוודיקן אַקסל.

אַקעגנפאָרנדיקע פויערים האָבן אויסגעגלאָצטע אויגן בעת זיי טרעטן אָפּ דעם פּאָלק דעם וועג אָפּ, און יידן אַף די וואָגנס טוליען זיך איי־נער צום אַנדערן, קוקן מיט גרויל אַף די סאָלדאַטנס לאַכנדיקע ציין, שרעקן זיך פאַרן אָפענעם וואָרט „זשיד״ און זײַנען זיך עפּעס ווי טועה, קענען עפּעס אַלץ ניט פאַרשטיין...

איז גוט אַזוי און פריילעך.

פּריצים צעלויפן זיך. אומעטום, וווהין דער פּאָלק קומט, טרעפט

ער פוסטע, פאַרהאַקטע הויפן און צופרידענע פויערים, וואָס קראַצן זיך קלוגעטשקערהייט אין דער פּיאה.

— „נימא פּאַניוו״ — זאָגן זיי צו די סאָלדאַטן, — „פּאָוטי־קאַלי !״

און סאָלדאַטן לאַכן.

דער פאָלק זאָגט אומעטום אַפן וועג, אַז ער שלאָגט זיך דורך אַהיים — ער וועל זיך מער ניט שלאָגן אַף די פראָנטן, נאָר אין זוויל — דער שטאָט אין דרום — פאַרהאַלט ער זיך דאָ באַ אַ חודש צײַט.

דאָרט אינעם גרויסן ווײַסן הויז אַף דער הויפּטגאַס וווינט פּראַסיאַ.

זי איז אַלט סך־הכל נײַנצן יאָר, נאָר זי האָט שוין באַוויזן עפּעס אויפצוטאָן, זי דינט דאָרט אינעם ווײַסן הויז — זי זויגט אַ קינד באַ אַ יידן.

אַלע אָוונט זיצט דאָרט באַטשקאָ אין יידישן גאָרטן אַף דער גע־שלאָסענער בלינדער וועראַנדע. ער איז אָנגעטאָן אין אַן ענגן אָפיצירישן שינעל, און זײַנע נײַע שוואַרצע שטיוול טרעטן דאָרט אַרײַן אין געלע אָפּגעפאַלענע בלעטער, ווי אין עפּעס נבילהדיקס און ווייכס.

אַז פּראַסיאַ קומט צו אים אַרויס, זעצט ער זי אין שטאָק פינצטער צו זיך אַף די קניען און שמעקט איר צום מײַלכל. זי הוכקעט אים אומישנע גלײַך אין נאָז, הוכקעט מיט אַ ריח פון מיאַטנע צוקערקעס אויסגעמישט מיט אַ גערוך פון זנותדיקער אָסיען־נאַכט. נאָר אַמאָל גייט איר אויך פון מויל אַ שטאַרקער ריח פון ציבעלע — דאָס האָט זי זיך בכיוון אָנגע־פּאַקט מיט האַרבע מאכלים אַף צו־להכעיס איר יידיעשער באַלעבאָסטע, וואָס שטאָפּט זי מיט מילך און מיט אייער, כדי דער יידישער ממזר זאָל איר פעט ווערן.

— און ווי איז איר, פּראַסיאַס, אייגן נפלע אַהינגעקומען ?

— געבליבן אונטערגעוואָרפן ערגעץ באַ אַ פריצל לעבן בית־הכנסת און זי ווייס אַפילו ניט, צי עס לעבט דאָרט נאָך, צי ניין. פּראַסיאַ וויל אַף צו להכעיס, אַז דעם יידישן ממזר, וואָס זי זויגט זאָל איצט קאַליע ווערן דער מאָגן. זי עסט אומישנע האַרבע זאַכן — זאָל עס „געגנען״ צו אַלדי רוחות, ווײַל ווי אויף צעפּיקעניש באַקומט זי עס פון טאָג צו טאָג אַלץ מער ליב, אָט דעם פרעמדן ממזר. ניט אַזוי ? די באַלעבאַטים אירע זײַנען דאָך „זשידעס״.

— מען דאַרף זיי אויסקוילען דאָ אין שטאָט, אָט די זשידעס. ניט אמת ? אַ ? באָטשקאָ, וואָס זאָגסטו גאָרנישט ?

און זי פּאָטשט אים איבער דער פריש אָפּגעגאָלטער פּיַכטלעכער מאָרדע און שלעפּט אים בײַ אַ וואָנצע, ער זאָל זאָגן.

באָטשקאָ זשמורעט די אויגן, אָטעמט צו זיך אין דער נאָז און דרייט גרינג מיטן פּנים, כדי די וואָנצע צו באַפרײַען. ער דריקט זי צווישן די קניִען, בעת זי זיצט בײַ אים אין שויס, און פילט, ווי אירע פיס אונטערן לײַכטן קליידל זײַנען גלאַט און דראָטיק.

דעם אמת זאָגנדיק, איז אים איצט אַ קלייִנער חילוק, צי מען וועט זיי אַלעמען אויסקוילען, צי ניט, אָט די זשידעס — ער האָט ליב פּראָסיען. אַז ער נעמט זי אָן פאַרן פולן בוזים, ווערט אים אַ שאָד, וואָס אימעצער זויגט זיי, אָט די פולע האַרטלעכע בריסטלעך. ער וויל זיי אַ ביס טאָן.

— דער עיקר — זאָגט ער, — וואָס קוילן דאַרף מען... אַלע האָבן זיך אָנגעזויגן...

און ביידע ווערט דערפון געלענדערדיק און פריילעך.

— וועט מען קוילען ?

באָטשקאָ שמייכלט אין נאָז אַרײַן :

— נאָך אַ מין !..

געטונקלט האָט זיך דעמאָלט די שטאָט ווײַט אונטער נידעריק־פאַרכמורעטע אָסיען־הימלען.

טיטשקעס הינט האָבן גאַנצע טעג באַשמעקט די צויגן, און סאָלדאַטן, וואָס קנאַקן יאַדערן האָבן געקוקט מיט ווילדע אויגן, ווי זיי פּאָרלען זיך, אָט די הינט.

קיל און בלאָטיק איז געווען אַף די וועגן, און נאָך יעדער שנאָץ האָט אַ פּאַררויטלטע סאָלדאַטן־נאָז געוואָלט אָנשמעקן זנותדיק ווײַב אין דער לופט.

באָטשקאָן איז אויסגעפאַלן דער בעסטער חלק — ער האָט געהאָט פּראָסיען.

אין אַ נאַכט פון שבת אַף זונטיק, ווען מיט פּראָסיען אַפן שויס איז ער געזעסן אַף דער געשלאָסענער יידישער ווראַנדע, זײַנען סאָל־

דאַטן אָנגעפּאַלן אַף אַ נגידיש הויז אין צווייטן עק שטאָט לעבן דער שול, ווו מען זאָגט סליחות.

פון דער שול איז מען זיך פונאַנדערגעלאָפן משפחותווײַז זיך פאַרשפּאַרט אין דער היים אַף אַלע טירן, איבערגעוואַרט איך גרויס שרעק אַ גאַנצע נאַכט און נאָך דעם זיך געהאַלטן אין איין דערפרעגן:

— מען האָט געכאַפּט, אַ?

— קיינעם ניט געכאַפּט?

ביז דער אָרטיקער אַפּטייקער — אַ ייִד, וואָס האָט פײַנט ייִדן — האָט אָפּגעשטעלט איין ייִדן אין גאַס און האָט באַ אים געפרעגט משומדיק אַף שטיכיקן געלעכטער:

— זאָגט, איך בעט אײַך: ס'איז דאָ ווער עס זאָל כאַפּן אַ? ס'איז דאָ?

עס איז געשען אין אַ בלאָטיק־וויסטן זונטיקדיקן פרימאָרגן.

דאָס וואַסער אונטער די בריקן האָט דאַן געקוקט קאָלט און שוואַרצלעך, ווי דער ברודיקער טייל פון ווינטער, וואָס רוקט זיך איר אַנטקעגן, און ליידיגייעריש האָבן אַרומגעשנאָרעט אין מאַרק סאָלדאַטן — פּוסט־און־פּאַסט, ווי יום־טובדיקע היצלעס, מיט שאַרפעלעך אַף די העלדזער, מיט פרעמדע אויפגערויטלטע פּנימער, מיט אויגן, וואָס קוקן עפּעס אויס חיהדיק, תאווהדיק און טעמפּ.

אין עק שטאָט, באַ די פאַרבלאָטיקטע בריקן, איז מען געשטאַנען אַרום זיצנדיקע בעטלערס, וואָס פינטלען מיט בלינדע אויגן; געהערט, ווי זיי פּלאַפּלען תשובהדיק און שפּילן־צו; געקוקט, ווי אַ בלינדנס ציטערדיקע האַנט פאַרהאַקט זײַן גלחיש קול מיט גרילץ פון פאָנפעדיקער באַנדורע.

בלינדע פינטלדיקע ווײַסלעכער האָבן, ווי תמיד, געשראָקן מיט מערידעוודיקן יום־הדין, מיט עולם־הבאדיקן צער און־צאָרן, מיט בלוט, וואָס וועט פאַרשווענקען אַ זינדיק־ווערעמדיקע וועלט.

נאָר דער סאָלדאַטישער אויער האָט שוין איצט געהערט אין אָט דעם פּרעפּלען עפּעס ממשותדיקס און נאָענטס, ווי אין באַנאַכטיקן בילן פון יאָמערדיקע הינט. — אַף סאָלדאַטישע פּלייצעס איז דעמאָלט געהאָנגען

אַ פרײַ־אָנגעלאָדענע ביקס, און פון מאַרק האָט זיך פלוצעם דערהערט אַ שיסערײַ. אַ געיעג און אַ געלויף צוריק — מען איז באַפאַלן דאָרט און געראַבעוועט די ערשטע קלייט.

— ס׳האָט זיך אָנגעהויבן!... אָנגעהויבן... האָט מען געשריגן אין לויפנדיקער שרעק.

— און פאַר וואָס? פאַר וואָס?... אין טאַבאַטשנע פאַבריקע האָט מען ניט געוואָלט לאָזן פאַר סאָלדאַטן ביליק טאַבאַק.

די באַלעבאָסטע פון גרויסן ווײַסן הויז האָט זיך דעמאָלט אין דרויסן געהאַלטן אין איין רײַסן מיט פראַסיען, זי זאָל אַרײַן אין שטוב צום קינד.

— דו שטייסט נאַקעט אין דרויסן; דו וועסט זיך פאַרקילן, פראַסיאַ — ס׳וועט קראַנק ווערן דאָס קינד...

נאָר פראַסיאַ האָט ניט געפילט, ווי יענע רײַסט זי פאַרן קאָפּטל, און זי האָט אָפּגעשטויסן רציחהדיק און ווילד. זי האָט געוואָלט שטיין אין דרויסן מיט די צונויפגעלייגטע הענט אַף דער ברוסט, זיך הויקערן און ציטערן פון קעלט, און קוקן, קוקן, ווי מען טראָגט דאָרט פון דער קלייט — מע הערט ניט אויף צו טראָגן.

— זינדיקט, זינדיקט, טײַערינקע — האָט זי שטיל געדאַוונט. מיט קלאַפּנדיקע ציין — סײַ־ווי־סײַ...

זי האָט פון ווײַטנס געזוכט דאָרט באַטשקאָן מיט די אויגן און אים ניט געפונען. נאָר אויך פון דער שטאָט האָט מען אים דעמאָלט געהאַלטן אין איין זוכן, אָט דעם באַטשקאָן. מען האָט באַשלאָסן אים פאַרלייגן געלט.

— זאָל ער אַוועק פונדאַנען מיט זײַן פאָלק ערגעץ אַנדערש... די שטאָט האָט שוין גענוג געליטן.

נאָר אַז מען האָט מיט אים פאַרפירט אַ שמועס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פאָלק וויל גאָר סײַ־ווי־סײַ אַוועקגיין — ער וויל אַהיים. שלעכט איז נאָר, וואָס מען האַלט זיי דאָ — אַף דער באַן־סטאַנציע גיט מען ניט קיין וואַגאָנען מען זאָגט זיי:

— ס׳איז נישטאָ.

— איז אַזוי גאָר?...

— אָט אַזוי־זשע רעדט!

דער אַפּטייקער — דער ייִד, וואָס איז געווען גאָרנישט קיין בעל־

רחמים, האָט טאַקע דעמאָלט סוף־כל־סוף דערוויזן, אַז גאָר אַן אַנדער דין איז, אויב צו אים קומען ייִדן זיך בעטן — טובות קאָן מען טאָן אַפּי־לו ווערים. נאָר זאָלן ווערים וויסן, ווער ער איז.

דאָס געלט, וואָס די שטאָט האָט געקלערט באַטשקאָן געבן, האָבן דורך אים גאָר צוגענומען צוויי באַאַמטע פון נאָענטן וואָקזאַל — די סאַמע עלטסטע. און פּראָפּט־וואַגאָנען פאַרן פאָלק זײַנען מיט אַמאָל געוואָרן. אַלע דינער פון וואָקזאַל האָבן פּלוצעם גענומען צואײַלן דעם פאָלק, האָקן אים מיט גרויס געטרײַשאַפט אין האַלדז־און־נאַקן.

— אַרײַנט! אַרײַנט!

— פאַרכאַפּט, פאַרכאַפּט די וואַגאָנעס.

— גיך, וואָס גיך הייסט.

— אַז ניט בלײַבט מען ווידער אַ האַלב יאָר כסדר; מען וועט גיין איינציקווײַז צופוס...

אין אײַלעניש האָבן זיך געפּאַקעוועט די וואַגאָנען; מען האָט זיך אַהין געקוליעט, געקוליעט — געפּעק איבער מענטשן, מענטשן איבער געפּעק, געהאַט נאַסע פאַרשוויצטע פּאַטלעס, קורצע אָטעמס. ביידע גרויסע גלעקער — קיין רגע ניט געשוויגן. מען האָט געקלונגען אומישנע, כדי צו פאַרגרעסערן דעם אײַלנדיקן געפילדער און פאַרטומלען אַלע קולות פון אַרויס און אַרײַן און פון „זײַט־געזונט”.

— בלײַב געזונט, פּראָסיאַ!... אַ? פּראָסיאַ.

באַטשקאָ — דער סאַמע עלטסטער — איז צום לעצטן מאָל דאָרט געשטאַנען אַקעגן פּראָסיען, געווען אויסגעפּוצט אין אַלערליי געווערן און קיין צײַט ניט געהאַט זיך אײַנצוקוקן אין אירע פאַרטרערטע אויגן — אַזוי גיך איז מיט זיי דער לאַנגער פּראָנט־צוג פאַרשוווּנדן.

די לאָקאָמאָטיוון — צוויי: איינער פון פאָרנט דער אַנדערער פון הינטן — האָבן שטאַרק גערויכערט; די ערשטע סטאַנציעס, אַ וויאָרסט נײַנצן, אָפּגעלאָפן אָן אָטעם, זיך ניט אָפּגעשטעלט. נאָר פאַרנאַכט אַף איינעם אַ גרויסן וואָקזאַל אָוועקגעאײַלט כלומרשט טרונקען, אָנלאָדן זיך מיט קוילן, און זיך מער ניט אומגעקערט. פאַרשוווּנדן, ווי ניט געווען.

האָט מען אַזוי אָפּגעוואַרט אַ גאַנצע קילע נאַכט געבראַכן ברעטער

צוליב די צעלייגטע פײַערס לעבן די וואַגאָנעס, זיך געוואָרעמט ווי די מאַלפּעס און אַלץ גערעדט וועגן די צוויי פאַרשווונדענע לאָקאָמאָטיוון.

— אַט־אָ רוחות! שוואַרצע אַזעלכע, פאַרקוילטע. און שווײַגנדיקע, ווי שטומע. רעד צו דעם — ס'ענטפערט ניט. פאַרקעט, פאַרקעט, הייצט און דרייט און אַלץ אָן לשון, ווי ס'זעט דיך ניט. אַט־אָ רוחות! איז אָט פאַרוואָס דאָס האָט געשוויגן?!

— אַך, ווען מען פאַקט זייביידן איצט.

און אין זוויל האָט מען מיט אַמאָל פאַרגעסן. גלײַך מען איז שוין דאָרט מער ווי אַ יאָר ניט געווען.

גאַנץ פרי איז מען אַוועק מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן אָפּן וואָקזאַל פאָדערן נײַע לאָקאָמאָטיוון. אַוועק איז מען אַהין מיט אַכזריותדיקן זיכער. נאָר אומגעריכט געטראָפן דעם גרויסן וואָקזאַל פאַרוואַלגערט מיט ברואים. פאַרכראָקעט און ברודיק־טונקל, ווי אין אַ קאַזאַרמע. קײַענדיקע און שנאָרכנדיקע פנימער אַף די דילן האָבן זיך געטוליעט, ווי ברודיק־קראַנקע אין אַ שפּיטאָל, געקוויטיקט און געשנאָרכעט מיט גרויסער גלײַכגילטיקייט צו אַלץ, וואָס אַף דער וועלט קומט פאָר. און אין זײַטיקן ברודיקן צימער האָבן די עלטסטע וואָקזאַל־לײַט אויך אַזוי גלײַכגילטיק געקוקט אַף זיי, די אַרײַנגעקומענע, וואָס שטעלן אַף זיי אָן די ביקסן, — געפּינטלט מיט די אויגן, קנאַפּ געהערט, וואָס מען רעדט צו זיי, און פון גרויסן אַלץ איינס ניט אָפּגעענטפערט, מיט קיין וואָרט, גלײַך זיי זײַנען שוין טויזנט מאָל געשאָסן געוואָרן, און דאָס איבעריקע מאָל געשאָסן ווערן וועט אין זיי גאָרנישט אומבײַטן — סײַ־ווי־סײַ לעבן זיי שוין נאָכן טויט.

דעמאָלט האָבן פאַרשיידענע סאָלדאַטן זיך גענומען אָנהענגען אָן פאַרשיידענע צוגן, וואָס רוקן זיך אַדורך פאַרבײַ דעם גרויסן וואָקזאַל. מען האָט זיך נאָר דערפרעגט:

— און קיין נאָטשאַלסטוואָ איז שוין נישטאָ, אָ? — אין ערגעץ נישטאָ?

דער פאָלק האָט אָנגעהויבן אויסרינען, צעקריכן און ניט ווערן.

באָטשקאָ און זיק האָבן גענומען אַרומשנאָרען צווישן די פּילע עשאַלאָנען, וואָס שטייען דורכויס אַף די רעזערוו־ליניעס; אַרײַנגערוקט אומעטום די נאָז און אומעטום נאָכגעפרעגט:

— ווהין פאָרט מען, אַ? חברים?...

— אַהיים.

— און ווי לאַנג שטייט מען דאָ?

— פינף טעג.

— מיר אַ וואָך שוין.

— און מיר צוויי.

— און נאַטשאַלסטוואָ, אַ? נישטאָ?... אין ערגעץ נישטאָ?

לעבן איינעם, גאָר אַן עקסטן עשאַלאָן, — אַ שרעקלעך לאַנגן און אַ זמטיקן, ווי אַ פאַרגעסענער — האָט זיך געדרייט אַ לאָקאָמאָטיוו, אַ גרויסער, אַ גרינלעכער, כמעט אַ נײַער, גלייך ער לערנט זיך נאָך צום ערשטן מאָל גיין, נאָר אַז ער וועט זיך אײַנשפּאַנען וועט ער אַוועק. קיין אויג וועט אים ניט כאַפּן.

— אַ, ווהין פאָרט מען? — האָבן דאָרטן באַטשקאָ און זיק זיך אַ פרעג געטאָן.

קיינער האָט נישט געענטפערט.

— מען פאָרט ניט — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט איינער, נאָך גאָר אַ יונגער, וואָס לאַטעט דעם שינעל.

נאָר די איבעריקע האָבן דאָרט אין וואַגאָן אַ קוק געטאָן אַף אים בייז, גלײַך ווי זיי ווילן זען, צי ער וועט נאָך אַמאָל פּלאַפּלען, צי ניין.

— אָט די פאָרן ערגעץ, אַ? באַטשקאָ?

— קלאָר.

און ביידן האָבן באַנײַס געגומען זיך דאָ אַרומדרייען, זיך שאַרן אַרום דעם עשאַלאָן.

פאַרנאַכטלעך האָבן זיי דאָרט אין עקסטן וואַגאָן באַמערקט איינעם אַ שוואַרצלעכן אין אַ סטודענטישן מאַנטל. ער זיצט אַפן מיסטיקן דיל צווישן אַ סך שלאָפנדיקע. דער דאַשעק פון דעם סטודענטישן היטל איז אים געווען פאַררוקט צו איינעם פון זײַנע נישט־געווינלעך גרויסע צעקנייטשטע אויערן, און אַליין האָט ער אַף גיך געגעסן, געזוכט מיט אַ הילצערנעם לעפל פון גרויסן שוואַרצן טאָפּ,

וואָס שטייט באַ אים צווישן די פיס. זײַנע געשווינדע אויגן האָבן געפּלוידערט מיט די בליקן, אפילו דאַן, ווען זײַן מויל האָט אין אײַ־לעניש געקײַט.

— וואָס דרייט מען זיך דאָרט אַרום ? — האָט ער סוף־כּלסוף באַ באַטשקאַן און זיקן געפרעגט.

— מ׳וויל אויך פאָרן — האָבן ניט זיכער זיך אָפּגערופן יענע.

— ווּהין ?

— ווּהין איר פאָרט.

— ווּהין מיר ?

דער שוואַרצלעכער אינעם סטודענטישן מאַנטל האָט מיט אַמאָל אויפגעהערט קײַען. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן, זיי אַ קוק געגעבן שאַרף אין די אויגן.

— קיִעוו ברענט — האָט ער געזאָגט.

— וואָס הייסט ?

— אַזוי, פון אַלע דרײַ זײַטן ברענט זי.

— שוין לאַנג ?

— דעם פינפטן טאָג.

— ס׳אי דען, אַ ?

— מען וויל דאָרטן אַרויפזעצן דעם אַלטן צאַר.

— איז וואָס דאַרף מען טאָן ?

— פּכע... צו הילף גיין אונדזעריקע — די „גרויסע״...

— און מיר זײַנען דאָך אויך „גרויסע״...

— איז וואָס־זשע שטייט איר ?

— נו, וואָס זאָלן מיר טאָן ?

— איז אַרײַנעט אַהער צו מיר אין וואַגאָן. אַף גיך, אַף גיך. אָט גייט צו דער לאָקאָמאָטיוו.

איז אָט:

אין דער פינצטער האָבן זיך זיי דאָרט אין וואַגאָן אָנגעטראָפן מיט אַנדריוקן — דעם דריייער און צעטראָגענעם פּלוידערזאַק, וואָס האָט אַ ברודיק, אַ שטעכיק פּנים מיט אָן אַ שיִער כיטרע, טיפע קנייטשעלעך אַף די באַקן, און מען קאָן ניט וויסן, צי איז ער יונג, צי ער איז אַלט. באַנאַכט, ווען דער צוג האָט שוין שטאַרק געטרייסלט און אַלע

אַרום זײַנען געשלאָפֿן, האָט ער זיי געוווּנקען אָפּן שוואַרצלעכן אינעם סטודענטישן מאַנטל און זיי בסוד דערציילט, אַז דאָס איז פּעטרון — אַן אַגיטאַטאָר. ער פֿירט אַלעמען אַף קיִעוו. ער האָט שוין אַ סך עשאַ־לאָנען אָוועקגעשיקט, און איצט פֿאָרט ער אַליין מיטן לעצטן. אים גלייבט מען. ער זאָגט דעם ריינעם אמת.

פֿון דעמאָלט אָן האָט באַטשקאַ מער פּראָסיען ניט געזען. פּעטרון האָט אים ניט אויפֿגעהערט צו שווערן, אַז אָט, ווי ער זעט אים, פּע־טרונען, לעבן:

— פֿון דיר, באַטשקאַ, קען אַרויס אַ מזיק. הערסט, וואָס מען רעדט צו דיר? אַ מזיק. קענסט לייענען און שרײַבן?

— איך קען.

— איז אָט, מער דאַרף מען ניט.

נאָר באַטשקאַ האָט געוואָלט, אַז פֿון אונטן זאָל שטיין פּראָסיאַ און זאָלן הערן. זי האָט צוגעזאָגט וואַרטן און בענקען. אויב ער וועט אַזוי גיך זיך ניט אומקערן, וועט זי גיין צו אים, ווו ער זאָל ניט זײַן. זי וועט אים אויפֿזוכן געפֿינען. ער האָט געוואָלט צוריק צו איר, און איז געגאַנגען מיט פּעטרונען אַף קיִעוו, און איז נאָך דעם מיט פּעטרונען פֿון קיִעוו אַנטלאָפֿן. אים האָט די גאַנצע צײַט געצויגן צו איר אַף דרום, און אַליין איז ער אין איינעם מיט זיקן געגאַנגען אַלץ ווײַטער אַף צפֿון, זיך אויסבאַהאַלטן דאָ אין שטילן זומפּיקן געריכטעניש פֿון ווײַטע אומבאַקאַנטע וועלדער. נאָר פּראָסיאַ...

— אַ? פּראָסיאַ?

צי האָט זי נאָך אַלץ געזויגן דעם פֿרעמדן ייִדישן ממזר? צי האָט זיך שוין ניט אומגעקערט אַהין צוריק איר פֿריצל... צי אפֿשר האָט זי אים שוין געזוכט אין קיִעוו און איצט שפּאַנט זי ווײַטער אַף צפֿון, אָט די פּראָסיאַ? מעגלעך, אַז זי גייט איצט און גייט. זי איז שוין נאָענט.

באַטשקאַ איז אַלע פֿאַרנאַכט אָפּן וואָלפֿישן אופֿן געזעסן באַם פֿײַער, אַנגעבויגן איבער איר קליינעם פֿאָטאָגראַפֿיש־בילדל געדרימלט מיט אַלע געהירן. נאָר וואָס לענגער זײַן נידעריקער בליק האָט זיך אײַנגעזויגן אי־נעם שיקסלס אייגעלעך, אינעם נעזל און אין די ציינדלעך, אַלץ שטאַרקער האָט באַ אים געזויגן אונטער דער ברוסט, און דער שאַרפֿער אַנגעשטרענג־טער געהער האָט זיך געצויגן צו יעדן מינדסטן שאָרך, וואָס קען אין דער

ווײַטער פאַרנאַכטיקער וואַלד־שטילקייט אָנגענומען ווערן פאַר פרעמדע אומבאַקאַנטע טריט. ביז איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט האָבן ווירקלעך פרעמ־דע אומבאַקאַנטע טריט אַהער אין דער זומפּיקער דיליאַנקע זיך דערהערט, נאָר שווערע אַזעלכע און ניט זיבערע, גלײַך די טרוקענע צווײַגן פאַרטראַכ־טן זיך דאָרט אַלע ווײַלע און קווענקלען: זאָלן זיי זיך ווײַטער ברעכן אונ־טער אָט די טריט, צי ניין...

עס איז דעמאָלט ווידער געווען אַ שטילער זומערדיקער פאַרנאַכט — אַ לעצטער שוין, גאָר אַ לעצטער, ווי בײַ אַן אַלטן טאַטן אַ געראָטענער מעזיניק.

אָנגעלייגט, ווי פאַר זיך אַליין, האָט זיך דאָן אין גאָרן וואַלד מאָדנע שטיל געוויקלט אַ געשאַנק — אַ פאַרשפּעטיקטער וואַרעמלעכער שווײַגן האָט זיך געדעמפּט, ווי מיט אומזיכטבאַרן שמעקנדיקן רויך.

און ווידער האָט דאָן הויך, איבער פּאַטלאַטע ביימער־קעפּ, נאָך העל געברענט דער טאָג, און פון אונטן אַף זומפּיק־קילן באָדן, האָט שוין פעסט געצויגן מיט קילן קעלער. באַטשקאָ און זיק זײַנען אַלץ געזעסן בײַם פײַער, ווי אַן אָטעם, געהאַט אויסגעצויגענע פּנימער און געהאָרכט, געהאָרכט, ווי שווערע טריט ברעכן אַ צווײַג ערגעץ אָט דאָ, אין דער אַרומיקער שטיל־קייט, צעברעכן גנביש, קווענקלענדיק און בלײַבן שטיל, וואַרטן אויס און דערנענטערן זיך דאָ, קומען צו, צווישן די ווײַטע גראָבע שטאַמען טוט דאָרט סוף־כּל־סוף אַ שווינדל עפּעס אַ שוואַרצס, אַ מיטלוווקסיקס, אַ געפּאַקטס; עס פאַרשווינדט אַף אַ רגע און באַווײַזט זיך ווידער, שוין נעב־טער — אַ פּריצל איז דאָס, אַ ווילד־פרעמנדס. די נײַע לאַקירטע שטיוול כאַפּן בײַ אים דעם קאָסע־שטראָל פון דער זון, טוען אַ שוואַרץ־שפּיגלדיקן גלאַנץ און לעשן זיך, צוריק אויס. עס קוקט זיך אײַן פון ווײַטנס דאָס פּריצל. עס דערנענטערט זיך און קומט צו מיט אַ קלוגעטשקן פּנים פול מיט קנייטשן, אַזוי אַז מען קען ניט וויסן, צי ס׳איז יונג, צי ס׳איז אַלט אָט דאָס פּנים, און עפּעס שטאַרק קענטלעכס איז אין דעם פּאַראַן — ס׳איז אַנדריוקס פּנים.

— אַנדריוק? ... אַ? אַנדריוק?

דאָס פּריצל האָט פאַרמאַכט איין אייגל און מיטן צווייטן האָט עס געגעבן אַ ווונק. געהייסן האָט עס:

— שאַ!.. ס'איז איך.

— פונוואַנעט איז? אַ? אַנדריוק?

— פון ווײַט, אַזש פון אונטער כאַרקאָוו.

— און ווער האָט געשיקט?

— פּעטרון. ער אַליין, — מיך אויסגעפּוצט. אַט ווי איר זעט... געהייסן אײַך אויפזוכן — ניט קומען אַליין. און געלט געגעבן אַפן וועג. מיך אויסגעפּוצט, אַ?

אַנדריוק האָט געקוואָלן מיט די ציין. דער נײַער שוואַרצער אַנצוג איז אַף אים געזעסן לעפּיש און שטאַרק גראָם. דער רויטער שניפּס איז אים געווען פאַררוקט אָן אַ זײַט, און אַפן האַלדז האָט ער געטראָגן עפּעס אַ מאָדנעם פּאַפּירענעם קראַגן, אַ שטאַרק ווײַסן, אַזוי אַז לעבן אים האָט זײַן גראָבער צעהאַקטער האַלדז מיטן געקנייטשטן פּנים אויסגעזען שטאַרק ברוין, ווי מיט סמאָלע אַפּגעשמירט.

— שיין אַנגעטון? — האָט ער געקוואָלן, — אַ? דאָס האָט אַלץ ער, פּעטרון... געהייסן אויפזוכן — אײַך און נאָך פיל אַנדערע... אַליין צוריק ניט קומען...

— וואָס איז דען, אַ? אַנדריוק

— אַזוי.

אַנדריוק האָט זיך אַרומגעקוקט, זיך צוגעבויגן:

— ס'איז דאָ אַ רעוווקאָם, — האָט ער פלווידערנדיק געסודעט — אַ באַהאַלטענער.

— ווו?

— אַלץ דאָרט, אונטער כאַרקאָוו.

— נו?

— דאַרף מען גיין אַהין. פּעטרון האָט געזאָגט: „מען דאַרף אײַך האָבן".

באָטשקאָ איז אַזוי אַ ווײַלע געשטאַנען אַ קעגן אַנדריוקן און האָט צוגעפּײַפט — ער האָט באַטראַכט אַף אים די בגדים, איבערהויפּט — די שטיוול מיט די נײַע גלאַנציק־לאַקירטע כאָליאַווקעס.

ער האָט אַ גלעט געטאָן אַף רעכט און לינקס די וואָנצעס. אים האָט

זיך שטאַרק פאַרוואָלט אַף דרום צו פּראָסיען. גיין וועט ער איצט געוויס מיט אַדריוקן און מיט זיקן אַף צפון צו פּעטרונען — נאָר אָט אַ שטיי־גער: ווען ער פּוצט זיך אויס אין אַזעלכע בגדים, ווי אַנדריוק, און שטעלט זיך אין זיי אַרײַן קיין זוויל — צו פּראָסיען...

— אַנו, — האָט ער געזאָגט, — אַנדריוק... אַ שטייגער, למשל, אַף אַ מינוטקעלע... וואַרף נאָר אַראָפּ פון זיך.

און ער האָט דאָ אָפן אָרט גענומען אַף זיך אָנמעסטן אַנדריוקס בגדים.

אַנדריוק האָט געוואָלט באַלד די קליידער צוריק באַקומען און האָט געחנפעט:

— פון דיר באַטשקאָ, זאָגט פּעטרון, קאָן אַרויס אַ מזיק. הערסט וואָס פּעטרון זאָגט ווען דיר? — אַ מזיק, זאָגט ער. איך דאַרף אים דאָ האָבן, זאָגט ער — איך דאַרף אים דאָ האָבן...

דערנאָך האָט מען זיך אײַנגעפּאַקט און זיך תּחילת אָוונט אָוועקגע־לאָזט.

באַטשקאָ האָט געשפּאַנט אַף פריַער.

ער האָט געבענקט קיין דרום — געגאַנגען איז ער אַף צפון.

# III

## שטורעם־זויסבאַהאַלטענער און פליסיקער

תשרידיק איז געווען פון אויבן, העכער דעם גאַס־רעגן. און פון אונטן האָט אַ גרויסע הילצערנע באַן־סטאַנציע געשטעקט אין טונקלקייט, ווי געדראָלן — איר נאָמען איז געווען אָפּגעמעקט, אָפּגעריבן. אַ באַן־סטאַנציע האָט ווי אַף אייביק איר נאָמען פאַרלוירן, פאַרלוירן.

עס גיסט אַ רעגן.

באַלעגערט, ווי אַ נבילה, האַלט דאָרט שעהנוויַז אַ לאַנגער שלעפּ־צוג איין רגע פאַר אָפּגיין — ער מיט די אומזיסטיקע הענט און פיס וואָס באַהענגען אַלע זייַנע דעכער און זייַנע טרעפּ, און מיטן אַלטינקן לאָקאָמאָטיוו, וואָס שווענקט זיך מיד פון פאָרנט, שמעקט מיט קרענקלעך־הייסן אָטעם פון איבערגעברענטן בוימל און רייכערט אומגלויביק:

— שלעפּן וויַיטער, אַ? כ׳וועל דערשלעפּן?

אַ מבוסמדיקע בריאה שאָקלט זיך אום דאָרט, ווי אַ קליפּה פאַרביַי די רעדער, אַ שמייכלענדיקע בריאָה, טראָגט אַ קנעפּל פון אַן אינזשיניער באָם היטל, האָט אַ רויטע נאָז און טיַיטלט אַלץ אַפן לאָקאָמאָטיוו מיטן שטעקן.

— פאַרמאַטערט ביסטו, אַ? גוטער־ברודער... אַ שווערע עלטער. זאָג דעם אמת: ניט באַדאַרפט גאָר אָנהייבן — מיר האָבן פיַינט מאַשינען.

— מיר, רוסן... כע!

סוף־כל־סוף רירט ער דער צוג פון אָרט.

אין פול־געפּאַקטן וואַגאָן, ווּהין דער, וואָס מיטן אינזשעניער־קנעפּל, קוועטשט זיך אַריַין, איז האַלב פינצטער. אין רויכיק־שטיקנדיקן לופט בלאָסן זיך אָן אַ שיער מטושטשע פנימער, גראַגערן ווי אַף אַ שמיַידיק־דורשטיקן יאָר־יאַריד. און דער, וואָס מיטן קנעפּל, זיצט דאָרט אין גרויס ענגשאַפט אַף אַ באַנק, שמייכלט מיט דער מבוסמדיק־רויטער נאָז און האַלט ביידע הענט אַף דער גאַלקע פון זיַין שטעקן.

— אַ רוסישער מענטש, — זאָגט ער, — האָט פֿײַנט מאַשינען, כע! רוסישע ערד איז ברייט און ווייך. אַקער זי כאָטש מיט אַ דעם שטעקן. און אַ מאַשין איז טמא. אַלץ פֿון אים, פֿון אַנטיקריסטוס קומט זי... כע!

ער ווינקט צו זײַן שכן, אַן אַלטער פּויער. ער הערט ניט אויף צו ריידן:

— אַ רוסישן מענטשן האָט מען אַ באַן אַנגעהאַנגען, וואָס? אַנגע־האַנגען, אַנגעהאַנגען.

און פּלוצעם הויבט ער אָן דעקלאַמירן:

פּריאַמאַ דאָראָזשענקאַ: נאַסיפּי אוזקיע,
סטאָלביקי, רעלסי, מאָסטי.
אַ פּאַ באָקאַם־טאַ — וסיאַ קאָסטאָטשקי (* [illegible]

— אַלץ ביינדעלעך רוסישע...כע!

נאָר קיינער הערט אים ניט. פּויערישע קלומקעס שטינקען דורכויס פֿון אונטער געזעסער און פֿון אונטער בענק. פּויערים ווערטלען זיך פֿון איבער ווענטלעך, פּנו איבער פּעק און — אַלץ וועגן דעם דײַטש, וואָס האָט שוין אויך עפּעס אומרויִקס באַ זיך אין דער היים; וועגן די פּריצים, וואָס צעלויפֿן זיך שוין ווידער אין גרויס שרעק:

— זיי לאָזן איבער האָק און פּאָק.

— הפקרדיקע הויפֿן.

אימעצער רויכערט, רויכערט און שפּײַט אויס:

— איצטיקס מאָל — אַן עק, אויס... כאָפּסט אַ פּריץ, שפּאָלט אים דאָ אָפּן אָרט, ווי די בוטוויניקער — זייער גראַף, אַז ניט קומט ער נאָך דעם ווידער.

צי מיט וועמען, צי מיטן דײַטש.

— אַט אַט ,אַט — אַ גיפּטיקס איז עס, אַט דאָס פּאָלק.

— און ייִדן אויך; ייִדן זײַנען מיט זיי.

— ניין, וואַרט. איך קען אַ ייִדן...

— שאַ דאָרט, שטיל. לאָז אויסריידן אַ וואָרט.

---

*(גלײַך אַ וועגעלע: אָנשיטן שמאָלע, סלופּקעס, רעלסן, בריקן. און באַ די זײַטן — אַלץ ביידלעך רוסישע...

עס שמייכלט קלוג אַן אַלטער גוי, אַ קרעפּטיקער, אַן אַ היטל, מיט אַ צלמל אַף דער העלער סוויטקע און מיט נידעריקע, קוים גראָע האָר. ער האַלט אַרויסגערוקט זײַן שמייכלדיקן קאָפּ פון צווישן אַ שפּאַלט איבער אַ באַנק און קרימט נאָך דעם דײַטשישן אומפּאַרשטענדיקן לשון:

— גער־גער־גער, גערגער!

די דײַטשן, קלאָגט ער זיך, האָבן אין זײַן דאָרף געשמיסן פּאַר גע־הילצער, וואָס מען האָט געבראַכט פון פּריצישן וואַלד, און פּאַר אומזיס־טיקע זעקלעך מעל פּונעם יידנס מיל — געגעבן האָט מען דאָרט יעדן צו נײַנציק און זיך שטאַרק געבייזערט אַפן פרעמדן לשון:

— גער־גער־גער, גערגער! — מאַכט נאָך דער אַלטער גוי.

און דערבײַ האַלט ער זיך די גאַנצע צײַט קלוגערהייט מיט ביידע הענט פאַר יענעם אָרט, וווהין מען האָט דעם גאַנצן דאָרף אָרײַנגעציילט די נײַנציק.

— „באַבעס", — זאָגט ער, — אויך ניט געשאַנעוועט. אָ־אָ! נאָך אַ מין. און נאָך דרײַ יונגע „באַבעס" האָבן זיך ניט געוואָלט לייגן; אַנט־לאָפן אַהין... קיין אָרשע — צו די „גרויסע".

אימעצער האָקט איבער:

— ניט נאָר אין אָרשע שטייען זיי די „גרויסע".

און דער גאַנצער וואַגאָן הייבט אָן צו מאָלן:

— אַ סך נעבנטער.

— אַ וויאָרסט אַכציק אונטער כאַרקאָוו.

— דער קאָזאַק שפּאַרט זיי פון דרום, זיי וועלן ניט קומען, זאָגסטו?

— זיי וועלן קומען, קומען.

— איך זאָג: אונדזערע וועלן ניט דערלאָזן — אונדזער מאַכט.

— ווער? — איר? אָט אַ די־אָ?

און אַלע זײַטלען זיך מיט די אויגן אַף אַ פּאָרל מיט אוקראַיִנישע הערבן באַ די היטלען, וואָס זיצן אין טונקעלן עק וואַגאָן און שווײַגן. ס'איז באַטשקאָ און זיק — ס'איז באַטשקאָס אויפּטו געווען — אָט דאָס, וואָס זיי האָבן אַפן וועג אָנגעטאָן היטלען מיט אוקראַיִנישע הערבן. נאָר לאַנג קוקן קוקט מען ניט אַף זיי, ווײַל אַ יידיש ייִנגל הייבט דאָרט אָן צו ריידן. ס'דאַכט זיך: ער האָט געהאַט אַ טעות — ער וויל דאָ אין מיטן וואַגאָן אַרויפקריכן אַף אַ באַנק און האַלטן אַ רעדע. נאָר יענער, וואָס מיטן איב־

זשיניער־קנעפּל באַם היטל, טוט אים דער ערשטער פון אַקעגן אַ שטורך מיטן שטעקן:

— דו, ס׳בישט דײַן עסק, ביסט אַ „זשיד״.

און נאָך:

— האָסט נישט געטראָפן ווען חנפענען.

און פון אַלע זײַטן הייבט מען אים אָן שטויסן. מען גיט אים קלעפּ. עס פאַלט בײַ אים אַראָפּ דאָס היטל. ער וויינט מיט אַ פאַרקרומט בעט־לעריש פּנים און קוקט זיך אַרום אין אַלע זײַטן. אַרום דער נאָז נעצט אים עפּעס רויטס, נאָר זײַן קול הערט מען ניט, און ס׳איז עפּעס מאָדנע: מאָד־נע: ווי אַזוי די קלעפּ, וואָס ס׳האָבן דאָ אַט־אַט געזאָלט כאַפּן זיי — באַטשקאַ און זיך זײַנען אַריבער צו אים, צו אָט דעם בחורל. באַטשקאַ גלעט אַף רעכטס און אַף ל׳ינקס די וואַנצעס. ס׳ציטערט בײַ אים אַ וויִע. נאָר זיך זיצט דערבײַ און האַלט אים אָפּ.

— זיך אײַן, באַטשקאַ, הער, וואָס איך רעד צו דיר. זיך אײַן, זאָג איך.

זיי בלײַבן אַזוי זיצן איינער אַקעגן אַנדערן אַף די קלומקעס, ריי־כערן מאַכאָרקע און שפּײַען. מיט יעדן שטאַרקן צי ווערט באַטשקאַס פּנים באַלויכטן אין אַ רציחהדיק־בייזער פאַרב. נאָר וווהין איז אַנדריוק פאַר־שווונדן? צי איז ער ניט דאָרט אין ווינקל, וו מען גיט דעם ייִדישן בחורל קלעפּ? אַז מען טוט אים אַ זוך, געפינט מען אים אינעם מיטן וואַגאָן לעבן יענעם אַלטן גוי, וואָס האָט פריִער אַ ביסל דערציילט, ווי אַזוי די דײַטשן האָבן געגעבן שמיץ און ווי אַזוי די פּריצים לויפן. ער ליגנערט דאָרט מיט אַלע קנייטשן אַפן פּנים און האַלט זיך אין איין דערפרעגן:

— פּוסטעווען, הייסט עס, אַלע די פּריצישע הויפן? וועלן איצט די פּריצים שוין מער ניט קומען?

זיך שלעפּט אים פון דאָרט און נעמט אים, אַפן צימבל:

— וואָס דאַרפסטו פּריצישע הויפן, אַ? אַנדריוק.

אַנדריוק זעט אויס צעטומלט, ליגנערט מיט אַלע קנייטשן אַפן פּנים און קוקט זיך אַרום אין אַלע זײַטן:

— מאָרגן, — שעפּטשעט ער, — קומען מיר דאָך. מאָרגן...

— ס׳איז־דען? אַ?

אַנדריוק קוקט זיך ווידער אַרום.

— אין אַ פּריצישן הויף איז דאָך ער דאָרט...

—פּעטרון, אַ ?

ששש!... ער אַליין.

נאָר אַז אַדריוק שווערט זיך, דאַכט זיך: ער פּלוידערט מיט אַלע גלידער און חושים. באַטשקאַס אויגן לאַקערן און היטן יעדן מינדסטן ריר פון אַ קנייטשעלע אַף זײַן ליגנעריש פאַרשוואַרצט פּנים — ער איז פּעיִק אַף אַלץ, אָט דער אַנדריוק — דאָרט אינעם געווונטשטן „אונטער כאַרקאָוו״, צי נאָך ערגעץ פריִער אַפן וועג האָט ער שוין געקענט האָבן פאַרקויפט זייערע ביידנס — באַטשקאַס און זיקס —נשמות. און ביליק אַלץ, ווי אַנדריוק קען — אַ גילדן אַ נשמה.

— איז נו, געדענק.

— נו, נו, נו.

— זאָגסט דעם אמת ? אַ ? אַנדריוק.

— דעם ריינעם אמת.

— פּעטרטן וואַרט אַף אונדז ?

— ער וואַרט. ער וואַרט.

אינעם געווונטשענעם „אונטער כאַרקאָוו״ איז אין מיטן פעלד אונטער אַ שטאָט געשטאַנען ניט מער, ווי אַ פּוסט־געשלאָסענער פּריצישער הויף.און אַן אַלטמאָדישע פּריצישע שטאַל, אַ געמויערטע און אַ לאַנגע האָט דאָרט ניט אויפגעהערט צו פרייען זיך מיט אירע פיל לופט־פענצטערלעך אין דער הייך, כאָטש קיין פּריצישע אויסגעשטאַנענע פערד האָבן שוין מער אין איר מיט די פיס ניט געטופּעט ; טויטע שוואַרצע ראָבן האָבן פון אירע פאַרשטויבטע באַנטעס אַראָפּגעהאַנגען, ווי אין טרויעריקן פּוסט־און־פּאַסט און מער קיינעם פון קיין שדים ניט געהיט, — די שטאַל איז געווען פּוסט.

אינעם קליינעם טיפן ערד־שטיבל לעבן איר, אַף אַ הויכן שטרויענעם געלעגער, וואָס איז באַהאַנגען מיט פיל פערדישע דעקטיכער און שמעקט מיט האַרבן ריח פון אויסגעשטאַנענע פערד און פון פליי, האָט אַנדריוק זיך געוואַלגערט דעם גאַנצן ערשטן טאָג נאָכן קומען. געלעגן

מיט דער „דודע" אין די הענט אָפּן רוקן און אָן אויפהער, מיט לאַנגן, לאַנגן אָטעם געפּרעפּלט זײַן איינציקן ניגון, וואָס האָט פאַר דער מלחמה זיך געצויגן די גאַנצע זעכצן יאָר, זינט ער, אַנדריוק, איז דאָ באַם פּריץ אַ פורמאַן געווען. קיינער וואָלט דעם דאָזיקן ניגונס דריידלעך און ציקע־לעך נאָכזונגען ניט געקאָנט — דאָס איז געווען דער ניגון פון אַנדריוקס פּליאָסקעדריגעדיקע טענות צו דער וועלט. פאַרקריפּלטע טענות און גע־שטופּלטע — פון און פול מיט שטופּלען.

— און ווו זײַנען די פערד ? — האָט באַטשקאָ געפרעגט. ער איז געווען אַ ליבהאָבער פון פערד. זייער איבערגעלאָזטער ריח האָט אים דאָ, מער ווי אַלע, געקיצלט אין דער נאָז.

— באַ די פּויערן פון כוטאָר, — האָט געזאָגט אַנדריוק, — כע ... גריגאָר אַקערט דאָרט מיטן ראַבן אָגער.

— און ווו איז דער פּריץ ?

— אין שטאָט איז ער. אָט דאָ ניט ווײַט באַ די ייִדלעך מעלקט אַליין די בהמות. כע ...

פון צווישן די פּאַר ציין, וואָס פעלן אַנדריוקן פון פאָרנט, האָט זיך באַוויזן דער רויטער שפּיץ פון זײַן צונג. ער האָט ווידער גענומען די „דר דע" אין מויל אַרײַן, נאָר באַטשקאָ האָט ניט דערלאָזן.

— הער אויף צו גרילצן.

—ס'איז־דען ? אָ ?

— דערעס ניט, אַז מען רעדט צו דיר. ווען קומט פּעטרון, אָ ?

— ער וועט קומען.

אַרום דעם פּריצישן הויף מיט די דרויסנדיקע פאַרפּראַלטע לאָדן איז אַ יונג שיטער וועלדל געווען אויסגעהאַקט פּריש און ווי אַף צו להכעיס ; ניט צוליבן נוצן, נאָר פּשוט כדי קיין וועלדל זאָל אַף דער וועלט ניט זײַן און ס'זאָל דאָך אימעצן אייביק פאַרדריסן, הלמאי ס'איז דאָ אַמאָל אַ וועלדל געווען.

די יונגע שטאַמען זײַנען געווען אָפּגעהאַקט אָן אַרשין און צוויי הע־כער דער ערד. זייערע געלע אָפּשניטן האָבן פאַרנאַכט אַקעגן דער פאַר־גייענדיקער זון, זיך געפלעקט קרענקלעך־אַנגעווייטיקט, ווי ניט פאַרצוי־גענע געלבלעכע ווונדן, און געהאַט תּביעות צו דער וועלט.

אַנדריוק האָט דאָרט געזוכט שפּענער אַף צו הייצן, געקוקט, גע־

קוקט, ווי אַ פרעמדע צויג שפּילט דאָרט מיט אַ פרעמדן הונט, און פּלוצעם געוומען און אָט די הינט פאַרטריבן פונקט אין יענער רגע, ווען זיי הייבן אָן הנאה האָבן איינער פונעם אַנדערן.

דער נאָך זײַנען אַלע דרײַ, אַנדריוק,באַטשקאַ און זיק געשטאַנען דאָרט אין עק אויסגעהאַקטן וואַלד באַם פלויט און געקוקט צום נאָענטן גרינעם פעלד, וואָס בידעריקט זיך אַ פּאָר וויאָרסט צו אַ טאָל. נאָך ווײַטער ענדיקט זיך עס מיט רוי־פאַרענדיקטע קאַזאַרמעס אַף אַ באַרג און מיט אַ קלייגער ענג־פאַרבויטער שטאָט, וואָס באַווײַזט פון דאָרט איר בלינדן אונטן.

רויטע און גרינע דעכער בליאַסקען דאָרט אין בלאָער לויטערקייט אַקעגן זון, און נאָך העכער זילבערט איצט איר גאָלד — אַ בינטל צלמים פון אַ קלויסטער.

ס׳טוט אַ בלאָז אַ לופטל פון יענער ווײַט, אַ גרינס, אַ דרומדיקס, און דער נאָז טוט זיך דאָ באַם פלויט אַ חלום אַ ריח פון כלאָר, וואָס וואָלט איצט, באַ זון־זעצן, זיך טראָגן פון אַ הייס־אָנגעהייצטער וועשערײַ — דער ריח פון פּראָסיעס ווײַס־אויסגעפּרעסט קאָפּטל.

דאָס לופטל פאַרשווינדט גלײַך, נאָר דער אָנדענק פון כלאָר־ריח בלײַבט באַ באַטשקאָן אין דער נאָז — פּראָסיעס ריח.

— וואָס קוקסטו? — האָט ער געפרעגט, — אַ? אַנדריוק! וואָס זעסטו דאָרטן?

— ששש. — אַנדריוק האָט צעטומלט אַ ווונק געגעבן — ער איז דאָרטן — אין שטאָט איז ער.

— פּעטרון, אַ?

— ער אַליין, באַם גלח ווױנט ער.

— נו?

—איז ער נישטאָ איצטער, נישטאָ. אַוועק אָט אַהין אַף צפון. אַכציק וויאָרסט. צו אונדזערע — צו די „גרויסע" איז ער אַוועק.

— דעם אמת זאָגסטו, אַ?

און מען האָט זיך אַלץ געזײַטלט אַף אים מיט די אויגן, זיך לאַנג געטשעפּעט און אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס — זיק איז דעמאָלט אין אָוונט צו אַנדריוקן ניט אַף קאַטאָוועס צוגעטראָטן:

— באַווײַז אַ סימן, זאָגט מען, דו הערסט, וואָס מען רעדט צו דיר ?
מיט רוסישער שפּראַך זאָגט מען דיר...

אין שטאָקפינצטער האָט אַנדריוק פון אונטער זײַן געלעגער אַרויס־געשלעפּט אַ שטיקל ליכט מיט אַ גאַנצן בינט שליסלען און איז מיט באַטשקאָן און מיט זיקן אַוועק צום גרויסן פּריצישן הויף, אויפגעפּראַלט אַ קליינע זײַטיקע טיר פון אַ באַלקאָן, אָנגעצונדן ליכט און זיי גענומען פירן איבער אַ גאַנצער ריי פּוסטע שימלדיקע חדרים, מיט דאָ און דאָרט אויסגעזעצטע שויבן אונטער די צוגעמאַכטע דרויסן־לאָדן.

אונטער דער שווערקייט פון דרײַ פּאָר פיס האָבן בײַ יעדן טריט געקלונגען די הוילע פּוסטקייטן קעגן איבער פוילע דילן.

איבער די אָפּגעריסענע טאַפּעטן־ווענט, וואָס זײַנען ערטערווײַז באַ־גאָסן מיט טינט און באַשפּריצט ווי מיט בלוט פון פאַרגוואַלדיקטע נק־בות, האָבן זיך גערוקט דרײַ לאַנגע שאָטנס און עפּעס ווי געבישטערט, געזוכט.

— ווהין פּירסטו, אַ ? אַנדריוק.

— אָט אַהין, אַהין...

און ווידער האָבן אַ גאַנצע ריי אָפּגעריסענע צימערן פאַרשמעקט מיט וויסטקייט, מיט תּפיסהדיקן פאַרברעכן.

— אָט אַהער, אַהער.

ער האָט זיי צוגעפירט צו אַ קליינער טיר מיט הענגענדיקע שלעסער און זיי גענומען אָפּשליסן. ער איז אַרײַן דער ערשטער מיטן אָנגעצונדע־נעם ליכט אין האַנט, און נאָך אים זײַנען געגאַנגען באַטשקאָ און זיק.

— וואָס איז דאָ, אַ ?

גאַזעטן — אַ סך אָנגעוואַלגערטע בינטלעך גאַזעטן האָבן אָנגעפילט די נידעריקע האַלב פון לאַנגן צימער און געלאָזט צווישן זיך ניט מער ווי איינעם אַ שמאָלן דורכגאַנג אין מיטן. דאָס זײַנען געווען דורכויס

— געבנוג שוין, אַ, אַנדריוק.

אויפרופן, פּראָקלאַמאַציעס. זיק האָט עם־ארציש גענומען אין די הענט אַרײַן איינע פון זיי און האָט אַרײַנגעקוקט, ווי מיט קורצזיכטיקע אויגן.

— באַקוק, באַטשקאָ : ס׳איז פון אונדזערע ?

— יאָ, פון די „גרויסע״.

דערנאָך האָבן ביידע באַ דער שײַן פון ליכט נאָכגעקלעטערט אַב־דריוקן איבער גאַנצע הויפנס פּעק און דערזען אַ שאַפּקעלע מיט אַ סך, אַ סך קלײַנע בלײַענע שטיקלעך אין די שופלאָדן און מיט עפּעס אַ שוואַרצס, אַ טשאַוואָנענס באַדעקט מיט אַ רעדנע. באַטשקאָ האָט מבי־גיש אונטער דער רעדנע אַרונטערגעקוקט און האָט אַ גלעט געטאָן אַף רעכטס און אַף לינקס די וואָנצעס.

אַ קליינע טיפּאָגראַפיע, — האָט ער געזאָגט — אַזעלכע, ווי אַפּן פּראָנט.

— כע !

אַנדריוק האָט אָנגעקוואָלן. ער האָט געהאַלטן דאָס ליכט העכער זײַן קאָפּ. געהאַט אַן אָפּן מויל, פול מיט וווּנדער, וואָס באַטשקאָ און זיך זעען ניט דעם סאַמע עיקר.

— אָט־אָ, — האָט ער געוווּנקען מיט די אויגן.

— אַ־אַ !

אין דער הייך אַף אַ טשוואָק, אין ווינקל, איז געהאָנגען אַן אַלטער סטודענטישער פּאַלטאָ, אַ פּאַרדריפּעטער און אומריינער ; פון צווישן דעם אָפּגעריבענעם גרין־לאַסטיקענעם אונטערשלאַק האָט אַרויסגעקוקט די אַל־טע ברודיקע וואַטע — פּעטרוס סטודענטישע וואַטע.

— ס׳האָט פּעטרון דאָ געאַרבעט, אַ ? אַנדריוק ?

— פּעטרוּן, פּעטרוּן — ער מיט אַ חבר זײַנעם אַ יידליק און איך האָב געהאָלפן.

—וואָס האָסטו געטאָן ?

— געדרייט די ראָד.

— און ווו איז ער איצט, פּעטרוּן ?

— אַוועק צו די „גרויסע״. און אפשר דאָ אַרומעט אַלץ, אין די דער־פער.

— וואָס אי׳דען, אַ ?

— ער מאַכט פּאַלקן . . .

באָטשקאָן האָט עטלעכע מעת־לעת נאָכאַנאַנד ניט אויפגעהערט זיך צו חלומען דער ריח פון הייסער וועשערײַ און פון כלאָר — פראָסיעס ריח, און די נעכט איז ער געשלאָפן גרינג, גלײַך אָט־אָט וועלן זיך דער־הערן טריט: אימעצער וועט אין טיר פון ערד־שטיבל אָנקלאַפּן, און שטיל וועט מען אין דרויסן אַרויסגיין, שטיל וועט מען דערהערן, ווי אין דער נאָענטער פינצטער ברינזשען גנביש פיל קייטעלעך פון חיילישע פערד — מען וואַרט אַף אים באָטשקאָן. אויב פעטרון וועט אַ פאָלק שאַ־פן, וועט ער באָטשקאָ זײַן דער סאַמע עלטסטער, דער קאָמאַנדיר. ער האָט שוין געפּרווט אויסשטעלן אַ פאָלק אין אַ דראָטיקן געשלעג — ער איז אין יענער נאַכט געווען שיכור, און דעם פאָלק האָט ער געהאַלטן אין איין פירן אַלץ אַהין, אַף דרום — אַלץ אַהין, צו פראָסיען.

ער האָט אָפט באַ דער שײַן פון ליכט אַרויסגעפונען פון זײַן פעקל פראָסיעס קליין פאָטאָגראַפיש בילדל, געזעסן איבער דעם גאַנצע שעהן, בעת אַנדריוק און זיך זײַנען געשלאָפן, און האָט זיך אײַנגעזויגן מיטן בליק אינעם עזותדיקן פאַרריסענעם נעזל אירן, אינעם אייבערשטן פולן ליפּל, וואָס איז פאַרקאַטשעט, אַזוי אַז טונקעלע לײַדנשאַפטלעכע צײַנד־לעך קוקן פון אונטער דעם פריילעך מיט אַ ביסיק־צאַפּלדיקן באַגער און מיט חשק אונטערצווינקען. און ליב האָבן האָט אָט דאָס נפש צו שטיין פון דער ווײַטנס אַף דער קעלט און צו קוקן, ווי טיף־טיף אין מאַרק ראַ־בירט מען קלייטן, און הייסן הייסט עס — פראָסיאַ:

— אַ שלענגל ביסטו, אַ? פראָסיאַ...

נאָר טעג נאָך טעג זײַנען אַוועקגעגאַנגען, און פעטרון, ניט ער האָט זיך אומגעקערט, ניט ער האָט וועגן זיך הערן געלאָזט, ניט ער האָט זיך ערגעץ־ווו דאָרט אין געגנט באַוויזן.

באָטשקאָן האָט אָנגעהויבן ציִען אין דער געגנט אַרײַן פעטרונען זוכן. האָט ער גערופן מיט זיך זיקן און האָט אָנגעהויבן אָפּגיין אַף אַ טאָג און צוויי פון דער היים אָפּגיין, זיך אומקערן, איבערנעכטיקן אַ נאַכט און זיך ווידער אין איינעם מיט זיקן אַוועקלאָזן.

אַנדריוק האָט ניט אויפגעהערט צו וואָרענען.

— גייט ניט, זאָג איך... אין די קאַזאַרמעס דאָ אַקעגן שטייען גאַנצע דרײַ ראָטעס — אמתע דײַטשן.

נאָר באָטשקאָ און זיק האָבן אים דערויף געענטפערט:

— זיך אין דער היים. הים.

און אַליין האָט מען ווידער אַמאָל איינגעשטעלט דאָס ביסל וויי־טערדיקע יאָרן און אָוועקגעשפּאַנט — אַזוי טשעקאָווע איז דעמאָלט די געגנט געווען און אַזאַ שטאַרקער כוח האָט צו איר געצויגן.

אַז מען איז דעם ערשטן היפּשן שטח אָפּגעגאַנגען, האָט מען מיט אַמאָל נייע צעשראָקענע אויגן באַקומען און פאַרווונדערט גענומען אַרום זיך קוקן. באָטשקאָ איז אָפּט מאָל שטיין געבליבן און געגלעט אַף רעכטס און אַף לינקס די וואָנצעס. זיק — אויך.

— וואָס זעסטו, אָ ? באָטשקאָ ?

— גאָרנישט. געבאַלעבאָטעוועט דאָ אַפּנים שטאַרק.

— ווער ? די דייטשן, אָ ?

און מען איז געגאַנגען ווייטער. זיך אַלץ גערוקט אַהין, ווו חרובדיקע היימען האָבן געלויערט, ווי בלינדע באַהאַלטענע סכנה, און מער באַ קיינעם ניט געפרעגט ניט אַף קיין יחוס און ניט אַף קיין פּאַס.

באַ די שיידוועגן אַף די ווייטע סלופּעס זיינען געווען אָפּגעמעקט די שילדן, און אַז מען האָט גערוט אונטער זיי און אַז מען האָט פאַרן ווייטערדיקן גיין אַ קוק געטאָן אַף זיי, האָט זיך געדאַכט — זיי זאָגן :

— גיי, וווהין דו ווילסט און ווען דו ווילסט. דערפער האָבן מער קיין נעמען ניט און מענטשן — אויך. שפּאַן איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד.

און מען האָט געשפּאַנט אַלץ ווייטער און ווייטער, און געקוקט מיט דולע אויגן, ווי צעמישטע — האַלב באַוווינטע, האַלב־פּוסטע — געגנטן טונקלען בייז די אויסגעברענטע פענצטער־לעכער, פּייכטן זיך אין בראַנ־דזער אַסיען־לופט און גערענקען דאָך מיט באַשטענדיקן שטומען רוגז, גע־דענקען אָן אויפהער :

דעם ווייטיקדיקן אַרומיקן אַרום איז די גרעסטע עבירה שוין אָפּגע־טאָן געוואָרן.

איצט גייען שוין עבירות פּיצעלעך, גליטשיק־קליינע ; מיט קלעפּיק־טריפנדיקע תשרי־רעגנס טריפן זיי און טריפן, און אַלץ איז מותר אין אָט דעם גרויסן אָנלשונדיקן לאַנד, כאָטש עפּעס גרייט זיך דאָך באַנייס אין זיינע מידע ברויזנדיקע קנייטשן : אַן עבירה גרייט זיך דאָרטן, אַן אומגעהערטע, צי אַ מצוה, אַ ניט געוועזן גרויסע.

זײַנען זיי אַזוי געגאַנגען, געגאַנגען, באַטשקאָ און זיק, געשפּאַנט מיט וועגן און מיט אומוועגן ביז איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט. מען איז צו־בעקומען צו אַ נײַער אומבאַקאַנקטער געגנט און באַקומען פאַר איר אַזאַ פורכט, גלײַך זי האָט טויזנטער אַנגעשטעלטע אויערן און הערן זיך אײַן. אַלע גרעזעלעך און ביימער הערן דאָ און הערן. זי האָט געהאַט אין איר נידעריקן עק אַ פּאָר היפּשע טאַליקע שטעטלעך, באַהעפטע צווישן זיך מיט אַ הויכער קייטן־בריק איבער אַ טײַך. זי האָט זיך געתכשיט מיט אַ סך קליינע צעוואָרפענע דערפלעך, פאַרבאָרגן אין איר ווײַטסטן וועלקענ־דיקן גרינס — איז אַפנים פון דאָרטן, פון יענע יישובדיקע עקן, האָבן איצט צו פאַרנאַכט־צו זיך אומרויִק געטראָגן די טויזנטער ערב־יום־טוב־דיקע קולות און, פון ווײַטן לויפן, דערגרייכט אַהער אָפּגעשוואַכט און ניט קלאָר. צי האָט מען דאָרט ניט, ווי אַמאָל, אויסגעשטעלט אין אַ פאַ־ראַד פיל אויסגעפּוצטע פאָלקן? צי האָבן ניט אָט די פאָלקן, ווי אַמאָל, ביז אוממעגלעך הויך געצויגן צוליב אימעצן זייער לאַנגן הפקרדיקן „הוראַ״!

אויף אַ הויכן גראָבן, פאַרבײַ אַ שוואַרצן וואַלד, אויף אַ בערגל, וואָס אויף אָט דעם גראָבן, זײַנען באַטשקאָ און זיק געשטאַנען אין אַנהויב פון אָט דעם געגנט און זיך אײַנגעקוקט:

פון אַקעגן מיטן וועג, וואָס ציט זיך אַהער פון יענע ווײַטע צווילינג־שטעטלעך, האָט אין לאַנגן זאַמדיקן אַלכסון זיך טרייסלען אַנגעהויבן אַ שווערע פור. געשפּאַנט איז זי געווען מיט מער, ווי איין פּאָר פערד — דאָס האָט זיך געזען פון דאָרט קלאָר; אַ מאָדנער וואָגן, אַ ברייטער און אַן אוממגעוויינלעך גרויסער האָט דאָרט שטאַרק געהעצקעט מיט פיל גראָע רעסאָרנדיקע ברואימלעך, זיי געוואָרפן און געצווונגען רוקן די דראַטיק אַנגעצויגענע געזעסער פון איין האַרטן קאַנט אָפן צווייטן. דײַטשן זײַנען דאָס אַפנים געווען — יונגיאַריק דײַטשיש חיל.

באַטשקאָ און זיק האָבן גלײַך געגומען אויסמײַדן די באַגעגעניש מיט זיי; אָפּגעבייגט אין וואַלד אַרײַן, זיך פאַררוקט אונטער די ביימער, נאָר אָפּגעגאַנגען דאָרט אַ ביסל אין דער טיף און גלײַך באַמערקט, אַז אויך דאָ אין וואַלד איז מען ניט אַליין, — אַ פרעמד מיטליאָריק מענטשל פלאָנטערט זיך דאָרט צווישן די ביימער — איינער אַליין מיט געשני־רעוועטע שמאַטעס און מיט פאַסטעלעס אויף די פיס, מיט אַ פּעקל און מיט אַ קעסטעלע אויף די פּלייצעס. ער קער, אַפנים, אויך ניט צו יענעם גרוי־

סן יום־טוב, וואָס גרייט זיך דאָרטן אין די נידעריקע יישובדיקע ערטער. און ווער ווייסט פון אַ וואָסער זינד ער קומט איצט איין־אַליין ביחידות און צו וואָסער זינד ער שפּאַנט?

באַטשקאַ און זיק האָבן אָפּגעבייגט אין אַ זײַט, אַ סך טיפער אין וואַלד. זיי האָבן אָנגעטראָפן אַף אַ שמאָלן וועג, וואָס גנבעט זיך דאָרט צווישן די ביימער, נישטערט, נישטערט, פאַרלוירנווערנדיק אין אומבאַ־ווּסטן וואַלדיקן טונקל.

ס'האָט אַ בלאָז געטאָן אַ ווינטל צווישן די ביימער, ס'האָט גענומען טריפן אַ קלעפּיק רעגנדל, וואָס מאַכט כמעט ניט נאַס. האָבן זיי פאַרן שמאָלן וועג דאָרט באַקומען פורכט און ניט געוווּסט, וווּהין ער פירט: אין אַ אויסבאַהאַלטן זינדיק ערטל, צי אפשר צו אַ צדיק אַ נסתר, וואָס וועט זיך אָט־אָט אַרויסרוקן און וועט מציל זײַן די וועלט.

מ'האָט אומרויִק און שפּעט זיך אומגעקערט צו אַנדריוקן אַהיים; געקומען פאַרמאַטערט און מיד פון לאַנגן גיין און אָפּגעשנאַרכעט דעם נשאר נאַכט, פאַרוויקלט אין אַנדריוקס פערדישע דעקטיכער.

נאָר גאַנץ פרי האָט פון טיפן פּאָפּן אויפגעריסן אַ נאָענט קנאַלן פון האַרמאַטן. פאַרשלאָפן איז מען פון אַנדריוקס ערד־שטיבל אַרויס און זיך געגעבן אַ יאָג אין דרויסן, ווי זוכנדיק אַ זיכער אָרט אַף זיך צו באַהאַלטן. נאָר דער אַרומיקער באַקעטער דרויסן האָט דורכויס אַף זיך קיין זיכערן דאָך ניט געהאַט — אַ מאָדנער דרויסנדיקער דרויסן. מ'האָט גענומען לויפן. נאָר אויך דאָ איז שוין איצט די געגנט געוואָרן פול מיט טויזנטער אויפגערעגטע ווידערקולות און מיט שריים פון געזאַנגען. לעפישע, אומ־פאַרשטענדלעכע האָבן זיי זיך געטראָגן פון אַרום־און־אַרום אין איינעם מיט האַרמאַטנדיקן קנאַלן. וואָס האָט עס געקאָנט באַטײַטן? — אַ גע־גנבט־פגר, אַ שמחה, אַ ניט געוועזן גרויסע, צי אפשר גאָר אַ שאַלנדיק איבערקרוינען פון אַ גאַנץ לאַנד — אַ צוריקקומען פון אַ צאַר?

אַקעגן אַ פּאָר וויאָרסט איז מען אַזוי אין דרײַען אָפּגעלאָפן פון דער היים מיט די זײַטיקע פעלדער, זיך אָפּגעשטעלט און זיך כלומרשט באַ־רויִקט. מ'האָט זיך גענומען אײַנקוקן צוריק אַהיים, צו דער שטאָט:

געלע, רויטע און שוואַרצע פאַרבן האָבן דאָרט געפלאַטערט דורכויס אַף הויכע טעלעגראַף־סלופּעס, אַף די פּיל־גאָרנדיקע קאַזאַרמעס און אַף קוימענס פון דעכער. פון פאַרשיידענע זײַטן האָבן מידע האַרמאַטן שוין גאָר געקנאַלט אינערט, ווי אויסגייענדיק, אין פון צווישן איין קנאַל און

צווייטן האָט זיך איצט שוין קלאָר געהערט אַ גרויס געזאַנג, אויסגעמישט מיטן בלאָזן פון ווינט און מיט אַ פאַרשטאַרקט שפּילן פון אָרקעסטערס. זיך האָט געוואָלט טרעפן:

יום־טובים אפשר, אַ? דאָרפישע יום־טובים?

נאָר אַנדריוק האָט געשאָקלט אָף ביין.

— מ׳קלינגט ניט, — האָט ער געזאָגט, — ס׳שווייגן אומעטום די קלויסטערס.

סוף־כל־סוף האָט מען זיך צעשיידט: אַנדריוק איז געגאַנגען גע־וויר ווערן, זיך דערוויסן, זיך — צוריק צום ערד־שטיבל — היטן, און באַטשקאַ איז געבליבן דאָ אין פעלד לעבן אַ יונג וועלדל — ער האָט זיך שטענדיק געפילט זיכערער, אַז ער האָט געהאַט לעבן זיך נאָענט אַ וועלדל. ער האָט אָפּגעוואַרט דאָ זייער לאַנג אין גרויס אומגעדולד. נאָר אַנדריוק האָט ליב געהאַט זיך שליאַיען אַרום פרעמדע שמחות, זיך אומגעקערט אַהער ערשט פאַרנאַכטלעך מיטן צופאַלן פון די בין־השמ־שות. איצטיקס מאָל האָט ער ניט געליגנערט מיט קיין איין קנייטשל אָף זײַן פאַרשקוואַרעט פנים, אָט דער אַנדריוק — געזאָגט דעם „ריינעם אמת" און אין קורצן סך־הכל אין צוויי ווערטער:

— נימעץ סקאַזיווסיאַ!... *)

דער דײַטש איז געווען מטורף צי שטאַרק קלאָר. אָפּגעהוליעט אַ טאָג דרײַ מיט „סאָוועטן" און מיט אַלע גליקן און איז געבליבן אויסן — ווי אָף אייביק שטאַרק דערשלאָגן און געפּלעפּט.

— נו, אַן עק — האָבן געזיפּצט סוחרים, — אויס דײַטש.

פּאַמעלעך, ווי מיט חשבון, וואָס איז באַוווּסט נאָר אים, דעם דײַטש אַליין, האָט ער ביסלעכווײַז פון אומעטום אָפּגעצויגן זײַנע טיילן, זיך געגנבעט שטילערהייט אין טונקעלע תשרי־נעכט און אַלץ געזוכט התבודדות אָף זײַן לאַנגן אבלדיקן „צוריק אַהיים".

און ס׳זײַנען געקומען נעכט אַזעלכע — טויטע, שטומע...

באַ דער שײַן פון רויטע פלאַקערס, וואָס רייכערן הויך איבער קעפּ, האָבן קליינע שלעפּערדיקע רײַטער־מחנות געשוויגן ווי טויטע, זיך גערוקט אין געשטאָרבענע רייען מיט אַ טויטן סדר.

---

* דער דײַטש איז פאַריקט געוואָרן!

זיי האבן געטראגן עפעס טויבלעכס אין זיך, עפעס טרויעריקס און פארשמאכטס, ווי זייער ווײַטער אומרויקער „אהיים".

און פון ארום־און־ארום, פון שלאפנדיקע דערפער, וואס פלעקן זיך דורכויס אין דער נאכט, זײַנען צוליב זיי אף גאנצע שעהן זיך פארגאנגען אן א שיער הינט, געקלאגט, געקלאגט מיט שארפן אויסגעצויגענעם פיסק און זיי ארויסבאגלייט מיט שרעק פון לאנגן יאמערדיקן בילן.

נאכט בא נאכט האט באטשקא זיך אײַנגעהערט אין אט דעם שרעקנדיקן בילן און געוואכט אין אלע פינצטערקייטן ביז שאריענדיקע פארטאגן; געשטאנען איין־אליין אין עק אויסגעהאקטן וועלדל, באם פלויט און זיך אײַנגעקוקט רעכטס צו דער וויארסטנדיק־ווײַטער בלינדער פינצטער, ווו דער ברייטער טראקט לאזט זיך אראפ פאר א וועלדל צו א טאל און צו א בריקל; ער האט געווארט, אז רויטע רויכערדיקע פלעקן זאלן זיך פאמעלעך נעמען רוקן, רוקן.

און תמיד, ווען די פײַערדיקע פלעקן האבן זיך דארט באוויזן, האט זײַן מוח ניט געטראכט, גארנישט ניט געדענקט, און נאר דאס הארץ איז בא אים אלע מאל געווארן ווי פארשטארבן און געגלוסט, געגלוסט צו א ביקס אזא מין לאנגער און א שטארקער, וואס זאל פונדאנען קאנען צילן אין אט די רויטע פלעקן און פלעטן קעפ, שפאלטן דארט א שארבן נאך א שארבן.

— טריק! טריק, — האט זיך זײַן אויער ניט אויפגעהערט צו מאלן דאס טרוקענע קנאקן פון אט די קוילן.

ביז איין מאל אין א נאכט האט ער ווירקלעך הערן אנגעהויבן: ווײַט, ווײַט לעבן אט די פלעקן טראסקען קוילן, ס'טוט דארט א ציטער און בלײַבט הענגען אין דער נאכט דער רויטער רויך ארום די פלעקן און עס פארהיקעט זיך עפעס דארט אף לאנג, ס'הייבט אן שיסן א טויטער קוילנווארפער בא די טויטע דײַטשן.

באטשקא האט דעמאלט אויפגעוועקט זיקן און אנדריוקן, און דערשראקענע פון שלאף זיי צוגעפירט צום פלויט הערן. באטשקא האט זיך אליין געריסן פאר א וואנצע; ס'האט אים אהינגעצויגן, ווי מיט קייטן. באטאג זײַנען זיי אלע דרײַ אוועקגעגאנגען קוקן צו יענעם ארט, ווו לויטן חשבון האט באנאכט באדארפט פארקומען דאס שיסן,

נאָר אַרומגעקלעטערט לאַנג, געזוכט און אין ערגעץ קיין סימנים ניט געפונען.

זיי האָבן אָנגעהויבן אַרומבלאָנדזשען אַף די שמאָלע וועגן, געבליבן אָפט דאָרט נעכטיקן אין אַ היפּשן וואַלד, וואָס באַם טראַקט, אַרומגע־קראָכן אַף די בײַכער, זיך אויסבאַהאַלטן אין טיפע גראָבנס, ביז איין מאָל אין אַ שאַריענדיקן פאַרטאָג איז זיי מיט אַמאָל געוואָרן קלאָר:

ערגעץ־ווו אין טיפע זאַמדן, וואָס אונטער קליינע וועלדלעך פאַר־זעצן זיך צוליב אָט די דײַטשישע רײַטער־מחנות גאַנצע דערפער און שלאָגן זיי, שלאָגן, רײַסן שטיקער, ווי פון אַ פגר, נעמען אָפּ די פערד, די קליינוואַרפער און די ביקסן.

אונטער איינעם אַזאַ מין וועלדל איז שוין אויך זיי — באַטשקאָן, אַנדריוקן און זיקן — איין מאָל אויסגעקומען ניט ווילנדיק מצרף זיין צו אַזאַ מין דאָרף און גלײַך מיט אַלעמען כאַפּן אַ חלק אינעם רויב.

מיטן גרויען טאָגלעך איז דאָס געשלעג דאָרט געווען אַ גרינגס, ווי יעדעס געשלעג מיט אַ פגר. באַם ערשטן שאָס פון די געציילטע פאַרזעסענע ביקסן האָבן די דײַטשן אַרויסגעשיקט אַ ווײַסע פאָן, זיך דערפרעגן, וואָס וויל מען. באַטשקאָ האָט דאָרט כמעט אַלעמען אָנגע־פירט, ער האָט געענטפערט:

— אַלץ וויל מען; אַלצדינג וואָס מ'האָט.

דערפאַר האָט מען אים דערנאָך פאַר זיך און פאַר זײַניקע געלאָזט אויסקלײַבן די בעסטע ביקסן. ער האָט לאַנג באַטראַכט יעדער ביקס באַזונדער, געגלעט אַף רעכטס און לינקס די וואָנצעס און אויסגע־פרוווט מיט זיין געניטן אויג די זיכערקייט פון ציל. ער האָט זיך געזעגנט מיט די פרעמדע דאָרפסלײַט בשלום.

איצט זײַנען זיי אַלייך, אין דרײַען, שוין אויך געווען אַ קלייגער באַוואָפנטער טייל, געטראָגן אַף זיך יעדערער צו צוויי ביקסן און צו קוילן־גאַרטלען, אַף די לענדן און אין אלכסון איבער די ברוסטן.

באַוואָפנטערהייט האָבן זיי טאָג־טעגלעך אָנגעהויבן אַזוי אַרום שליאַיען זיך אַף די וועגן און געשראָקן פון דער ווײַטנס דעם עלנדיקן דורכגייער, — דעם טויטס דרײַ פּחדימדיקע שליחים.

נאָר אין געגנט איז שוין דעמאָלט כמעט יעדערער באַזונדער

געוועזן פאַר זיך אַ קלײנער באַוואָפנטער טייל און געשראָקן, ווי דעם טויטס. אַ שליח.

מלחמות האָבן זיך געבאָמבלט אַלע נעכט אין חלום — מלחמות אָן אַ ברעג און אָן אַ צאָל; זיי האָבן געקאָנט אויסברעכן אין יעדער רגע אַזוי פיל, וויפל אין לאַנד זײַנען פאַראַן מענטשן.

נאָר דערווײַל האָבן יעדערן און אַלץ פאַרשלונגען אין זיך די בריר־דיקע טעג פון יאָר, געמערט די בלאָטעס אַף די וועגן, צעשטערט די בריקן.

סוף־תשרידיקע רעגנס האָבן געמבולט סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט, געפּאַטשט אין אַלכסונדיקן שטורעם מיט צעווילדעוועטע ווינטן, און געשניטן, ווי מיט קאַרבנדיקע בײַטשן, דאָס ווייכע לײַב פון לאַנד. זיי האָבן פאַרפינצטערט די וועלט, אָט די רעגנס, און באַהאַלטן דעם פויער אין פאַרוויינטער כאַטע, וואָס אונטערן דאַרפיש כשרן און זאָטן דאַך...

אין אַנדריוקס קלײנעם ערד־שטיבל האָבן זיך צעטײלט די ווילנס: זיק האָט געפּאָדערט, מען זאָל אַלע דרײַ זיך אַוועקלאָזן אַף צפון: וואָס זיצט מען דאָ? אַהין, צו אונדזעריקע, צו די „גרויסע" דאַרף מען גיין. אַנדריוק האָט געליגנערט מיט אַלע קנייטשן אַפן פּנים.

— וואָרטן אַף פּעטרונען, — האָט ער געזאָגט, — געהייסן, הייסט עס — האָרכן דאַרף מען, פאָלגן.

און באָטשקאָ איז געוועזן בייז, ווי האַלב שטום, געזאָגט, אַז ער האָט אַלעמען אין דער ערד. ער נעמט מיט זיך זײַנע צוויי ביקסן און גייט אַוועק אײנער אַליין אַף צוריק — צו פּראָסיען גייט ער.

זיק איז געווען אַף אים ברוגז, זיך געזידלט, געקוקט אַף אים בייז מיט די אויגן און ניט געוואָלט מיט אים ריידן. ער האָט זיך אַרומ־געדרייט אײנער אַליין אין דרויסן און געקוקט, ווי ס'צעבערט, ס'גייען אָן אויפהער די שטאַרקע וואָכן־לאַנגע רעגנס. נאָר אײן מאָל אין אַ נאָסן־גרויען זונטיקדיקן גאַנץ פרי, ווען באָטשקאָ, וואָס האָט נאָך פאַרטאָג צונויפגעלייגט זיין פּעקל, האָט אַנידערגעשטעלט לעבן זיך ביידע ביקסן און האָט פון אַ פּאָר שמאַטקעס גענומען אַפּרייסן פּעסטע אַניטשקעס און ווייקלען מיט זיי די פיס, שטופּן זיי אַף לאַנגן וועג אין ענגן שטיוול, — האָט אים, זיקן, אַפּנים מאָדנע פאַרקלעמט באַם האַרצן — פאַרט געבידעוועט אַ צײַט אין אײנעם.

— הער, באָטשקאָ, — האָט ער געזאָגט, — וואַרט, איך גיי שוין אויך אפשר מיט דיר אין איינעם.

באָטשקאָ האָט ניט געענטפערט, אַלץ געווען פאַרטון מיט די נייע אָגיטשקעס, וואָס קריכן ניט אין ענגן שטיוול.

שטומערהייט זײַנען זיי אַזוי אין צווייען באַוואָפנט, מיט די פעקלעך אַף די פלייצעס, פון שטיבל אַרויס. נאָר אַז זיי זײַנען אָפּגע־גאַנגען אַ ביסל, האָבן זיי דערהערט אונטער זיך אַנדריוקס קולות. אי־בערן פאַרשטאַרקטן רעגן האָט מען ניט געוווּסט, וואָס ער וויל. זיי האָבן זיך אומגעקוקט אַף צוריק און דערזען: אַנדריוק איז שוין אויך באַלאָדן מיטן פעקל אַף די פלייצעס און מיטביידע ביקסן; ער פאַר־שליסט אַף גיך די טיר פון קליינעם ערד־שטיבל און לאָזט זיך נאָך זיי לויפן.

# IV

## אַלעקסאַנדראָווקע

אַלעקסאַנדראָווקע — אַ קליין שטעטעלע, וואָס קבצנט זקניש אונטער מאַריופּאָלער זאַמדיקן באַרג; אַ פּאָר הונדערט אַלטע טשערע־פּענע דעכער, וואָס לויערן שווער אין מיטן פעלד, אָן אַ טײַך אפילו. און פון ווײַטנס דאַכט זיך: זיי מעלה־גרהן מיט מרה־שחורה, ווי אָן ציין; זיי געדענקען:

— געווען אַמאָל גאַנטע... געווען אַמאָל אַ מבול... און הייליקע אָבות אויך — הייליקע אבות פון חומש...

פון אַלעקסאַנדראָווקע שטאַמט לייזערקע — דעם געשטאָרבענעם רופאס תכשיט — אַ פעסטער, אַ ברוינער, אַ שלאָסער אונטער ניקאָ־לאַיעוו אַף אַ זאַוואָד. און מיידלעך זאָגן: „אַ פריילעכער... אוי, אַ שיינער!" אין אַלעקסאַנדראָווקע ווייס מען: ער איז שוין איין מאָל „געזעסן", לייזערקע, זיך אַוועקגעשאָקלט ווײַט, אַזש קיין סיביר. נײַנצן יאָר איז ער אַלט געווען. אַף דער מלחמה האָט אים אָן אַלעקסאַנדראָוו־קער דערקענט באַ זיך אין דער ראָטע, ווײַט — אַזש אונטערן פראָנט. אין אַלעקסאַנדראָווקע האָט מען פאַרשטאַנען: נו, יאָ, אויב „אונטער אַ פרעמדן נאָמען" איז מסתמא האָבן אים „זײַניקע" געהייסן זײַן צוויי־שן סאָלדאַטן — ברענט ער אײַך אַף פײַער, לייזערקע.

ווען ניט דאָס, וואָס ער האָט שפּעטער אין דער מלחמה באַ דרײַ חדשים זיך געחברט מיט שקצים פון גרויסן דאָרף אַרום באַבראָווער צוקער־פאַבריק און זיך נאָך דעם אויסבאַהאַלטן אַף אַלעקסאַנדראָוו־קער ביידעמער, וואָלט דאָ קיינער ניט געווען געהאַט די העזה און באַ אים פרעגן:

— איך בעט דיך, לייזערקע, זיי קאָסטן דיר טײַער? — כ'מיין די פּאָר גאָלדענע ציינדלעך, וואָס דו האָסט פון פאָרנט...

און ווען ניט דאָס, וואָס ער איז אין קערענסקיס צײַטן געווען צווי־שן די אַרבעטער־דעפּוטאַטן אין דומע, וואָלט קיין קשיא ניט געווען,

פאַר וואָס ער איז נאָך דעם מיט די „גרויסע" געפלויגן איבער קיִעוו אַף אַן אַעראָפּלאַן. איצט איז ער ווידער שוין אַ היפּשע צײַט געלעגן אויס־באַהאַלטן אַף אַלעקסאַנדראָווקער ביידעמער און קיינער האָט ניט גע־ווּסט, וווהין ער איז פון דאָרט פאַרשוווּנדן — איבער אַ פלעקל פון אַן אָקס איז אַ מאָל חרוב געוואָרן ביתר, איבער לייזערקען האָט געזאָלט אומקומען אַלעקסאַנדראָווקע.

אין אַלעקסאַנדראָווקע זײַנען דעמאָלט באַנאַכט אָנגעלאָפן פון גרויסן טראַקט אַ שטיק זעקס פּעטליורעס רײַטער, געזוכט לייזערקען ביי זײַן שוועסטער אין דער היים, אים ניט געפונען און באַפאַלן סויבל דער נייטאָרנס שטוב אַפן נײַעם פלאַץ. זיי האָבן דאָרט ווילד געשי־כורט אַ גאַנצע נאַכט, דורכגעשאָסן אַ מאָל דרײַ דעם באַלקן, צילנדיק אין גרויסן בליץ־לאָמפּ, און האָבן געקײַכט, געקײַכט פון געלעכטער, געחזקט פון די „גרויסע", וואָס אין גרויסן וואַלד, און פון די פויערן, וואָס בונטעווען אַרום באַבראָווער צוקער־פאַבריק; זיי האָבן צוגעזאָגט אין גיכן זיך אומקערן צוריק און אויסקוילען דאָ די גאַנצע שטאָט.

גאַנץ פרי האָבן וועגן דעם געקלאַפּט אַלעקסאַנדראָווקער אומגע־שוועכטע מײַלער:

— באַ סויבל דער נייטאָרן האָט מען מאַנס געווען זילפּהן, איר שטיפמיידל, וואָס מיטן גרויסן מויל.

— זילפּהן?... מיט די געדראָלענע ליפּן?

און געדענקט האָט זיך מער ווי אַלץ די נאַכט אַליין, די פאַרגאַנ־גענע — אַ לאַנגע נאַכט, אַ בייזע, אַן אייביקע. אויסגעבאַלעטע אויגן האָבן געקוקט טעמפּ אַף יעריקן פרימאָרגן, געזען, ווי אַ העלער פלעק טליִעט אונטערן רעטשענע־שוואַרצן הימל — אַ געלבלעכער פלעק ווי פאַרזשאַווערט אײַזן. — דאָס האָט אַלץ געברענט אַ פאַרגעסענער לאָמפּ באַ דער נייטאָרן אין שטוב, געברענט אַפן טאָג, ווי צו אַ יאָרצײַט...

אין קאַלטבלוטיקן חלשות האָט דאָרט דער נאָסער דאַך געטריפט מיט אומגליק אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן, געמאָנט רחמנות באַ דער וועלט...

נו... האָט אָנגעזעצט — אַ שטומע וועלט, אַ קאַלטע, אַ חכמה! אַ פּוסטע געגנט אומעטום; אַ פאַרזעצונג פון חורבן איז דער גרויסער

טראַקט, און ווײַטער פון דעם טראַקט — פּעטליורעס טיילן, וואָס שנײַדן ייִדן; חרובדיקע שטעט.

איז וואָס, אַז אַף אַ דינעם, דינעם פּאָדים פון זכרון איז הענגען געבליבן אַ גרויס מיידלש מויל — אַ טיף־פאַרשניטנס ווי באַ אַ חזיר? איז וואָס, אַז אַ פּאָר גראָבע געדראָלענע ליפּן זײַנען געבליבן באַליי־דיקט־פאַרקרומט, אַף אייביק פאַרקרומט?

אין אַלעקסאַנדראָווקע האָט מען דעמאָלט סײַ־ווי־סײַ אין דער ריכטיקער צײַט געהייצט אַף מיטאָג, נאָר דער רויך פון די קוימענס איז דאָך געגאַנגען ניט גאָר זיכער, אַ ביסעלע שלאָבעריקער, ווי אַלע טאָג. די נייטאָרן אַליין האָט ווי תמיד זיך פאַרהיקעט פּאַמעלעך, זייער פּאַמעלעך, ווי מורא האָבנדיק, מען זאָל זיך איר ניט נאָכקרומען: זי האָט זיך געשווירן, אַז צוגענומען האָט מען באַ איר ניט מער, ווי דעם מעשענעם סאַמאָוואַר, אַ ביסל געלט און אַ פּסחדיק קריגל מיט אײַנגע־מאַכץ, — זי האָט זיך געשווירן, ווי מיט מורא, אַז זי וועט אַוועקגיין אין שטאָט איר בטוחות. נאָר וואָס־זשע דען?

— וווּ איז אײַער „גרויסער"? — האָבן זיי אַלץ געשריגן — איר באַהאַלט אים אויס, מיר ווייסן: ער בונטעוועט אַקעגן אונדז אַלע דערפּער אַרום באַבראָוויץ.

— אָט האָסטו דיר... לייזערקע!

— מען האָט דען פריִער ניט געוווּסט?

— אונדזער היגער „גרויסער" וועט אומברענגען די וועלט.

אין קאַלטבלוטיקן חלשות האָבן נאָסע דעכער געטריפט מיט אומ־גליק אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן, און קרומע פענצטער האָבן געקוקט אַראָפּ אַ באַרג צו אַן עולם טאַטעס, וואָס היצט זיך שטאַרק אין מיטן מאַרק און הילכט, שלײַדערט קוילן קללות אין דער לופט:

— אין זײַן טאַטנס טאַטן!

דאָס האָט אַלץ געברענט דער צאָרן אַף לייזערקען — דעם גע־שטאָרבענעם רופאס תכשיט, און אַף עליק דעם שוחטס אויך:

— אַ סאָציאַליסט!

— ער האָט געוווּסט, וואָס טוט לייזערקע אין באַבראָוויץ.

— ער האָט געמאַכט אַ שווײַג.

לייזערקע האָט איצט די קללות ניט געקענט דערהערן. נאָר ליי־

זערקע האָט געהאַט עלטערן דאָ אויפן בית־עולם, און אַלעקסאַנדראָווקע האָט געוואָלט: די ערד זאָל דאָרט זײַן טויטן טאַטן אַרויסוואַרפן און דעם בן זײַנעם אײַנשלינגען.

איז דער רויך פון אַלעקסאַנדראָווקער קוימענס פון דעמאָלט אָן גע־גאַנגען ניט גאָר זיכער, אַ ביסעלע שלאָבערדיקער, ווי אַלע מאָל. און קרו־מע פענצטער האָבן געקוקט אַראָפּ אַ באַרג צו פּוסטע מענטשן־רעדלעך — באַשטענדיקע, תּעניתדיקע רעדלעך, וואָס פּלאָנטערן זיך אין פאַרקבצנטע געסלעך דער אָנגעזעצטער געגנט צווישן די פּיס און שמועסן אַלץ מכּוח זייער אייגענעם אַלעקסאַנדראָווקער שטיקל לעבן:

— אַ סכּנה... אַ סכּנה...

— באַבראָוויץ בונטעוועט — דאָס גאַנצע דאָרף באַבראָוויץ.

— מען וויל אויפרײַסן אַרום זיך די בריקן.

— איז זאָל מען שיסן אויף באַבראָוויץ — נו, זאָל מען שיסן...

פון דעמאָלט אָן האָט אַלעקסאַנדראָווקע מער קיין לאָמפּן אויף בײַ־נאַכט ניט אָנגעצונדן, און פײַערן פון אַרומיקער געגנט האָבן געלאַכט, געלאַכט, נאָר סוף־כּל־סוף געקריגן פּורכט זיך דערנענטערן אַהין שוין תּחילת אָוונט, און זיך אײַנגעהערט פון גרויסן טראַקט, ווי פּחדימדיקער גרויל דרינגט אַרײַן מיט קרעציקע קולות אין די נאַכט־קולות, ווי פון אַ גאַנץ שטעטל אַ מצורע, — און נאָגן, נאָגן, זוכן אימעצן אין הימלס קאַלטן פּוסטן בוזים און געפינען ניט — אַ פּוסטער בוידעם איבער זיי דער הימל, און וואָס שוואַרצער די נאַכט, אַלץ פּחדימדיקער די קולות — אַלעקסאַנדראָווקע ראַנגלט זיך מיט דער פינצטער און שטויסט אָפּ פון זיך אַלע מאָל אַ נײַעם אָנפאַל מצד יענע, וואָס גראָבן טראַנשייען אַרום גרויסן טראַקט. אַלעקסאַנדראָווקע זאָגט זיך אָפּ פון לייזערקען און גיט צו וויסן מיט קולי־קולות דער וועלט, אַז לייזערקע איז מער ניט אי־רער.

אַלעקסאַנדראָווקע האָט אויפגעהערט צו שלאָפן בײַנאַכט.

אין שטאָק־פינצטער צווישן ליימיק־אויסגעקרומטע הײַזער, צווישן שווערע טשערעפּענע דעכער, וואָס קוקן אוראַלט־בלינד, פאַרקבצנט־אומ־

גליקלעך, פֿאַרשלעפּט אַהער ווי פֿון אַ ווײַטער פֿרעמדער היים; צווישן שטומע געסלעך, וואָס אַרום יאַטקעס און אַרום דער שול, האָט אַף גריבל־דיקער ערד נאַכט־בײַ־נאַכט הקפות אַ הינקענדיקע לויה, צי אַזאַ מין וואַך — אַן אימהדיקער נאַכט־מנין, פֿאַרגאַרטלט, ווי צום דאַוונען, באַלאָדן מיט פּחדימדיקע דרענגלעך מיט ריבליקעס פֿון גרעט און מיט אָפּגעבערענ־טע אויוון־שטעקנס.

אימעצנס אַ שטאַרק אײַנגעהויקערטע קײַלעכדיקע פּלייצע האָט דאָרט אַלץ אָנגעיאָגט, געשוועבט, געשוועבט. און אָנגעפֿירט האָבן דאָרט מיט דער וואַך חיימל בת־שבעס, חײַמל פֿון אײַנפֿאָר־הויז — אַ קלעצלדיק יידל, — געוועזענער חשוב באַ אַ געהרגעטן פּריץ, און אין קיווע פֿון דער דראַטש, — קיווע, וואָס שמעקט מיט געלעגערטער פּראָסע־שאָלעכץ, ווי זײַנע אַלטע בלינדע פֿערד, און די לעפּצן זײַנען באַ אים גראָבע, גע־דראָלענע און אַ ביסל פֿאַרקרומט, ווי באַ זײַן יונגערער שוועסטער, דער פֿאַרגוואַלדעוועטער זילפּהן; און דעם לינקן קרומען פֿוס זײַנעם, ווייסן אַלע, האָט ער אַליין זיך אויסגעדרייט נאָך אַמאָל, איידער ער האָט באַ־דאַרפֿט שטיין צום פּריזיוו, אַרײַנגעשטעקט בכיוון דעם פֿוס צווישן די רעדער פֿון זײַן דראַטש, געגעבן סך־הכּל איין מאָל אַ געשרײַ און אים אַרויסגעשלעפּט אַ שטאַרק צעבויגענעם, אַן אייביק טענצלדיקן.

קיווע האָט אַכזריותדיק געקלאַפּט אין יעדן פֿאַרקן, געטאַראַכקעט אין אַן אַלטן מעשענעם טעצל, אין אַ גרויסער בלעכענער פּושקע, אַ פֿאַר־זשאַווערט אײַנגעבויגענער, אָן אַ דעק; ער האָט ניט געקאָנט איבער־טראָגן, הלמאי שלאָפֿט עליק, דאָס סאָציאַליסטל, און גייט ניט אַרום מיט דער וואַך; ער האָט שטאַרק געקלאַפּט אַרום הויז, ווו עליק געפֿינט זיך. און אַז אימעצער האָט דאָרט אין הויז דאָך אײַנגעדרימלט, און אַז אײ־מעצער האָט זיך דאָרט אין מיטן נאַכט פֿון שלאָף דורכגעוואָרפֿן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די קלעפּ הערן זיך פֿון יאָרן, פֿון יאָרן; ציִען, ציִען זיך פֿון פֿאַר וועלט און לעבן, און קיווע דער קרומער איז אומענדלעך — קיווע איז אייביק ווילד אײַנגעגעסן, פֿאַרעקשנט און פֿאַרביטערט ווײ־טיקט ער אויס איצט אין מיטן נאַכט זײַן אוראַלטע מורא פֿאַר אַלערליי כלי־זין און פֿאַר ביקסן, ער סטראַשעט די באַוואָפֿנטע וועלט מיט מורא און שטעלט איר אַרויס אַקעגן זײַן קרומען, אייביק־טענצלדיקן פֿוס...

אין יענע טונקעלע טעג האָט אַלעקסאַנדראָווקע דערפֿילט, אַז די

אומקומעניש אין אַרומיקער געגנט איז אַ לעבעדיקע און קריכן קריכט זי אַהער אָפּן בויך.

מען האָט אַלץ געדענקט.

— די „גרויסע" טרײַבן דאָרט פּעטליורען.

— פּעטליורע לויפט.

אין יענע טעג האָט באַטשקאָ מיט אַ גרופּע אויפגעשטאַנענע צום ערשטן מאָל אַרויסגעשאָטן פון אונטער גרויסן וואַלד, געשווינד אַ קנאַק געטאָן פון קוילנוואַרפערס און פון ביקסן און צעהרגעט פּעטליורעס אַ קליינעם טייל, וואָס גראָבט טראַנשייען אַרום גרויסן טראַקט.

פּעטליורעס טייל האָט זיך אָפּגערוקט פון טראַקט, גענומען קריכן אײַליק אַרויף אַ באַרג צום גרויסן באַרגיקן דאָרף, נאָר פּלוצעם אײַנגעקנייטשט דעם פאַרנטיקן פליגל און זיך אָפּגערוקט צוריק מיט אַ ציטערדיקן וואַקל. דאָס דאָרף אַקעגן האָט באַגעגנט מיט צעשאָטענע עזותדיקע רויכעלעך און אָפּגעוואָרפן די קריכנדיקע אָן אַ זײַט — דאָס דאָרף האָט געהייסן באַבראָוויץ.

באַטשקאָ האָט ניט געוווּסט, ווער איז זײַן העלפער אין גרויסן דאָרף אָפן באַרג. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסקריכן אַלע מאָל פון אונטער אָן אַנדער עק וואַלד, געטריבן די פּעטליורישע טיילן צום גרויסן דאָרף און געקוקט, געקוקט, ווי דאָס דאָרף שטויסט זיי אָפּ אין אַ זײַט, פאַרנאַכטלעך וואַרפן זיי אַוועק אָן אַ שיִער געווער, נאָר נאָך דעם שיסן זיי אַ גאַנצע נאַכט און לאָזן ניט, מען זאָל זייער געווער אויפקלײַבן.

איז די געגנט אַרום אַלעקסאַנדראָווקע אין יענער נאַכט געשלאָפן גרינג, ווי אַ חולה. שיטערע לופט האָט אַלע ווײַלע אײַנגעדרימלט און אַלע ווײַלע זיך אויפגעכאַפּט מיט נײַע שיסנדיקע שטראָמען, וואָס טראָסקען מיט באַנאַכטיקן פּלוידער, ווי אין טעמפּע רוישיקע ספּאַזמען. שיסנדיקע שטראָמען האָבן געוועקט פייגלען אין די נעסטן אין די אַרומיקע קליינע וועלדלעך, געטריבן זייערע צעשאָטענע מחנות גאָר נידעריק איבער דעם שטעטלס דעכער און זיי געיאָגט ווײַט אין פינצטערן לאַנד אַרײַן.

אין אַ בלאַסן פײַכטלעכן פאַרטאָג איז איין מאָל די לופט איבער אַלעקסאַנדראָווקע פול געוועזן מיט לײַכטן צאַפּלדיקן שווידער פון אָט די פאַרשלאָפענע פייגלשע געשרייען, און נאָך דעם איז מיט אַמאָל געוואָרן

שטיל און פחדימדיק, גלײַך דער געגנט האָט פּלוצעם אויפגעהערט צו ווײ־טאָן אַ צאָן און זי רוט אָפּ, די געגנט, זי שלאָפט אײַן אַפן טאָג.

באַ עליק דעם שוחטס, דעם סאָציאַליסטל, האָט מען זיך דערפרעגט וואָס זאָל דאָס באַטײַטן, באַ עליקן, דעם דאָרן בהדרל, האָבן פונקט אין יענע טעג ווײ־געטאָן די אויגן, זײ זײַנען אים געוועזן שטאַרק רויט און אָנגעגאָסן, ווי מיט בלוט. ער האָט אויסגעזען באַליידיקט:

— פאַרוואָס פרעגט מען עפּעס באַ מיר? פאַרוואָס מיינט מען עפּעס, אַז איך מוז אַלץ וויסן?

אין יענע טעג איז באָטשקאָ מיט אַ קלײנער גרופּע אונטערגעגאַנגען גאָר נאָענט צו אַלעקסאַנדראָווקע.

אין משך פון צוויי נעכט האָט ער געפּרווט אַהין אונטערגיין, אָוועקגעשטעלט קוילנוואַרפערס אין ביידע עקן שטאָט און אַ שאָס געגעבן אין דער לופט — קורץ, אַזוי גיך, גלײַך ער פּרווט נאָר אויס די כלים. אַף געלעגערט קוילנוואַרפעריש לשון האָט עס געהייסן:

— נישטאָ קיינער באַ אײַך אין שטאָט? אָוועק פעטליורע?... מען קאָן אַרײַנגיין?

און געענטפערט האָט אים ביידע מאָל אין מיטן נאַכט קיווע דער קרומער מיט זײַן וואַך — דער ענטפער איז באַשטאַנען פון אַ סך, אַ סך אַכזריותדיקע קלעפּ אין מעשענעם טעצל און אין דער צעבויגענער בלעכענער פּושקע. אַף יעדער שאָס דאָ אונטערן באַרג האָט אַ שטאַרקער טומל אָפּגעענטפערט נידעריק פון שטעטל: אַ פאַרעקשנט טאַרכאַקען אין די פאַרקנס איז דאָרט אַלע ווײַלע ווי פאַרשטאַרבן און אַלע ווײַלע זיך אויפגעכאַפּט מיט מער קראַפט.

באָטשקאָ האָט זיך אײַנגעהערט, אײַנגעהערט און ניט געוווּסט, וואָס די בייזע קלעפּ דאָרט אין שטעטל קאָנען באַטײַטן. סוף־כל־סוף האָט ער אַהין אונטערגעשיקט זײַנס אַ רירעוודיק רײַטער־פּאָרל.

אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אַף פרײַטיק איז דאָס געווען.

אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אַף פרײַטיק מיטן טאָגלעך, ווען גאַנץ אַלעקסאַנדראָווקע איז נאָך געשלאָפן, איז חײַמל בת־שבעס — אַ

קלעצלדיק־קליינער מיט אַ געלבלעך־געשוירן בערדל — אַרויסגעגאַנגען פֿון זײַן אײַנפֿאָרהויז, וואָס אין עק גאַס. ער האָט אַ שמעק געגעבן די לופֿט, אַ טראַכט געטאָן, אַז עס נעמט אַ פֿרעסטל און אַז מיטן פֿרעסטל וועט שוין אפשר גאָט העלפֿן — עס וועט ווערן שטיל; ער האָט אַ הוסט געטאָן ברייטלעך מיט לייכעץ, ווי חײַמל בת־שבֿעס קאָן, זיך שטײַפֿער אײַנגעהילט אין זײַן ברייטן ראָק און האָט פּלוצעם דערהערט:

אין דער נאָענטער פּראָסטיקער לופֿט אין עק שטעטל שעלט זיך אײמעצער מאָדנע ברייט, מיט אַ סך פֿאַרדריי־שטאָלענע רוסישע קללות; הילכיק שעלט ער דאָרט און שטעכיק־בייז, ווי גלײַך מען שמײַסט איבער אַ נאַקעט לײַב מיט אַן אַראַפּניק. חײַמל בת־שבֿעס איז אַרונטערגעגאַנגען אונטער זײַן לאַנגן אײַנפֿאָרהויז און האָט דערזען אַ פֿרעמדן רײַטער אין אַ לעדערנעם לײַבל און אין לעדערנע הויזן — אַ בלאָנדער, מיט אַן עזות־דיק אַרויסגערוקטער פּיאה. ער איז באַוואָפֿנט מיט אַ קליין אונטערגעזעגן ביקסל, מיט אַ גרויסער ביקס, מיט אַ שווערד און מיט צוויי גראַנאַטן באַם קוילן־גאַרטל. ער זיצט מאָדנע גרינג אַף זײַן גרויסן גרויען פֿערד, וואָס האָט אַ ניכטערן אונטערגעצויגענעם בויך, און שעלטן שעלט ער טעקלי דער וועשערנס מאַן, וואָס שטייט לעבן אים מיט אַ האַק פֿאַרשטעקט אין גאַרטל און מיט אַ גניבֿהש בינטל האָלץ אַף די פּלייצעס:

— רעד! ווערטער רעד! אין דײַן מאַמען אַרײַן...

און קשה איז:

ער זידלט נײַט פֿאַרן גניבֿהשן בינטל האָלץ, נאָר פֿאַרן אוקראַיִנישן לשון, וואָס ער, דער רײַטער, פֿאַרשטייט ניט.

חײַמל בת־שבֿעס איז אַרײַן אין שטוב און האָט גענומען קוקן אין פֿענצטער:

דער רײַטער יאָגט איבער דעם שטעטל, און ניט אַליין איז ער — אין איין שורה מיט אים יאָגט אַ צווייטער, אַ קלײַענדיק־רויטער אין אַ האַרטן געלעכערטן קאַפּעליושל מיט אַ שאַרפֿעלע אַפֿן האַלדז. זיי בלײַבן עטלעכע מאָל שטיין, קוקן אַרײַן אין די זײַט־געסלעך און יאָגן אַוועק געשווינד אַף צוריק אַרויס דער שטאָט.

זיי זעען אויס, ווי רײַטער, וואָס האָבן נאָך קיין מאָל ניט געפּרוווט פֿאַרן פֿאַמעלעך, און אַז זיי שאָקלען פֿון ווײַטנס צו אימעצן מיט די הענט, דאַכט זיך אַלץ אויס: זיי זאָגן אָן אַ בשורה.

אין יענעם פרימאָרגן איז באַטשקאַ מיט זײַן גרופּע אַרײַן קיין אַלעק־סאַנדראָווקע.

איז עס געווען אין אַ געוויינלעכן טונקעלן און פּראַסטיק־קילן פּרײַ־טיק. און ערב שבת איז דאָן יאָ געווען און ניט געווען — ערב שבת האָט געקווענקלט, און די צײַט האָט זיך געצויגן קרענקלעך־לאַנג, ווי אין היץ.

שלעכטע הייצונג האָט געטוליעט אין די אויוונס אַף טשאַלנט ; קוי־מענס פון שטיבער האָבן געריכערט, מאָדנע שלאַבעדיק, ווי ניט זיכער, פּעטע ברענענדיקע שמאַטע האָט געטשאַדעט, געטשאַדעט און פאַרסמט די לופט.

און ליכט האָט מען דאָך פאַרנאַכטלעך, ווי אין פאַרשפּעטיקונג אָנ־געצונדן.

פון אונטער אַלטע טשערעפּענע דעכער האָבן פרײ־באַלויכטענע אויס־געקרומטע פענצטער געקוקט מיט שבתדיקן פלעמל צום עולם, וואָס קלײַבט זיך לעבן חײַמל בת־שבעס אײַנפאָרהויז. מען האָט געקוקט אַף די צוויי האָרמאַטן, וואָס מען האָט אַהין געבראַכט צו שלעפּן פון ערגעץ אַ זומפּיקן אָרט. מען האָט געקוקט אַף דעם אַרויסגעהאָנגענעם ברעטל מיט די רויטע קרומע אותיות „שטאַב" און אָפן בלאָנדן מיט דער קאָזאַקן־פּיאה, וואָס שפּרינגט דאָרט אַלע ווײַלע אַרויף אַף זײַן הויכן פאַרמאַטער־טן פערד, באַהאַלט עפּעס אַ בריוועלע אין היטל און יאָגט אַרויס דער שטאָט ; מען האָט געשמועסט :

— עס דאַרף קומען נאָך — פאַוסטאַנצעס.

— אַ סך, אַ סך דאַרפן נאָך קומען.

— קיטײַצעס אויך — איינער פון זיי האָט געזאָגט.

— און לייזערקע דעם רופאס איז דאָ — ער איז דאָ.

— כ'האָב אים אַליין געזען.

— ער איז דאָ, אָט גייט ער, לייזערקע.

איז אָט וואָס :

איז לייזערקע דעם רופאס גאַרנישט אָוועק שטאַרק ווײַט פון אַלעק־סאַנדראָווקע . . . ער איז געלעגן אויסבאַהאַלטן באַ זײַנע באַקאַנטע שקצים אין באַבראָוויץ און האָט דאָרט אונטערגעהיצט די גוים.

אפשר האָט ער דאָס אָנגעזאָגט אין וואַלד דער גרופּע „גרויסע", אַז זיי מעגן קומען, צי אפשר האָט ער אין איינעם מיט זײַנע באַבראָוויצער שקצים באַגעגנט מיט צעשאָטענע פּײַערלעך יענע צעשאָטענע פּעטליורי־שע טיילן, וואָס לויפן פונעם טראַקט, צי אפשר איז ער פּאָרט בעלעגן באַהאַלטן אַף אַ בוידעם, עלעהיי אַ טורמע — שטאָל און אײַזן, לייזערקע!

— זע, זע! ער טראָגט שוין אַ גראָען שינעל — אַ לאַנגן ביז די פּיאַטעס, און אַ פּיסטויל באַם גאַרטל — ווו האָט ער אַזוי גיך גענומען?

איצטיקס מאָל האָט ער קיין צײַט ניט מיט אימעצן זיך אָפּצושטעלן — אַ גלײַכמעסיקע שנעלקייט אין זײַנע טריט און ערנסטע באַרירעוודי־קייט פון אַ באַשעפטיקטן, וואָס זעט ניט קיינעם חוץ יענעם צו וועמען ער שפּאַנט.

מען קוקט אים נאָך:

— ער העלפט די „גרויסע".

— ער ברענגט נײַע מענטשן.

— ער העלפט זיי אַוועקשטעלן צו צווייִ צו דרײַ אַף אַ קוואַרטיר.

אין איינעם מיט באַטשקאָן איז ערגעץ אַף גיך געגאַנגען. זיך אומ־געקערט און ווידער געגאַנגען, און ביידע — אין לאַנגע גרויע שינעלן. דענסמאָל האָט מע זיך אַ רגע געפּלאָנטערט:

— ווער איז איצט דער אמתער עלצטער — ער צי באַטשקאָ.

אין מיטן גאַס האָט ער פּלוצעם צו איינעם אָנגעהויבן ריידן מיט היציקן פײַער, ווי אַן אַרטיסט — ער האָט זיך אַליין געהייסן ווערן אין כעס, שטאַרק אין כעס — אַ שפּאָגל־נײַער לייזערקע:

— אַ קאָמענדאַנט — אַ קאָמענדאַנט.

און באַ חײַם בת־שבעס האָט מען אונטערגעקוקט דורך אַ צעלעכער־טער טיר, ווי אַזוי לייזערקע איז דאָרט צום ערשטן מאָל אַרײַנגעקומען צו באַטשקאָן אין צימער.

— איך קום פון באַבראָוויץ, — האָט ער געזאָגט — פון די אויפ־געשטאַנענע אין גרויסן דאָרף באַבראָוויץ. און ער איז נאָך דעם אַוועק נאָך מיט איינעם, רײַטנדיק אַף פערד.

איצט באַ ליכט־אָנצינדן האָט דער עולם צוגעקוקט, ווי, ער איז רײַ־טנדיק געקומען צוריק צום אײַנפאָרהויז, און ווי אַנדריוק וואָס היט דאָרט מיט דער ביקס דעם טויער, קאָן אים שוין און לאָזט אים פרײַ אַרײַן.

הייסט עס, אַז עס האָט קיין שום פּעולה ניט געהאַט דאָס, וואָס באַ־לעבאַטים האָבן געשיקט רופן לייזערקעס שוועסטער צום רב און איר אָנ־געזאָגט זהיר־ווזהיר, אַז לייזערקע זאָל זיך ניט מישן — איבער לייזערקען וועט נאָך דעם אומקומען די גאַנצע שטאָט.

באַלעבאַטים זײַנען נאָך דעם אַליין געגאַנגען צו לייזערקען נאָך טובות, חײַמל בת־שבעס האָט אים אַליין לאַנג געטשאַטעוועט אין לאַנגן הויז פון זײַן אײַנפאָר און איז דאָרט אַלע ווײַלע צו אים צוגעשטאַנען אַ אַ היטל, ווי צו אַ פּריץ, מיט אַ וויינענדיק פּנים, און האָט אַלץ געבראָכן פינגער, ווי גלײַך באַ אים אין שטוב ליגט אַ מת:

— לייזערקע, — האָט ער ווי געציטערט, — נעם זיי פון מיר צו, לייזערקע. איך בעט דיך — זיי עסן מיך אויף, לייזערקע... וואָרט אַ ווײַלינקע... איין וואָרט, טו מיר אַ טובה, לייזערקע!

נאָר לייזערקע האָט סך־הכל נאָר איין רגע אַף חײַמל בת־שבעס אַ קוק געטאָן — אַ ביסל צעטראָגן האָט ער אַף אים אַ קוק געטאָן — נאָר רויק, רויק:

— חײַמל בת־שבעס, — האָט ער צו אים געזאָגט... האָב איך אײַך פײַנט!

# איינעמס אַ וועג

## I

אין מיטן דאָרף, אַפן שטיבל פון „שטאַב“, האָט פון גאַנץ פרי אָן געפלאַטערט אַ שטיק רויטער שטאָף. דער שטאָף האָט ווי אַ פרישער קימפּעט־פּאָרהאַנג געהאַט פיל פרייד אין זײַנע קנאַקנדיקע כוואַליעכלעך און אין אַלע אומרויִקע קנייטשן, וואָס אין זײַנע פאָכענדיקע עקן. לעבן שטאַב איז געהאָנגען אַ שילד:

„דער פערטער פּאָלק פון די אויפגעשטאַנענע“.

און ווײַל דער פּאָלק איז אָנגעקומען אין דאָרף אַרײַן באַנאַכט, ווײַל אַף מאָרגן זײַנען פרײַוויליק צו אים צוגעשטאַנען פיל אָרטיקע און פרעמדע שקצים, איז קיינעם דאָ ניט אײַנגעפאַלן זיך נאָכצופרעגן אַף די ערשטע דרײַ פּאָלקן, צי זײַנען זיי ניט קיין אויסגעטראַכטע, צי געפינען זיי זיך נאָענט פונדאַנען, אָדער ווײַט. דאָס וואָרט „פערטער“ איז געווען אָנגעשריבן מיט גאַנץ גרויסע אותיות. עס האָט געוועקט דרך־ארץ, עס האָט געשראָקן.

פון טײַך האָט געבלאָזן אַ ווינטל גלײַך אַפן שטיבל פון „שטאַב“, און ניט אַזוי אָפן שטיבל, ווי אַפן רויטן שטיק שטאָף, וואָס פלאַטערט פרײַ און זיכער אַפן דאַך. נאָר באַטאָג איז דאָס מויל באַם ווינטל געווען פײַכט און פול מיט צעפוילטן אָסיען און מיט אַ ריח פון צווינטער. ווידער איז געוואָרן קויטיק, טונקל און נאָס אין דרויסן. פון מיטן דאָרף גוואַדזשען שטיוול צום „שטאַב“, און נאָך מער שטיוול גוואַדזשען אינעם זײַטיקן געסל, וואָס באַרג־אַראָפּ צום טײַך־צו. קערפּערס זײַנען דאָרט

אַראָפּגעזעצט צו דער ערד, פּלייצעס — אָנגעבויגן אַרום געניטע, פאַר־קאַשערטע הענט, פינגער אָנגעשמירט מיט פעטס שייערן מיטגעבראַכטע האַרמאַטן, גרייטנדיק זיי צו אַ נײַער שלאַכט. און אַקעגן אין אַ בלאָטיקן הויף, וואָס אַרום אַ פּאָר פאַרקאַזאַרמעוועטע שטיבלעך, פּוצט מען מיט אומ־ענדלעכן חשק קאָזיאַנע פערד, מען באַטראַכט אָף זיי די אָנגעמוליעוועטע ערטער, וואָס זעען אויס ווי ציטערנדיק וווּנד־פלייש, אָף וועלכן עס שטע־לן זיך פליגן, און מען פרעגט מבינישע באַ אַבען דעם בעל־עגלהשן בחור, וואָס שנירעוועט דעם רויטן גאַרטל אָף די לענדן:

— אַבע! — לאָדט מען אים איַן, — אַנו, כאַפּ נאָר אַ קוק... מיט וואָס באַשמירן, אַבע?

אַבע יחיאל־משה דעם בעל־עגלהס בחור איז דער איינציקער ייִד אין פּאָלק און וויל דאָ ניט אויסריידן צו קיינעם קיין איבעריקן וואָרט. מער ווי אַלץ איז ער צופרידן, ווען מען לאָזט אים צורו, ערגעץ טיף אין זיך רופט ער אָט דעם גאַנצן עולם אַרום זיך ניט אַנדערש, ווי גראָבע קעפּ. ער דרייט זיך אַרום צווישן זיי אַ דרימלדיקער און פוילער, ווי אַ פּועל־בטל, און אַלץ, וואָס ער הערט דאָ, גייט אים דורך איין אויער אַרײַן און דורכן צווייטן — אַרויס.

— וואָס גייען זיי מיך אָן, — טראַכט וועגן זיך אַבע — מײַן דאגה?

אין דער פרי האָט געטראָפן אַ מעשה:

איינער פון די חברה האָט עפּעס צוגענומען באַם פויער, באַ וועלכן ער איז אײַנגעשטאַנען. דער פויער האָט געמאַכט אַ גוואַלד. דאָס דאַרף איז זיך צוזאַמענגעלאָפן. אָפן דאָרפישן זײַט זײַנען געווען אַלע אָרטיקע שקצים, וואָס האָבן אַקאָרשט נעכטן באַקומען ביקסן. און פּלוצעם, אין אַ רגע פון פּליסיקער סכנה, האָט מען פון אונטער איינער אַ כאַטע דער־הערט אַ שאָס. מען האָט זיך אַהין אָ לאָז געגעבן און געפונען דעם שול־דיקן אַ טויטן. און דער חשד איז געווען, אַז דערשאָסן האָט אים איינער פון „שטאַב" — יענער, וואָס מיט דער בעלמע אָפן לינקן אויג.

אַבע איז געווען פון יענע געציילטע, וואָס האָבן אַליין געזען, ווער עס האָט דערשאָסן, נאָר אַז מ'האָט וועגן דעם באַ אים געפרעגט, האָט ער

בעל־עגלהש טומפּ אַ צי געגעבן מיט די אַקסלען און האָט זיך פֿויל אַוועק־געדרייט אין אַ זײַט:

— מײַן דאגה!...

עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט ניט וועלן אומזיסט אַוועקלייגן דאָ זײַן האַרץ; אַז סך־הכּל איז ער נאָר צוליב דעם אַרײַנגעטראָטן אין פּאָלק, ער זאָל ענדלעך פּטור ווערן פֿון אַוועקלייגן אומזיסט זײַן האַרץ; וואָרעם אַבי, קען מען זאָגן, האָט אַלע זײַנע יאָרן געטאָן אומזיסטיקע און איבעריקע אַרבעט צוליב אַנדערע און האָט דערפֿאַר ניט באַקומען קיין שום לוין. אין דעם איז באַשטאַנען זײַן באַזונדערע געשיכטע — אַ געשיכ־טע פֿון אַ באַעוולטן, פֿאַר וועמען קיינער שטעלט זיך קיין מאָל ניט אײַן.

אָנגעהויבן האָט זיך פֿאַר אַבען די דאָזיקע אומזיסטע אַרבעט פֿון דעם, וואָס ער האָט אײנעם שטעטל סטאַוויטש אַלע זײַנע יאָרן אומזיסט געררופֿן „טאַטע" יחיאל־משהן דעם בעל־עגלה, מיט וועמען זײַן מוטער די אלמנה האָט אַמאָל התונה געהאַט, און אַליין איז ער דאָרט יעדער יום־טוב געגאַנגען אין דער בעל־עגלהשער שול און האָט דאָרט אומזיסט גע־זאָגט „יזכור" נאָך זײַן אמתן טאַטן, וועמען ער, אַבע, האָט ניט געקאַנט אַפֿילו ניט אין חלום. געדענקט אַבע, ווי אין פּאָליש פֿון דער בעל־עגלה־שער שול פֿלעגט ער אומזיסט אָפּוואַרטן גאַנצע שעהן, ביז מען וועט אָנ־הייבן זאָגן „יזכור", און ווי בעל־עגלהשע ווײַסע חברה פֿלעגט אים דאָרט קיין מאָל ניט רופֿן בײַ זײַן אמתן נאָמען.

—יחיאל־משה דעם בעל־עגלהס נדן, — פֿלעגט מען אים רופֿן.

אָדער פּשוט:

— דער נדן.

נאָר שטאַרק דערצאָרענען אים האָט מען דאָ מורא געהאַט, ווײַל כאָטש ער האָט שטיל און געטרײַ געהאָרעוועט אויף יחיאל־משהן דעם בעל־עגלה, ווי אויף אַן אייגענעם טאַטן, איז ער דאָך אַ פֿעסטער פֿאַרשלאָפֿענער בחור און האָט פֿײַנט געהאַט צו האַלטן פֿאַרלייגט די הענט ווען מען רייצט אים שטאַרק אויף, אָדער מען טוט אים רשעות. אַבע האָט געהאַט אַזעלכע אַקסלען, וואָס אַז זיי גיבן זיך אַ דריי, איז יעדן קלאָר, אַז זיי, די אַקסלען, האַלטן פֿאַר זיך פֿונעם געזעץ:

— וואָס אמת איז אמת.

— וואָס מײַנס איז מײַנס און וואָס דײַנס איז דײַנס.

טאַקע דערפאַר אַרויסגייענדיק פונעם געזעץ „וואָס דײַנס איז דײַנס"
— האָט אַבע מלחמה־צײַט אָפּגעדינט דרײַ מיט אַ האַלבן יאָר אַף די
פראָנטן, אָפּגעדינט אַזוי כשר, אַז כשרער קען ניט זײַן. און די מלחמה,
קאָן מען זאָגן, האָט אים גאָרנישט ניט געשאַדט, גאָרנישט ניט בעסער
געמאַכט און גאָרנישט אויסגעלערנט, ווײַל ווי פאַר דער מלחמה, אַזוי
נאָך איר האָט אַבע נאָך אַלץ שטיל און פאַרשלאָפן געהאָרעוועט אַף
יחיאל־משהן דעם בעל־עגלה, פירנדיק זײַנע פאַרשוינגען פון סטאַוויטש
אין דער ווײַטלעכער גרויסער שטאָט, וואָס ליגט אין טאָל. און זײַן אייב־
ציקער פריִערדיקען חסרון איז איצט באַ זײַנע פיר און צוואַנציק יאָר אַלץ
געווען אַ חסרון — ער איז געווען אַן אַכזר אַף די פערד, מיט וועלכע ער
פאָרט אַזוי, אַז דער בעל־עגלהשער שטיפטאַטע האָט זיך תמיד געקלאָגט
פאַר זײַן מוטער:

— ער יאָגט, ער יאָגט, דער בחור דײַנער. ער שינדט פון די פערד
די פעל.

נאָר דאָס האָט זיך אפשר גענומען דערפון, וואָס צו אַלע אַנדערע
ברואים איז אַבע געווען גוט און ווויל, אַלע האָבן אים אומזיסט אויסגע־
נוצט, האָט ער אויסגעלאָזט זײַן האַרץ צו די פערד. אַליין אָבער האָט ער
נאָך אַלץ ניט געוווּסט, אַז אַלע נוצן אים אומזיסט אויס, און ווער ווייס
ווי לאַנג דער דאָזיקער „נישט וויסן" וואָלט זיך געווען אַוועקגעצויגן, ווען
ניט די דינסט פון יענעם זעלבן אײַנפאָרהויז, וווהין אַבע פאַרפאָרט אין
דער גרויסער שטאָט מיט זײַנע פאַרשוינגען. די דאָזיקע מויד איז אים דאָרט
אין אײַנפאָרהויז פון מאָל צו מאָל געוואָרן אַלץ מער אייגן און אײַנגע־
באַקן אין האַרצן ביז זי איז סוף־כל־סוף געוואָרן זײַן כלה.

אים, אַבען, איז די מויד זייער געפעלן געוואָרן, שוין מיט דעם
אַליין, וואָס צו אַלעמען איז זי געווען אַ בייזע, אַ ברוגזע, און צו אים איז
זי אַדרבא — צו אים איז זי געווען אַ ווייכע, אַ צוגעלאָזענע. אַבע האָט
זיך געקאָנט ווענן: אַנו, זאָל אימעצער אַן אַנדערער פּרוּוון צו איר צו־
שטיין, וועט ער פון איר האָבן אַ וויסטן סוף, און אַקעגן אים, אַבען, האָט
זי גאָרנישט, אַפילו אַז ער שטייט צו איר צו אין הויז פון אײַנפאָר, ווו
עס שטייען די פערד, און אַז ער פּאַקט זי דאָרט אין אַ טונקל ווינקל, בעת
זי גייט אַרויס נאָך אַ קאַכטעפּל, בלײַבט זי דאָרט אַ ווײַלע שטיין און
לאָזט אים ער זאָל טאָן באַ איר אין בוזים אַלץ, וואָס ער וויל. עס מאַכט

זיך: מיט פריִען גרויען פרימאָרגן קומט ער אָן מיט זײַן פור אַהין אין שטאָט און טרעפט זי דאָרט איינע אַליין אונטערן אײַנפאָרהויז, בעת זי איז אָנגעבויגן איבער אַ פריש אויסגעגאָסענעם צעבער. לעבן איר — אַ פּאָר אָנגעפלויגענע ראָבן, אַ פּאָר צוגעלאָפענע חזירים, וואָס דער איבער־געקערטער צעבער שמעקט זיי.

— אַטשו, — שרײַט זי בייז אַף די חזירים, — אַטשו!

און אַליין איז זי אַ באָרוועסע, מיט אַ פולן בוזים, די הענט פּאָרקאָ־שערט, די פיס נאַקעט. איר פאַרשלאָפן פּנים, וואָס מיט די שמאָלע אויגן, איז מאָט און פעבקע. און שמעקן שמעקט עס ווי אַן אומגעוואַשענע. פון שטענדיקער בייזקייט רעדט זי זייער ווייניק, נאָר אַז זי דערזעט אים, אַבען, אָנקומען מיט זײַן פור, טוט זי אַ פּאַמפּע זייער געשווינד:

— זע נאָר, אַבקע!... ווי קומסטו אַהער? האַ, אַבקע?

אַבען האָט אָנגעהויבן ציִען צו איר אין שטאָט אַרײַן אַזוי, אַז אַפילו ווען ער האָט זיך געפונען אין דער היים, און אַפילו אין שטאַרקסטן שלאָף, האָט ער תמיד געדענקט איר ריח — אַ ריח, ווי פון פרישע שטרוי, וואָס האָט סך־הכל איין נאַכט אונטער פערד געגענעכטיקט. און דער דאָזי־קער ריח האָט ווי פון זיך אָנגעהויבן לערנען אַבען, אַז ער קען עפּעס אויפ־טאָן אויך פון זײַנעטוועגן אַליין און אַז ביז איצט איז אַ קרענק אַף זיי, אַ כאָלערע אַף יענע אַלע מענטשן, וואָס ער האָט ביז הײַנטיקן טאָג, אחוץ דער מויד פון אײַנפאָרהויז, געזען אַרום זיך. צוליב זיי האָט ער אַלע זײַ־נע יאָרן אָוועקגעלייגט זײַן געזונט, און זיי צוליב אים — גאָרנישט.

אַ בראַנד אַף זיי.

פּאָרקערט, זינט מען האָט זיך דערוווּסט, אַז אַבע נעמט די דאָזיקע מויד פון אײַנפאָרהויז, האָבן אַלע אָנגעהויבן לייגן אַף אים מער כּבוד, און אָט אַפילו די מאַמע זײַנע — זי האָט אָנגעהויבן דערגיין די יאָרן איר מאַן יחיאל־משה דעם בעל־עגלה, מען זאָל וואָס גיכער דעם בחור חתונה מאַכן. און טאַקע פונדאַנען האָט זיך גענומען די געשיכטע, וואָס אַבע איז נישט ווילנדיק אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אָט דעם פאָלק אַרײַן — אַ פאָלק, וואָס רופט זיך „דער פערטער פאָלק פון די אויפגעשטאַנענע" און באַשטייט דורכויס פון אַזעלכע מענטשן, וועלכע ער, אַבע, רופט ער־געץ טיף אין זיך ניט אַנדערש ווי מיטן נאָמען „גראָבע קעפּ".

דער שבת, ווען יחיאל־משה דער בעל־עגלה האָט אַבען אויפגערופן

ווי א חתן אין דער בעל־עגלהשער שול, איז געווען דער לעצטער שבת איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען, און אַבע האָט דענסטמאָל מיט פֿאַרשלאָפֿענע אויגן געקוקט, ווי באַקאַנטע בעל־עגלהס גייען נאָכן דאַוונען צו זיי אין שטוב אויף „קידוש", און קיינעם פֿאַלט דאָרט שוין מער ניט איַין אים, אַבען, דאָס היטל איבער די אויערן אָנצורוקן און דער־ביַי ווי געוויינלעך צו זאָגן:

— שינדסט די פֿעל פֿון די פֿערד, האָ? אַבע, ביסט אַן אכזר אַף פֿערד, אַבע.

מען טרינקט צו אים לחיַים, מען ווינטשט אים די חופּה זאָל זיַין אין אַ גוטער שעה און מען ווינקט צו אים מיט איין אייגל וועגן דער נאַכט, וואָס נאָך דער חופּה. מען טרינקט אויך לחיַים צו זיַין שטיף־פֿאָ־טער יחיאל־משהן, און יחיאל־משה איז שוין שיכור, שיכור איז יחיאל־משה אויך אַף מאָרגן נאָכן אויפֿרופֿן. נאָר צו דער כלה, אין דער גרעסע־רער שטאָט, וואָס אין טאָל, זאָגט ער, קאָן מען איצט דעם בחור ניט פֿי־רן. ער קומט אַלע מאָל פֿון מאַרק, ווו ער הערט זיך אָן מיט שרעקלעכע זאַכן, און קריגט זיך מיט זיַין וויַיב:

— פֿיר אים אַליין! — שריַיט ער צו אַבעס מוטער, — פֿיר אים אַליין, דעם בחור דיַינעם. דו הער בעסער, וואָס מען זאָגט אין מאַרק, הער בעסער: פּעטליורעס היצלעס, זאָגט מען, שניַידן יידן אַף אַלע טראַקטן.

עס קומען אַריַין אין שטוב באַקאַנטע בעל־עגלהס, און אויך זיי זאָגן:

— וווהין פֿאָרן?

— אַ סכנה... אַ גרויסע סכנה.

אַבע האָט זיך אַזוי אַרומגעדרייט אַ וואָך און צוויי, און זיַינע געפֿי־לן זיַינען געווען אַזעלכע, ווי גלײַך, מ'האָט אים געקוילעט, נאָר ניט דער־קוילעט. אַלע מענטשן אַרום זיַינען אָדער באַוויַיבטע אָדער ניט קיין באַ־וויַיבטע. און ער, אַבע, איז אַ באַזונדערער. אַז ער איז אַ בחור, קאָן מען מער ניט זאָגן, וויַיל מען האָט אים שוין „אויפֿגערופֿן", נאָר קיין באַ־וויַיבטער איז ער אויך ניט. ער איז עפּעס אַ „צווישן". מען לאַכט דערי־בער פֿון אים אין מאַרק, מען זאָגט צו אים:

— אַ קרענק אין דיַינע ביינער, אַבע, אַפֿילו חתונה האָבן קענסטו אויך ניט ווי געהעריק.

און בעל־עגלהשע הענט רוקן אים שוין ווידער זײַן היטל איבער די אויערן:

— יאָגסט, האַ, יאָגסט... ביסט אַן אַכזר אַף פערד, אַבע.

און צו דער כלה, דער מויד פון אײַנפאַרהויז, ציט. איר ריח אַ ריח פון פרישער שטרוי, וואָס האָט סך־הכל איין נאַכט אונטער פערד געגעכ־טיקט, געדענקט זיך אַן אויפהער אַפילו אין שטאַרקסטן שלאָף.

אַבע האָט סוף־כל־סוף אַליין אַנגערוקט אַף זיך זײַן באַראַשקן היטל. ער האָט אַנגעטאָן זײַן גרויען שינעל, וואָס איז אים פאַרבליבן פון מל־חמה־צײַט, פאַרגאַרטלט אַף זיך דעם רויטן בעל־עגלהשן גאַרטל און האָט זיך אַוועקגעלאָזן אײנער אַליין צופוס צו זײַן כלה.

— אַ בראַנד אין זיי! — האָט ער געטראַכט וועגן יענע אַלע מענטשן, וואָס ווילן אים אַהין ניט פירן ווי עס קומט אַ חתן — כ'האָב זיי אין דער ערד. זאָלן זיי ברענען.

און דער פאַרדראָס אַף אַלע אַרומיקע מענטשן, אַף וועלכע ער האָט אַלע יאָרן אומזיסט געהאָרעוועט, האָט איצט דערגרייכט אין אים ביז דער העכסטער מדרגה.

די ערשטע פופצן וויאָרסט איז ער אָפּגעגאַנגען בשלום קיינער האָט אים אַפן וועג ניט אָפּגעשטעלט, קיינער האָט באַ אים ניט געפרעגט ווער ער איז און וווהין ער גייט, נאָר פאַרנאַכט, ווען ער איז צוגעקומען צום גרויסן טראַקט, וואָס ציט זיך פאַרבײַ דעם גרויסן באַליאַסנער וואַלד, האָט ער דערהערט פון טיפן וואַלד אַ ווידערקול פון אַ שיסערײַ. דאָס ווי־דערקול האָט געהאַט אַן אַ שיער רציחהדיקע כוואַליעס. דער וואַלד האָט אויסגעזען זייער כמורנע און בייז. אַבע האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע און האָט דערהערט אַ צווייטן שאָס מיט אַ ווידערקול, און ווידער מיט אַן אַ שיער רציחהדיקע כוואַליעס. גיין ווײַטער אַ קעגן נאַכט האָט זיך געדאַכט איז זייער געפערלעך, און אַבע האָט דעריבער אַראָפּגענויגט אַן אַ זײַט, כדי איבערצונעכטיקן דאָרט אין פעלד באַם פיליפּאָווער שמיד אין שטיבל. מענדל דער שמיד איז געווען אין דער היים. זײַן ווײַב ראַכע אויך. אַבען האָבן זיי געקאָנט ניט ווייניקער, ווי אַלע פאַרבײַפאָרנדיקע בעל־עגלהס. אַבע האָט גענעכטיקט באַ זיי אַפן אויוון, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער געפינט זיך ערגעץ זייער טיף אין דער נאַכט.

אין דרויסן האָט אַן עלנטער בוים געדוכט אַן אויפהער מיט זײַנע

צעפלאָכטענע צװײַגן, געשטאַנען איבערגעבויגן אין מיטן פעלד און האָט געראַשעט, געװעקט דעם שמידס שטיבל.

װײַטער פון פעלד — דער װאַלד, נאָך װײַטער — דער המשך פון נאַכט און פון פעטליורעס טשיפּיקעס, װאָס שלאָגן זיך מיט אויפגעשטאָנענע פאַלקן און קוילען אויס ייִדן. אָבער איז געשלאָפן פעסט.

נאָר באַנאַכט האָבן דעם שמידס שטיבל אַ מענטשן פופצן רײַטערס אַרומגערינגלט משונה שטיל, װי צוליב אַ מאַנעװער, און די לבנה איז דאָך יאָ געװען און ניט געװען — די לבנה איז מיט איר שײַן געשפּרונגען װי איבער בערג, אײַליק איבערגעיאָגט פיל לויפנדיקע װאָלקנס און געבלײַכט און געגילדעט דאָס פעלד.

דעם שמידס װײַב — אַ ייִדענע, װאָס האָט אַלע אירע יאָרן געזאָגט „אַ װיסטער, אַ פינצטערער חלום״, געזאָגט און ניט געװוּסט די טײַטש. נאָר איצט האָט זי די ערשטע דערהערט פון שלאָף װי מען קלאַפּט, פאַרהויבן גלײַך פון שלאָף אַ פאַרהאַנג און האָט דערזען: אַ װיסטער, אַ פינצטערער חלום בלאָסט זיך איר אַ קעגן אין דער נאַכט — אין אַ האַלבער ראָד שטייען רײַטער אַרום איר שטיבל, נאַכטיקע פּנימער, שטומע בליקן; באַ אַלעמען שטעקן ביקסן פון אונטער די פּלײצעס; באַ אײנעם װיל דאָרט ניט אײַנשטיין זײַן פערד — אײנער הרגעט, הרגעט שטאַרק זײַן פערד.

— מענדל! — האָט די ייִדענע שטאַרק געװעקט דעם מאַן — אַ גרויסער בראָך!

— װאָס שלאָפסטו, מענדל? זע! זײ קריכן שוין אַראָפּ פון די פערד. מענדל! װעק גיכער אָבען, יחיאל־משהס בחור. װײ און װינד, מענדל!

אָבער האָט זיך געפונען אין קיך אױפן אויװן און איז דאָרט געשלאָפן פאַרהילצערט, װי נאָך גרויסע װײטיקן, װאָרעם אַלע אַרומיקע מענטשן זײַנען אַזעלכע װערעמדיקע, פאַסקודנע — ער, אָבער, האָט צוליב זײ יאָרן אָװעקגעלייגט זײַן געזונט, און זײ צוליב אויף גאָרנישט — נעכטיקע טעג.

— אָבער! — האָט אים דער שמיד שטאַרק געװעקט, — אָבער!

אָבער האָט אַראָפּגעלאָזט פון אויװן אַ פּאָר פאַרלאָפענע באָרװעסע פיס און האָט זיך גלײַך אײַנגעהויקערט אויף צו שלאָפן װײַטער זיצנדיק.

— אַבע — שטיי נאָר אויף!

אַבע האָט ווי חרטה געקריגן, וואָס ער האָט זיך אויפגעזעצט, און האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט. סוף־כל־סוף האָט מען אים דערוועקט. אין האַלבן שלאָף האָט ער זיך דורכגעשלעפּט ביז צו דער טיר, זיך דורכגעשלײַכט מיט שנאָרכנדיקן אָטעם, מיט דרימלענדיקע פיס און מיט פאַרקלעבטע אויגן, ווי אָף פּטור צו ווערן. נאָר אין דרויסן האָט ער אַ שמועס געטאָן מיט אימעצן, אַ שמעק געגעבן די לופט, אַ טראַכט געטאָן, אַ שווײַג געגעבן און האָט זיך אומגעקערט אין שטיבל האַלב וואַכנדיק מיט אַ ניכטער קול:

— ר' מענדל, זיי ווילן די קוילנוואָרפערס; די פּיליפּאָווער גוים זאָגן, זיי האָבן אײַך געגעבן פאַרריכטן קוילנוואָרפערס.

— ווער וויל?

— זיי, אין דרויסן . . . גרויסע, זאָגן זיי, זײַנען מיר, פון די פּאָווסטאַנצעס פון פערטן פּאָלק.

— וואָס זאָגן זיי?

— זיי ווילן צעטראָגן די שטוב.

מיט דער ייִדענע האָט געוואָרפן:

— מענדל, גיב זיי, גיב זיי, אַ גרויסער אומגליק, מענדל! . . . ווײ און ווינד.

אַבע איז אַוועק מיט דעם שליסל פון קוזניע אָפּגעבן די קוילנוואָרפערס, נאָר איצטיקס מאָל האָט ער זיך אין דרויסן מער געזאַמט און זיך אומגעקערט מער וואַכנדיק:

— ר' מענדל, זיי ווילן אײַער פערד־און־וועגעלע אויך. זיי שפּאַנען שוין אײַן דאָס פערד. מיר דאַרפן, זאָגן זיי, פירן די קוילנוואָרפערס.

— בעט זיי, אַבע, — האָט געפּלאָנטערט די ייִדענע, — אַ גרויסער בראָך. בעט, זיי זאָלן לאָזן דאָס פערד.

אַבע איז צום דריטן מאָל אַרויס אין דרויסן און זיך געזאַמט לאַנג, לאַנג — אַ גוזמא. איצטיקס מאָל איז ער אַרײַן אין שטוב געשווינד, מלא גדולה. אָן אָטעם, מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אָף גיך, גיך געשלעפּט אָף די באָרוועסע פיס זײַנע שטיוול.

— וואָס איז, אַבע — האָט מען זיך באַ אים געבעטן, — רייד אַרויס אַ וואָרט... וואָס זאָגן זיי?

פון גרויסן גליק האָט אַבע ניט געקענט ריידן.

— זיי נעמען מיך מיט... — האָט ער זיך פאַרכלינעט, אָנציִענדיק מיט אַלע כוחות די שווערקריכנדיקע שטיוול, — אָט באַלד... צו מײַן כלה נעמען זיי מיך... ווי איך בין אַ ייִד. זיי גייען, זאָגן זיי אַף דער שטאָט... ווײנט ניט, ראָכע, איך וועל אָפּהיטן אײַער פערד... איר מעגט זיך פאַרלאָזן... ווי איך בין אַ ייִד... כ׳וועל עס שוין היטן...

## II

פון דענסמאָל אָן געהערט אַבע צו די דאָזיקע דרײַ הונדערט מענטשן, וואָס טראָגן ביקסן און האָבן אַ „שטאַב״ מיט אַ שילד, אַף וועלכער עס איז אָנגעשריבן „דער פערטער פּאָלק פון די אויפגעשטאַנענע״. שוין אַ וואָכן דרײַ זײַנט ער נעכטיקט דאָרט, ווו זיי נעכטיקן, און טאָגט דאָרט, ווו זיי טאָגן. אים האָט מען גלײַך ווי אַלע געגעבן אַ ביקס, טראָגט ער זי גלאַט אַזוי, כדי קיינער זאָל ניט באַמערקן, אַז ער איז דאָ אַ זײַטיקער, אַ פרעמדער, און אַז צוגעשטאַנען איז ער צו דער חברה, נאָר דערפאַר, וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט אין גיכן קומען אין דער גרויסער שטאָט, וואָס אין טאָל, צו זײַן כלה. ווי נאָר ער קומט אַהין אין שטאָט, איז אָן עק — אויס מחותן.

אין די לאַנגע נעכט איז אַבע דעריבער דאָ אין דאָרף געשלאָפן פעסט, ווי אַן אומזיסטיקער פעפער — אַ שטומער רמז, און נאָכגעשלעפּט אַהער האָט ער זיך האַלב מיט אַ מיין, האַלב אַזוי זיך ווי פון פּוסט - און - פּאַסט. ער האָט דאָ די גאַנצע צײַט פויל אַרומגעשנאָרעט צווישן דער „חברה״, געקוקט, ווי פון נאָענטן צעראַבירטן שטעטל קומען אַהער אין דאָרף אַנטלאָפענע ייִדישע יונגעלײַט, ווי מען גיט דאָ די יונגעלײַט ביקסן, און אַז אימעצער פון די דאָזיקע יונגעלײַט הויבט זיך אָן באַ אים צו פרעגן געזונט, ווער דער פּאָלק איז, און צי וועט ער נאָך לאַנג דאָ אין דאָרף שטיין, ענטפערט ער קאַלט:

— מײַן דאגה?

גלײַך אַ מער וואָרעמער ענטפער איז שוין גענוג אַף אָנצוקניפּן אים

נאָענטער אָן אַט דעם פּאָלק. ער האָט דאָ געקוקט, ווי אַ זייטיקער, און דער עולם, האָט זיך אים געדאַכט, איז אַ מאָדנע וואָרעמער, אַ היימי־שער, כאָטש טיף אין זיך האָט ער זיי גערופן ניט אַנדערש, ווי גראָבע קעפּ. אים, אָבער, גיט מען דאָ ברויט, גיט מען, און אויך פלייש, און מען קאָכט, רופט מען אים צו, ער זאָל נעמען אַ חלק, און אין תוך איז ער דאָך אַ זייטיקער, אַ פרעמדער, די פינפטע ראָד אין וואָגן...

נעכט האָבן דאָ אַלץ געשמעקט מיט שווייסיקע קאָזאַרמעס, מיט שמאָטעדיקע לייבער, וואָס טוען זיך ניט אויס, ליגן אויסגעוואָלגערט אַף דער פּאָדלאָגע און פאַרשנאַרכען די דאַרפיש־אָנגעהייצטע שטיבער, און אַז זיי צעהיצן זיך טיף אין דער נאַכט, פאַרשפּרייטן זיי אַרום זיך אַ וואַרגנדיקן עיפּוש, אַ געמיש פון אומריינער הינערשער שטייג מיט טשאַ־דעדיקן לאָמפּ, און דענסטמאָל כאַפּן זיך אויף אייניקע פון די יידישע יונגעלייט, וואָס זיינען אַהער געקומען פון נאָענטן צעראַבירטן שטעטל, און נאָך איידער זיי כאַפּן זיך אויף, דערפילן זיי, אַז עס שטיקט — נישטאָ מיט וואָס צו עטעמען.

און נאָך דעם קאָנען זיי שוין מער ניט אַנטשלאָפן ווערן. זיי לויפן אַלע מאָל אין דרויסן כאַפּן לופט, זיי זיצן אייבער לעבן צווייטן און ריידן מיט באַנאַכטיקע קולות וועגן דעם פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט פעטליורעס טיילן, וואָס שניידן יידן און איז אָפּ־געריסן פון די איבעריקע רויטאַרמעישע פאָלקן און ווייסן ניט, ווו זיי געפינען זיך, און וואַרטן אַלץ דאָ אין דאַרף אַף אַ ידיעה פון זיי, אַף אַ פאָר מענטשן, וואָס דאַרפן זיך דורך פעטליורעס טיילן אַהער דורכ־רייסן.

די יונגעלייט האָבן אַזוי גערעדט צווישן זיך אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט, אָבער איז דענסטמאָל געשלאָפן שטאַרק, ווי אַ זייטיקער, ניט געהערט, ווי זיי ריידן, ווי זיי דרייען זיך אין דרויסן אַרויס כאַפּן לופט, ווייל אין תוך איז דאָ קיין זאַך ניט זיין דאגה, און ווי באַלד ער קומט מיט דעם פאָלק אין שטאָט אַריין צו זיין כלה, איז אָן עק — אויס מחותן.

נאָר איין מאָל פאַרטאָג האָט אָבער פּעפּעריש לייב דערפילט, ווי מען רייסט עס צו שטאַרק פון שלאָף, און אַז דער, ווער עס רייסט אים, האָט צופיל אימפּעט און ווייסט אַלע חכמות, ער איז אַ בריה אַף אויפוועקן, און אַז ער, אָבער, וויל אַלע מאָל צוריק אַנטשלאָפן ווערן,

כאַפּט ער אַ טרוקענעם קנאַק ערגעץ־ווו צווישן די ריפּן, אַזוי אַז ער מוז זיך סוף־כל־סוף אויפזעצן און דערהערן, ווי מען שרײַט צו אים ער זאָל זיך אָנטאָן:

— גיכער גיי. מען וואַרט אַף דיר אין דרויסן.

און געווען איז דאָס אַלץ פּאַר אַבען, ווי אַ חלום באַ גרויען מאָר־גנדיקן דרויסן.

געשאָטן האָבן דאָן פון באַנאַכט אָן ווײַסע געפרוירענע גרײַפּע־לעך, געפאַלן שטיל, ווי וואַגלאָזער שניי. און געשטאַנען זײַנען אין דרויסן אונטער אָט די שיטנדיקע גרײַפּעלעך אַלע פון „שטאַב", און יענער, וואָס איז מיט דער בעלמע אָפן לינקן אויג, איז דאָרט אויך געשטאַנען און האָט אויסגעפרעגט באַ אַבען, ווען מען קאָן ער פון די אַרומיקע דערפער. ער האָט זיך געשעפּטשעט מיט די איבעריקע, גע־שיקט אַבען צו זכריה דעם סטעלמאַך אין גרויסן דאָרף ליטשינאָווקע און אים געהייסן דאָרט אונטערקוקן, וואָס טוען דאָרט אין דאָרף פּע־טליורעס טיילן.

— פּאַרטיק? — האָט מען באַ אַבען געפרעגט.

און בשעת אַבע האָט אין אײַלעניש פאַרצויגן דעם רויטן גאַרטל אַף זײַנע לענדן, האָט איינער פון „שטאַב" מביניש צוגעפּײַפט, זיך אַרויסגעקוקט פאָרויס, צילנדיק אַף אַבען מיט אָן אייגל, זיך אויסגע־גלײַכט און אַ קאָמאַנדעווע געגעבן מאַמעדיק, מיט האַרץ:

— דעם רעכטן אַקסל פאָרויס, מאַרש!

אַבע האָט געפאָלגט שטום. עלעהיי ער איז נאָך אַ סאָלדאַט, אין גוישע הענט, און מוז טאָן אַלץ, וואָס מען הייסט אים. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן ריכטיק, לויט דער קאָמאַנדע, און האָט זיך אַוועקגעלאָזן צו פוס. נאָר אַליין איז ער נאָך געווען שטאַרק פאַרשלאָפן. ער האָט ניט געוווּסט אַף קלאָר, נאָך וואָס מען האָט אים קיין לישטשינאָווקע צו זכריה סטעלמאַך געשיקט און וואָס דאַרף ער דאָרט טאָן. ער האָט געשפּאַנט איבער די פעלדער, און וואָס טיפער ער איז אַרײַן אין פײַכ־טן, גרוי־ווערנדיקן נעפּל, אַלץ מער איז אים זײַן שליחות אַרויס פון געדאַנק.

און געבליבן איז אים נאָר, אַז ער דאַרף אויספעלן אומעטום די דערפער, ווײַל עס איז אַ סכנה, אַז אויב ער וועט אומעטום אָנלייגן

וועג, וועט ער דאָך קיין לישטשינאָווקע האָבן ניט מער ווי אַ מײַל אַנדערהאַלבן. און פון לישטשינאָווקע אין דער גרעסערער שטאָט, וואָס אין טאָל, איז שוין סך־הכל אַ מייל פיר. און דאָרט אין אײַנפאָר־הויז דינט זײַן כלה. זי איז אַ בייזע, אַ ברוגזע, און ער, אַבע, קאָן זיך וועטן:

— אַנו, זאָל אימעצער אַן אַנדערער פּרוּוון צו איר צושטיין...

אַבע האָט איצט ווי תמיד קיין באַשלוסן ניט אָנגענומען. ער האָט נאָר געפילט, אַז צוריק גיין ווילט זיך ניט און אַז צו איר, דער כלה זײַנער, איז אפילו איצט אין אָט דעם אומקומעניש אַ מחייה צו שפּאַ־נען אַזוי ווי ער שפּאַנט. איין מאָל איז ער צו איר אין אַזאַ פֿרײַען און גרויען פרימאָרגן אָנגעקומען, האָט ער זי געטראָפן איינע אַליין הינטערן אײַנפאָרהויז אָנגעבויגן איבער אַ פריש־אויסגעגאָסענעם צע־בער, לעבן איר — אַ פּאָר אָנגעפלויגענע ראָבן, אַ פּאָר אָנגעלאָפענע חזרים.

— אַטשו, — האָט זי בייז אַף זיי געשריגן, — אַטשו!

און אַליין איז זי געווען אַ באָרוועסע מיט אַ פולן בוזים, די הענט פאַרקאַשערט, די פיס באַקעט, איר פאַרשלאָפן פּנים, וואָס מיט די שמאָלע אויגן — מאַט און פּעכקע, און שמעקן שמעקט עס ווי אַן אומ־געוואַשנס. פון שטענדיקער בייזקייט רעדט זי ווייניק, נאָר געשווינד אַזוי, אַז אַ זײַטיקער פאַרשטייט זי קוים, און אַז זי רעדט, פינטלט זי מיט די אויגן.

— זע נאָר, אַבקע! — האָט זי צו אים דאָן געשווינד אַ פאָנפע גע־טאָן — ווי קומסטו אַהער? אַ, אַבקע?

אַבע איז געגאַנגען מיט גיכע טריט, מיט פרעמדע פעלדער.

אַרום אים — אַ פּוסטער אויסגאַס אין דער טיף פון שטרעקעס און קייבער, קייבער, ווער עס זאָל זען, ווי זײַן בעל־עגלהשער גאַרטל רויטלט זיך פון ווײַטן. דער טאָג — אַ וואָלקנדיקער, אַ טונקעלער, אַן אײַנגע־שרומפּענער — שטאַרק ענלעך צו אַ קורצן פרײַטיק — אַ טאָג, וואָס וואָרט אַף שניי און קיין שניי גייט ניט. אײַנגעשרומפּן האָבן זיך געדאַכט אויך די שטרעקעס. און ווי נאָר אַבע איז אונטערגעקומען מיט די פעלדער צום גרויען אָרעמלעכן דאָרף, אַזוי גלײַך האָט אַף אים פון דאָרט אַ קוק געטאָן עפּעס צווינטערדיקס און טויטס — אַ געפּלעפּטע שטילקייט צווי־

שן שטיבער, אַף די גערטנער און אַף די געסלעך. גלײַך אימעצער האָט נאָר־װאָס איצט אין מיטן באַטאָג געמתט און דאָס גאַנצע דאָרף װאַרט און הערט זיך אײַן: אַט באַלד װעט אָנהייבן קלינגען אין קלױסטער. נאָך שטילער האָט מען אַף אַבען אַ קוק געטאָן באַם סטעלמאַך אינעם האַלבן גױשן, האַלב ייִדישן שטיבל.

דער סטעלמאַך מיט זײַן װײַב זײַנען ביידע געזעסן מיט אױסגעצױ־גענע פּאַדעשװעס אַפן סאָפּקעלע, לעבן דער לעבלעכער הרובע און גע־דאַכט האָט זיך: אַ תענית אין שטוב. קיין אָנבײַסן קאָכט מען ניט. די פּאַרהאַנגלעך אַף די פענצטער זײַנען געװען אַראָפּגעלאָזן איצט אין מי־טן באַטאָג, די קינדער האָבן געשפּילט באַ דער זײַט שעפּטשענדיק שטיל, דערשלאָגן װי נאָך אַפּטע געשרייען פון טאַט־מאַמע — שבעה־זיצערס:

— שאַ — שטילער... זע נאָר, װי דאָס איז פריילעך, איז עס.

און אַז צו אַבען האָט מען דאָרט צום לעצט אַ װאָרט אױסגערעדט, איז דאָס געװען אַ קאַלטבלוטיק װאָרט, אַ שטילס און אַ קלעמענדיקס:

— איז װוהין, אַ? אַבע, — האָט געזאָגט דער סטעלמאַך, — צו דײַן כלה טראָגט דיך אַ שװאַרץ יאָר אין אַזאַ אומגליק?

— בלײַב שױן דאָ, פּערד איינער. װעסט לייגן דעם קאָפּ אַפן װעג. מען קױלעט אומעטום, אַרום יאַנאָװקע און אַרום גראַנאָװ.

און געקוקט האָט מען דערבײַ מיט אומעטיקע אױגן, ניט צו אַבען, נאָר צו די אַראָפּגעלאָזטע פּאַרהאַנגלעך אַקעגן.

— הער בעסער װעגן מאַליאַסניק, הער.

אין אַבען האָט געגליװערט די עקשנות.

— איך גיי װײַטער... איך האָב עס אין דער ערד.

נאָר אַרױסגעװיזן האָט זיך, אַז דעם מאַליאַסניק האָט ער געקאָנט — ער האָט געװױנט אין הױז אונטער בלעך, אַ װיאָרסט צװיי אַרױס פון דאָרף; דעם מאַליאַסניק מיטן איידעם האָט מען נעכטן געפונען געהר־געטע הינטער דער שטוב, און מאַלי די שטומע טאָכטער זײַנע האָט פלור־צעם אָנגעהױבן ריידן. זי איז אַנטלאָפן אין אַ נעענטערן װעלדל באַרװעס מיטן זױג־קינד אַף די הענט. באַנאַכט האָט זי אָנגעקלאַפּט צום גלח: „איך װיל זיך שמדן“, נאָר אַז מ'האָט איר געעפנט, איז זי שױן ניט גע־

ווען. איצט דערציילן פויערים: באַנאַכט קלאַפּט זי אין טיר: „עפנט, איך בין באָרוועס מיטן קינד אַף די הענט"... און אַז מען עפנט איר, איז זי שוין נישטאָ — זי פאַרשווינדט, זי איז צעדולט... און די רוצחים:

— פראַנק און פרײַ — אָט דאָ אין דאָרף זײַנען זיי.

פון צײַט צו צײַט האָט מען באַם סטעלמאַך פאַרהויבן אַ פאַרהאַנגל פאַר אַ שפּיץ און זיך אײַנגעקוקט צו די פּעטליוראָווצעס, וואָס קלײַבן זיך אַקעגן אַפן פּלאַץ:

— זע: היצלעס, זיי קומען אַלץ צו.

— זע נאָר וויפל!!!

האָט אַבע אויך אַהין אונטערגעקוקט, נאָר געזען האָט ער ניט מער, ווי היטלען מיט לאַנגע וואָרעטשיקעס, ברייטע פליאָנדרען פון רויטן און גרינעם זײַד, ווי אַף קאָמעדיעס צו מאַכן.

— אַ כאָלעריע, — האָט ער געשאָלטן, — אַן אויסכאַפּעניש.

אין מיטן דאָרף באַ דער אייבקלאַסיקער שולע איז געשטאַנען צוגע־בונדן אַ הונגעריקע ציג — אַ ווײַסע זקינה, וואָס פּעטליורעס אָפּגעטראָ־טענע טיילן האָבן געבראַכט פון נאָענטסטן אומגעקומענעם גראַנאָוו. די ציג האָט געפינטלט מיט פרעמדע אומעטיקע אויגן אַ קעגן פרעמדן דאָרף. און פון אינעווייניק אין די שול־צימערן, האָט פון באַנאַכט אָן זיך געפונען דער פּעטליורישער „שטאַב". ער האָט געשיכורט. אויסגעזעצטע שויבן האָבן פון צײַט צו צײַט אַרויסגעוואָרפן אין טונקעלן דרויסן שטיקלעך פון דער אינעווייניקסטער הויך־פאַרריסענער שמחה — אַ מעת־לעתן לאַנגע שמחה מיט מוידן און מיט טענץ. און אַרום־און־אַרום — משונה טונקל, גלײַכגילטיקע שטיבער, געפרעסטע מיט גרינגן פראָסט, אָן אַ שיִער דע־כער, ווי שטומע פלעקן אין דער ווײַט, און אַ פאַרטראַכטער צלם — פון ווײַטן עק פון דאָרף — וואָרט אַף שניי און קיין שניי גייט ניט. אין דרוי־סן ווערט נאָך טונקעלער, טונקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

באַם סטעלמאַך אין שטיבל האָט בוימלדיק געצאַנקט אַ טונקעלער קאַנעץ, באַ אַראָפּגעלאָזענע פאַרהאַנגלעך האָבן פּנימער זיך געבלאַסט, ווי אין אַ תענית, און גערעדט האָט מען אַלץ וועגן דעם מאַליאַסניקס טאָכטער מאַליען, וואָס האַלט זיך אויף באַ אַ פויערל אין וואַלד — באָרוועס מיטן קינד אַף די הענט, און אַז מען דערנעענטערט זיך, אַנטלויפט זי:

— צעדולט, אַ ?.. צעדולט.

— און ברויט, אַפּנים, האָט זי מיטגענומען... זי האָט, זי האָט.

אַבע איז געזעסן אַקעגן מיט אַ צעעפּנט מויל פול מיט גאַווער ווי אַ געלעגערטס, מיט פאַרשמאָלטע אויגן, געקוקט, געקוקט און אַזוי אַנגדרימלט געוואָרן, — פון לאַנגן אײַנהערן זיך, פון טעמפּער מרה שחורה און ווי נאָר ער איז אַנדרימלט געוואָרן, אַזוי גלײַך האָבן זיך דעהערט די פרעמדען טריט, וואָס דערנענטערן זיך אין דרויסן צום שטיבל — האַרטע טריט פון פעסטן מאַנצביל שטיוול. קולות האָבן דאָרט אַ רייד געגעבן, עטלעכע מיט אַמאָל, אַ זיכערער אַקסל האָט דאָרט אַ פּרווו געטאָן פון דרויסן די טיר, און נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן, פריִער אין איין פענצטער, און באַלד — אין צווייטן. אַבע האָט אַ ציטער געטאָן, געעפּנט די אויגן און ניט דערקענט קיינעם אַרום זיך. אין שטיבל האָבן זיך פאַרבראָכן די הענט — דעם ייִדנס הענט. די הענט האָבן אַ רייד געטאָן מיט אַ קול פון אַ מענטשן:

— אוי, עס איז שלעכט... ס'איז שלעכט!...

אימעצנס אַ פּאָר אויגן האָבן זיך פאַרגלאַנצט מיט אַזאַ צעטומלטקייט, גלײַך נידעריקער פון זיי, איבערן האַלדז, פירט מען דורך מיט אַ מעסער, און אין דער זעלבער צײַט האָט אַבעס לײַב דערפילט אַז דאָ אין שטוב וויל עס מער ניט בלײַבן. דאָ איז אים ענג, ווי אין אַ שטײַג, וואָס מען וועט באַלד אָף אייביק שליסן. ווען אין דרויסן זאָל זײַן איינער אָדער צוויי, וואָלט ער זיך אָף זיי געוואָרפן, נאָר דאָרט ריידן אַ מענטשן זיבן־אַכט:

— האָב זיי אַ שוואַרץ יאָר!..

פלינק, מיט אַ שטומען זײַטיקן שטויס, איז אַבע געווען אין פינצטערן הינטער־הויז, אָנגעטאַפּט דעם לייטער אין ווײַטן ווינקל און איז אַרויף אָפן בוידעם. דאָרט איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע אָנגעבויגן און זיך אײַנגעהערט: מען איז שוין אַרײַן אין שטוב. מען רעדט הויך, שטאַרק הויך. מען בייזערט זיך. זײַן לײַב האָט פאַרעקשנט זיך געצויגן ווײַטער דורך דער היפשער לאָך אַרום קוימען, האָט ער אויסגעקוקט דעם דאָך פון דער נאָענטער שטאָל און זיך אַהין איבערגעקליבן. דאָ אינעם ווייכן היי, וואָס פילט אָן דעם לעכעדיקן שטאָל־בוידעם, איז געווען פיל וואַרעמער, פינצטערער און שטילער. פון הינטן האָט זיך נאָר געהערט, ווי דעם

סטעלמאַכס צווײ פערד הערן אויף אַ װײַלע צו קײַען און הערן זיך אײַן, באַגלײַך ווי דאָס, וואָס אָפּן בוידעם טוט זיך, דערמאָנט זיי אָן די אָפּ־טרעטנדיקע דײַטשן, באַ וועמען דער סטעלמאַך האָט זיי פּאָר אַ שיבוש אָפּגעקויפט, און אַרום דער שטאַל — קיין מינדסטער שאָרך. אַבע האָט זיך אַזוי לאַנג אײַנגעהערט צום אויסגאַנג פון שטאַל, ביז אים האָט אָנ־געהויבן ציִען דער האַלדז און נאַקן. ער האָט מיד אַ̄ון שלעפּערדיק דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט, און ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן דרימלען, אַזוי גלײַך האָבן פּיל פּיצעלעך און שטיקעלעך שרעק אָנגעהויבן נעענטער צו אים צוטרעטן. זײַן לײַב איז געלעגן צווישן זיי, ווי באַקעט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט טיף אין דער נאַכט. אַרום אים — אַ חלומדיק געראויש, אַרומגעצוימט, ווי מיט שטעכנדיקע דראָטן. אַ ביקס האָט טומלדיק אויס־געשאָסן, אָפּגעוואָרט און ווידער אויסגעשאָסן, נאָר אַז ער האָט זיך אײַנ־געהערט, איז אַרום־און־אַרום דער שטאַל, ווי פריִער געווען באַנגאַכטיק־שטיל. לינק, פון יענער זײַט, ווו עס געפינט זיך דעם סטעלמאַכס שטי־בל, האָט מען נאָר געטאָן אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר. אַ ווײַבעריש קול האָט דאָרט פּלוצעם אויסגעשאָסן היסטעריש און ווילד, ווי ניט ווע־לנדיק נאָכגיין איינעם, וואָס שלעפּט זי מיט גוואַלד אין דרויסן, אַ ווײַ־לע האָט דאָרט דאָס קול זיך ווי פאַרהאַלטן, זיך אײַנגעגריבלט מיט שאַר־פן גרויל אין טויטער באַנאַכטיקער לופט, נאָר באַלד זיך איבערגעריסן, זיך אָפּגעהאַקט מיט מאָדנע־שטילן ווײַבערישן זיפץ:

— אוי, ווײ צו מיר, וויי!

און ווידער אַמאָל טויבער טויטער גליוועך און אייביק־פוסטע נאַכט אַרום.

ווידער האָט זיך אַבע אויפגעכאַפּט אין גרויסער שרעק. געווען איז דאָס מיט גרויען טאָג־ליכט. אים האָט זיך געדאַכט: זכריה דער סטעל־מאַך קרעכצט, ער בעט אַ טרונק. נאָר אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער אַרום זיך קיינעם ניט געפונען, און שטאַרק דורשטיק איז גאָר געווען ער, אַבע, אַליין. ער האָט שטיל אַרויסגעקלעטערט אין דרויסן. איצט באַם גרויען שלעפּערדיקן שאַריען, מיט ערשטן קרייען פון די הענער, איז גע־ווען די בעסטע צײַט אַף מאַכן פּליטה. ער האָט זיך געשווינד אַ טראָג גע־געבן אַראָפּ בערגל, צו דער נעפּלדיק־פײַכטער בערג, וואָס נאָך דעם סטעלמאַכס לאַנגן גאָרטן, נאָר פּלוצעם דערזען, קעגן איבער דעם בריקל

העצקען אַף פערד עטלעכע פּעטליורישע רײַטערס, העצקען אין אַ הירטל, װי אַן אױסשפּיר־טײל, װאָס קערט זיך אום אין דאָרף פון נאָך באַנאַכ־טיקן מרגלים־זוכן. אַבער האָט זיך מיט אַמאָל צונױפגעלײגט אין צװײען, אַ יאָג געגעבן אָן אַ זײַט און אײַנגעהױקערטערהײט זיך אַריבערגעװאָרפן איבער אַ פּלױט אין אַ פרעמדן גױיִשן גאָרטן. ער האָט ניט געװוּסט, צי דער רײַטער־טײל האָט אים געזען צי נײן. ער איז געלעגן אַ װײַלע און זיך אײַנגעהערט: מען רעדט אַלץ הױך אין אַנהײב בערע, באַם בריקל, קללות קלינגען דאָרט, װי אַ טױבלעכער מעטאַל, און צו אַנטלױפן איז שױן צו שפּעט: מען הײבט אָן רודערן אַרום די הײַזער. אַ װאָגן רוקט זיך ערגעץ הילכיק, װי אַף ברוקירטן שטײן. און װײַט־װײַט אין רעכטן עק פון דאָרף הײבט מען אָן זונטיקדיק צו קלינגען אין קלױסטער. עס איז שױן געװען אין גאַנצן ליכטיק. עס איז קױם־קױם װאַרעם אױפגעגאַנגען די זון, געאײַלט געאײַלט צו העלער צײַט פון מיטן טאָג, און דער דרױסן האָט זײַן פרעסטל געהאַלטן אין אײן נאָכלאָזן.

## III

אַבער איז געלעגן אין אַ פרעמדן גױיִשן גאָרטן, אין אַ גרוב, װאָס איז אַמאָל אַ קעלער געװען; געזעסן דאָרט פאַרלוירן אַף אַ פּאַראַיאָריק בערגל מיסט און זיך אײַנגעהערט: אין דאָרף טופּען אַלץ נײַ און נײַ פערדישע טלאָען, פּעטליורישע רײַטער קומען צו.

אײן זײַט גרוב איז געװען פאַרדעקט מיט קרומע צװײַגן, מיט דינע פּרוטיקלעך, און דורך זײ האָט זיך דער הימל געזען, װי דורך אַ סכך, — אַ רײנער אָנהײב־װינטערדיקער הימל, אַ נײַ אױסגעבלױטער און אַ לױטערער, װאָס ציט צום פרישן דרױסן, נאָר דער טאָג אַלײן דערמאָנט שטאַרק אָן אַלץ, װאָס איז פאָרגעקומען באַנאַכט — אַ לאַנגע נאַכט. אַבער זיצט דאָ אין גרוב אָן אַ היטל. ער װײס ניט װוּ ער האָט זײַן היטל פאַר־לױרן: באַם פּלױט, צי נאָך אין סטעלמאַכס בוידעם צװיִשן הײ. ער גע־פאַרבליבן דאָרט אין שטיבל: באַנאַכט, װען עס װעט פינצטער װערן, דענקט אָן אױפהער דעם סטעלמאַכס צװײ פערד, װאָס זײַנען הפקרדיק

וועט ער פּאַקן איינעם פון אָט די פערד און וועט שטיל אָוועקיאָגן צוריק אַהין, אין דאָרף, צו די „גרויסע". נאָר אָט, ווען עס זאָל אויפהערן האַווקען דער הונט, וואָס באַם פויער אַפן הויף אַף דער קייט! ווען קיינער זאָל אים אַ גאַנצן טאָג ניט פּאַקן אָט דאָ אין גרוב, ווו ער ליגט.

איצט איז באַטאָג.

צוויי שיכורע פון די היידאַמאַקעס זײַנען דורכגעגאַנגען גאָר נאָענט לעבן פּלויט, ניט ווײַט פון דער גרוב, ווו ער ליגט. געהוסט זיגעריש צו אַ שיקסע אין אַ הויף, באַגעגנט אַ זייעריקן, אַ נײַ־צוגעקומענעם, און זיך מיט אים אָפּגעשטעלט, זיך דורכגעשאָלטן דרײַ־גאָרנדיק אין דער לופט און פאַרשוווּנדן, און נאָך דעם איז שוין געווען נאָענט צו זון־זעצן־זיך, און אין דאָרף האָט באַנײַס זונטיקדיק געקלונגען דער קלויסטער און איז באַנײַס אַנטשוויגן געוואָרן. און דעמאָלט האָבן קריסטלעכע קינדער־מייד־לעך, אָפּנים — שפּילנדיק, געשאַרט צווישן די אָפּגעפרוירענע גרעזער, וואָס נאָענט לעבן גרוב; געשאַרט, געשאַרט און צום גרוב דאָך ניט גע־קומען, געפּלאַפּלט צווישן זיך אַזוי רויק קינדעריש, און געדאַכט האָט זיך אַלץ: זיי זײַנען אַזעלכע ווײַטע, ווײַטע: זיי, די שפּילנדיקע קינדער, און ער, אַבע, וואָס ליגט אין גרוב, זיי: די שפּילנדיקע קינדער, און דעם סטעלמאַכס הפקרדיק שטיבל, וואָס דאָ ניט ווײַט אַף אַ זײַט. עס האָט זיך געהערט, ווי מאַמעדיק מען שרײַט צו זיי איצט פאַרנאַכט פון ווײַט־לעכן הויז, וואָס אין אָנהייב גאָרטן אַפן בערגל. מען רופט זיי איצט ווי תמיד רויק צו דער היימישער, נאָר־וואָס פאַרטיקער קאַרטאָפל.

אַבע האָט שטיל אָנגעהויבן אַרויסקלעטערן פון גרוב.

אין גרינגן פרעסטל האָט געשמעקט מיט שאָלעכץ פון קאַלטע עפּל און מיט נײַעם שעפּסענעם פּעלץ.

אין מיטן דאָרף אַקעגן שטיל געוואָרענעם קלויסטער האָבן אויסגיי־ענדיק דערויכערט די צוויי היידאַמאַקישע אײַזערנע קיכן, געזעצט מיט דאַמף פון פעטן מאַרך־ביין און פון חלב. און היידאַמאַקעס אין דאָרף זײַ־נען געווען אַ סך, אַ סך.

פריִער אַ ביסל איז מען מחנותוויַיז געשטאַנען אַפן פּלאַץ, זיך גע־וואָרגן אין אייגענעם ריח, אַ ריח פון אויסגעוועבטן יאַדאָפאָרם און פון שווייס, זיך געשטופּט צו אַ גרויסער שפּילנדיקער האַרמאָשקע אַרום וועל־כער עס טאַנצן פּאָרן. דערנאָך האָבן צו פאַרנאַכט־צו ערגעץ געבריקע־

װעט פערד, געיאָגט צו אַ נידעריקן עק הימל, װאָס ברענט אַרום דאָרף, װי אַ גהנמדיקער פײַער. אין מיטן דאָרף האָט מען געמיסטיקט מיט שאָ־לעכץ פון יאָדערן, מיט קאַטשאַנעס קרויט און אויפגעהויבן אַ גרויס גע־לענדער באַ יעדן פּרוּװ װאָס אַ שיקסע מאַכט אַרויסצוטרעטן פון פאַ־דער־הויז. און פּלוצעם האָבן זיך דאָרט דערהערט די קולות, װאָס האָבן אַבען אַרויסגענאַרט פון גרוב.

— יאָג אים, יאָג אים!

— לאָז ניט דורך.

אין אַ צעשאָטענעם געמיש האָבן די ערשטע פּאָר פיס אַװעקגעיאָגט צו אַ פרעמדער פור, װאָס באַװײַזט זיך אין מיטן װעג אין אָנהייב עק פון דאָרף:

— כאַפּ! האַלט! האַלט!

און נאָך זיי האָבן זיך געלאָזט אַנדערע — אַלע. מען האָט אויס־געשאָטן פון די שטיבער און פון די הויפן, באַשטיװולטע קני, האָבן בריהש געשװינדלט פון איבער פּלויטן, און אַלץ איז געלאָפן אַהין, צו דעם פרעמדן פאַרהאַלטענעם װאָגן:

— לאָז ניט!

— זיי האָבן געװאָלט אַנטלויפן.

די מחנה אַרום דער פור איז געװאָקסן, װי אַ רידעװדיקע געשװי־לעכץ, זיך געשנײַדלט און געריננגלט, רציחהדיק האָט מען דאָרט איבער אַקסלען און איבער קעפּ אַרײַנגעזידלט און אין סאַמע מיטן פון דער מחנה אַרײַנגעשטויסן מיט די פויסטן, און זיך אַלץ געריסן צו צװיי פרעמדע, װאָס זײַנען אין טיפן מיטן פון דער מחנה שוין געװען שטאַרק הייזעריק און מיד פון װערן זיך און האָבן נ אָך אַלץ געשריגן מיט גרילצנדיקע האַלב דערװאָרגענע קולות און מיט טענות, טענות.

אימעצער האָט דאָרט אַלץ געװאָלט אַלעמען פאַררײדן, אַלעמען פאַרפּלוידערן מיט אָן אַ שיִער רייד.

עס איז געװאָרן שפּעט; עס איז אויפגעגאַנגען די לבנה, דעמאָלט האָט מען פון מיטן דער מחנה אַרויסגעפירט אַ פּאָר מידע אויסגעשפּאַנ־טע פערד, מען איז אַװעק מיט זיי אַראָפּ אין דאָרף אַרײַן, װי נאָך אַ רויקן פּסק־דין, און די אַרומיקע ענגע רייען האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן זיך ניט פונאַנדערגעגאַנגען, נאָר זיך צעקראָכן, אויסגערונען און זיך

צעשווומען, ווי אַ געשווילעכץ. אין גאַנצן דאַרף איז מען שוין געשלאָפֿן, און נאָר אַבע איז דאָרט איינער אַליין געשטאַנען; געשטאַנען אָן אַ היטל אין זײַן גרויען אָפּגעריבענעם שינעל, האַרט באַם פֿאַרטראַכטן צלם וואָס אין אָנהייב דאָרף, און האָט געקוקט מיט באַנאַכטיקע אויגן.

אַקעגן, אַפֿן אָרט, ווו עס איז פֿאַרגעקומען דער געשלעג, איז געבליבן ניט מער, ווי אַ היפּשער ליידיקער וואָגן, אַן אומגליקלעך־אויסגעשפּאַנטער מיט אַ שטעקנדיקן דישל, מיט וואַלגערדיקע פֿערד־שלײַעס, און אַרום וואָגן האָבן געפּאַרקעט צוויי פֿרעמדע געשלאָגענע ברואים. איינער אַ ווּוקסיקער אין אַ קורץ לײַבל און אין שטיוול, אַ רירעווּדיקער, ווי אַ יונג אויסגעפּראַוועטער סאָלדאַט, וואָס פּאָלגט און רעדט ווייביק. ער האָט אַלע מאָל צוגעלייגט אַ זשמעניע צו דער נאָז און האָט געקוקט אַקעגן דער לבנה, צי עס גייט נאָך בלוט, און דער צווייטער, אַ מיטל־ווּוקסיקער אין אַ שוואַרצן שינעל, האָט אַלץ ניט אויפֿגעהערט קורצזיכטיק צו פּאַרקען אין דער שטרוי פֿון וואָגן און קלאַפּן דאָרט אין דער ברעט, ווי מען קלאַפּט אין אַ דאָפּלטער דעק:

— ס׳איז דאָ, — האָט ער געזאָגט. — אַלץ איז דאָ.

דער דאַשעק פֿון זײַן סטודענטיש היטל איז געווען פֿאַרפֿאָרן אין אַ זײַט, זײַן צעטראָגן פּנים האָט אויסגעזען אַזוי, ווי עס וואָלט וואָכן לאַנג קיין צײַט ניט געהאַט צו לאָזן זיך אַרומגאָלן, און פּאָר זײַנע שוואַרציקע גלאַנציקע שוואַרצאַפּל איז געווען ווינציק פּלאַץ אין די קליינע שמאָלע אויגן. זייער אויסדרוק איז געווען:

— נישטאָ קיין צײַט... נישטאָ קיין צײַט...

— איז ווי, — האָט ער אַלץ געפֿרעגט באַם לאַנגן, — טוט וויי, אַ? טוט וויי.

אַבע האָט זיך אַלץ דערנענטערט צו זיי פֿאַמעלעך פֿון הינטערן צלם, וואָס אין עק דאָרף אַקעגן; געגנבֿעט אַ טריט נאָך אַ טריט, נאָר אַלץ אָן מורא. ביידע זײַנען זיי געווען געשלאָגענע, געיאָגטע, ווי ער, אַבע, זײַן לײַב האָט זיך צו זיי געצויגן, געצויגן און ניט געפֿילט קיין סכנה. ער איז שוין געווען נאָענט, געשטאַנען ווי אַ בער מיט אויסגעקײַלעכטע הענט און געקוקט מיט באַנאַכטיקע אויגן. און פּלוצעם האָט זײַן בליק באַגעגנט יענעם ווּוקסיקן אין לײַבל און שטיוול וואָס קעגן איבער דעם וואָגן, באַגעגנט טומפּ, אָן שוידער, אַבע האָט אָפּגעטראָטן

צוריק צום צלם. נאָר יענער האָט זיך אַלץ דערנענטערט, צוגעקומען פּאַ־מעלעך מיט אַן אָנגעבויגענעם שטערן, ווי אַף אַ שטויס צו געבן, און מיט משוגע־פרעמדע, שטאַרק גרויע אויגן; אַ ווײַלע האָט ער זיך אַזוי אַרײַנגעזויגן אין אַבעס פּנים.

אַ פּויזע.

זײַן קול האָט אַ פרעג געטאָן באַ אַבען זייער שטיל, גלײַך ער בעט זיך באַ אים ער זאָל פאַרגלויבן זײַן סוד:

— דאַכט זיך אַ ייִד? ... אַ? ...

שטיל.

— דאַכט זיך, אַ ייִד? .. צי ניין?

אַבע האָט אַן מורא אַראָפּגעשלונגען. געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער מאַכט פּינקטלעך נאָך דעם שטילנס קול. ער האָט אַ פּאָנפע געטאָן צו זיך אין נאָז:

— נו, יאָ...

און אָפּגעוואַרט אַ ביסל, צוגעגעבן:

— ס'ייִדן, אָ?...

די שטאַרק גרויע אויגן האָבן באַמערקט, אַז ער איז אָן אַ היטל.

— ווי קומט מען עפּעס אַהער? — האָט ער זיך געחידושט דער לאַנגער.

אַבע האָט אָנגעהויבן דערציילן. נאָר איצט זײַנען זיי שוין לעבן אים געשטאַנעןביידע פרעמדע, זיי האָבן זיך אַ שעפּטשע געטאָן, אַ קוק געגעבן אַף אַבען, זיך ווידער אַ שעפּטשע געגעבן און ווידער אַ קוק געגעבן אַף אַבען:

— און צו די „גרויסע" — האָט מען אַבען געפרעגט, — צו די „גרויסע" איז ווײַט? צו די אויפגעשטאַנענע...

— צום פערטן פאָלק וואָס אי־דען?

— מיר דאַרפן...

— אַזוי... אַ וויאָרסט פופצן זאָג איך.

— ניט מער?

אַבע האָט אומשולדיק אויפגעהויבן די אַקסלען:

— מענטש אייגער, איך קום דאָך פון זיי...

ווידער אַמאָל אַ שטום קוקעניש אַף אַבען. אַ שטיל שעפּטשען און באַנײַס אַ קוקעניש.

— און אַ פּאָר פערד קאָן מען קריגן ?

אַבע האָט געזאָגט :

— בעסער צופוס.

— ניין, מיר מוזן האָבן.

— וואָס זשע ? — אַבע האָט מיט אַ בעל־עגלהשן ווינק זיך אַ זײַטל געטאָן אַפן וועג, — מען פירט דאָרט עפּעס ?

— מען פירט.

— אַבע האָט זיך גענומען קראַצן, ער האָט זיך אַרומגעקוקט.

— פאַראַן דאָ באַם סטעלמאַך אין שטאַל אַ פּאָר פערד... ערשט אַט דאָ באַנאַכט האָט מען געהרגעט דעם סטעלמאַך...

— נו ?...

— מוז מען דעם וואָגן פריִער אַוועקשלעפּן אַרום־און־אַרום דאָרף צום בריקל, וואָס באַ דער בערע, און איך האָב מורא... און הונגעריק ביך איך... נישטאָ עפּעס צו קײַען ?

אַבען האָט מען געגעבן ברויט, און צום בריקל אַ קוק געבן איז אַוועק דער בחור מיטן לײַבל און מיט די שטיוול. דערנאָך האָבן אַלע אין איינעם אַהין געשלעפּט דעם וואָגן, דער בחור מיטן קײַענדיקן אַבען, אײַנגעשפּאַנט אין די שלייעס, און דער צעטראָגענער אינעם סטודענטישן היטל האָט אונטערגעשטופּט. באַ דער שײַן פון דער לבנה האָט אַבע אַרויסגעפירט און אײַנגעשפּאַנט דעם סטעלמאַכס פערד. און דער, וואָס אין סטודענטישן היטל, האָט אַלץ געוואָלט אַז ס׳זאָל זײַן גיכער, גיכער.

— איז אפשר אַף אײַך וואָרט מען ? — האָט געפרעגט אַבע.

— ס׳איז דען ?

— כ׳האָב געהערט זאָגן : מען וואָרט אַף אַ פּאָר מענטשן פון די רויטאַרמעיִשע פּאָלקן... און אַף געלט, האָב איך געהערט, וואָרט מען.

אוןביידע פרעמדע האָבן זיך דורכגעקוקט. באַ אַבען האָט מען געפרעגט :

— פאַראַן דאָרט באַ אײַך אין שטאָב איינער מיט אַ בעלמע אַפן אויג ?

— פאַראַן. אַ לאַנגער אַזאַ, אַ כעסן, זאָגט מען. ס׳איז דען ?

— גאָרנישט, ס'איז רעכט... פֿאָר!

מען האָט זיך אַלע דרײַ אַרײַנגעװאָרפֿן אין װאָגן און מען איז שטיל אַװעק מיטן זאַמדיקן װעג אַרויף אַ באַרג. איצט איז שוין דער אָװנט אין גאַנצן געװוען טונקל. מען האָט באַלד נאָכן באַרג אויסגעמיטן דעם ברייטן װעג, און מ'איז אַװעק מיט אַ זײַטיקן, אַ שמאָלן, װאָס פֿאַרלירט זיך אין דער ברייטער שטרעקע, װי אין אַ סטעפּ. דאָרט האָבן די פֿערד אָנגעהויבן אונטערצולויפֿן, און ביידע פֿרעמדע האָבן זיך װי אײַנגעהויקערט און אָנשװיגן געװאָרן. אָבע איז געזעסן אין װאָגן בעל־עגלהש, אָן אַ היטל, די פֿיס אונטער זיך, און האָט פֿויל אָנגעטריבן. ער האָט אַלץ געדענקט דאָס דאָרף, װאָס הינטער די פֿלייצעס, און זכריה דעם סטעלמאַכס האַלב גויש, האַלב יידיש שטיבל, װאָס דאָרט אַקעגן דער אײנקלאַסיקער שולע:

— געװוען באַדאַרפֿט כאָטש אַרײַנגײן אַהין צו זכריה דעם סטעלמאַך, כאָטש אַ קוק טאָן... אים האָט באַנק געטאָן זכריה דער סטעלמאַך, אָט אַזױ, װי עס טוט באַנק אַ שטילער ייִד אַ פֿעטער, אַזעלכער, װאָס זאָגט קיין מאָל נישט קיין גלײַך װאָרט, נאָר מען װייסט דאָך, אַז ער איז געטרײַ, און מען פֿילט זיך לעבן אים געשיצט. און אויך דער מאָסליאַניק פֿונעם הויז אונטערן בלעך, װאָס אַרויס דאָרף, האָט שטיל און באַנאַכטיק באַנק געטאָן.

אָבע האָט אַלץ געקוקט אַקעגן צום קליינעם װעלדל, װוהין מען דערנענטערט זיך. הויך איבערן װעלדל האָט איצט נאָך ליכטיקער װי פֿריִער געשײַנט די לבנה. אונטן, צװישן די ביימער, האָט זיך געדאַכט, לויפֿט אַרום עפּעס אַ שטאַרק רויטלעכס און רירעװודיקס, װי אַ קליין ציטעריק פֿײַערל, נאָר אַ קאַלטס, װי דאָס פֿרעסטל, װאָס שטאַרקט זיך אין דער שפּעטער נאַכט אַרײַן, װי די קאַלטע שײַן, װאָס גיסט זיך פֿון אויבן, פֿון דער לבנה. װאָס מער מען האָט זיך דערנענטערט, אַלץ מער האָט זיך עס אָפּגערוקט, אָט דאָס קאַלטע רירעװודיק פֿײַערל אײַנגעקוקט, ביז ער האָט שיִער־שיִער אָנגעהויבן דרימלען: מען איז שוין געװוען גאָר נאָענט לעבן װעלדל. און פֿלוצעם האָט אָבע, זיצנדיק אָפֿן װאָגן, זיך אַ װאַקל געטאָן און האָט מיט ציטעריקן גרויל טומפּ צעעפֿנט די אויגן. ער איז טיף אין זיך נאָך אַלץ מיט אַלע חושים געשלאָפֿן, נאָר די אויגן זײַנען דאָך בײַ אים געבליבן אָפֿן, און געזען האָבן זיי װי אין חלום: אין אָנהייב װעלדל אָפֿן ליידיקן אויסגעהאַקטן אָרט, צװישן די װאָרצלען, װאָס

געלן זיך אַקעגן דער לבנה, וואַרפט זיך איבער אַ שאָטנדל פון איין אָרט אַפן צווייטן, און אַ געשטאַלט ווי אין אַ קליידל, אַ מאָדנע גרינגס און שוועבעדיקס, טוט דאָרט אַ יאָג באָרוועס מיט אַ קינד אַף די הענט, שווימט אַרויס פון צווישן די ביימער, וואָס אין איין זײַט, און פאַרשווינדט גלײַך צווישן די ביימער, וואָס אַקעגן.

— טפרו! — האָט אַבע פלוצעם אָפגעשטעלט דעם וואָגן און איז געשווינד אַראָפּ פון דער פור.

— וואָס? — האָבן דערשראָקן, ווי פון שלאָף, אַ פרעג געטאָן ביידע פרעמדע. — וואָס האָט געטראָפן?

נאָר אַרום־און־אַרום איז געווען מאָדנע שטיל. די לבנה־שײַן האָט זיך געגאָסן פון אויבן אַפן וועלדל, און אין דער גאָרער טיף פון וועלדל — ניט קיין מינדסטער שאָרך אַפילו, ניט קיין פײַער און ניט קיין ריר פון אַ בוים, אָדער אַ צווײַג. אַבע האָט אָקאָרשט איצטער ווי אויפגעוואַכט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט:

— ניין גאָרנישט... האָט ער געענטפערט.

— און פאַרגייענדיק פון פאָרנט פאַר די פערד, האָט ער געמאַכט אַזאַ אויסזען, גלײַך באַם שפּאַן האָט זיך עפּעס צעריסן, און ער פאַרבינדט שטאַרק, מיט כוח און מיט אַ סך קניפּן, כדי עס זאָל מער ניט פּלאַצן. ער האָט פלוצעם דערפילט, אַז מיט די צוויי, וואָס זיצן אַפן וואָגן, איז ער ווי פון לאַנג שוין זייער היימיש — דאָס זײַנען ניט די פאַרשווינען פון זײַן שטיף־פאָטער, וואָס ער פלעגט פירן, און די פור אַליין איז אויך עפּעס גאָר אַן אַנדערע — זי איז קיינעמס ניט און זי איז אַלעמענס.

— אַ בראַנד אין זיי, — האָט ער געזאָגט, — היצלעס, אַ? — אָט יענע, וואָס אין דאָרף... מירן גיין אַף זיי, אַ? מירן גיין אַף זיי מיט אונדזער גאַנצן פאָלק.

## VI

אַף מאָרגן אין דער פרי.

רויטער שטאָף האָט הויך אַפן שטיבל פון „שטאָב" געפלאַטערט פון גאַנץ פרי אָן, ווי אַ פרישער קימפעט־פאָרהאַנג זיך געווינטלט מיט

אָן אַ שיער קנײטשעלעך אין די קנאַקנדיקע כװאַליעכלעך, און, אין יע־דער קנײטשעלע אַ פרײד:

— אָן עק צום שטײן.

— אַקעגן, אין גרױסן בלאַטיקן הױף אַרום די פּאַרקאַזאַרמעטע שטיבלעך, װוּ מען רײניקט די קאַזיאָנע פערד, האָט אַרומגעבראַנדזשעט אַבע.

אַרומגעבלאָנדזשעט שלעפּערדיק נאָך אַ קורצן גאַנץ פריִעדיקן דרײ־מל, געשטאַנען הײמיש, װי אַן אַרטיקער, װאָס קען גלײך מיט אַלע אַרו־מיקע דאָ זאָגן אַ דעה, און אַלץ גײט אים דאָ אָן נאָך פיל מער, אײדער עס גײט אים אָן זײַן כלה, װאָס דאָרט אין שטאָט אין טאָל... צו איר, צו דער כלה איז שױן איצט עפּעס אַזױ װײַט, פיל װײַטער, װי עס האָט זיך געדאַכט. נאָר אים, אַבען, אַרט עס ניט.

אַבע האָט שטײענדיק אַזױ געשפּיגן זױערלעך און בײז. אין װײַטן װינקל איז אַ הירטל קאַזיאָנע פערד געשטאַנען מיט פאַרשמאָלטע, דרימל־דיקע אױגן, זיך געגעצט סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט אָפן רעגן. צו דרײַ פון אָט די פערד האָט אַבע געהאַט אַ נאָענטע שײַכות: אײנס איז גע־װען אַ קלײנס, אַ פאַרשזמורעטס, דעם ייִדישן שמידס, פון הינטער דעם דאָרף באַם װײַטן טראַקט, און צװײ זײַנען געװען דעם סטעלמאַכס: גרױסע, מיט שטאַרק קורצע, אײביק צאַפּלענדיקע װײטיק־עקן, מיט אָפּ־געשװירענע פאַרמוליעטע העלדזער און מיט דאַרע שטענדיקע קלובעס. אַבע האָט אַף זײ געקוקט אומעטיק, װי אַף יתומים.

— שטײ, דו!

מיט אַ בײזלעכן פּאָנפע האָט ער זיך אָנגעבױגן צו אײנעם פון די פערד, אים באַפרײַט אַ פאַרפּלאָנטערטן פוס פון שטריק און ניט געשלאָגן מיטן פוס אין בױך, װי עס קומט אין אַזעלכע פאַלן.

און קוקנדיק אַזױ האָט ער שױן געפילט, אַז אױך אַלע אַנדערע פערד, װאָס דאָ אין הױף, זײַנען אים פיל מער אײגן, װי די פערד פון זײַן שטיפטאַטן יחיאל־משה דעם בעל־עגלה, אױך צו זײ האָט ער, װי אַלע מענטשן דאָ אין פאָלק, זײער אַ נאָענטע שײַכות.

— אַבע — האָט מען געררופן פון הינטן, — גײ!

— מען רופט דיך אין „שטאַב“ אַרײַן, אַבע!

אַבע האָט זיך אַהין אַװעקגעלאָזן מיט אַ באַשעפּטיקט פּנים פון אַ

שותף. ער האָט געוווסט, אַז אין „שטאָב" זיצן נאָך אַלע פון פאַר טאָג אָן, פאַרזאַמלט אַרום די צוויי ביַע, וועלכע ער האָט נעכטן אין אָוונט אַרויסגעראַטעוועט. ער, אַבע, איז איינער פון זיי.

אין שטאָב האָבן זיך אַלע געצויגן מיט אַ שמייכל אַפן פנים, זיך געצויגן, ווי פון נאָך אַ לאַנגער אַנגעלייגטער מעשה.

— אַבען, — האָט מען געזאָגט, — דעם ערשטן געהאַלט! אַבע האָט אַרויסגעהאָלפן זיך פאַרבינדן מיט רויטאַרמעיִשע פּאָלקן.

— מאָלאָדיעץ!.. אַ העלד — אַבע!

אַבע האָט געקוקט ברוגזלעך, ווי גלײַך אימעצער וויל אים דאָ זאָגן:

— האָסט דאָך דאָ געוואָלט ניט מער, ווי צו דײַן כלה, האָסט דאָך געוואָלט.

ער איז געווען גרייט צו ענטפערן:

— איז וואָס־זשע, אַז איך האָב געוואָלט, איז וואָס?

ער האָט געקוקט מיט ניט גלויבן אַפן געהאַלט, וואָס מען גיט, און האָט עס מורא געהאַט צו נעמען אין די הענט אַרײַן, ווי גלײַך מען וויל אים מיטן געהאַלט אָפּפטרן; מען וויל אים זאָגן:

— אָט האָסטו דערפאַר, וואָס דו האָסט אַרויסגעראַטעוועט — און איצט גיי דיר, צו דײַן כלה גיי דיר.

אַבעס לײַב האָט געפילט, אַז עס וויל פונדאַנען ניט אַוועקגיין.

אַבע האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט אַלע יאָרן אומזיסט געהאָרעוועט אַף יחיאל־משה דעם בעל־עגלה און אַף זײַנע פאַרשוינען — און האָט אַלע יום־טוב אומזיסט געזאָגט „יזכור" אין דער בעל עגלהשער שול; אַז ער האָט צוליב זיי אַלע יאָרן אַוועקגעלייגט זײַן געזונט, און אַז זיי צוליב אים — אַ קרענק אַף זיי, אַ בראַנד!.. אַבע האָט געוואָלט זאָגן, אַז צו אָט „יענע" וועט ער זיך ניט אומקערן; אַז אַ מענטש איז ער אַ פּראָסטער, נאָר אַז דאָ אין דער אַרמיי, — איז די נשמה...

נאָר אַבע האָט ניט געקאָנט ריידן, איז ער דעריבער געשטאַנען בייזלעך, ווי אַנגעבלאָזן. ער האָט ניט געוואָלט קוקן אַפן געהאַלט, וואָס מען שטרעקט צו אים אויס, ער איז געשטאַנען צום אויסגעשטרעקטן געלט ווי מיט אַ בייזלעכער זײַט און האָט בייז און פאַרשלאָפן געפרעגט:

— און ווען גייען מיר מיטן פּאָלק אַפן דאָרף?.. אַף לישטשינאָווקע, הייסט עס ווען גייען מיר?

# הינטער אַ ברענענדיקן שטעטל

## I

אין דער לינקער זײַט פון געגנט האָט פון גאַנץ פרי אָן געברענט אַ שטעטל. שווער איז געווען צו וויסן, ווער האָט באַנאַכט דאָס שטעטל אונטערגעצונדן:

די באַנדעס, וואָס ווילדעווען אין געגנט.

אָדער דער „רויטער" פאַנצערצוג, וואָס היט שוין אַ מעת־לעתן דרײַ די ליידיקע רעלסן ערגעץ ניט ווײַט אַף אַ וואָקזאַל — ער ווייס ניט, ווו די באַנדעס הוליען, און ער הערט ניט אויף צו שיסן.

שוואַרצע רויכיקע קנוילן האָבן זיך אַנגערירט אָן הימל.

זיי האָבן פאַרטונקלט דעם לינקן ברעג פון פרימאָרגן און אים גע־מאַכט נײַ און גרויזאַם.

אין פעלד איז קיינער ניט געפאָרן.

דאָס שטעטל האָט קיינער ניט געלאָשן.

און נאָר מיטן וועג, וואָס פירט פון דאָרט, איז איינער אַליין געגאַנ־גען שאַיע אוגער — אַ געוועזענער אַנגעשטעלטער באַ אַ צוקער־קאָמי־סיאָנער אַפּן וואָקזאַל — אַ רויטהאָריקער יונגערמאַן מיט אַ געזונט און געדיכט לײַב און מיט אייביקע פאָקן אַפּן פּנים, אַף דער נאָז און אַף די לעפּלעך פון די אויערן — ער האָט זיך געגנבעט שטיל, ווי דער פאַר־צײַטיקער פעטער לוט פון ברענענדיקן סדום.

זײַן וווינונג איז נאָך גאַנץ, צי אפשר האָט מען זי שוין פונאַנדערגעטראָ־

ער איז געגאַנגען געוויר ווערן צו זײַן קוואַרטיר און צום ביסל באַלעבאַטישקייט. וואָס ער האָט באַם וואָקזאַל געלאָזט אַף דער השגחה פון אַ באַקאַנטן שייגעץ — אַ טעלעגראַפיסט. ער האָט ניט געוווסט, צי זײַן וווינונג איז נאָך גאַנץ, צי אפשר האָט מען זי שוין פאַנאַנדערגעטראָגן. זײַן פּלאַן איז געווען זיך אויסצובאַהאַלטן עטלעכע טעג באַם באַקאַנטן טעלעגראַפיסט, און גאָר גוט אַפן האַרצן איז אים ניט געווען:

עס איז געווען אין מיטן תמוז — אַ צײַט פון אומגליקן און פון שחיטות, אַ צײַט, ווען שטילע דערפער האָבן אויסגעקוקט זייער בייז, ווי גלײַך זיי זײַנען באַזעצט ניט מיט מענטשן, נאָר מיט הינט, און די הינט זײַנען משוגע געוואָרן פון גרויסער היץ און פאַרזייען אומעטום די טראָפּנס פון גיפטיק־ווילדע סלינע...

אוגער איז געגאַנגען זייער פאַמעלעך און געהיט, ווי עס פאָדערט זיך צו גיין אין אַזאַ צײַט אַף אײַנגעשטעלטע מסוכנע וועגן. זײַנע טריט זײַנען געווען פויל, ניט זיכער און פול מיט חרטה.

אַלע רגע האָט ער געוואָלט זיך אומקערן צוריק.

נאָר ווי פאַמעלעך ער איז ניט געגאַנגען איז דאָך צווישן אים און צווישן דעם ברענענדיקן שטעטל געוואַקסן די שטרעקע. די סכנה איז שוין געווען אַלץ איינס גרויס סײַ פון הינטן, סײַ פון פאָרנט, און דערצו נאָך האָט אים זײַן מזל צוגעשיקט אַ מאָדנע באַגלייטערן דאָ אַפן וועג — אַ באַשעפעניש, אַף וועלכער מען קאָן גאַנצע שעהן קוקן און זיך וווּנדערן:

— ווער איז זי?

פאַר אים, מיט קנאַפּע דרײַסיק קלאַפּטער ווײַטער, איז די גאַנצע צײַט געגאַנגען אַ ווויקסיקע און פעסטע מויד, אַן אויסגעפּוצטע און אײַנגעשנורעוועטע, ווי אין זייער אַ לאַנגן שטײַפן קאָרסעט.

געגאַנגען איז זי מיט אַ פריילעך געגנגל און געווען איז זי אויסגעפּוצט, ווי אַף יום־טוב אָדער אַף אַ חתונה. זי האָט געטרוישט מיט אירע שטײַפע שוואַרץ־זײַדענע קליידלעך און האָט אויסגעזען ווי אָנגעקראָכמאַלעט.

אוגער האָט זי פון שטעטל ניט געקאָנט. ער האָט זי פון אויג ניט אַרויסגעלאָזט און איבערהויפּט איז אים געווען ביז גאָר קשה:

— פונוואַנען האָט זי זיך אַהער גענומען?

אַלע ווײַלע האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך אײַנגעקוקט צו־ריק צום ברענענדיקן שטעטל.

ס'האָט אויסגעזען, ווי זי האָט דאָרט אימעצן געלאָזט און עס טוט איר באַנק. זי האָט געצויגן איר ווײַסן שאַרף איבערן קאָפּ און איבער די אויגן, כדי די הייסע זון זאָל ניט בראָטן. פון אונטער איר שאַרף האָט דאָן אַרויסגעקוקט ניט מער, ווי איר אונטערשטער האַלבער פּנים — אַ געשמאַקער, אַ לענגלעכער, ווי דער האַלבער פּנים פון אַ כלה בשעת מען דרייט זיך אַרום איר אונטער דער חופּה און אַלע קוקן דאָן אַף איר — אַלע דערקענען, אַז זי האָט שטאַרק געוואָלט דעם חתן...

אירע אויגן האָבן געקוקט איבער אוגערס קאָפּ, זיי האָבן געזוכט אימעצן.

דענסטמאָל האָט זיך אויך אוגער אָפּגעשטעלט קוקן אַף צוריק — אויך ער האָט כלומרשט געזוכט אימעצן מיט די אויגן.

נאָר אַף דער גאַנצער לאַנגען אָפּגעגאַנגענער שטרעקע איז קיינעם ניט געווען צו זען.

ווײַט, ווײַט פון קעגן איבער אַ טונקל וועלדל, האָט נאָך פון צײַט צו צײַט געשײַנט דעם שטעטלס רויכיקער פלאַנטער — גאַנץ געדיכטע שוואַרצע קרײַזלען זײַנען דאָרט פול געווען מיט העלע פײַערדיקע צינ־גער, און פון ערגעץ נאָך ווײַטער האָט די גאַנצע צײַט ניט אויפגעהערט צו קנאַקן, כאָטש קיין שיסנדיקע רויכלעך האָט מען אין קיין זײַט ניט געזען.

אונטער דעם ריינעם בלויען הימל האָט זיך דעריבער געדאַכט, אַז די זומערדיקע וועלט שיסט פון זיך — זי דונערט מיט שטילע דרימל־דיקע דונערן, און ווידער איז געווען ניט קלאָר, צו וועמען אָט די דר־נערן קערן: צו די באַנדעס, אָדער צום „רויטן" פּאַנצערצוג, וואָס היט דעם וואָקזאָל.

דעם וואָקזאָל איז אים אין אַרומיקן רוים נאָך אַלץ ניט געווען צו זען.

די מויד איז אַלץ געגאַנגען ווײַטער, איז נאָך איר פּאַמעלעך נאָכ־געגאַנגען אויך ער — אוגער. פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך מער אײַ־בערצײַגט, אַז די מויד איז אַ טשיקאַווע־שיינע:

— ערשטער סאָרט.

אוגער איז געווען אַ וואָקזאַל־מענטש פון יינגלווייז אָן — אַ שטור־מער מחותן מיט יענע זייער שיינע פאַרבײַפאָרנדיקע נקבות, וואָס האָבן זיך דאָרט אַף אים קיין מאָל ניט אומגעקוקט. אַ זײַטיקער מבין אַף „ערשטן סאָרט”. ער האָט דאָרט תמיד אין די פרײַע זונטיקס אַף זיי בגנבה געקוקט און תמיד געהאַט צערטלעכע געפילן אַפילו צו די שיינע יונגעלײַט, מיט וועלכע זיי באַווײַזן זיך אין פענצטער פון וואַגאָן. אַזאַ יונגערמאַן, האָט זיך דעם ויטן געשטופּלטן אוגערן געדאַכט, איז עפּעס אַ מאָדנע רוזקער. אַזוינער, אַז ער לייגט זיך שלאָפן, טוט ער סך־הכל איין מאָל אַ גענעץ און ווערט גלײַך אַנדרימלט, ווײַל זײַנס אין לעבן האָט ער שוין אָפּגעטאָן, און ווײַל באַ דער שיינער וווקסיקער פרוי, וועלכע ער באַגלייט אין וועג, איז די האַנט — אַ האַנט און די דיך — אַ דיך, ווי באַ די אַנצוגן, וואָס ווערן אַרויסגעשטעלט אין דער גרויסער שטאָט אין די פענצטער פון ערשט־קלאַסיקע מאַגאַזינען — אַ לאַץ איז דאָרט אַ לאַץ און אַן אַרבל — אַן אַרבל. אין מערסטן טייל טרעפן זיך פרויען מיט קײַלעכדיקע צונויפגעקורצעראַבעטע קערפּערס, ווי באַ אַ רעקל, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אַף טאַנדייט — די ברוסט גיסט זיך צוזאַמען מיטן קײַלעכיקן בײַכל, דער רוקן איז נידעריקער פון פלייצע שטאַרק אײַנגע־בויגן, די אַקסלען מיט די נאַריש־הענגענדיקע הענט — אַרונטערגעבויגן, אַף צוריק, און אין גאַנצן מיטן אַרויסגערוקטן בײַכל איז אַזוינס באַשאַפן געוואָרן בלויז אַף צו קינדלען, אַף צו טראָגן שווערע קאָשעקעס פונעם מאַרק, אַף צו זײַן אייביק מעוברת, — אַזאַ ווײַבל האָט געהאַט ער, אור־גער, איז ער פון איר קוים פּטור געוואָרן — ער האָט איר צוגעצאָלט און האָט זי אָפּגעגט... נאָר אפשר איז דאָס טאַקע געווען אַן עוולה און ער, אוגער, וועט נאָך דערפאַר באַשטראָפט ווערן... אפשר איז דאָס אַליין שוין אַ סימן, אַז ער וועט הײַנט דערהרגעט ווערן — דאָס, וואָס דער שטן האָט אים איצט אָפּן וועג אונטערגעשיקט אָט די נקבה און אים אַרויפגעפירט אַף אַזעלכע געדאַנקען — איצט אין אַזאַ מין צײַט, פאַרן טויט, אַזעלכע געדאַנקען...

פון ביידע זײַטן וועג האָט הויכער גראָער קאָרן געבויגן זײַנע טרור־קענע איבערגעשטאַנענע זאַנגען, זיך געבראָכן, געשאָטן קערנער פאַרן ווינט. קיינער אַחוץ פייגלען האָט דאָס יאָר די דאָזיקע קערנער ניט גע־לאָזט קלײַבן.

ערטערוויַיז זיַינען איבערגעטרוקנטע תבואות געליגן אומגעוואַלגערט, גליַיך ווי שדים וואָלטן זיי פאַרזייט ניט מער ווי אַף קוליען זיך, אַף טאַנצן — זיי זיַינען געליגן ווי הפקר, און פון דער געגנט האָט ניט גע־קוקט צו זיי קיין איינציק אויג.

די מויד האָט אַ פּאָר מאָל זיך צוגעזעצט אָפּרוען לעבן אָט די תבו־אות, האָט מיט אַ קלאַפּטער דריַיסיק וויַיטער זיך צוגעזעצט אָפּרוען אויך אוגער.

יעדער בײַער זינדיקער געדאַנק וועגן דער מויד האָט אים געשראָקן, ווי אַ סימן, אַז ער האָט שוין זייער ווינציק צו לעבן — ער וועט זיכער געהרגעט ווערן — און דאָך איז געוועזן אָנגענעם ביז גאָר אַזוי צו זיצן, כאָטש די מויד רעדט ניט און קוקט ניט צו אים. די מויד איז געגאַנגען וויַיטער, איז וויַיטער געגאַנגען אויך אוגער

נאָר אָט האָט אין מיטן פריַיען פעלד זיך באַוויזן דער וואָקזאַל. ער האָט געשטעקט פון וויַיטנס, ווי אַ טורעם, אַרומגערינגלט מיט איינצי־קע, נידעריקע געצעלטן. זיַין דאַך — אַ רויטער פליך, וואָס היט די מיַילנוויַיטע שטרעקעס, און אַרום און אַרום — פּוסטע, ווי אויסגע־ברענטע פעלדער, סימנים פון צעשטערטע שוץ־גריבער און פון שלאַכטן.

די מויד האָט אָנגעהויבן שפּאַנען גיכער, זיכער רוישן מיט די שטיַיפע שוואַרץ־זיַידענע קליידלעך. איצט האָט זיך שוין קלאָר געהערט, ווי דאָס קנאַלן פון „רויטן" פּאַנצערצוג, וואָס היט די רעלסן באַם וואָק־זאַל. פויל און גליַיכגילטיק האָט פון ציַיט צו ציַיט אָפּגעהילכט איינע פון זיַינע בלינדע, גרינגע האַרמאַטן, און דאַן האָט זיך געפילט, ווי פּוסט און אומגעבראַכט איז די גאַנצע געגנט, זי ענטפערט שוין מער ניט אַפן צוגס שיסן, זי איז פול מיט פלוידערדיקער לערקייט, און אין גרוי־סער תמוזדיקער היץ שמעקן אירע זאַמדן מיט טשאַד, ווי הייסע טליִענ־דיקע האָלעוועשקעס.

אוגער האָט דערזען, ווי די מויד האָט זיך אַף ס'ניַי אָפּגעשטעלט, זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זיַיטן, אויב קיינער איז נישטאָ... און מיט אים, אוגערן, האָט זי זיך שוין ניט גערעכנט, פּונקט ווי ס'האָבן זיך מיט אים קיין מאָל ניט גערעכנט יענע שיינע דורכפאָרנדיקע נקבות דאָרט, אַפן וואָקזאַל, זי האָט אים באַגעגנט אין פעלד און האָט שוין אָפּגים געקוקט אַף אים ווי אַף עפּעס אַזעלכעס, וואָס וואַקסט אין פעלד.

זי האָט אַרויסגענומען פון איר רענצל אַ קליין שפּיגעלע, אַ קעס־טעלע פּודער און פּאָמאַדע אַף אָנצושמירן די ליפּן. זי האָט זיך אָנגע־פּודערט אַקעגן שפּיגעלע, אָפּגעווישט מיט שפּ״עכץ די ברעמען און האָט זיך ווידער אומגעקערט. זי האָט צוגעקלעבט לעבן מויל אַ קליין פּלאַס־טערל, די גרויס, ווי אַן אַרבעס, און האָט מיט באַשלוס און מיט זיכערע טריט איבערגעשפּאַנט די רעלסן. דעמאָלט האָט אוגער אָפּגעוואַרט, מיט וווּנדער זיך אַרומגעקוקט, אויב קיינער האָט דאָס אַלץ ניט געזען, און האָט געשווינד אַוועקגעשפּאַנט נאָך איר.

אַפּן וואָקזאַל האָט אוגער די מויד ניט געפונען. אַף איין רגע האָט ער זי אָפּגעלאָזט פון אויג, און זי איז פאַרשוווּנדן.

II

אַפּן וואָקזאַל האָט געשמעקט מיט זשיוויצע, מיט היץ פון ווייך־גע־וואָרענעם אַספאַלט, וואָס בראָט זיך ווי סמאָלע אַף הייסער פּרימאָרגן־זון און לאָזט זיך קנייטשן אונטער טרעטנדיקע פיס.

דער „רויטער״ פאַנצערצוג האָט מער ניט געשאָסן. ער האָט גע־דרימלט נאָך אַן אומרויִקער, וואַכיקער נאַכט, זיך געקילט אין זײַן איי־גענעם קורצן שאָטן און געוואַרט אַף הילף.

בלויז זײַן לאָקאָמאָטיוו, דער פאַרנטיקער גיבור, האָט שטיל גע־ברומט, געזאָדן מיט זײַן גרויסן קעסל און מיט אַלע זײַנע הייסע און פעטע טשאַדנדיקע רערן. קיינעם איז אַרום אים ניט געווען צו זען.

אַקעגן, אַף דער אָנגעגליטער פּלאַטפאָרם, איז איינער אַליין גע־שטאַנען אוגער. זײַנע אויגן — אויגן, ווי גרין־בלויע אויסגעוועבטע זעלצער־וואַסער, וואָס האָט נאָך אין זיך געציילטע שווימענדיקע גראַדן, האָבן ווייטיקלעך געקוקט ערגעץ ווהין, אין איין פּינטל. איצט נאָך דעם, ווי ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז די מויד איז דאָ ווירקלעך נישטאָ און אַז קיינער אַפּן וואָקזאַל האָט זי ניט געזען, האָט ער אָקאָרשט אַף ס׳נײַ אָנגעהויבן קומען צו זיך און האָט צוריק דערפילט זײַנע צרות.

זײַן פאַרמעגן דאָ אַפּן וואָקזאַל — זײַן וווינונג און זײַן מעבל — זײַנען ווירקלעך געווען גאַנץ און ניט גערירט, נאָר דער טעלעגראַפיסט

האָט אים דערציילט, אַז צום וואָקזאַל רוקן זיך פון אַלע זײַטן באַנדעס, אַז קיינער פון די „רויטע" איז שוין דעריבער נישטאָ און אַז אָט, אָנו... זאָל זיך נאָר דער פּאַנצערצוג פונדאַנען אָוועקרוקן...

אוגער האָט אין אַזאַ פאַל זיך געקענט העלפן נאָר מיט אַ זיפץ. ער האָט אָנגעהויבן ליידיק־גייעריש אַרומצוגיין אַף דער פּוסטער פּלאַט־פאָרם און איז ענדלעך אַף לאַנג פאַרגליווערט געוואָרן אַקעגן מיטלסטן, גרויסן און זייער נידעריקן וואָקזאַל־פענצטער.

ער האָט געזען:

אינעווייניק, קעגן איבער דעם פענצטער, טוט אימעצן אַף צופּיקע־ניש אַ שמייכל די קורצע, פאַרריסענע נאָז באַ דעמיאַניוקן, דעם קליינ־ווקסיקן טעלעגראַפיסט. דער טעלעגראַפיסט בלײַבט זיצן, ווי אַ מאַלפּע, לעבן אַפּאַראַט, וואָס שטייט פאַר אים אַקעגן דער שײַן אַפן טיש. ער בייגט זיך צו מיט איין אויערל און הערט פּלוצעם אויף דעם אַפּאַראַט צו קיצלען. ער דערזעט אוגערן דורכן פענצטער און באַווײַזט אים מיט צוויי פינגער אַ צלם:

— ששששש! — ציט ער אויס זייער לאַנג מיט די ליפּן, —דער אַפּאַראַט איז טויט.

צופרידן, גלײַך עס שטייט זיי פאַר צו נעמען אַ ביסל משקה, פאַר־קאָשערן זיך באַם טעלעגראַפיסט די פּײַכטע ליפּן, און זײַנע הענט טוען מיט שמחה אַ רײַב די אַנדערע.

— ס'איז גוט!...

אוגער האָט נידעריקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ מיט די אויגן, וואָס קוקן בעקיש־בייז פון אונטערן שטערן, און האָט מער ניט געוואָלט צוזען דעם טעלעגראַפיסט שמחה. ער איז טרויעריק אַוועק פון פענצטער.

נאָר דער טעלעגראַפיסט איז שוין געווען אין דרויסן, ער האָט אוי־גערן אָנגעיאָגט און האָט אים פריילעך אַרומגעכאַפּט פון הינטן באַ די אַקסלען!

— אוגער, אוגערל!... דיך וועט מען ניט טשעפּען, כאָטש דו ביסט געווען אין „זאַווקאָם". מיר וועלן ניט דערלאָזן, נאַרעלע — דו ביסט אונדזערער...

אוגער האָט אים מורה־שחורהדיק אָנגעקוקט...

—וואָס איז דען, דעמיאַניוק? דעם אמת זאָגן, שוין פאַרפאַלן?...

— דיך גייט עס ניט אָן, זאָג איך ... מיט דײַניקע האַלט שלעכט, מיט ייִדן, הייסט עס ... און דו גייסט מיט מיר אַף מײַן קוואַרטיר ... פאַרשטאַנען שוין ? .. לאָז אַרומנעמען, זאָג איך.

אוגער האָט אים לײַכט אָפּגעשטויסן.

— וואַרט, זאָג איך.

— נו, פרעג, אוגערל, נו, פרעג.

— עס איז שלעכט, האָ ? איך מיין מיט די „רויטע" ? ...

דער טעלעגראַפיסט האָט פאַרבויגן אַ קנאָכן פון אַ פינגער און האָט דעם קנאָכן צוגעטראָגן גאָר נאָענט צו אוגערס אויגן :

— נאָ, זע, ־גראָבער קאָפּ ! אַ פאַרשטעקל. פאַרשטאַנען צי נאָך אַלץ ניט ? געשפאַרט פון אַלע זײַטן.

— די נאָענטע קרײַז־שטאָט ראַבעוועט מען ?

— נאָך אַ מין ! פון נעכטן אָן.

— אַ באַנדעטשקע, מײַן ליבינקער.

— די שטאָט איז דאָך אַ פאַרלאָזענע.

— איז וואָס ?

— נו, און קאַזאַטין, איך האָב געהערט ... דעם גרויסן וואָקזאַל...

— שוין אויך גענומען : מען ווייס ניט ווער, קאַזאַטין האָט נאָך באַנאַכט אויפגעהערט צו ענטפערן אין אַפּאַראַט. און פון דער זײַט — ווידע אַ באַנדעטשקע, זי רוקט זיך אַהער. זעסט ? אָט דאָרט ... אַהין קוק — איבערן וועלדל : דײַן שטעטל ברענט, און דו ביסט גאַנץ ... דיר וועט ניט שאַדן ... אַנו, קום אין אַ פראַנציוזישער. טפו ... טפו ... גיב די האַנט !

און פון שמחה האָט דער טעלעגראַפיסט געמאַכט אַ באַוועגונג אַף אָנצוכאַפּן אוגערן פאַרן האַלדז־און־נאַקן, אַף ראַנגלען זיך און אויס־מעסטן די כוחות.

— שטיין, זאָג איך, שטיי ! אַנטלויף ניט. וווּ איז די מויד ? וואָס הערט זיך טאַקע ? ... זע, אַ רויטינקע בערדעלע באַ דיר, אוגער, אַ גאַנץ שוירענע און אַ האַרטינקע אַזאַ — שטעכט, ווי נאָדלען ...

— לאָז צורו !

— שטיי, שטיי, זאָג איך. פאַר וואָס האָט דיך פאַראַיאָרן אַוועק־געוואָרפן דײַן ווײַבעלע? אוגער!... ווילסט זיך ניט ראַנגלען?.. איז קום, וועלן מיר זוכן די מויד. אוגער... קום, וועלן מיר זי געפינען זאָג איך.

III

אַרום צוויי אַ זייגער באַטאָג האָט זיך די מויד פּלוצעם באַוויזן אַפן וואָקזאַל.

אַרום צוויי אַ זייגער באַטאָג האָט דער קעסל באַם געפּאַנצערטן לאָקאָמאָטיוו שטאַרקער אָנגעהויבן צו זידן, און דעמיאַניוק האָט גע־שלעפּט אַהין אוגערן, כדי אים צו באַווײַזן:

— נאָ, זע, ער גרייט זיך צו, ער גייט אַוועק... ער גייט אַוועק.

נאָר אַ ביסעלע שפּעטער איז פון דער נאָענטער פאַרלאָזענער שטאָט זייער פּלוצעם און אומגעריכט געקומען אַ לאַנגער פּראָצעסיע, פול גע־פּאַקט מיט היימלאָזע, וואָס ריכטן זיך גלײַך פאָרן ווײַטער און לויפן געשווינד איבער דער פּלאַטפאָרם:

ווער אָנטרינקען זיך, ווער אַ פרעג געבן וועגן דעם ווײַטערדיקן וועג.

אַף דעם פּראָצעסיע און אַף דער כאַליאַסטרע, וואָס האָט זיך פון אים אַרויסגעשאָטן, האָבן ווי אַף בייז וווּנדער געקוקט די באַוואָפנטע מאַט־ראָסן פונעם פּאַנצערצוג. זיי זײַנען צוגעקומען נעענטער און האָבן באַ־טראַכט די וואַגאָנען.

זיי האָבן צוליב עפּעס אַרונטערגעקוקט צו די רעדער. זיי האָבן זיך אַ שעפּטשע געטאָן מיט זייער עלטסטן און האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו די פול־געפּאַקטע וואַגאָנען מיט אַ שטרענגן באַפעל:

— סטאָפּ! אַרויס פון די וואַגאָנען!

— פאַרוואָס?

— אַזוי, מ'קאָן ניט פאָרן ווײַטער.

— ווער האָט געזאָגט?

— מען וועט דיר דערציילן...

ערגעץ אין אַ וואַגאָן האָט מען זיך אָנגעהויבן קריגן צווישן זיך, קולות האָבן זיך דאָרט געראַנגלט:

— וואַרט נאָר!

— וואַרט!

— אַזוי גרינג איז מען געפאָרן.

— עס האָט אָפּגעקאָסט גענוג געלד.

אַן עלטערע ייִדענע האָט פון דאָרט מיט אירע אייגענע כוחות בשום־אופן ניט געקענט אַרויסשלעפּן איר שווערן פּאַק. זי האָט געבעטן הילף, נאָר קיינער האָט צו איר ניט געקוקט.

מען האָט אַלע מיט אַמאָל אָנגעהויבן פליִען פון די וואַגאָנען.

אין אַ קליינע ווײַלע אַרום זײַנען ביידע היפּשע וואָקזאַל־קלאַסן שוין געווען פול מיט איבערגעשראָקענע געזינדלעך, מיט טאַטעס און מיט מאַמעס, וואָס טרייסלען זייערע שרײַענדיקע זויג־קינדער מיט אַלע כוחות, ווי נאָך אַ ברית־מילה. משפחותווײַז האָט מען זיך דאָרט אײַנגעגריבלט אין טונקעלע ווינקלען, זיך פאַרצוימט מיט שמאַטעס און מיט בעטגעוואַנט, געלאַטעטע און פול אָנגעשטאָפּטע זעק. פון שוואַך פאַרבונדענע געפּעק האָבן אַרויסגעקוקט רערן פון זילבערנע לײַכטערס, הענטלעך פון קופּערנע פאַנען. פיס האָבן געטראָטן אַף פרעמדע וויקלשנורן, אַף פונאַנדערגעוואַלגערטע שטריק. צעשאָטן איז מען צוריק געלאָפן קעגן איבער דעם נאָענטן פּוסטן פּלאַץ, ווו מען האָט געקלערט קריגן ברויט. קולות האָבן פאַרשריגן איינע די אַנדערע.

— מען איז דאָ געשפּאַרט.

— מען איז אין פּעסל.

— פאַרפאַלן!...

— מען וועט דאָ אויסגיין.

און צווישן אַט דעם גאַנצן פילדערדיקן טומל האָט ווי אַן אומרויִקער זײַדענער פלעק זיך ווידער באַוויזן די וווקסיקע מויד. זי האָט זיך אויסגעטיילט מיט אירע שוואַרץ־זײַדענע שטײַפע קליידלעך, מיט איר אומרויִקן פּריצישן גענגל און מיט אירע דינע פיס און די לאַקירטע טופלס — פיס, ווי אין אַ גרויסער שטאָט אין אַ פענצטער פון ערשט־קלאַסיקן זאָקן־געשעפט. אירע אַקסלען האָבן זיך געשווינד באַוועגט צווישן די שטויביקע היימלאָזע. אירע אויגן האָבן אימעצן געזוכט און אירע

קניִען האָבן אונטערגעיאָגט, גלײַך ערגעץ־ווו, צווישן די צוג־לופטן, וואָס טראָגן זיך דורך, ווען מען עפנט אויף אַ גרויסע וואָקזאַל־טיר, צווישן קוויטשענדיקן גרילץ, וואָס די טירן טוען, צווישן געוויין פון קינדער און גרעגערײַ פון מאַמעס, — צווישן דעם אַלעמען איז אַ באַהאַלטענע רע־טונג נאָך פאַראַן, מען דאַרף די רעטונג נאָר געפינען, אויסשפּירן, ווו זי האָט זיך באַהאַלטן.

היימלאָזע פּנימער זײַנען געווען שטאַרק באַזאָרגט; ערטערווײַז האָט מען זיך געקריגט צווישן זיך, נאָר דאָס אַלץ איז איר ווייניק וואָס אָנ־געגאַנגען. זי האָט אַזוי לאַנג געריסן פרעמדע מענטשן באַ די פּאָלעס, ביז יענע האָבן איר געענטפערט אַ וואָרט און זי אָפּגעשיקט צו אַ צווייטן.

זי איז אַזוי לאַנג אַרומגעלאָפן, ביז זי האָט זיך אָנגעשטויסן אַף אוגערן.

— הערט, — האָט זי אים גלײַך אַ שמיץ געגעבן מיט איר בליק, אַף וויפל קאָן ער איר העלפן, — מיר האָט מען אַף אײַך אָנגעוויזן: איר זײַט אַ היגער — אמת, אַ היגער?

פון איר האָט געשמעקט מיט פּודער, מיט קליידער, וואָס זײַנען לאַנג געלעגן אויסבאַהאַלטן צווישן שמעקנדיקע זייפן, און מיט נאָך עפּעס אַ ריח פון אַ שיינער, וווקסיקער מויד, וואָס איז ערגעץ אויסגעכאַוועט געוואָרן אומיסטן צוליב גבירים... צוליב דעם, אַז ער, דער רויט־האָרי־קער אוגער, זאָל אין רויִקע צײַטן קוקן אַף איר גנבהש אין אַ זײַט און זאָל ניט פאַרגינען... און אין אומרויִקע צײַטן, אינעם טאָג פון זײַן טויט, זאָל ער איבער איר האָבן אַ פולן קאָפּ מיט זינדיקע מחשבות.

זי האָט אַלץ געצויגן איר ווײַסע שאַרף איבערן פּנים, כדי די זון זאָל זי ניט בראָטן; זי האָט זיך געדרייט, צוגעשטעלט צום שטערן אַ לאַנגע און שמאָלע האַנט מיט דינע און זייער לאַנגע מאַניקור־פינגער און האָט גערעדט, — זי האָט געשאָטן, קוקנדיק אַף אוגערן, קוקנדיק אין די זײַטן.

אין פאַרלויף פון זייער אַ קורצער ווײַלע האָבן שוין אַלע אַרום גע־ווּסט, אַז דאָס איז זי — זי, וועמען עס האָט אַהער פאַרשלעפּט ממש ווי ס'פאַרשלעפּט אַמאָל אַ נישט־גוטער, אַז אין דער נאָענטער פאַרלאָ־זענער שטאָט האָט זי געוואָלט אויפזוכן איינעם אַ יונגנמאַן, אַ נאָענטן פרײַנט, כמעט אַ חתן... נאָר דעם יונגנמאַן האָט זי דאָרט ניט געפונ־

נען. זי האָט אים געזוכט אין נאָענטן שטעטל, אין דעם וואָס פרעגט איצט, נאָר אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אויך פון דאָרט איז ער שוין אוועק. און געמיינט האָט זי פון אָט דעם וואָקזאַל זיך אומקערן אַהיים, כאָטש דאָס איז גאָרנישט איר ריכטונג — עס איז גאָר פּונקט קאַפּויער, אין אַן אַנדער זייט, עס איז גאָר אַרום־און־אַרום.

— און נאָט, זעט, ווי דער טויט ציט, ווי דער טויט פאַרשלעפּט. אַן אומגליק. אירע זאַכן האָט זי געלאָזט אין דער גרויסער שטאָט. זי איז אָט... ווי זי שטייט און גייט. און אַהער, זאָגט מען, גייט אַ באַנדע. אַלע ווילן דאָ אומקומען:

— עס איז שלעכט, אַ?

אוגער האָט זי אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן מיט אויגן פון אַ מענטשן, וועלכער דאַרף באַ קיינעם אָף דער דאָזיקער מויד קיין מבינות ניט פרעגן. אַרײַנקוקנדיק אַזוי אין איר פנים, האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק נאָגן אונטער דער ברוסט, באַם לעפּעלע. ער איז איר אין יענער רגע געווען אַ מאָדנער גוטער־פרײַנט. נאָר ווײַל ער איז איר געווען אַזאַ גוטער־פרײַנט, האָט ער אָף אירע פראַגעס געענטפערט זייער פויל, ווי אַן ליפּן, גלײַך ער פאַסט:

— נו, יאָ, אַוודאי שלעכט.

— איז וואָס וועט זײַן?

אוגער איז אויסערלעך געבליבן נאָך מער קאַלט:

— מאָדנע מיידל, וואָס איר זײַט! ווער קאָן עס וויסן?... אָט בין איך אויך אַזעלכער ווי איר...

אים האָט זיך פאַרוואָלט ווערן נענטער צו איר כאָטש מיט דעם, וואָס ער איז אויך אַזעלכער, ווי זי:

— איר פאַרשטייט, צי ניין?... אַז איך וווין שוין גאָרנישט דאָ. כ'האָב דאָ געלאָזט אַ וווינונג מיט באַלעבאַטישקייט און בין אַנטלאָפן, האָט מיך דער רוח אָנגעטראָגן אַראָפּקומען אַהער פונקט איצט... אַ קוק געבן דאָ צו מײַנע זאַכן בין איך געקומען.

— איז וואָס קען מען טאָן? איר זײַט דאָך אַ היגער.

— וואָס זאָל מען טאָן?

ער איז לײדיק־גייעריש געבליבן שטיין און האָט מיט חרטה, מיט אומעטיקע, פאַסטנדיקע אויגן נאָכגעקוקט אירע אַוועקשפּאַנענדיקע פיס.

ער האָט געזען, ווי זי מישט זיך אויס מיטן עולם, ווי זי שטעלט אָפּ מענטשן און דערפרעגט זיך, און אים האָט באַנק געטאָן:

— זי ניט געווען באַדאַרפט אפשר אָפּלאָזן?...

און נאָך:

— ערשטער סאָרט...

זויבער, ווי געוואַשן מיט שטאַרקע רעגנס, איז אָף די רעלסן געשטאַנען דער פּאַנצערצוג, געשטאַנען רויִק מיט אַ זודיק־הייסן לאָקאָמאָטיוו, און פון קעגן איבער פון דער פּלאַטפאָרם האָבן אים אַרומגעקלעבט אויגן, וואָס זײַנען פאַרמשפּט צום טויט.

מען האָט געקוקט אָף אים טרויעריק, פאַרשמאַכט, מיט קנאה, וואָס ער קאָן אין יעדער רגע זיך אויפהייבן און אַוועק פונדאַנען, ווי אַ פרײַער צו־להכעיסניק — אַ ריז, וואָס קײַעט ווײַטן.

אָט וועט ער זיך אַ ריס טאָן פון אָרט און וועט אַוועק צו זײַניקע, קיין מערב־זײַט, אַקעגן דער גרויסער, רויטער זון, וואָס וויל זיך אָנרירן אין דער ערד. וועט ער זיך טראָגן; ער וועט האַלטן אין איין שיסן — לויפן און שיסן, לויפן און שיסן.

מען האָט געשמועסט:

— ער וועט זיך דורכשלאָגן, ער וועט זיך דורכשלאָגן...

לעבן דעם צוג, ניט ווײַט פון לאָקאָמאָטיוו, איז געשטאַנען אַ יונגער קאָמאַנדיר, געשטאַנען רויִק, ווי אַרויסגעשטעלט אָף ציקאַווע: דער צוג איז זויבער, און ער — אויך... מיט אַ שמייכעלע אַרום די צוזאַמענגעצויגענע אויגן האָט ער געקוקט צו דער פּלאַטפאָרם אָפן אומבאַהאָלפענעם, פאַרלוירענעם עולם, און ניט אַזוי אָפן גאַנצן עולם, ווי אָף דער אומרויִקער אַרומגייענדיקער מויד, וואָס רוישט מיט אירע זײַדענע קליידלעך, ער האָט שטיל צוגעפּײַפט מיט די ליפּן.

שעמעוודיק, ווי קעגן דעם אייגענעם באַשלוס, האָט זיך די מויד ענדלעך לעבן אים אָפּגעשטעלט.

— הערט, — האָט זי געזאָגט, — איך פרעג באַ אײַך... ביין, טאַקע אמת... איר שמייכלט אַלץ... וואָס וועט זײַן מיט אײַער פּאַנצערצוג? איר וועט זיך דאָך דערשלאָגן, ניט אמת, אַ?

— נו, יאָ, געוויס.

— ביין, אָן לצנות.

— אָן לצנות, מײַן פרײַלן...

— אַף וואָס־זשע וואַרט איר ?

דער יונגער קאָמאַנדיר האָט שמייכלענדיק זיך דורכגעקוקט מיט דעם מאַטראָס, וואָס שטעקט נייגעריק אַרויס זײַן קוימענקערער־פּנים פונעם לאָקאָמאָטיוו.

— אַף אײַך, ליבע פרײַלן...

— נו, אָט, איר לאַכט.

— און איר ווילט, איך זאָל לאַכן ?

— איך וויל, אַז איר זאָלט זאָגן דעם אמת.

— איז אַף אַ דעפּעשע, מײַן פרײַלן, מיר וואַרטן אַף אַ דעפּעשע.

— פונוואַנען ?

— פון הימל.

— ניין, טאַקע, דעם אמת.

— דעם ריינעם אמת.

— רעכט, רעכט, איר מאַכט אַלץ חוזק פון מיר.

די מויד האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט זיך פאַרשעמט פאַר יענע, וואָס שטייען אַרום איר און הערן.

— און מיר וועלן דאָ בלײַבן, — האָט זי געזאָגט צום קאָמאַנדיר,

— דאָס איז שיין, דאָס איז וווּיל. שטעלט אײַך פאָר: איר פאָרט נאָר אַוועק פונדאַנען, קומען אַהער גלײַך די באַנדעס, און איך, אַ פרוי...

— אַך, אַזוי ?...

דער קאָמאַנדיר האָט אַפילו קיין פינטל ניט געטאָן מיט די אויגן...

— איר האָט אַ ברירה.

— צום בײַשפּיל ?

דער קאָמאַנדיר האָט זיך ווידער שמייכלענדיק דורכגעווונקען מיטן אַרויסגערוקטן קאָפּ פונעם קוימענקערישן מאַטראָס.

איך זאָג אײַך, איר האָט אַ ברירה... נעמט אַ ביקס און ווערט אַ רויטאַרמייער.

שטיל.

אַפן לאָקאָמאָטיוו האָט מיט גראָבע ווערטער אַ פלוידער געטאָן דער מאַטראָס, דעמאָלט האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן דער רוי־

טער אוגער — ער האָט דאָס אַלץ צוגעזען פון דער זײַט מיט בעקיש־בייזע אויגן.

— הערט, — האָט ער די מויד אָפּגערופן אָן אַ זײַט, — קומט נאָר אַהער.

זײַנע אויגן האָבן צו איר געװוּנקען אָן װערטער, מיט געטרײַשאַפט פון אַ מענטשן, װאָס װיל זי פאַרהיטן פון אַן אומגליק.

— איך האָב דאָ אַ באַקאַנטן קריסט, אַ טעלעגראַפיסט.

— אַ טעלעגראַפיסט ? . . .

— נו, יאָ, כאָטש אַ שייגעץ איז ער, אָבער אַ װוילער מענטש . . . איז אין ערגסטן פאַל װעל איך אײַך אפשר קאָנען נעמען מיט זיך צו אים. דער עיקר איז — עס זאָל זײַן שטיל. איר פאַרשטייט ?

אוגער האָט זיך אַרומגעקוקט פון אונטערן שטערן, גלײַך ער מעק־לערט איר אַ פאַרבאָטענע זאַך : ער האָט באַמערקט, װי זי קוקט אַלץ צו־ריק צום צוג.

— דער עיקר איז, אַז אין אונדז זאָלן זיך ניט אָנקלעבן נאָך מענ־טשן . . . אַז ניט, קאָן זיך אויסלאָזן גאָרנישט פון דער גאַנצער זאַך. איר פאַרשטייט,צי ניין ? . . . אַנו, קומט אַרײַן אין װאָקזאַל, זייער שטיל . . . זאָל קיינער ניט באַמערקן, אַז איר גייט מיר נאָך . . .

## IV

אין מיטן װאָקזאַל, צװישן די פיל היימלאָזע, האָט די פרעמדע מויד זיך אײַנגעהויקערט.

זיצנדיק מיט אוגערן אַף אימעצנס אַ פרעמדן זאַק, האָט זי פאַר־לייגט אַ פוס איבער אַ פוס און איז מיט אַמאָל געװאָרן קלענער אַף אַ גאַנצן קאָפּ. זי האָט געזאָגט :

— איך פאַרגעס אַלץ : װי רופט מען אײַך ?

— אוגער.

— אַך, יאָ, אוגער . . . װי מיינט איר — די באַנדע װעט קומען ?

אוגער האָט דערפילט, אַז די באַנדע איז זײַנס אַ זאַך : זי שטייט אים אין זײַנע בויטן, פונקט װי זײַן קניפּל, װי די אָפּגעשפּאַרטע עטלע־

כע רובל, וואָס ער פאַרמאָגט. מיטן לעפעלע, וואָס נאָגט אונטער זײַן ברוסט, האָט ער דערפילט — אַ מזל־זאַך. ער האָט אַ בלאָנדזשע געגעבן מיט די אויגן איבער דער מוידס בוזים — אַ בוזים פון אַלעם גוטן, האָט דאָס לעפעלע, וואָס אונטער זײַן ברוסט שטאַרקער אָנגעהויבן צו נאָגן. זײַן לאַנגע נאָז האָט דערבײַ אַ שמאַרע געטאָן, ווי פון זיך:

— נו יאָ, מען זאָגט די באַנדע גייט.

— זי וועט קוילען?

— וועמער ווייס?

די מויד האָט געטאָן דעם ערשטן געגעץ, אַ געגעץ אין דער צופאַלנדיקער נאַכט אַרײַן. איר קערפּער איז געווען פול מיט אומאָנגענעמען גרויל, גלײַך איר שטייט באַלד פאַר צו פאַנאַנדערײַסן איר מויל און זיך לאָזן אויסוואַרצלען אַ געזונטן, ווײַסן באַק־צאָן. זי האָט געזאָגט:

— נו, יאָ, געוויס... בײַ אונדז איז אויך אַזוי געווען

— ווו?

— בײַ אונדז... אַ שטאָט מיט דרײַסיק טויזנט אײַנוווינערס. געקומען אַ באַנדע — הונדערט צוואַנציק מאַן — און האָט אויסגעהרגעט ביז דרײַ טויזנט. נאָך דעם האָט מען געזאָגט: ווען הונדערט יונגעלײַט גייען אַרויס אַקעגן, וואָלט די באַנדע אַנטלאָפן.

— אַ קעגן וואָס זאָגט איר דאָס?

— טאַקע אַ קעגן דעם: פאַראַן געזונטע יונגעלײַט דאָ, אין וואָקזאַל, צווישן די אַנטלאָפענע, קוקט: מען וואַלגערט זיך אַף דער ערד, מען שלאָפט. נעמט כאָטש וועמען איר ווילט, נעמט כאָטש זיך אַליין... מיט אַ ביקס קעגן דער באַנדע גייט איר ניט.

און די מויד האָט ווידער פאַרקרומט איר מויל מיט אַ געגעץ:

— אַך, מאַנצלײַט, מאַנצלײַט!

— אַך, מאַנצלײַט, מאַנצלײַט!

איר צווייטער געגעץ — אַ לאַנגער און אויסגעצויגענער — האָט געגעבן צו פילן, ווי ווײַט איר זײַנען מיאוס און לאַנגווײַליק סײַ אָט די יונגעלײַט, סײַ אירע רייד וועגן זיי — זיי זײַנען איר שווער און רופן אַרויס אין איר עקל, אָן אַ שיעור עקל — איבער זייער פוילקייט מוז זי דאָ זיצן פאַרשפּאַרט באַגלײַך מיט אַלע ווײַבער און וואַרטן אַפן טויט. זי — אַ מויד פון „ערשטן סאָרט“.

— אַך, מאַנצלײַט... מאַנצלײַט!

פּלוצעם האָט זי אַרויסגעזיפצט פון אָנהייב דרימל.

— און „ער" האָט געטאָן אַנדערש... ער איז געשטאַנען לעבן צוג מיט אַ שמייכעלע און האָט געקוקט, ווי אַף אַ סטאַדע — מען פלאָגט זיך, מען האָט מורא...

— ווער? — האָט זיך געוווּנדערט אוגער.

— ער, — האָט די מויד געענטפערט, אַרײַנפאַלנדיק צוריק אין דרימל, — דער יונגער קאָמאַנדיר, אַ גרוזינער, אַפנים.

זי האָט אים דאָך געדענקט, דעם יונגן קאָמאַנדיר — אים געדענקט איצט אין אָנהייב דרימל.

— ניין, — האָט ער בייזלעך געזאָגט אוגער, — ניט קיין גרוזינער. אַ אינגוש איז ער, אַ אינגוש.

אינגושן זײַנען בײַ אים געווען שפּאָט ביליק, — זיי זײַנען בײַ אים געווען צוגערעכנט צום ערגסטן סאָרט מענטשן:

— אינגושן, — האָט ער געזאָגט, — פלעגן זיך דאָ פאַרדינגען צו די פּריצים און שמײַסן די פּויערים מיט קאַנטשיקעס.

עס איז נאָך אַלץ געווען ניט מער, ווי אַרום צען אַ זייגער אין אָוונט. נאָר אין פינצטערן וואַקזאַל האָט פון זייער הויך אַרײַנגעקוקט אַ פרעמ־דער הימל, און די שטערן, האָט זיך געדאַכט, זײַנען דאָרט שפּעטע — שטערן פון נאָך אַ האַלבער נאַכט.

דער פאַנצערצוג, וועלכער האָט פון פאַרנאַכט אָן געשאָסן זייער זעל־טן און פויל, איז פּלוצעם ווי אין שטיפערײַ אין גאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.

אין בײדע איבערפולטע וואַקזאַל־קלאַסן איז מען דעמאָלט פון גרויס מידקייט באַלד אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. מען איז געלעגן אײַנ־געניורעט אין די ווינקלען און דורכויס אַפן דיל. נאָר אַז מען האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט דער וואַכנדיקער פאַנצערצוג שוין געהאַט אַוועקגע־פויזעט ווײַטער פון וואַקזאַל און האָט דאָרט געקלאַפּט זייער ערנסט מיט דרײַ האַרמאַטן אַף אַמאָל.

בײַ יעדן זעץ האָט זיך געדאַכט, אַז די ווענט פון וואַקזאַל זײַנען זייער דינע — זיי באַשטייען דורכויס פון פענצטער, און די פענצטער

קלינגען, ווי קלאַפּנדיקע ציין אין אַ אומגעהייער גרויסן און קראַנקן מויל. מען איז אַלץ געשלאָפן, אָדער זיך געמאַכט, ווי מען שלאָפט, און נאָר באַ אַ זויגנדיקער מוטער האָט אַ וויין געגעבן אַ קינד, האָבן אַרום און אַרום פון דיל און נאָך ווי טיפער פונעם דיל זיך אויפגעהויבן קעפ, און מײַלער האָבן געשעפּטשעט בייז, ווי מיט גרימעניש:

— ששש!... לאָזט עס ניט וויינען... לאָזט עס ניט וויינען...

גלײַך די גרויסע סכנה שטעקט דווקא אין געוויין פונעם קינד; גלײַך די באַנדעס טאַפּן שוין אין דער פינצטער די ווענט פון וואַקזאַל — זיי קאָנען דערהערן און קומען.

אין נאָענטן, שטאַרק הויכן קאָרידאָר, דאָרט ווו ס׳בלאָזן אייביקע לופטן, האָט אימעצער אַן אויפהער געדרייט און געקלאַפּט מיט דער הויכער טיר.

אין אַ ווינקל, אין אַ לאַמטערן מיט שמוציקע, פאַררויכערטע שויבן, האָט געצאַנקט אַ לעמפּל. דערנאָך איז אימעצער אַף גיך געקומען צו לויפן פון פאַנצערצוג און האָט געהייסן דעם לאַמטערן אויסלעשן. דער צוג האָט אין דרויסן געשווינד דורכגעגרילט אַף די רעלסן און האָט גענומען שיסן אין אַן אַנדער זײַט.

דעמאָלט האָט אוגער זיך צוגערוקט נענטער צו דער מויד און האָט אונטערגעשפּאַרט מיט אַן אַקסל איר דרימלדיקן קערפּער. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אין מיטן דרימל האָט די זיצנדיקע מויד זיך אַ וואַקל געגעבן און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ גאָר נאָענט לעבן אוגערס מויל. אוגער האָט דאַן אַ שמעק געגעבן אירע האָר, אַ שמעק געגעבן שטיל, מיט אַ פּשוטן, טיפן אָטעם, נאָר דערפילט דעם גערוך:

— אַ פײַנער גערוך... זיי שמעקן, אירע האָר... האָר, וואָס וואַקסן באַ אַ פרוי „ערשטן סאָרט“...

שלעכט איז נאָר געווען, וואָס פונקט הינטער זײַנע פּלייצעס איז די גאַנצע צײַט זייער אומרויִק געלעגן אַ מיטליאָריקע ייִדענע, מיט אַ שווערן פאַרוק אָפן קאָפּ, אַ פרומע, ווי אַ רביצן, געדאַכט האָט זיך, אַז די ייִדענע גיט אומזיסט צו פילן, אַז זי שלאָפט ניט. זי זעצט זיך אויף און לייגט זיך צוריק אַנידער. זי הוסט מיט אַ טרוקן קול, כאָטש די לונגען זײַנען באַ איר ריין; זי הייבט פּלוצעם אָן צו וועקן לעבן זיך איר שלאָפנדיקן פרומען מאַן:

— זע נאַר, זע נאַר... זאָגט זי צו אים, — ביסט אַ מבֿין?... וואָס זאָגסטו שוין, אַ?...

און נאָך דעם האָט די ייִדענע אַ גאַנצן פּרימאָרגן זיך געשעפּטשעט מיט אַ צווייטער ייִדענע, און ביידע האָבן געוואָרפן זייער טשיקאַווע אויגן סײַ אַף אים, סײַ אַף דער מויד. דער ייִדענעס בליק איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן שטעכיקער און בייזער. זי האָט סוף־כּל־סוף ניט אויסגעהאַלטן:

— פע, יונגערמאַן, איר מעגט זיך שעמען... אין אַזאַ צײַט, אַ?..

אים איז געווען אנגענעם, וואָס מען איז אים חושד... נאָר ער האָט דאָך אויפגעזאָגט:

— הערט, מומע, איר ווילט זיך קריגן, איז ניט דאָ דאָס אָרט... באַ אײַך אין דער היים, אין מאַרק, אַז איר וועט קויפן פיש.

נאָר די מויד האָט זיך אומגעקערט מאָדנע פאַרווונדערט — זי איז אַפּנים, ווירקלעך באַנאַכט געשלאָפן און האָט ניט געוווּסט, פון עפּעס צו זאָגן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז געקומען צו לויפן דער טעלעגראַפיסט — געקומען אַ פאַררויטלטער, אַ פאַרהאַוועטער, מיט אַן אויסזען פון אַ מענטשן, וועלכן מען האָט באַנומען פון קאָפּ ביז פיס; ער האָט געמאָנט אַ חלק... ער האָט אַרויסגערופן אוגערן אַף אַ סוד.

— האָסט אויסבאַהאַלטן די מויד, אַ?

— וועלכע מויד?

— דערצייל ניט קיין מעשיות.

— וועלכע מעשיות?

— מאַכסט זיך תמעוואַטע? איז וואָרט, געדענק...

אוגער איז געבליבן שטיין פאַרטומלט. זײַן איינציק געפיל איז געווען: דרך־ארץ צו דער רעכטער זײַט פון זײַן ערפּער — אַ זײַט, איך וועלכער עס האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט אָנגעשפּאַרט זי. אַזאַ דרך־ארץ צו זײַן אייגענער זײַט האָט געקאָנט האָבן סײַדן אדם־הראשון איידער מען האָט די זײַט באַ אים אויסגעשניטן, אַף צו בויען פון איר חוהן.

אוגער האָט געוואָרפן אַף דערדאָזיקער זײַט זײַנע גניבֿהשע בליקן — דאַכט זיך אַ זײַט, ווי אַלע, נאָר דאָך אַן אַנדערע... אַ זײַט אַ מירחסטע, אַרום אים אַף דער פּלאַטפאָרם האָבן צעקנייטשטע, אומגעוואַשע־

נע פנימער שוין ווידער אויסגעדריקט שרעק:

— די באַנדע האָט זיך פאַרשטאַרקט.

— דער פאַנצערצוג אַנטלויפט.

— אָט... אָט האָט מען דאָך גערעדט מיטן קאָמאַנדיר.

— די באַנדע גייט אַהער פון צוויי זײַטן.

און פון אַקעגן, פון צווייטן עק פלאַטפאָרם, איז אויפגעגאַנגען די זון — פון אַקעגן איז געגאַנגען די מויד... זי איז שוין ווידער געווען אויסגעפוצט און אויסגעפודערט, און האָט אַפּסנײַ צוגעקלעבט אַ קליין שוואַרץ פלאַסטערל בידעריקער פון מויל.

אוגער האָט אויפגעזוכט דעם טעלעגראַפּיסט און האָט גענומען קלע־טערן אַרום אים, אײַנטענהן און אים געבן צו פאַרשטיין, גלײַך ער האָט מיט אים אַ לאַדעניש:

— איז וואָרט נאָר... און הער מיט קאָפּ.

נאָר דער טעלעגראַפּיסט איז געווען משוגע. ער האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן; ער האָט זיך אײַנגעעקשנט:

— אויב חבריש, איז חבריש.

— איז שאַ, — האָט אים אוגער סוף־כל־סוף אַוועקגעשלעפּט אין אַ זײַט.

— ווייסטו וואָס? איז נעם דיר געלט. וויפל ווילסטו געלט? נעם בײַ מיר צו אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג.

דער טעלעגראַפּיסט איז ווידער משוגע. פריִער האָט ער וועגן געלט ניט געוואָלט הערן. נאָך דעם האָט ער שוין יאָ געוואָלט געלט, נאָר אין גאַנצן, אין גאַנצן, אַלץ וויפל אוגער פאַרמאָגט, און מיט מזומן:

— געזאָגט און געציילט, און באַלד, די רגע.

אוגער איז געשטאַנען מיט אַ פאַררוקטער האַנט אין בוזים, גע־טאַפּט דאָרט זײַן קניפּל און זיך געדובגען, זיך אויסגעגלײַכט און גענו־מען ציילן.

## V

שוידערלעך האָט אַ רעווע געטאָן דער געפּאַנצערטער לאָקאָמאָטיוו. ער האָט אָפּגעוואָרט ביז זײַן רעווע וועט, ווי אַן אָנזאָג פון טויזנטער ביי־

זע בשורות, זיך פאַנאַנדערשיטן איבער די ווײַסע פּוסטע פעלדער און האָט אַרויסגעלאָזן אַ צווייטן רעווע, אַ דריטן.

אימעצנס אַ בייזלעך קול האָט דאָרט געוואָלט אָניאָגן כאַטש איינעם פון די צוויי לעצטע סיגנאַלן, נאָר ניט דעריאָגט, זיך אָפּגעהאַקט באַזונדער:

— פּאַרטיק!

און פון אַלע זײַטן פּלאַטפאָרם האָבן אַהין אַ שווים געגעבן די היים־לאָזע.

אין מיטן לויפן האָט מען זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ שטאַרקער כוואַליע פון געדריקטער לופט; מען האָט זיך אַ דריי געגעבן, ווי אין אַ וואַלקן שטויב. דער פאַנצערצוג האָט אויסגעשאָסן פון עטלעכע האַרמאַטן אויף איין מאָל. ווי פון זיך האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן אַלע הויכע וואָקזאַל־טירן, און די צוג־לופטן, וואָס יאָגן דאָרט אָן אויפהער, האָבן אַרויסגעשאָסן אין דרויסן די אָפּגעריסענע ווערטער, וואָס לויפן דאָרט אַרום:

— די באַנדע.

— קומט.

— ער אַנטלויפט.

— דער פאַנצער...

— דער צוג.

— פאַרפאַלן...

— וויי און ווינד...

די פרומע ייִדענע, וואָס זעט אויס, ווי אַ רביצן, איז געלאָפן פון ערגעץ מיט אַ גרויסן טשײַניק וואַסער אין איין האַנט, און מיט דער פויסט פון דער צווייטער האָט זי זיך געקלאַפּט אין שווערן פאַרוק און האָט געקרעכצט, ווי אַף אַ שריפה:

— בעט גאָט, בעט גאָט!

אַקעגן האָט דער באַפרײַטער דאַמף פונעם לאָקאָמאָטיוו שוין געהאַט דערוואָרגן אימעצנס אַ לעצטן באַפעל:

— פאָרויס!

שטיל האָט דער צוג זיך אָוועקגעגליטשט, זיך אָפּגערוקט און גע־

לאָזט נאָך זיך אַ מאָדנע פּוסטקייט אויף די רעלסן — אַ מאָדנע געווירבל פון לויפנדיקע מענטשן אויף דער פּלאַטפאָרם.

אויף די טרעפּלעך פון לעצטן געפּאַנצערטן וואַגאָן איז געשטאַנען דער יונגער קאָמאַנדיר און האָט געקוקט צו אָט די אַרומיאָגנדיקע צעפּלאָכטענע און צעכראַסטעטע מענטשן. ער איז געפּאָרן איצט אויף זיגן אָדער אומקומען, און פון אונטן צווישן דעם געבליבענעם מענטשן־ווירבל, וואָס אויף דער פּלאַטפאָרם, האָבן צוויי — אוגער און דער טעלעגראַפיסט — זיך געיאָגט נאָך דער מויד, וואָס ווערט אפשר נאָך היינט געטויט ווערן דורך די אונטערקומענדיקע באַנדעס.

# אַף דעם הונדערט און איינסטן וויאָרסט

I

אין עק לאַנד, באַם ברעג פון זומפּיקע „בייטראַלע זאָנעס“, שטייט אַ יידישע קרעטשמע.

אין קרעטשמע האָבן רויטע אויפגעהאָנגען אַ טעלעפאָן.

באַם טעלעפאָן — פעאָדאָר זאַזולי:

אַ קרעפּטיקער יונג.

אַ בייזלעך־געטרײַער און רויט־פּאַרעקשנטער.

ער זאָגט אַלעמען אַרום זיך מוסר.

ער קאָן זיך חתמענען.

ער האָט אַ געוווינהייט זיך אָפּצושטעלן פאַר יעדן אָרט ווו געדרוקטע אותיות זײַנען געשריבן, און לייענען זילבנווײַז אַף אַ קול, אַזוי אַז אַלע דורכגייער זאָלן זיך אָפּשטעלן און קוקן מיט וווּנדער סײַ אַף אים, סײַ אַף די ווערטער, וואָס ער לייענט.

ער רעדט מיט אַ פאַרדרייטער האַלב־רוסישער, האַלב־אוקראַינישער שפּראַך און הייבט תמיד אָן זײַנע חקירות מיט די ווערטער:

— אמת צי ניין?

ער פילט זיך אין דער רויטער אַרמיי זייער געשעצט, כאָטש ער

איז אין איר אַ קאַפּעלע אַ פּאַרשפּעטיקטער, אַ צוגעקומענער פונעם דאָרף. ער ציט כסדר צו נײַע מענטשן צו זײַן טייל — ער „באַר־בעט" זיי מיט געשווינדע ווערטער:

— הער נאָר, חבר, איך גיב דיר אַ געמעל: ניטאָ מער קיין עלטסטע — אמת צי ניין? ביסט, הייסט עס, אַליין אַ סאָלדאַט און אַליין אַ קאָמאַנדיר — ביסט אַ רויטאַרמייער, הייסט עס...

די צײַט:

איינער פון די ערשטע רויטאַרמייִשע ווינטערס.

פון אָנהייב איז זאַזולי דאָ אין קרעטשמע געווען ניט איינער אַליין. צוזאַמען מיט אים האָבן דעם פּאָסטן געהיט נאָך אַכט דויט־אַרמייער. אַף די נאָענטע „נייטראַלע" זומפּן זײַנען טאַנצנדיקע זאַווע־רוכעס געווען פול מיט אָפּגעשוואַכטע געשרייען, מיט נאָגנדיקן שוידער, מיט וואַנדערדיקע רויבער, און אין דער ברודיקער קרעטשמע, אַרום הוי־לן טיש זײַנען דעסנטמאַל געזעסן אַכט רויטאַרמייער, געהאַלטן צווישן די פּיס די אָנגעלאָדענע ביקסן, געדרויכערט מאַכאָרקע און געהערט, ווי אין טשאַד, זאַזוליס הקירות וועגן די פּראַנצויזן, וואָס זײַנען שוין אַוועק פון אָדעס, און וועגן די ענגלענדער, וואָס שטייען נאָך אין אַרכאַנגעלסק:

— נו, דאַ, קאָניעטשנאַ, מילי טי מאָי, סלוטשאַיעסטסיאַ ביוואַיע... עטאָ טעביע ניע טאָ, טשטאָ קאָל סניעסלי, אַ טאַק, טשטאָ קאַזשדנאָ לאַסטאָטשקאַ סעביע—העַ—הע!...*)

נאָך סוף ווינטער איז די „נייטראַלע זאָנע" געוואָרן מער שטיל און וויניקער הפקר. אַף אַ ווײַלע האָט מען אויפגעהערט צו וויסן:

— צו וועמען קער זי — צום אייגענעם לאַנד אָדער צום שכנישן.

די רויטאַרמייער זײַנען דאַן אַוועק צו אַ צווייטן, אַ גאַנץ ווײַטן נײַעם פּאָסטן און האָבן דאָ אין קרעטשמע באַם טעלעפאָן צײַטווײַליק געלאָזט זאַזולין איינעם אַליין.

זאַזולי האָט דאָ זײַן אַרבעט באַם טעלעפאָן איבערגענומען פרײַ־וויליק, מיט דער גאַנצער היץ און מיט דער גאַנצער ערנסט פון אַ מענ־טשן, וואָס דערגייט צו אַלע קענטענישן מיט זײַן אייגענעם שכל. אַז

*) נו, יאָ, אוודאי, טײַערער מײַנער, ס'טרעפט... דאָס איז דיר ניט אבי וואָס, נאָר וואָס יעדער שוועלבל פאַר זיך—הע—הע!...

וואָס דאַרף מען מער? — צום בײַשפּיל, אפילו די רעוואָלוציע אַליין — איז ער צו איר אויך דערגאַנגען מיט זײַן אייגענעם שׂכל.

דעם אינסטרוקטאָר, וואָס האָט אים געוואָלט באַווײַזן, ווי אַזוי באַם טעלעפאָן זיך אַרומצוגיין, האָט ער דעריבער אָפּגעשטעלט גאָך בײַ די ערשטע ווערטער:

— ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, — האָט ער געזאָגט, — ניטאָ דאָ וועגן וואָס צו האַנדלען, חבר, דאָס דאָזיקע אָ — „טעלעפאָן" רופט מען עס, אמת צי ניין? רעדסט צו דעם, ענטפערט מען דורך דעם. נו, און גענוג... און ווײַטער איז אַלץ קאַבאַק...

דער טעלעפאָן — אַ זאַך, וואָס קער צו דער רעוואָלוציע, דעריבער דאַרף מען דאָס היטן — דאָס ווייס זאַזולע... ס'איז ניט קיין זכר און ניט קיין נקבה, און האָט דאָך אייגענע ווונטשן.

צום בײַשפּיל:

אין דרויסן בלאָזט ניט קיין מינדסט ווינטל, טאָ רעד צו דעם שטיל, ווי עס ריידן אַלע מענטשן.

אין דרויסן איז אַ שטורמיש וועטער, טאָ שרײַ אין דעם אַרײַן מיט אַלע כּוחות, אַזוי עס זאָל דיך באַשלאָגן אַ שווייס.

איין זאַך נאָר:

עס איז אַ ביסל לאַנגווײַליק. צווישן יידן האָט זאַזולי קיין מאָל ניט געלעבט, ניט פאַרשטאַנען זייער שפּראַך.

די קרעטשמע — זי איז אַ פּוסטע אין מיטן פעלד; זי האָט ניט אַרום זיך קיין איין שילד, אַקעגן וועלכן מען זאָל זיך קאָנען אָפּשטעלן לייענען.

דער טעלעפאָן איז דעריבער דאָ אין גיכן געוואָרן זאַזוליס אייב־ציקער חבר — עפּעס אַ מין באַזונדערער האַלב־לעבעדיקער גוטער־ברודער, צו וועמען מען קאָן צוגיין עטלעכע מאָל אין טאָג, ווי צו אַ נאָענטן פרײַנט, און אַף האַרציקן חברישן לשון זיך באַנײַס פאַרשטעלן דער רעוואָלוציע. ס'איז מער ניט, וואָס די רעוואָלוציע, אַז מען שטעלט זיך איר פאַר דורכן טעלעפאָן, דערקענט זי זיך ניט אַזוי גרינג פון נעכטן — ווי אַ טויבלעכער מאַן, וואָס האָט אַ געשלאָגענעם זכרון און דערפרעגט זיך אַלע מאָל פון ס'נײַ:

— אָ?... ווער, זאַגסטו, ביסטו?

אַלע מאָל, ווען מען גייט צום טעלעפאָן צו, דאַרף מען אים אָפּסניי אַנדרייען. עס דערהערט זיך אַ קלאַנג:

— דזשין! דזשין!

און דאַן שרייַט מען צו אים אַריַין גלײַך אין אויער:

— באַם טעלעפאָן בין איך, פעאָדאָר זאַזולי! פּאָסטן נומ. 3... וואָס אָפּן הונדערט מיט איינטן וויאָרסט!...

— פורן פאָרן ניט!... מען זעט ניט!... שיקט עסן!...

איצט איז שוין אַ פּאָר וואָכן זינט זאַזולי היט דאָ דעם טעלעפאָן, ער שלאָפט לעבן אים אין ווינקל אין זיַין קויטיקן שינעל. ער שיסט אַלע באַנאַכט אַרום דער קרעטשמע, כדי מען זאָל וויסן, אַז דער פּאָסטן איז באַוואַכט. ער לייענט פון לאַנגוויַיליקייט די קויטיקע שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס ער רייַסט פון אַן אַלטער צייַטונג צו פאַרדרייען מאַכאָר־קע, און פילט אַ באַדערפעניש זיך אַרייַנלאָזן מיט אימעצן אין אַ חקי־רה, אַ שמועס טאָן מיט אַ האַרעפּאַשנעם מענטש מכוח דעם, וואָס הייַנטיקע צייַטן איז דיר ניט דאָס, וואָס „טאָמער, אפשר" — „מען דאַרף צוטרעפן"; און מכוח דעם, וואָס כאָטש די רויטאַרמייער זייַנען פון דאַנעט אַוועק צו אַ נייַעם, גאַנץ ווייַטן פּאָסטן, זייַנען זיי פון דעסט־וועגן געבליבן געטרייַע חברים, און אַנו... זאָל נאָר אימעצער אַרום אים פּרוּוון טאָן עפּעס ווי ניט באַדאַרפט צו זיַין, איז באַלד איינס און צוויי — צום טעלעפאָן... און טאָקע דערפאַר טאָר ער, זאַזולי, דאָ ניט דרימלען און דאַרף דינען געטריַי איר, זיַין אייגענער זאַך — דער רעוואָלוציע.

באַ זאַזולין זייַנען שטענדיק גרייט די ווערטער, מיט וועלכע ער וואָלט דאָ מיט פאַרגעניגן אָנגעהויבן איַינצוטענהן:

— יעדערן ווילט זיך לעבן בעסער, אמת צי ניין?

נאָר תמיד, ווען ער הייבט דאָ אָן זיַין חקירה, בלייַבן אַלע אין קרעטשמע, ווי טויבלעך און קוקן אים אָן משונה מיט טעמפּע אויגן. און נאָכדעם, אַז ער גייט אַוועק איינער אַליין אין קיך אַריַין, שרייַט מען, ווי תמיד, זייער בייזלעך אָפּן איינציקן צוועלפיאָריקן מיידעלע:

— זעלדע! אַוווּ איז דיר דער קאָפּ? זעלדע!...

— וואָס האָט מען דיר געהייסן טאָן... זעלדע?!

און הייסן הייסט עס:

— פאַרוואָס גייסטו ניט נאָך דעם ערל ?... כאַפּ אַ קוק אין קיך... זעלדע !...

כאָטש אַליין איז מען שוין צו אים צוגעוווינט און מען פּאַנפעט צווישן זיך, גלאָצנדיק די אויגן כלומרשט צום באַלקן:

— דער גוי איז אַן אָרנטלעכער.

— עס מעג ליגן לעבן אים גאָלד.

און נאָך פּאַנפעט מען:

— גלייבט אין די רויטע, ווי אין צלם.

— הערסט... דאָס איז דאָך דער אומגליק.

— אַז די רויטע אַליין האָבן גאָר וועגן אים געזאָגט: „מיר האָבן אים געטראָפן אין וועג, האָט ער זיך צו אונדז צוגעקלעבט".

— וואָס קלערסטו ?... (אַ זיפץ). אַוודאי וואָלט מען פריי אָפּגע־טעמט, ווען גאָט נעמט אים צו פון דאַנען.

II

פאַראַן אין קרעטשמע:

אַן אַלטער קליינוווקסיקער זיידע, וואָס הערט שלעכט און שמעקט שלעכט — אַ ווײַסינקער זקן מיט געשוירענע וואָנצעס און מיט ציטע־ריקע אונטערגעבראָכענע קני. ער קלעטערט אַלע טאָג אַף אַ בענקל דעם זייגער אָנצוציען, קוקט אַרײַן אין אַ לוח און וואַרט:

אַז עס וועט קומען אסתר־תענית, וועט ער פאַסטן.

פאַראַן זײַנען אויך אין קרעטשמע:

מיטליאָריקע טאַטע־מאַמע, פאַרגרעבטע, שטילע, טיף אַרײַנגע־טוענע אין זייער קרעטשמעדיק לעבן און אין קליינעם באַאַרבעטן שטיקל ערד, וואָס הינטער דער שטוב, זיי קוקן דערשלאָגן און וואַרטן אַף בע־כערע צײַטן:

זינט די רויטאַרמייער האָבן באַ זיי אין שטוב אויפגעהאָנגען דעם טעלעפאָן, איז געקומען דער דלות — דאָ אַרום האָבן אויפגעהערט פאַר־בײַצופאָרן מענטשן, וואָס גנבענען די גרענעץ, און האָבן אויפגעהערט צו צאָלן פאַר „סאַמאָוואַרן", פאַר „אָנוואָרעמען זיך", פאַר נעכטיקן און פאַר עסן.

די קרעטשמע:

אַ פּוסטע אין וויסטן פעלד באַ די זומפּן — זי זעט איצט קיינעם ניט, אַחוץ זאַזולין און אַחוץ יאַנקל דעם גראָבן — דעם געוועזענעם קצב, וואָס איז איצט געצוווּנגען פאַר נישטיקע שכירות צושטעלן עסן צו די פּאָסטנס און קוקט מיט שעלטנדיקע אויגן, בייזע, ווי נאָך אַ שבתדיקן שלאָף.

ער איז אין כעס:

זײַנע פערד — די בעסטע אין געגנט (ער האָט זיי געקויפט כדי צו פירן פאַרשווינען צו דער גרענעץ, ער איז צוליב דעם געוואָרן אויס קצב), רײַסן זיך איצט אומזיסט אונטער די בײַכער אין די טיפע בלאָטעס. זײַן וואָגן ווערט פון מאָל צו מאָל מער פאַנאַנדערגעשרויפט און באַקומט אויסגעבויגענע רעדער.

באַ יאַנקל דעם גראָבן דערפרעגן זיך דאָ אַלע מאָל פון ס'נײַ מאַן און ווײַב:

— די בעל־עגלהס פירן צו דער גרענעץ?... אַ?... יאַנקל...

יאַנקל איז אויסערלעך זייער קאַלט. בייז זײַנען אין אים — אײַנעווייניק — די קישקעס. ער ענטפערט מיט אַ שטילן פאַנפע:

— וואָס־זשע?... מען פאָרט ניט?

— אַלע טאָג, יאַנקל?

— וואָס־זשע?

— מיטן נײַעם וועג מסתם, אַ? יאַנקל... מיט דער קוידענער קרעטשמע?

יאַנקל טוט ווידער אַ פאַנפע:

— נו, יאָ... מיט דער קוידענער... וואָ'דען? דורכן הימל פאָרט מען?

— מען לייזט דאָרט? אַ, יאַנקל?... מען צאָלט מסתמא גוט?

יאַנקל באַטראַכט זײַן וואָגנס רעדער, אויסגעדרייטע, ווי איבערגעקערטע אָפּצאָסן. ער נעמט אָן אַ פולע ברוסט מיט לופט און ענטפערט מיט שטעכעניש, כדי באַ די באַלעבאַטים פון קרעטשמע זאָל כאָטש אויך פּלאַצן די גאַל:

— מען לייזט, מען לייזט.

— און וואָס זאָגט מען אין שטאָט?

— וואָס זאָל מען זאָגן ?

— „זיי״ (מען טוט אַ ווונק אין זאַזוליס זײַט), זיי זײַנען אָף לאַנג, די גרויסע ?

— ווער ווייסט ?

— אָבער ווי קלערט מען, יאַנקל ?

— משמעות אַף לאַנג.

איטלעכס מאָל נאָך יאַנקל דער גראַבנס אַוועקפאָרן זיפצט מען אין קרעטשמע, ווי גלײַך אַף דער וועלט איז געשטאָרבן אַ גרויסער צדיק. מ׳רעדט צו זיך אַף דער פּאַנפעדיקער שפּראַך, וואָס גיסט זיך צוזאַמען פאַר זאַזוליס אויער אין איין לאַנגן קלאַנג :

— מיר — דיר — ביר — וויר — גיר.

כדי די ייִדענע זאָל אים ניט עסן, כדי ניט צו הערן, ווי זאַזולי געוואַלדעוועט אין טעלעפאָן, גייט דאָן דער באַלעבאָס אַוועק זיך פאַרקען אין שטויביקן האַלב־טונקעלען שפּײַכלער און פאַרבלײַבט דאָרט אַף לאַנגע שעהן.

זאַזולי וואַרפט דאָן אַף זיי אַלע בליציקע בליקן, בעת ער דרייט מאַכאָרקע.

ער האָט פאַרדרוס.

אים ענטפערט די לעצטע טעג זייער קנאַפּ אין טעלעפאָן דער צווייטער ווײַטער פּאָסטן. דער פּאָסטן קלינגט צו אים כמעט אָן אויפהער און רעדט צו אים מיט מאָדנע צעצויגענע אומקלאָרע ווערטער, ווי גלײַך מ׳האָט דאָרט עפּעס שמאַרק קיין צײַט ניט, ווי גלײַך מען פאַקעוועט זיך דאָרט אין גרויס אײַלעניש און מ׳גרייט זיך איבערגיין צו אַ נײַעם, גאָר־גאָר ווײַטן פּאָסטן. דערצו נאָך שיקט מען אים שוין ניט צו אַהער קיין עסן און מען פאַרגעסט, אַז ער איז דאָ געבליבן מיט אַ ליידיקער ביקס אָן קוילן.

כדי אויסצובאַהאַלטן זײַן אומרויִקייט פון די אַרומיקע, מורמלט ער דאָ כמעט אָן אויפהער

— אַט, לײַדאָקעס ... אַט חזירים ... אַט, אַז איך וועל זיך צו זיי דערקלײַבן ! ...

ער קוקט אַרײַן צום באַלעבאָס אין טונקעלן שפּײַכלער און געפינט אים דאָרט אַ פאַרשטויבטן בײַ דער רעשעטע.

— דו, באַלעבאַס, — פּרוּווט ער צו אים ריידן, ווי נעכטן און אייערנעכטן, — דו, באַלעבאַס, אַרבעטסט? נו, אַרבעט, אַרבעט... און מיר באַמיִען זיך פאַר דיר... פאַר אַלע, וואָס אַרבעטן, הייסט עס. אמת, צי ניין? מיר פאַרטראַכטן דאָס דאַזיקע אָט אַזוי: האָסט דיר, לאָמיר זאָגן פון דיַין שטיקל ערד צוואַנציק זעק ברויט... עסן איז דיר קאַרג?... טאָ האָב דיר אַ גרעסער שטיקל ערד, האָב צו עסן זאַט, אמת, צי ניין? מיר זיַינען ניט דאָס, וואָס די פריִערדיקע מאַכט...

זעט אָבער אויס דער פאַרשטויבטער באַלעבאַס די לעצטע טעג מער ברוגז, ווי פריִער, און האָט תמיד אַזאַ אויסזען, ווי גליַיך זאַזולי רעדט צו דער וואַנט.

זאַזולי ווערט נאָך מער אומרויִק, קערט זיך אום צוריק אין קרעטשמע און זיצט דאָרט ביז פאַרנאַכט באַם הוילן טיש — זיצט מיט אַ ליידיק־גייעריש לידל צווישן די ציין, שפּאַרט דעם קאָפּ אָפן עלנבויגן און פּרוּווט צו לעצט איַינטענהן כאָטש מיטן אַלטיטשקן, וואָס זיצט אַקעגן אָפן סאָפּקעלע:

— דו, זיידעניו, — שריַיט ער צו אים, — ביסט שוין אַלט... אמת, צי ניין? היַינט, מאָרגן שטאַרבסטו! און מיר אָט: יונגע רויט־אַרמייער, איינס און איינס... מיר האָבן אָנגעהויבן, אַזוי צו זאָגן, מיט אונדזערע צען פינגער... קיינעמס עסק... אמת, צי ניין?

נאָר דער אַלטער קוקט אָף אים מיט עובר־בטלדיקע אויגן, ציטערט אָן אויפהער מיטן קאָפּ אין ביידע זיַיטן, ווי איינער זאָגט:

— ניט מסכים, ניין... ניין... ניט מסכים...

און אַז זאַזולי גייט נאָך דעם אַרויס אין קיך, שריַיט ער, ווי אַלע אָפן מיידעלע:

— זעלדע, ווו איז דיר דער קאָפּ? פאַר וואָס גייסטו אים ניט נאָך אין קיך, זעלדע?...

זאַזולין האָט אָנגעכאַפּט אַ בענקשאַפט. ער האָט דאָ סוף־כל־סוף אָוועקגעמאַכט אָף אַלע מיט דער האַנט און זיך געגומען צוריק צום טעלעפאָן — צום איינציקן נאָענטן פריַינט, וואָס פאַרבינדט אים מיט זיַיניקע און מיט דער ישועה, צו וועלכער עס לעכצט איצט, ווי אין איי־ביִקער טונקלעניש, אַ גאַנצע דורשטיקע וועלט. זאָל זיַין, אַז אייניקע האָבן צוליב עפּעס געמוזט איבערלאָזן זייער פּאָסטן און איבער גיין צו

אַ צווייטן, זייער און זייער אַ ווײַטן. זאָל זײַן, אַז אין טעלעפאָן הערט מען ניט מער, ווי זייער אַ ווײַטן, ווײַטן אומקלאָרן קלאַנג, נאָר אויך אַט דער קלאַנג איז טײַער און פיל ליבער פון אַנדערע גאַנץ קלאָרע — אויך צוליב אים איז כדאי לאַנג אָפּצושטיין באַם טעלעפאָן און אין אים אַרײַנשרײַען מיט אַלע כוחות:

— דאָ רעד איך, פעאָדאָר זאַזולי!... פּאָסטן נומער 3... וואָס אַף דעם הונדערט מיט איינסטן וויאָרסט... ענטפער! נו! שווײַג ניט, ענטפער!...

אמת, זײַנען דאָרטן מיט זיי, אומקומען, אויב מ׳דאַרף, מיט אַ פּאַ־כענדיקער בלויזער שווערד אין האַנט, צווישן הענט מיט בלויזע שווער־דן — איז פיל גרינגער איידער קאָרטשן זיך אין גרויס בענקשאַפט איי־נער אַליין דאָ אַפן פּאָסטן. נאָר טאַקע דעריבער שטאַרקט זיך די באַ־דערפעניש צוצופאַלן צום טעלעפאָן — שטאַרקט זיך מייניסט פאַרנאַכט, ווען זײַנען אויער הלומט זיך אַ ווײַטלעך שיסן, ווי פון האַרמאַטן, אָדער אַ ווײַטלעך זינגען, ווי פון גאַנצע רויטאַרמייִשע מחנות, באַגלייט מיט שפּילנדיקע טראָמפּייטן, מיט פּויקן און מיט קלאַנג פון טאַנצנדיקע טאַצן.

שעהן לאַנג האָט דאַן זאַזולי אָפּגעריכט זײַן תּפֿילה באַם אַפּאַ־ראַט, געשטאַנען אַף זײַן פּאָסטן ביז שפּעט אין פאַרנאַכט דאָ אין מיטן די אַרומיקע מײַלוויַטע זומפּן.

זײַן געפיל:

אַ וועלט אַ רויבערישע, אַ זינדיקע איז קראַנק פון רויבערײַען און פון זינד, און צווישן אַט דער וועלט — ער, זאַזולי, איינער אַליין: ער רעדט זיך פאַר איר דורך אין טעלעפאָן מיט אַ זויבערער וועלט, אַ ליכ־טיקער, אַ געלײַטערטער דורך אויפגעהויבענע הענט מיט בלויזע פאָכענ־דיקע שווערדן. און צו אַט דער גלוסטיקער גן־עדנדיקער וועלט פירן דעם טעלעפאָנס דראָטן ווײַט, ווײַט, אַ מהלך רב. אַמאָל ענטפערט מען פון דאָרט, אַמאָל ניט — ס׳ווענדט זיך אינעם וועטער אין דרויסן און אין דער אַרבעט, וואָס דאָרט קומט פאָר. נאָר פאַר וואָס דאַכט זיך די לעצטע טעג, אַז אַט די גלוסטיקע וועלט דערווײַטערט זיך פון דאַ־נען אַלץ מער און מער און פאַרלאָזט דאָ אַפן פּאָסטן אים, זאַזולין, איינעם אַליין?

אָפּט מאָל, ווײַזט זיך אויס, אַז דאָרט ריידן שוין ניט די פריִער־דיקע קולות, אַז אימעצער אַ פרעמדער ענטפערט קאַלט, שטעכיק, ווי אַף צו־להכעיס אומקלאָר — אימעצער שפּאַט... און אויך דאָ אַרום אים, אין קרעטשמע, דאַכט זיך, שפּאַט מען שוין אויך... תמיד, שפּעט אין פאַרנאַכט, אַז ער טרעט אָפּ נאָך זײַן שעהן־לאַנגער עבודה פונעם טעלעפאָן, הערט מען אין שטוב מיט אַמאָל אויף צו ריידן, מען צינדט אָן דעם לאָמפּ, און דאָס מיידעלע קוקט דאָן אַף אים פאַרוווּנדערט, בעת ער שטייט אַקעגן און פאַרדרייט פון מאַכאָרקע אַ פּאַפּיראָס — עס קוקט מיט אַזאַ מינע, ווי גלײַך עס קיצלט איר אין נאָז.

— טי טשעוואָ?... — האָט זאַזולי איין מאָל אָפּן מיידעלע אָנגעשריגן.

ער האָט זיך דערבײַ בייז אַ קרום געטאָן און אַ טופּע געטאָן אָפּן מיידעלע מיטן פוס.

נאָר דאָס מיידעלע האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט... עס איז אַנטלאָפן אין אַ צווייטן חדר מיט אַזאַ שמייכעלע און מיט אַזאַ דריב ע געלעכטערל, ווי גלײַך דער צווייטער ווײַטער פאָסטן, צו וועלכן ער שרײַט אין טעלעפאָן, איז שוין אַף אייביק אומגעקומען — ער איז שוין נישטאָ...

## III

— דזשין! דזשין!...
— באָם טעלעפאָן בין איך...
— פּעאָדאָר זאַז לי.
— דזשין! דזשין!...
— נו, ענטפער, אין דײַן מאַמען אַרײַן!
— ווער איז דאָרט?
— רעד ווערטער:
— דזשין! דזשין!...

דער טעלעפאָן האָט אין גאַנצן געחוזקט פון זאַזולין, גענאַרט צו זיך, געקלונגען אַלע ווײַלע ווי מיט נײַער קראַפט. איטלעכס מאָל, ווען זאַזולי האָט צוגעלייגט זײַן אויער צום טרײַבל, האָט זיך אים גע־

דאַכט: אימעצער רופט אים צו זיך, אימעצער װיל אים עפּעס זייער װיכטיקס זאָגן, נאָר ס'שטערן פרעמדע, קאַלטע קולות, װי פון פאַרשײדענע זײַטן. אַ יריד פון פיל שװאַכע אומפאַרשטענדלעכע װערטער שטערן דעם אײנציק בײטיקן קלאַנג אין טעלעפאָן, און דער יריד אַלײן פון װאַנען מען רעדט זיך איבער, איז עפּעס אַ מ אוסער, אַ פאַסקודנער.

אַרום אין קרעטשמע שװײַגט מען. און נאָר דאָס מײדעלע לאַכט מיט אַ גיפטיק געלעכטערל — לאַכט װי נ'ט פון אים, און דאָך יאָ פון אים.

דערצו נאָך האָט באַ דער קרעטשמע זיך אױפגעהערט צו באַװײַזן דער גראָבער, װאָס פירט פאַנאַנדער עסן. די באַלעבאַטים זײַנען געװען אומרויִק. און געדאַכט האָט זיך

זײ װײסן עפּעס...

זאַזולי איז אַרומגעלאָפן װי צעמישט.

די באַלעבאַטים, האָט ער געזען, רײדן צװישן זיך אױף גיך, אױף גיך, מען קאָן ניט װיסן, צי זײ זײַנען שטאַרק פרײלעך אָדער זײ קריגן זיך. עס פעלט צו עפּעס אַ נײַע אומרויִקע נאַכט.

אין קרעטשמע איז מען געלעגן אין די בעטן אין דער פינצטער, זיך געמאַכט שלעפעריק, כדי זאַזולי זאָל גאָרנישט ניט באַמערקן, און זיך אײַנגעהערט, װי די זומפּן, װאָס אױף דער „בײט־אַלער זאַנע", זײַנען פול מיט װידערקולות, װי אַן אױפגערודערטער װאַלד. די װידערקולות װאַקסן און װערן קלערער. גאַנץ פרי שיסט מען ערגעץ װײַט אױף די זומפּן, און ניט פון ביקסן — פון פיל שטאַרקערס.

זאַזולי קלאַפּט מיט דער דרױסנדיקער טיר. אַלע װײַלע פאַרלאָזט ער דעם טעלעפאָן, לױפט אַרײַן צוריק פון דרױסן און קלינגט װידער:

— דאָ בין איך — פעאָדאָר זאַזולי!...

— נו, זאָג שױן!... זאָג.

איצטיקס מאָל איז דער טעלעפאָן מער טויב; זײַן זכרון — מער געשלאָגן. װיפל מאָל זאַזולי שטעלט זיך פאַר אים ניט פאָר, דערקאָנט ער אים דאָך ניט און ענטפערט ניט. דער אײנציקער קלאַנג, װאָס ער באַקומט אַרױס נאָך אַלע געשרײען פונעם טרײַבל, איז שױן תמיד אײנער און דער זעלבער:

אַ שװאַכער אומפאַרשטענדלעכער קלאַנג, אַ װײַטער, גלײַך קומען

קומט ער פון קעגן איבער פאַריאָגטע וועלטן — נאָר ער איז דאָך טײַער און הייליק.

זאַזולי איז שוין מיד און אונטערגעריסן.

אַ גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג איז ער דאָך ניט אָפּגעטראָטן פונעם טע־לעפאָן, געשטאַנען רק אַף די פּיס, געקלונגען, געקלונגען, כדי אַרויס־צורופן דעם איינציקן אָפּגעשוואַכטן און דערוויטערטן הייליקן קלאַנג נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

אין קרעטשמע האָט מען וועגן אים גערעדט צווישן זיך אַף דער „מיר—דיר—וויר—גיר״־שפּראַך.

— זע נאָר... זע נאָר...

— פּונקט ווי מען רופט אָפּ אַ טויטן.

— ביסט אַ מבין?...

אָנגעשפּאַלטן, הייזעריק, פול און פול מיט געבעט, האָט געקלונ־גען זײַן קול:

— ענטפער!... ענטפער!...

און אין די מידע קוויטשעקלעך פון זײַנע געשרייען פּילט זיך הילפלאָזיקייט און ווייטיק — אָן אַ שיער ווייטיק:

— פּאַלאָזט ניט, טײַערינקע!... כאָטש איין וואָרט...

און נאָך דעם איז שוין געווען פאַרנאַכט, און אַז זאַזולי האָט זיך ווי־דער מיט קולות און מיטן טרײַבל באַם אויער גענומען צום טעלעפאָן, האָט ער שוין אין אים מער גאָרנישט געהערט: דער איינציקער אָפּגע־שוואַכטער און האַרציקער קלאַנג איז פאַרשווונדן — די דראָטן זײַנען ערגעץ אומבאַוווסט־ווו געווען איבערגעריסן.

מיט פאַרשפּיצטע אויגן צו די זומפּן איז זאַזולי געשטאַנען אין דרויסן און זיך אײַנגעהערט:

די זומפּן זײַנען צוריק שטיל, ווי אויסגעשטאָרבן. דער קרעטשמער קערט זיך אום פון ערגעץ אַהיים. זײַן ייִדענע וואָרט אים אָפּ אין דרויסן און ווערט פריילעך בעת ער דערציילט איר עפּעס זייער שטיל, וואָרפּנ־דיק קאָסע אויגן אַף זאַזולין. אין קרעטשמע צינדט מען אָן אַ לאָמפּ און מען ווישט דערבײַ דאָס גלעזל מיט פיל מער ליבע און פיל לענגער, איי־דער מען האָט עס געווישט ביז הײַנט. מען רעדט אַרום אים פיל הע־

כער, איידער מען איז געוווינט געווען אַרום אים צו ריידן — מען באַ־
מערקט אים ניט, ווי גלײַך ער וואָלט דאָ ניט געווען.

אַף צו־להכעיס שטעלט ער זיך באַנײַס אַוועק שרײַען אין קטעלעפאָן.

## IV

פון דער קרעטשמע טראָגט מען אַרויס אַלע טישן און בענק.
עס האַלט זיך אין איין טאָן, ווי פאַר אַ יום־טוב:
מען לופטערט באַטאָג בעטגעוואַנט אין דרויסן.
מען שטעלט אַרויס אויסבאַהאַלטענע קליידער און שוכוואַרג.
מען רײַבט אין שטוב די ווענט.
מען שאָבט שאָפקעלעך און טאַפּטשאַנעס.
מען שײַערט און מען רייניקט, ווי צוליב פּריצים.
מען שײַערט די פּאָדלאָגעס.
זאָזולי קוקט זיך דערויף צו מיט טרויעריקן וווּנדער:
מען וואַרפט אַרויס פון קרעטשמע אַלץ, וואָס דערמאָנט אָן פּאָסטן.
צוליב וואָס טוט מען דאָס, זאָגט מען ניט, מען שווײַגט. נאָר וואָס מער
מען שײַערט, אַלץ מער דערפילט זאָזולי, אַז אויך אים מיטן טעלעפאָן
וויל מען פון קרעטשמע אַרויסשײַערן.

— אָט רוחות! אָט פּאַסקודסטווע!

זאָזולי קומט אַרײַן פון דרויסן און קוקט מיט בייזע פײַערלעך אין
די אויגן, ווי מען רוימט אויס זײַן געלעגער. דאָס מיידעלע שמירט דאָרט
די וואַנט אַף גיך, זי באַשפּריצט ווי אומיסטן דעם טעלעפאָן. באַליידיקט,
ווי מען וואָלט אים צוליב אומכבוד אָפּגעגאָסן מיט שמוץ, קוקט צו
אים דער אַפּאַראַט.

זאָזולי דערפילט פּלוצעם דעם עלנט פון זיך אַליין, פון זײַנע אָפּ־
געטראָטענע חברים און פונעם טעלעפאָן — דעם איינציקן גוטן פרײַנט,
וואָס איז באַשפּריצט... פול און פול מיט פלעקן, ווי ווײַסע טרערן...

— אָט דאָ ניט טשעפּען, — בעט ער באַם מיידעלע, — ניט רוי־
מען דאָ אין ווינקל, זאָג איך...

— אָט דאָ וועל איך אַליין אויפרוימען, זאָג איך...

נאָר דאָס מיידל איז ווי טויב.

זי שפּריצט פון דער באַרשט נאָך שטאַרקער אַפן אַפּאַראַט...
זאַזולין פאַרקלעמט באַם האַרצן — ער צינדט זיך אָן:
— זיך אַהער ניט מישן! — שרייַט ער.
ער כאַפּט אין די הענט די ביקס מיט אַלע כוחות, ווי אַ ווילדער.
דאָס מיידעלע שפּרינגט אָפּ מיט אַ היכץ, אַ בלאַסינקס, אָן אַ זייַט, און אין שטוב ווערן אַלע פול מיט שרעק.
דער ייִדענעס אויגן קוקן אַף אים שטאַרק אָפן, ווי אַף אַ צעמישטן, דערבייַ רעדט דערוויַיל איר מויל ניט צו אים נאָר צום מיידעלע:
— טשעפּע אים ניט!... לאָז אים דאָס ווינקל, לאָז אים... רוים ניט...
און נאָך דעם איז שוין אין קרעטשמע שטיל.
זאַזולי וואַשט אָפּ די פלעקן פונעם אַפּאַראַט און רעדט צו זיך אַליין:
— אַט וועט מען זיך אָנרייַסן... אַט וועט מען דערפאַר האָבן...
און נאָך:
דאָס דאָזיקע — אַ... טעלעפאָן הייסט עס, אמת צי ניין? אַ זאַך איז עס אַ שטילע, אָן איידעלע, מיט געדערים... אַ מאַשינעריע אַ גאַנ־צע... טוסט דעם שלעכטס, איז ווי דו טוסט שלעכטס אַ לעבעדיקן, נאָר עס שווייַגט...
— קיינעם טשעפּעט עס ניט, אמת צי ניין?
נאָר אין קרעטשמע קוקט קיינער מער ניט אין זייַן זייַט, אַחוץ דעם אַלטן, וואָס זיצט, ווי תמיד, באַ דער הרובע, שמעקט מיט אַ שלעכטן ריח און שעפּשעט מיט די ליפּן — רעדט אָן לשון מיט דעם פאַרנאַכט.
— קיינעם טשעפּעט עס ניט, — שרייַט צו אים זאַזולי.
דער אַלטער קוקט און שמעקט מיט די ליפּן...
— עך, עך, עך! — זיפצט זאַזולי מיט באַדויערונג. — געוואָלט האָבן מיר אייַך געבן אַ לעבן... אַ?... געוואָלט האָבן מיר אַך באַ־גליקן!...
פון בענקשאַפט קערט ער זיך צו זייַן ווינקל, ווי צו אַ תפילה, און טרעט פון דאָרט ניט אָפּ — ער היט דעם טעלעפאָן

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער.
געקומען יאַנקל דער גראָבער, געבראַכט אַף זייַן וואָגן די ערשטע

צוויי פאַרשווין אַף צו פירן זיי דאָ אַרום צו דער גרענעץ. זאַזולי האָט זיי באַטראַכט מיט פאַרקלעמטע ציין, פאַרביטערט.

ביידע זײַנען געווען:

מאַנסבילן,

בײַכעדיקע,

אָנגעפּעלצטע — שווער־באַוועגלעכע אָפּגעטער.

און ביידע האָבן זיי מורא געהאַט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די וועג־בורקעס, ווי גלײַך עס קאָן דאָ עפּעס אַרויספאַלן פון זייערע געפּאַקטע קעשענעס.

זאַזולי האָט, קוקנדיק אַף זיי, באַקומען אַ פּײַערל אין די אויגן:

— אָט שלענג, אָט פּיאַווקעס.

— אָט האָט מען זיך אָנגעראַבעוועט און מען אַנטלויפט!

אומגלויביק דערשראָקן, ווי אַף שפּילקעס, זײַנען דאָ געזעסן ביידע אָנגעפּעלצטע פאַרשווינען, מורא געהאַט פאַר זאַזוליס בליקן און איבער־הויפּט פאַר זײַן פאַרקען אין ווינקל באַם טעלעפאָן, און זיך געכאַפּט פונדאַנען אַוועקצופאָרן. נאָר אַף מאָרגן האָבן זיך דאָ שוין אָפּגעשטעלט נײַע בעל־עגלהס מיט נײַע פאַרשווינען.

זאַזולי האָט דאַן אין דרויסן אָפּגערופן דעם קרעטשמער אָן אַ זײַט און אים אָנגעהויבן געבן צו פאַרשטיין אַפן ווונק:

— דו, לאַנדסמאַן... הער: די גאַנצע צײַט געהיט דאָ דײַן שטוב. קיין זאַך באַ דיר ניט געמינערט, אמת צי ניין? ... אַוועקגיין איצט פון דאַנען קאָן איך ניט — אַ געפאַר. איך ווייס עס אַקוראַט: מײַנע, די רויטע, זײַנען דאָ ניט ווײַט... זיי וועלן זיך אומקערן... מען האָט מיר אַנומלטן אַהער אונטערגעשיקט זאָגן: אין צוויי וואָכן אַרום זײַנען מיר דאָ צוריק...

די באַלעבאַטים האָבן געקוקט, געקוקט, ניט געוווּסט, צי ער זאָגט זיי דעם אמת, און באַשלאָסן:

— אפשר טאַקע... ניט אײַנרײַסן מיט אַ גוי... אַ סכנה... ער וועט זיך פאַרדינען זײַן עסן.

נאָר אַז מען האָט אים איין מאָל געזאָגט, ער זאָל אַראָפּנעמען אין שטוב אַרײַן באַ די פאַרשווינען אַ פּאָר שווערע פּעקלעך, וואָס די בעל־עגלהס האָבן געבראַכט, האָט ער זיך ניט גערירט פון אָרט, געשטאַנען

אין אַ זײַט מיט פֿאַרלייגטע הענט, וואָס אָט־אָט זײַנען זיי גרייט צו געבן פּעטש. אַז די באַלעבאָטים האָבן פֿון מורא אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט, האָט ער נאָך אַלץ געקוקט מיט בייזע שוואַרצאַפּל אויף די פֿאַרשוינען, אויף די בעל־עגלהס און אויף די שווערע פּעק:

— עך, עך, עך, — האָט ער אָפּגעזיפֿצט — און מיר ווילן אײַך באַגליקן, ווילן מיר... און מיר ווילן אײַך געבן אַ לעבן, ווילן מיר...

כּדי אַרויסצובאַווײַזן זײַן שׂנאה צו די דורכפֿאָרנדיקע, קלינגט ער אין טויב־שטומען טעלעפֿאָן, קלינגט אַלע פֿאַרנאַכט, ווען פֿאַרשוינען אין קרעטשמע קלײַבן זיך אָן אַ סך און פֿילן אָן אַלע צימערן. די פֿאַרשוינען האָבן זיך געשראָקן, מורא געהאַט צו ריידן, און די באַלעבאָטים האָבן זיי געטרייסט:

— עסט!.. עסט!.. זאָלט איר געזונט זײַן. עס איז גאָרנישט. עס איז גלאָט אַזוי. וואָס האַרט אײַך?.. זאָל ער קלינגען.

מען האָט סוף־כּל־סוף פֿאַרהאַנגען דעם טעלעפֿאָן מיט אַ רעדנע, האָט זאַזולי זיך קיין אָרט ניט געפֿונען. כּדי ניט צו פֿילן אַזוי שטאַרק די באַליידיקונג פֿונעם טעלעפֿאָן, האָט ער אָנגעהויבן אויסקוקן פֿאַר אים אַ נײַ אָרט. ער האָט פּריִער איבערגעטראָגן דעם טעלעפֿאָן אין שפּײַכלער אַרײַן, אים אויפֿגעהאַנגען אויף דער וואַנט, און נאָך דעם טאָקע אַהין אונטערן טעלעפֿאָן איבערגעטראָגן זײַן געלעגער.

## V

דער אַלטער, וואָס קלעטערט אַלע טאָג אויף אַ שטול דעם זייגער אָנציִען, האָט אַזוי לאַנג אַרײַנגעקוקט אין לוח, אַזוי לאַנג געוואַרט אויף אסתּר־תּענית ביז אסתּר־תּענית איז געקומען.

פֿאַרנאַכט זײַנען „געסט" אין דער קרעטשמע געווען אַ סך אָנגעפּאַקט אַלע צימערלעך, געשוויצט צוזאַמען מיט די ווענט. בעל־עגלהס האָבן געבראַכט נײַע אַלץ מיט נײַע שווערע פּעק.

זאַזולי האָט אַלץ פֿאַרביטערט צוגעקוקט, געווייטיקט שטיל, און ניט געהאַט פֿאַר וועמען אויסצולייגן זײַן האַרץ.

— אָט פּיאַווקעס!.. אָט באַנעמט מען דאָס אונדז... אָט פּירט מען אַרויס אַלץ, וואָס מיר פֿאַרמאָגן.

אין קרעטשמע איז דער טיש געדעקט. אויבנאָן זיצט אַ דיקער יונ־גערמאַן און פֿאָדערט מען זאָל אָנצינדן ליכט, ווי אום יום־טוב:
ער חזרט:

— נישקשה... איך קאָן באַצאָלן...

פֿון שמחה האָט ער ניט אויפֿגעהערט צו ריידן:

— איך האָב אַ שפּײַ געטאָן אױף מײַן היים, פֿאַרשטייט איר מיך! מוחל, מוחל... און העמדער טראָג איך לײַנענע... עד־היום, אָט טוט אַ קוק — וועבל... איך בין אַזוי געוווינט...

— געווען איז דאָרט:

אַ יונגערמאַן אַ שטילער, אַ שווײַגנדיקער, וואָס רעדט מיט קיינעם ניט און האָט זײַן טײַערן פֿאַרפּאַקטן פֿידל.

געווען איז דאָרט:

אַ מאַמע, אַ געזעצטע, ווי אַ רײַכע רביצן, אַ קאַראַקולענע, מיט אויך אַזעלכע געזעצטע דרײַ קאַראַקולענע מוידן, וואָס זיצן מיט פֿאַרפֿומירטע טיכלעך באַ די בעזער און האָבן מורא אַ שמעק צו טאָן די לופֿט אין קרעטשמע, טאָמער האָט זי אַ שלעכטן ריח.

געווען זײַנען דאָרט: צוויי לאַנגע מאָגערע ייִדן, וואָס קראַצן זיך מיט די פּלייצעס באַ דער הרובע און שפּאַרן זיך:

— מיט וואָס איז פּריִער גרינגער געווען צו גנבענען די גרענעץ

— מיט לעדער צי מיט סאַכאַרין?

נאָך דעם זײַנען אָנגעקומען נאָך אַ פּאָר ייִדן שותּפֿים. זיי האָבן זיך לאַנג ניט געקאָנט דערמאָנען, צי דאַרף מען איצט דאַווענען מנחה פֿאַרן עמוד אין אַ טלית, צי ניין. זיי האָבן צוזאַמען מיטן עובֿר־בטלדיקן אַל־טיטשקן געשלעפּט אין צווייטן קלענערן חדר צו אַ מנין:

— קומט, רב ייִד... וואָס אַרט אײַך?...

דער געפּאַקטער, וואָס טראָגט העמדער נאָר פֿון וועבל, האָט ניט געוואָלט גיין, געחוזקט, געלאַכט מיט דינע ציינדלעך:

— איז וואָס קאָן מען דערפֿאַר האָבן אַ? פּעטער... וואָס וועל איך דערבײַ פֿאַרדינען?

און דאָך, ווי אַלע, זיך נאָכגעשלעפּט אין צווייטן צימער. פּאַר אַ טישל ברענענדיקע ליכט האָט איינער פֿון די צוויי ייִדן שוין געהאָט

אַרויפגעוואָרפן אַף זיך דעם אַלטיטשקנס טלית און געצווונגען אַלע בעל־עגלהס נאָכזאָגן, נאָכשאָקלען מיט די ליפּן.

באַ דער שטילער שמונה־עשרה:

די אַרומיקע לופט איז אַ פאַרגאַפטע; מען שוויַגט. גלײַך אין קרעטשמע איז אימעצער געשטאָרבן.

באַ „קדושה״:

די קאַראַקולענע גבירישע רביצן צוזאַמען מיט אירע דרײַ מוידן שטייען אַף די פּיס אין צווייטן חדר, שפּרינגען מאַנסביליש „קדוש״.

זאַזולי איז דעמאָלט געשטאַנען אין קיך־טיר, געקוקט מיט אויסגע־גלאָצטע אויגן און זיך געשראָקן פאַר דער שעפּטשערײַ, פאַר די ברע־נענדיקע ליכט, פאַר די אומפאַרשטענדלעכע קולות, פאַר אַלץ, וואָס פאַר אים קומט פאָר, און געפילט, אַז ס׳איז עפּעס שעדלעך פאַר זײַנע אַוועק־געגאַנגענע חברים, פאַר אים אַליין און פאַר אַלץ אַף וואָס ער האָפט.

אין יענעם אָוונט:

מ׳האָט אין קרעטשמע יום־טובדיק געטרונקען, און אויך זאַזולין האָט מען אַלע מאָל באַנײַס פאַרגעלייגט אַ שנאַפּס. זאַזולי האָט ניט גע־וואָלט, ניט געוואָלט, און האָט דאָך ענדלעך פון גרויס האַרצווייטיק, ווי אַ סם אַ נעם געגעבן דעם אויסגעשטרעקטן שנאַפּס. דענסמאָל האָט מען אים צוגעטראָגן נאָך און נאָך שנאַפּסן. מ׳האָט אים אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, וואָס דערלאַנגען שנאַפּסן.

צוליב אַ בעל־עגלה, באַ וועמען ס׳האָט זיך צעבראָכן דער וואָגן, האָט מען געפּרוווט בעטן זאַזולין, ער זאָל פון ווײַטלעכן דאָרף ברענגען אַ געדונגענע פור. זאַזולי האָט דאַן געבליצט מיט די אויגן, געגעבן פּעטש יענעם, וואָס שטייט צו אים צו, און ווי אַף צו־להכעיס געטרונקען נאָך און נאָך שנאַפּסן.

צו אַלע ווער־עמדיקע מאָמעס, — האָט ער זיך געריסן אַף צו שלאָגן — פורן וועל איך אײַך ברענגען... אַ טויט, אַ כאָלערע...

אין יענעם אָוונט:

זאַזולי ליגט מיט גרויס חרטה אַף זײַן געלעגער אין טונקעלן שפּײַכ־לער, פילט זיך באַטרונקענערהייט באַנומען און באַטראָגן, און קאָן זיך ניט מוחל זײַן דעם פאַרברעכן, צו וועלכן ער, זאַזולי, האָט דאָ אַף זײַן פּאָסטן דערלאָזט:

— מען פֿירט אַרױס אַלץ... מען באַטראַכט... מען באַנעמט...

פֿון דער נאָענטער קרעטשמע האָבן צו אים אָן אױפֿהער דערגרײכט די קולות. פֿון אָנהײב האָט דאָרט דער געזאַנג בלױז אין אײן שטאַרקן זיך, דערנאָך גײט ער איבער אין אַ פּײַפֿערײַ, הוקערײַ, פּאַטשערײַ, אין אַ טופּערײַ פֿון פֿיל טאַנצנדיקע פֿיס, װאָס צעטרעטן אונטער זיך עפּעס ביז גאָר הײליקס, נאָענט, טײַערס.

פֿון האַרצװײטיק איז זאָזולי צוגעפֿאַלן מיט דער ברוסט צום טעלעפֿאָן, אין דער פֿינצטער האָט ער געדרוקט דעם טעלעפֿאָן מיטן טרײַבל צו אַלע טײלן פֿונעם האַרץ. ער האָט צוגעלײגט צו אים זײַן מויל גאָר נאָענט, ער האָט אַרײַנגעשריגן מיט אַלע כּוחות:

— קומט צוריק!... ברידער!... טײַערינדקע... מען באַנעמט אונדז דאָ!... קומט צוריק!!!

# צווישן צוועלף פונקטן

## I

גערופן האָט מען זי:

— מאַני.

פאַרצויגן:

— מאַניטשקע.

און ווײַל זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם אַפּטייקער פּיאַטניצקי, האָט מען זי נאָך דעם אָנגעהויבן רופן מיט איר גאַנצן נאָמען:

— מאַניטשקע פּיאַטניצקי, וואָס שטאַמט פון די וואָלאָדאַרסקיס.

דערמיט האָט מען געוואָלט פאַרשטעלן דורך איר אַלע ווײַבלעך פון דער משפחה וואָלאָדאַרסקי, וואָס זײַנען אין זייער צײַט אויך גע־ווען געגנוג שיין, זיך אויך אויפגעפירט גענוג פרײַ און האָבן אויך אָפּגע־קאָמאַנדעוועט אַ גאַנץ פאַרשײַט לעבן — מיט איין וואָרט:

— מאַניטשקע פּיאַטניצקי, וואָס שטאַמט פון די וואָלאָדאַרסקי.

איר בילד — אַרויסגעשטעלט באַ אַלע פיר אַרטיקע פאָטאָגראַפן אין די וויטרינעס. אַף אונטערצופאַרבן אירע ברעמען, אַף אויסקײַלע־כיקן אירע באַקן, אַף פאַררעטושירן אַלע מינדסטע קלייניקייטן, וואָס קאָנען אָנגענומען ווערן פאַר אַ חסרון, האָט יעדערער פון די פאָטאָגראַפן אָפּגעגעבן אַזוי פיל צײַט, אַז עס איז פּשוט געווען אַ וווּנדער:

— ווי האָבן דאָס מענטשן אַזויפיל צײַט?

— ווי דערנעמט זיך צו פאָטאָגראַפן אַזאַ געטראַשאַפט?
אַף איין בילד:

מאַניטשקע זעט אויס, ווי זייער אַ יונגע גימנאַזיסטקע, אַ כשרע, מיט כשרע לאַנגע אַרבל, מיט כשרע צעפּלעך, מיט כשרע הענטלעך, וואָס זײַנען כלומרשט רויִק פאַרלייגט אונטערן גימנאַזיסטישן פאַרטוך, נאָר אַליין איז זי אַ דורכגעטריבענע. זי קנאַקט צו מיטן צינגעלע. אירע אויגן זײַנען קוים־קוים פאַרגלאָצט און זאָגן אויס, אַז זיי ווייסן אַלע סודות, וואָס גרויסע ווייסן.

אַף אַ צווייט בילד באַ אַ צווייטן גאָטאָגראַף:

זי איז אין אַ ברייט אוקראַיִניש העמד מיט רויטע אויסגענייטע פאַלעקעס אַף די ברייטע אַרבל. זי טראָגט זייער אַ קורץ קליידעלע און שטיוול מיט רויטע כאַליוועקעס, זי האַלט אַ פּײַקל אין דער אויסגע־צויגענער האַנט — אָט־אָט וועט זי זיך אַ ריס געבן פונעם אָרט און וועט אַ פײַערדיקע זיך אַוועקלאָזן טאַנצן.

אַף אַ דריט בילד באַ אַ דריטן פאָטאָגראַף:

מאַני איז אויסגעשלײַערט, ווי אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער. איר פּנים איז אין גאַנצן פול מיט פרומקייט, מיט באַרמהאַרציקער אונטער־טעניקייט, און נאָר אירע שמייכלדיקע אויגן קוקן ווינקענדיק אַרויף צו איר ווײַס־פרומען שטערנטיכל און זאָגן אויס, וואָס אונטער אָט דעם הייליקן שלײַער טוט זיך...

אין אַלגעמיין:

מען האָט איר זייער פיל פאַר וואָס אָפּצודאַנקען — זי האָט מציל געווען איר שטאָט.

## II

געווען איז דאָן אַ שלעכטע צײַט... נו, יאָ...
— פּאָגראָמען.

די שטאָט, וואָס ליגט אין טאָל באַם שמאָלן טײַך „בוג" — מאַניטשקעס שטאָט — איז צו סוף זומער געבליבן אָפּגעריסן פון אַלע עקן לאַנד און זיך געשראָקן פאַר אירע אייגענע — גויִש־קאַצאַפּישע — עקן.

אַרום איר:

אויסגעקוילעטע האַלב־ניט־דערקוילעטע צוועלף שטעטלעך.
און ווײַל אַלע צוועלף האָבן שטאַרק געוואַלדעוועט:
— הילף! הילף!
און ווײַל אין דער קהילה האָבן די שטורמישע זיצונגען וועגן אַט דער הילף אַלע מאָל דערגרייכט ביז פּעטש און ביז „אין טאַטנס טאַטן", האָט מען דעריבער די דאָזיקע שטעטלעך שוין מער ניט גערופן בײַ זייערע נעמען — מען האָט זיי אָנגעהויבן רופן אַזוי, ווי ס'רופט זיי שמואל־אײַזיק, — דער סעקרעטאַר פון קהילה — אַ שטיקל בונ־דאָוועץ, אַ בלאַסער מענטש, אַ חלוש מיט קראַנקע לונגען און מיט אַ שטענדיק שטיקל קאַנדלצוקער אין מויל. בשעת אַלע שרײַען שוין אַזוי, אַז דער קהילה־באַלקן שפּאַלט זיך, ווערט שמואל־אײַזיק פּלו־צעם שטאַרק בלאַס און פאַרגלאָצט אַזוי די אויגן, אַז אַלע דערשרעקן זיך און ווערן מיט אַמאָל שטיל. דענסטמאָל לייגט שמואל־אײַזיק אַרײַן אַ נײַ שטיקל קאַנדלצוקער אין מויל אַרײַן און זאָגט וועגן די צע־ראַביר־טע שטעטלעך מיט אַ שאָקל און זייער שטיל:
— איז אַט... מיר ריידן וועגן די „צוועלף פּונקטן"...
אַף דער ריי איז דאָן שוין געשטאַנען דער „דרײַצנטער־פּונקט" — די שטאָט אַליין, וואָס פאַרמאָגט צען מאָל אַזוי פיל אײַנוווינערס, ווי אַלע „צוועלף פּונקטן" — אַ גאַנץ היפּשע שטאָט מיט אַ סך פיר־גאָרנדיקע מויערן. מיט אַ טראַמוויַ, וואָס קריכט ווי אַ גרויסע בין אַף די צוויי מיטלסטע הויפּטגאַסן, מיט אַ וואָקזאַל אין איין עק און מיט אַ טורמע — אין צווייטן עק, — אַ רויטע טורמע, אַן אַלטע, אַ פאַר־וואָקסענע.
נאָר די שטאָט האָט דורך מאַניטשקע פּיאַטניצקי אונטערגעקויפט דעם אוקראַינישן קאָמענדאַנט און דורך מאַניטשקעס הענט אים גע־צאָלט זיבעציק טויזנט וואָך־באַ־וואָך (די געלט אַף פריער). קינד און קייט האָבן געוווסט: מאַניטשקע ראַטעוועט... פּונקט ווי אסתר המלכה אין די צײַטן פון די מגילה... נאָר קיינער האָט וועגן דעם ניט גערעדט, ווײַל בײַ אַלע טאַטעס זײַנען די פּנימער די גאַנצע צײַט געווען אַזוי ברוגז און ערנסט־בייז, גלײַך אימעצער פון זייערע קינ־דער וויל וועגן דעם זאָגן אַ וואָרט, און זיי זײַנען דעריבער גרייט אין יעדער רגע אַ געשריי טאָן:

— נעם דאָרט אײַן שטומעניש, דו!

איצט איז שוין טיפער פאַרשפּעקטיקטער אַסיען.

די שטאָט־מויערן שווענקען זיך אונטער לאַנגע מעת־לעתיקע רעגנס. נאָר טייל מאָל קומט אַ זוניקער פרימאָרגן — אַ געשאַנק.

מיט קילן גלאַנץ שימערן דאַן אַרויס פון טאָל די העכסטע נאַסע דעכער. אויסגעווייִנטע שטיקלעך וואָלקן שיפן זיך איבער אַ טיף־בלויען ים — אַ הימל, און די אַרומיקע לופט האָט נאָך אַלץ אַ זכרון.

די אַרומיקע לופט געדענקט:

יעדער מויער האָט דאָ אין שטאָט זײַן באַלעבאָס, און יעדער באַלעבאָס האָט אַ חלק אין די „זיבעציק טויזנט" — אַ חלק אין מאַני פּיאַטניצקיס עבירה...

דער קאָמענדאַנט:

אַ בייזער, נאָר ניט גאָר מסוכן. אַ שווײַגער. שטאַמט פון גאַליציע. גייט קיין מאָל ניט אין גאַס צופוס.

די שטאָט קאָן אים:

אַ לענגלעך פּנים, געדיכטע וואָנצעס, שוואַרצע כאַפּלישע ברעמען, אַ קליינע בראָדעוועקע באַ דער רעכטער ברעם (פּונקט ווי באַם פּראָוויזער פּיאַטניצקי) און אַ האַלב־קלאָרער געדאַנק טיף פאַררוקט צווישן די קנייטשן פון קורצן שטערן:

— לײַטיש קאָן מען זײַן, נאָר...

און דער ערשטער, וועד ס'האָט צווישן די קנייטשן איבערגעלייענט דעם „נאָר", איז אליקום בראָנשטיין פון דער גרויסער טיפּאָגראַפיע.

אליקום:

אַ וווּקסיקער, אַ מענערשער. איין אויג איז באַ אים ווײַס — אַן אַ שוואַרצאַפּל, דאָס צווייטע — שאַרף, קלוג און פלינק, פלינק.

איין מאָל איז צוליב עפּעס אַן אײַליקער באַשטעלונג צוגעפאָרן צו זײַן טיפּאָגראַפיע דער קאָמענדאַנט. אליקום האָט דאַן געהייסן אָפּשטעלן אַלע מאַשינען, כדי מען זאָל הערן, וואָס דער קאָמענדאַנט רעדט. ער האָט זיך אַ שאָקל געטאָן מיט דרך־ארץ:

— אויב גיך, איז דאָך קיין תירוץ ניט — אין צוויי שעה אַרום איז גוט?

און זײַן זײַטיק אייגל האָט דערווײַל דערזען... ער האָט אָנגעהויבן

ברײַען, זיך סודען אין פֿאַרמעגלעכע הײַזער אַזוי לאַנג, ביז אין שטאָט איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיטעט — אַ קאָמיטעט, וואָס זאַמלט די „זי־בעציק טויזנט".

דערפֿאַר שטייט איצט אליקום לאַנגע שעהן אָנגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס אין די אָפֿענע טירן פֿון זײַן טיפּאָגראַפֿיע און קוקט רויִק, ווי פֿייגעלעך פֿליִען — ווײַל דאָס גרעסטע אין זײַן לעבן האָט ער שוין אָפּ־געטאָן:

דערפֿאַר קאָן ער אָפּשטעלן אין מיטן גאַס יונגע בחורימלעך, וואָס טראָגן גריילעך די גימנאַזיסטן־פּאַסיקלעך אַף די לענדן, און זיי הייסן, זיי זאָלן מוחל זײַן זיך אומקערן אַהיים, אָדער גאָר אַ פֿרעג טאָן בײַ איינעם פֿון זיי, צי טראָגט ער ניט אַ רעוואָלווערל בײַ זיך אין קעשענע, אים דערבײַ געבן אַ פּליאַסק אין באַק און אים זאָגן:

— גיי אַהיים און זאָג דײַן טאַטן, אַז אליקום בראָנשטיין האָט דיר געגעבן אַ פּאַטש.

ווײַל דורך אים איז געשאַפֿן געוואָרן דער קאָמיטעט, וואָס זאַמלט די „זיבעציק טויזנט", ווי מתן־בסתר — דורך אים פֿאַלן אַרײַן די „זי־בעציק טויזנט," ווי דורך אַ פֿאַרהוילענער האַנט, צום פּראָוויזער פּיאַט־ניצקי, און פֿונעם פּראָוויזער — צו זײַן ווײַב — מאַניטשקען.

ווײַטער ווייסט קיינער גאָרנישט.

מען ווייסט נאָר, אַז די „זיבעציק טויזנט" טראָגט אליקום אַוועק צום פּראָוויזער אַלע שבת אַרום צוועלף אַזייגער. ער עסט דאַן קיין מי־טאָג ניט און קאָן פֿאַרבלײַבן בײַ פּיאַטניצקין אַ שעה דרײַ און פֿיר.

עס קאָן טרעפֿן:

פֿונעם פּראָוויזער פּיאַטניצקי זאָל ער זיך אומקערן אָקערשט פֿאַר־נאַכט. די שטאָט איז דאַן זייער אומרויִק. אין גאַס לעבן די הײַזער שטייט מען פֿאַרזאָרגט: מען קוקט ווי אליקום קערט זיך אום צוריק אַהיים. ער באַגריסט זיך דאַן מיט קיינעם ניט, ווי אַמאָל דער כהן־גדול אין בית־המקדש. ער באַמערקט דאַן קיינעם ניט. נאָר אין שטאָט האָט מען דאָך אַ סימן:

אויב אליקום הוסט דענסטמאָל, איז אַ סימן, אַז ס'איז גוט — דער קאָמענדאַנט האָט צוגענומען, און אויב דער קאָמענדאַנט האָט צוגענומען,

איז מען רויִק אַ גאַנצע וואָך און פריילעך אַ גאַנצע וואָך. אין שטאָט איז דעריבער צוגעקומען אַ נײַע שבועה:

אויב איינער וויל, אַז מען זאָל אים גלייבן אַף אַן אמת, שווערט ער:

— הלוואי זאָל שוין אליקום אום שבת אַזוי הוסטן.

III.

פאַרנאַכט, סע מעג זײַן בלאָטיק, חושכדיק אין דרויסן, ברענען פון דעסטוועגן די עלעקטרישע לאַמטערנס אַף ביידע הויפּט-גאַסן, פינקלען, ווי אַ מײַלנווײַטע אילומינאַציע, פון וואָקזאַל ביז צו דער טורמע.

אין מאַניטשקע פּיאַטניצקיס נאָמען גיט מען איבער:

— דער קאָמענדאַנט האָט געהייסן זיי זאָלן ברענען.

און ווי באַלד די עלעקטרישע לאַמטערנס ברענען, גייט מען שפּאַצירן אַף ביידע הויפּט-גאַסן, ווי אַמאָל, ווי גלײַך קיין אומגליק איז אין ערגעץ ניט געשען; קיין מלחמה איז ניט געווען; קיין בירגערקריג איז נישטאָ; קיין שום צוועלף אויסגעקוילעטע פונקטן, וועלכע שרײַען: „הילף, הילף!", און וועגן וועלכע מען שעלט זיך אַף די שטורמישע קהיל-ה-זיצונגען אין טאַטנס-טאַטן.

עס שפּאַצירן:

געוועזענע און איצטיקע „טשינאָווניקעס",

באַאַמטע פון פּאָסט,

מיידלעך מיט גראָבע און מיט דינע פיס, וואָס האַלטן זיך אונטער די הענט צו פיר, צו פינף אין אַ ריי,

און באַלעבאַטישע קינדער.

מען שטעלט זיך אָפּ לעבן די פיר פאָטאָגראַפישע וויטרינעס און מען קוקט זיך אײַן אין מאַניטשקעס בילד.

עס קוקן:

אָרעמע און רײַכע,

זכרים און נקבות.

און איבערהויפּט קוקן באַלעבאַטישע קינדער, יענע, וועמענס טאַטעס צאָלן דורך איר דעם קאָמענדאַנט זיבעציק טויזנט וואָך בײַ וואָך.

מען קוקט לאַנג, ווער מיט אַ טרויערל אין די אויגן, ווער מיט אַ

קליין שמייכעלע אַף די ליפּן, און ווער מיט אַ קוק אַ פֿאַרזאָרגטן און בענקענדיקן, אַ קוק, וואָס זויגט זיך אָן מיט טרוים און מיט גלוסטעניש אַף אַ גאַנצער לאַנגער אָסיען־נאַכט, ווײַל זי איז די אויפֿרייצונג פֿון פֿון שטאָט — זי, מאַניטשקע. אירע עבֿירות זײַנען דער סוד בײַ יונגע אויפֿוואַקסנדיקע קינדער און בײַ באַיאָרטע, וואָס האָבן חתונה צום צווייטן און צומדריטן מאָל, יעדערער לאַכט פֿון איר און גלוסט צו איר. און אָט אפֿילו איצט צווישן די „צוועלף פֿונקטן", אין אָט די טעג... יעדערער געדענקט, אַז מאַניטשקע האָט צו טאָן לויטער מיט גרויסע מענטשן, און יעדער האַלט אויסבאַהאַלטן בײַ זיך אין האַרצן אַ ווינקעלע, וואָס הייסט:

— מאַניטשקע פּיאַטניצקי, וואָס שטאַמט פֿון די וואָלאָדאַרסקיס.

געווען איז אַמאָל אַ זומער, ווען פֿון דער ווײַטער וועלט האָט זיך אומגעקערט אַהער „שטודירנדיקע יוגנט" — שוין לאַנג איז דאָס געווען, נאָך פֿאַר דער מלחמה, נאָך פֿאַר דעם בירגערקריג, נאָך פֿאַר די „צוועלף פֿונקטן".

געווען איז דאַן אַ זומער מיט לבֿנה־נעכט און מיט ווײַסע לאַנגע שאָטנס, וואָס טריפֿן כּישוף אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן — אַ זומער מיט שיפֿלעך, מיט הוליאַנקעס, מיט אַ פֿאַר לבֿנהדיקע ברינזשענדיקע גיטאַרעס און מיט אַ קוויטשערײַ פֿון מיידלעך, מיט זינגענדיקע לידער אָפּן שמאָלן טײַך „בוג", וואָס קוליעט זײַנע פּעטלעכע וואַסערן צווישן טיפֿע פֿאַרוואַקסענע ברעגן אַרום דער שטאָט און דערגרייכט ביז צו מײַלן־ווײַטע זומפּיק־אומבאַרירטע שטרעקעס.

געווען זײַנען נעכט אַזעלכע מיט מאַניס קול אין יענע נעכט, מיט מאַניס קוויטש אַף יענע שיפֿלעך. און אין שטאָט בײַ זײַנעם אַ חבֿר איז דענסטמאָל אַ גאַנצן זומער געווען צו גאַסט דער פֿידלער ברעסלער, און אַליין איז ער נאָך דאַן געווען אין אַ רעאַל־שול, פּונקט ווי זײַן חבֿר, בײַ וועמען ער האָט פֿאַרבראַכט.

ער האָט געשפּילט טעג און נעכט, געשפּילט מיט לויטערע אָפּגעפּאַלירטע טענער, וואָס לויפֿן זיך פֿאַנאַנדער, ווי הייסע פֿײַלן, און פֿאַרשאַפֿן ליבע־ווייטיק סײַ דעם טאָג, סײַ דער נאַכט — דאָס האָט ער דער ערשטער אויפֿגעוועקט מאַניס האַרץ; דער ערשטער אויפֿגעדעקט, אַז בײַ מאַנין איז

איין אויג קוים־קוים קלענער פונעם אַנדערן, און אָקאָרשט נאָך אים האָ־בן דאָס באַמערקט די שטאָטישע פאָטאָגראַפן . . .

אָקאָרשט דער נאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן:

יעדער פון די גרויסע מענטשן, וואָס פירט מיט איר באַקאַנטשאַפט, איז איר שטאַרק איבערגעגעבן, אי שטאַרק אָף איר אין כעס; יעדערער איז איר אי אַ מאָדנער שונא, אי אַ מאָדנער גוטער־פרײַנט. און אָט אַפילו דער יונגער „לינקער" מאָלער קראַפּטיק, וואָס פּײַפּטע אָף אַלע לענדער, ווו ער איז שטאַרק באַרימט, און רייכערט פון זײַן זעלטענעם ציגאַרשפּיץ, וואָס מען האָט אים געשענקט אין די גאָר־גאָר הויכע פענצטער. אָז ער איז אַהער אין שטאָט צום ערשטן מאָל אַראָפּגעקומען, האָבן דאָ זײַן ציגאַרשפּיץ עטלעכע מענטשן געהאַלטן אין די הענט:

— עלפאַנטביין, — האָט מען געזאָגט, — באַזעצט מיט בריליאַנטן.

מיט מאַניך, האָט מען געוווסט, האָט ער זיך מלחמה־צײַט געקאַנט ער־געץ־ווו אין די גרויסע שטעט, נאָר צום לעצטן מאָל האָט עס אים ווי אָן אַנשיקעניש, באַדאַרפט אַנטראָגן אַהער דווקא דאַן ווען מאַניטשקע פּיאַטניצקי האַלט אויף די שטאָט צווישן די אַרומיקע צוועלף אויסגע־קוילעטע פונקטן און ווען דורך אירע הענט גייען וואָך־באַ־וואָך אַריבער די „זיבעציק טויזנט" צום קאָמענדאַנט.

אַראָפּגעקומען איז איצט אַהער קראַפּטיק כלומרשט מאָלן מאַניס פּאָרטרעט. אַראָפּגעקומען געשווינד, ווי איינער, וואָס מאַכט אַלץ אין זײַן לעבן זייער גיך, וואָרים אָז ניט, וואָלטן באָ אים אומזיסט אָוועק די יאָרן און די טעג; אָז ניט, וואָלט ער ניט באַוויזן צו ווערן אַזוי יונג באַרימט.

אַראָפּגעקומען איז ער אָף געציילטע טעג.

דער ערשטער טאָג:

קראַפּטיק האָט געטרונקען טיי באָ מאַני פּיאַטניצקי אין דער היים. באָם טיש זײַנען ווי אום יום־טוב באַטאָג, געזעסן נאָך אייניקע מענ־טשן — פּיאַטניצקי אַליין אויך; פּיאַטניצקי — אין אַ נײַעם אנצוג לכבוד דעם גאַסט.

דעם צווייטן טאָג:

קראַפּטיק האָט זיך מיט מאַנישקען איבער עפּעס צעקריגט, שטאַרק צעקריגט.

דעם דריטן טאָג.

קראַפּטיק האָט האָט צוגעשיקט מאַניך פון האָטעל אַ שרעקלעך עזותדיקן בריוו, און אַליין איז ער בייז און אויפגערעגט אַוועק אַפן וואָקזאַל, כאָטש צוגן, — האָט מען אים אין האָטעל געזאָגט — גייען שוין ניט,— קיין צוגן זײַנען ניט געווען, און אין געגנט האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען וועגן נײַע „אויסגעקוילעטע פונקטן”.

אַפן וואָקזאַל האָט זיך קראַפּטיק אָפּגעוואַלגערט באַ אַנדערהאַלבן מעת־לעת, טעלעפאָנירט פון דאָרט אין האָטעל, מען זאָל אים ברענגען עסן, געווען ווי משוגע, שיִער ניט געווײַנט. ער איז באַנאַכט אַוועק אַף אַ געפּאַנצערטן לאָקאָמאָטיוו ווײַל אַפן לאָקאָמאָטיוו, האָט ער אָנגעטראָפן אַ באַקאַנטן פּיציר. נאָר דער שטאָט׳האָט ער געלאָזט נאָך זיך אַן אָנדענק:

אין וואָקזאַל, אין קלאָזעט אַף דער ווײַס־געפאַרבטער טיר האָט מען נאָך דעם דערזען אויסגעמאָלט מאַניטשקע פּיאַטניצקי — אויסגעמאָלט, ווי די מאַמע האָט זי געהאַט, מיט פאַררויטלטע תאוהדיקע אייגעלעך, מיט אַ פּאָר אויסגעצויגענע ליפּעלעך, וואָס ווילן זיך קושן, און מיט אַן אויסזען אַ פרעכן — אַ שרעק, ווי ניט אנשטענדיק!...

פון דער שטאָט איז מען געגאַנגען צום וואָקזאַל קוקן, און די ערשטע, וואָס זײַנען אַהין געגאַנגען, האָבן זיך פון דאָרט אומגעקערט מיט שמייכלדיקע פּנימער און מיט אַ מיינונג, אַז קראַפּטיק האָט דער רוח ניט גענומען:

— מאָלן קען ער.

נאָר דאָס איז געווען שפּעטער.

די ערשטע האָבן עס דאָרט דערזעןביידע וואָקזאַל־טעלעגראַפיסטן און האָבן אַ גאַנצן טאָג ניט געקאָנט אַרבעטן פון גרויס אויפרעגונג, פון שמחה. זיי האָבן אָנגערעדט דעם וואָקזאַל־סטרוש, ער זאָל ניט דערוועגן אָראָפּצוקראַצן:

— חס־וחלילה!... חס־וחלילה!...

אַלע ווײַלע האָבן זיי געלאָזט אַף הפקר די אַפּאַראַטן, געלאָפן אין

קלאָזעט קוקן און האָבן אַרויסגערופן צו זיך דורכן טעלעפאָן געסט פון שטאָט:

— קומט צו אונדז אַף אַ חתונה, — האָבן זיי גערופן און האָבן דערבײַ אונטערגעטאַנצט, געבלאָזן די באַקן און זיך געשטיקט פון געלעכטער.

דענסטמאָל האָבן פון שטאָט אָנגעהויבן אַרויסצוקומען אייניציקווײַז געסט, און יעדערער מיט אַן אויסרייד, מיט אַ פראַגע:

— די צוגן גייען שוין?

— ניין, האָט מען זיי געענטפערט, — צוגן גייען ניט.

און מען האָט געקוקט אַף זיי שמייכלענדיק מיט איין אייגל. ביז אָפּן וואָקזאַל איז אויך אַרויסגעקומען דער קאָמענדאַנט אַליין. זײַן פּנים — פּיל ערנסטער ווי תּמיד, גערעדט מיטן נאַטשאַלניק וועגן צוויי עשאַלאָנען, וואָס דאַרפן באַנאַכט דאָ דורכגיין, זיך ווי געבייזערט:

— ניט פאַרהאַלטן און ניט אָפּשטעלן דאָ קיין עשאַלאָנען — גלײַך לאָזן די עשאַלאָנען ווײַטער.

נאָר די טעלעגראַפיסטן האָבן אונטערגעקוקט און האָבן זיך געשטיקט און געבלאָזן די באַקן פון געלעכטער.

— דער קאָמענדאַנט גייט אין קלאָזעט, אַ?.. ער גייט?...

— אָט... אָט... אָט... ער גייט... ער גייט...

— ער זאָמט זיך היפּש, אַ?

אַרויסגעקומען פון דאָרט איז דער קאָמענדאַנט נאָך ערנסטער, ווי פריִער, געביסן די וואָנצעס, אָוועקגעשפּאַצירט איבעראַנאַנדס מיטן נאַטשאַלניק אַף דער פּלאַטפאָרם, נאָר די טעלעגראַפיסטן האָבן זיך אַרויסגערוקט העכער אַ האַלב דורך די פענצטער און האָבן קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט:

אין עק פּלאַטפאָרם האָבן זיך יענע אָפּגעשטעלט, זיי האָבן זיך דאָרט אַ שאָקל געגעבן איינער אַקעגן אַנדערן, און עס האָט אויסגעזען, ווי מען קיצלט זיי אונטער די פּאַכוועס; זיי האָבן ניט געהאַט קיין העלדזער און האָבן זיך געטרייסלט פון געלעכטער.

שפּעטער איז מען געוווירר געוואָרן:

פאַרנאַכט, נאָך דעם קאָמענדאַנטס וויזיט, איז פון שטאָט אימערצער שטיל אַרויסגעקומען און האָט אָפּגעמעקט — זאָל עס אַפילו בלײַבן אַ סימן.

דער סטרוזש האָט זיך געשווירן פאַר טעלעגראַפּיסטן, אַז ער איז ניט שולדיק.

— געקומען, — האָט ער דערציילט, — פון שטאָט איינער גאָר אַ יונגער, אַ בלאָנדער, ניט קיין בלאָנדער, אַזעלכער, וואָס אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע איז ער אַ קליינער און פאַר זיך איז ער ווייט ניט קיין קליינער; פאַר זיך קאָן מען אַפילו זאָגן אַז ער איז אַ הויכער. געקומען איז ער פרעגן, צי די צוגן הייבן ניט אָן פון מאָרגן צו גיין. נאָר געווען איז שוין אין דרויסן טונקל.

דער סטרוזש האָט געמוזט דענסטמאָל אַוועקגיין מיטן לייטער אָנ־צינדן די לאָמטערנס. און אַז ער האָט זיך אומגעקערט, איז שוין קיינער ניט געווען און אין קלאָזעט איז שוין געווען מיט אַ נאַס שוועמל אָפּגעווישט:

— און נאָך ווי אָפּגעמעקט... זאָל עס כאָטש בלײַבן אַ סימן.

הײַנט גיי זײַ אַ נביא און טרעף ווער עס האָט אָפּגעמעקט.

„אַ בלאָנדער און ניט קיין בלאָנדער״...

אַזעלכער איז אין שטאָט פאַראַן סך־הכל איינער. דאָס איז שמואל־אײַזיק, דער סעקרעטאַר פון קהילה — אַ „פּאַרטראָגענער מלאך״ מיט קראַנקע לונגען, וואָס לעקט אייביק קאַנדל־צוקער. עס וואַקסט בײַ אים אַ העלער מאָך אַפן אָרט פון אַ באָרד: אַז ער גייט אין גאַס, איז ער אַ ביסל אײַנגעבויגן און האַלט די הענט אין די הויזן־טאַשן, גלײַך ווי מען האָט אים געשיקט פון דער היים קויפן אייער און ער האָט מורא זיי זאָלן בײַ אים אין טאַש ניט צעקוועטשט ווערן. ער איז דער איינציקער אין שטאָט, וואָס קאָן דורכגיין אַף דעם טראָטואַר גאָר נאָענט לעבן מאַני פּיאַטניצקי, זיך כמעט אָן איר אָנשטויסן און זי ניט באַמערקן. נאָר אַחוץ אים זײַנען דאָך אין שטאָט פאַראַן נאָך מענטשן — אויב אימעצער וועט ווירקלעך געוויר ווערן, ווער עס האָט אָפּגעמעקט, וועט עס זײַן איינער פון די אָר־טיקע גימנאַזיסטן.

גימנאַזיסטן, אַז זיי באַגעגענען מאַניטשקע פּיאַטניצקי פאַרבײַגיין אַפן טראָטואַר, קוקן זיי זיך אײַן אין איר פּנים און פילן דאַן אַרום האַר־צן אַ באַקאַנט געפיל — אַ געפיל פון ניט קיין רוױכערערס, וואָס האָבן זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן צו שטאַרק פאַרצויגן מיט אימעצנס אַ פּאַפּי־ראָס. דערנאָך געדענקען זיי ניט אין וואָס מאַני איז געווען אָנגעטאָן און קאָנען זיך אין דעם בשום אופן ניט דערמאָנען, כאָטש מאַני טראָגט, ווי

אַלע פֿאַרנאַכט, אַ קורץ קאַראַקולן רעקעלע און איז אָן אַ שאַרף אַף די גערדיכטע האָר, וואָס האָבן אַ באַזונדער טונקעלע פֿאַרב — אַ פֿאַרב, וואָס פֿאַלט קוים־קוים אַרײַן אין רויטן און גערדענקט זיך. און גייען גייט זי אַפֿן טראָטואַר ניט אָן האָנער,שטאָלץ, כאָטש זי נײַגט זיך זעלטן צו די מענטשן, וואָס זי באַגעגנט. די לעצטע טעג איז זי געוואָרן ווי מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער, און געשעען איז דאָס זינט דער קאָמענדאַנט האָט צוגעשיקט אין שטאָטישן געריכט אַ פּאַפּיר:

„אויספֿאָרשן די נישט־אַנשטענדיקייט אין דער טואַלעט אַפֿן וואָקזאַל און צוצי̇ען אַלע שולדיקע צום געריכט“.

איז אָט וואָס:

אין שטאָט גייט אַרום אַ קלאַנג, אַז אָפּגעמעקט זאָל האָבן מאַטעס — אַ לערער פֿון דער יידישער שול. מאַטעס האָט אַלע סימנים:

מאַטעס איז אָן אַראָפּגעקומענער, אַ פֿרעמדער. ער איז אַזוי פֿאַר־קאָכט אין דער שול, אַז ער האָט קיין צײַט ניט זיך אָפּצוגאָלן. ער רעדט מיט דערוואַקסענע מענטשן זייער בייז און מיט די שול־קינדער — זייער שטיל, זייער רויִק. ער האָט איין מאָל אָנגעמאַכט אַ געוואַלד אַף אַ לע־רער־זיצונג; ער האָט געקלאַפּט אין טיש.

— צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיטן קאָמענדאַנט, מיט די „זיבעציק טויזנט“ און מיט מאַניטשקען... צו אַלדי שוואַרצע יאָר די קינ־דער.. די קינדער האָבן אָנגעהויבן גיין אַפֿן וואָקזאַל קוקן... זיי האָבן אָנגעהויבן אויסמאָלן אַף די העפֿטן, אַף די פּאַרטעס און אַף די טישן דאָס, וואָס אין וואָקזאַל אַף דער טיר... צו אַלדי רוחות מיט מאַניטשקען, מי־טן קאָמענדאַנט און מיט די זיבעציק טויזנט!.. צו אַלדי שוואַרצע יאָר.

מאַניטשקע איז דענסטמאָל פֿאַרנאַכט אָן אַ שאַרף אַפֿן קאָפּ געגאַנ־גען פֿאַמעלעך אַפֿן טראָטואַר ניט ווײַט פֿון דער אַפּטייק. זי האָט אין טאַש פֿון איר קורצן קאַראַקולנעם קאָפּטל געקלונגען מיט אירע שליסע־לעך — דינע און קונציקע שליסעלעך.

עס האָט זיך געדאַכט:

דאָס זײַנען די שליסעלעך, וואָס פֿירן צו איר אַליין — דאָס זײַנען די שליסעלעך, וואָס דער מאָלער קראַפּטיק האָט זיי בשום אופֿן ניט גע־קאָנט אַרויסקריגן און איז שיִער ניט משוגע געוואָרן.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אליקום בראַנשטיין לעבן דער אַפּטע־

נעך טיר פון זײַן דרוקערײַ און האָט באַ אים געפרעגט, ווי עס געפעלט אים:

— ווי געפעלט אײַך עפּעס די דאַנקבאַרקייט פון אונדזערע ייִדעלעך? ווי געפעלט אײַך, ווי מען באַצאָלט מיר דערפאַר, וואָס איך האַלט אויף די שטאָט צווישן די „צוועלף פונקטן"?

און אַרום און אַרום אַף די טראָטואַרן האָט מען אַף איר געקוקט און זיך געשטיקט פון געלעכטער.

אַף דער לערער־זיצונג האָט דאָן מאָטעס געקלאַפּט אין טיש:

— צו אַלדי שוואַרצע יאָר!... צו אַלדי בייזע רוחות!...

# אַלטוואַרג

אין עסצימער ברענט דער רויט־דראַפּירטער עלעקט־ישער הענגלאַמפּ און וואַרפט אַ קאַלטלעכע ווינטער־שײַן אַף די נידעריקע טײלן פון די מונקעלע ווענט און אַף די טעפּיכן. עס קלאַפּט אין ווינקל דער גרויסער שטײ־זײגער, ווי ס׳קלאַפּן אַזעלכע זײגערס אין אַ ווינטער־נאַכט בעת אַ״לע פון שטוב גײען אַוועק, און זײ, די זײגערס בלײַבן באַלעבאַס. די טירן אין קאַבינעט אַרײַן זײַנען אָפן, און בײַם טיש, בײַם לאָמפּ מיטן ראָזן אַבאַזשור, זיצט אײנער אַלײן משה גרײַוויס — אַ געוועזענער בלאָנדער, בײַ וועמען גרויער ווי אַלץ זײַנען די לאַנג געוואַקסענע ברעמען — אַן אַלטער און זײער פרומער ייִד, וועמען זײַנע בערלינער קינדער האָבן ניט לאַנג אַרויסגענומען צו זיך פון אַ קלײנער פּוסט־געוואָרענער שטאָט אין אוקראַינע. דער אַלטער גרײַוויס קאָן ניט שלאָפן. זײַנע קינדער זײַנען אַוועקגעגאַנגען ערגעץ אַף אַ באַל און האָבן אים געלאָזט אײנעם אַלײן אין דער גאַנצער וווינונג פריִער, אײדער עס וועט טאָג ווערן, וועלן די קינדער אַהײם ניט קומען.

צוריק מיט אַ שעה דרײַ, ווען משה גרײַוויס האָט אָפּגעלײענט קריאת־שמע, ווען אויסלעשנדיק אין צימער די שײַן, האָט ער מיט אַ זיפץ פון אַ פרומען ייִדן זיך געלײגט אין בעט, איז אים אַרויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז בערלין, ווו ער געפינט זיך שוין די דריטע וואָך, איז זײער אַ גרויסע, נאָר זײער אַ זינדיקע און גאָט־לעסטערנדיקע שטאָט: זי איז געגליכן צו נינוה, דער שטאָט, וואָס האָט אין די טעג פון יונה־הנביא

דערצאָרנט גאָט, און גאָט האָט זי געוואָלט חרוב מאַכן און איבערקערן, ווי ער האָט איבערגעקערט סדום; די שטאָט איז אַ גרויסע, אַ זינדיקע, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: ונינוה היתה עיר גדולה לאלהים... און נינוה איז געווען אַ גרויסע שטאָט צו גאָט, נאָר ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל פאַר איר תשובה טאָן און ס׳איז אַ שאָד... אַ שאָד..

אים האָט זיך אָן אויפהער געדרייט אין קאָפּ די מעשה מיט יונהן:

— און עס איז געווען די רייד פון גאָט צו יונהן דעם זון פון אמיתי אַזוי צו זאָגן: שטיי אויף, גיי אַוועק קיין נינוה, דער שטאָט דער גרויסער, און רוף אויס אָף איר, וואָרעם זייער שלעכטקייט איז אויפגעגאַנגען צו מיר. איז אויפגעשטאַנען יונה אַף צו אַנטלויפן קיין תרשיש פון גאָט. און ער האָט געגעפונען יפו, ווו ער האָט געטראָפן אַ שיף, וואָס גייט קיין תרשיש...

דער אַלטער גריייוויס איז געלעגן אַזוי אַ לענגערע צײַט מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַלץ געזען פאַר זיך, ווי יונה אַנטלויפט פון גאָט אַף דער שיף, וואָס גייט קיין תרשיש. אַפן ים איז אַ גרויסער שטורעם. די שיף — אָט, אָט גייט זי אונטער. אַלע שרײַען צו גאָט, און נאָר יונה באַהאַלט זיך אויס — ער פאַרקלײַבט זיך אין אַ ווײַטן ווינקל פון דער שיף; ער לייגט זיך דאָרט אַוועק זייער אײַנגעהויקערט, זייער אומעטיק און דרימלט, אָט ווי ס׳דרימל איצט ער, משה גריייוויס.

נאָר אַזוי ווי אַנדרימלט ווערן אין גאַנצן האָט זיך דעם אַלטן גריייוויס ניט אײַנגעגעבן, איז ער ענדלעך, נאָך אַ שעה ליגן, צוריק אויפגעשטאַנען. ער האָט זיך צוריק אָנגעטאָן, און צוריק געמאַכט ליכטיק. איצט איז ער געזעסן אין קאַבינעט, אָנגעבויגן איבער אַ גמראדיק־גראָבן ספר, אָן אַלטן און פאַרגעלטן, ווי ער אַליין. ער האָט אַרײַנגעקוקט מיט צוזאַמענגעצויגענע אויגן אַזוי, אַז זײַנע לאַנגע גרויע ברעמען האָבן אָן אויפהער אונטערגעציטערט, און האָט געהאַלטן אין איין זאָגן מיט אַ ניגון פון פּרק:

— וזה סדר הוידוי, — און דאָס איז דער סדר פון ווידוי־זאָגן...

ער האָט געזשומעט, ווי אַ בין, וואָס איז אַרײַן אין אַ שמאָלן אָרט צווישן צוויי פענצטער, קלאַפּט זיך, קלאַפּט זיך אין די שויבן און קאָן ניט אַרויס:

— וכשתתודה.. — און אַז דו וועסט זיך מתודה זײַן זאָלסטו גע־

דענקען דײַנע זינד און די זינד פון דײַנע עלטערן און פון דײַנע עלטערנס עלטערן ביז דור־המבל און דור־הפלגה און ביז סדום. וואָרעם ניט נאָר פאַר זײַנע זינד ווערט אַ מענטש געשטראָפט, נײַערט אויך פאַר די זינד פון אַלע פריִערדיקע דורות, אַזוי ווי אין פסוק שטייט: האבות אכלו... די עלטערן האָבן געגעסן זויערע ווײַנטרויבן, און די ציין פון די קינדער זײַנען אײַליק...

אַף אַ רגע האָט ער איבערגעריסן.

צו אים האָט דערגרייכט פון ווײַטן קאָרידאָר עפּעס אַ מאָדנע קאָ־לופען, ווי דאָס קראַצן פון אַ מויז. דערנאָך האָט ער דערהערט פון גאָס אַ געדערדרײַ פון מענטשן, וואָס שרײַען זיך פריילעך אַדורך — אַ גע־זאַנג פון יונגעלײַט האָט ער דערהערט אַ געלעכטער פון מיידלעך, און דער געלעכטער איז געווען אַ באַנאַכטיקער, אַן אויסגעלאַסענער און אַ ווײַטער, ווי דער געלעכטער אין אוראַלטן נינוה׳

גרייוויס האָט זיך איבער זײַן ספר נאָך מער אײַנגעבויגן און האָט נאָך מיט מער פרומקייט אָנגעהויבן זשומען.

— וזה לשון ספר־חרדים... און אַזוי זאָגט דער חרדים: העולם יש סוער... די וועלט איז אַ שטורמישער ים, החיים תל עפר... דאָס לע־בן איז אַ הויפן ערד באַם ברעג פון ים. איש עומד על התל... דער מענטש שטייט אַף דעם הויפן און איבער אים ענגט דער בוים. וואָרעם אַז ניט קאָן חלילה, אַ בלאָז טאָן דער גרויסער ווינט... דער גרויסער ווינט... אַזוי ווי אין פסוק שטייט: יהנה... און נון, רוח גדולה וח־זקה... אַ גרויסער און שטאַרקער ווינט, מפרק הרים... ער וואַרפט אום פאַנאַנדער בערג און קערט פעלדזן...

משה גייוויס האָט זיך אַ שאָקל געגעבן, געטאָן אַ זיפץ און האָט זיך פאַרטראַכט וועגן רוסלאַנד און וועגן דעם ווינט, וועלכער האָט דאָרט שוין אַ בלאָז געגעבן — אַ גרויסער און שטאַרקער ווינט... ער וואַרפט פונאַנדער בערג און קערט פעלדזן...

ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן קליינער שטאָט אַף אוקראַיִנע, אַזוי ווי זי האָט אויסגעזען פריִער — איידער עס האָט אַ בלאָז געטאָן דער גרויסער ווינט, ווי אַזוי מען האָט אין איר געלעבט לאַנגע יאָרן אין שלום מיט די אָרטיקע אָרעמעלײַט... און ווי אַזוי די שטאָט זעט אויס איצט; אַ שטאָט אָן שבתים, מיט עפּעס נײַע יום־טובים, אָן חתונות און אָן

כלי־זמר... ער האָט אַ קלער געגעבן, ווי אַזוי זי שטייט דאָרט איצט אין מיטן דער נאַכט, און אים האָט באַנק געטאָן, פאַרוואָס מען איז זיך פון איר פאַנאַנדערגעלאָפן איינציקווייז און פאַרוואָס מען האָט זי ניט מציל געווען מיט תשובה טאָן, מיט פאַסטן תעניתים, מיט צדקה און איבערהויפּט — מיט תורה לערנען, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: עץ חיים היא למחזיקים בה... אַ בוים פון לעבן איז די תורה צו יענע, וואָס האַלטן זיך אין איר אָן... אים האָט באַנק געטאָן זײַן מויער דאָרט אין שטאָט — אַן אַלטמאָדישער צווייגאָרנדיקער און ווײַס־געקאַלעכטער מויער. ער רופט אַרויס אַ בענקשאַפט צו דער שוך, וואָס ער האָט אים, גרייוויסן, אַלע יאָרן באַזאָרגט.

איצט האָט ער שוין מיט אַ מאָדנער קלאָרקייט געזען פאַר זיך די גאַנצע שטאָט און איבערהויפּט — דעם פּירעקיקן שלעכט־ברוקירטן מאַרק.

לינקס אין ווינקל שטייט דאָרט זײַן מויער. סך־הכל מיט דרײַ, פיר הײַזער ווײַטער, אין שמאָלן געסל, געפינט זיך די אַלטע געמויערטע קלויז. שטענדיק, אַז מען דאַרף זיך דאָרט שטעלן צום עמוד, וואַרט מען צו אַ קאַפּעלע און מען שיקט אַ יינגל:

— גיי, זאָג ר' משהן, אַז מען וואַרט אַף אים מיטן דאַוונען...

פון אונטן זײַנען באַ אים אין מויער געווען קראָמען — זעקס קראָמען מיט אײַזערנע פּרענטעס באַ די טירן און באַ די פענצטער, און פון אויבן האָט אין זעקס צימערן געוווינט ער, גרייוויס...

און דירה־געלט פלעגן אים דאָרט די קרעמער אַרײַנטראָגן אַלע ראָש־חודש... פּונקט אַלע ראָש־חודש, אין דעם טאָג, ווען מען גייט דאַוונען און מען לייענט אין דער תורה און מען זאָגט אַ סך אין סידור. די קרעמער באַ אים אין מויער זײַנען אַלע געווען פרומע יידן, געקויפט אַף נאמנות, און די שכירות, וואָס זיי פלעגן אים צאָלן פּינקטלעך אין ראָש־חודש, ווען מען זאָגט אַ סאַך אין סידור און מען לייענט אין דער תורה, זײַנען דעריבער געווען באַ אים זייער אָנגעלייגט, ווי שמירה, ווי הייליקע שכירות, ווי עפּעס אַ באַזונדערע מתנה צוגעשיקט פון גאָט צו אים, משה גרייוויס, פאַר זײַן פרומקייט... און שטענדיק פלעגט זיך אים ווילן פון אָט די שכירות געבן צדקה... ניט קיין סך, נאָר דאָך אַ ביסעלע... און דערפאַר איז אין זײַן הויז געווען שטענדיק שטיל.

ער האָט געקאָנט זיצן און לערנען מיט דער זיכערקייט, אַז גאָט האָט אים ליב... אויב ניט שטאַרק, איז דאָך ... אַ שטיקל חשוב ... גאָט ווייסט, ווער איז משה גרייוויס. נאָר נאָך דעם איז אין זײַן הויז געשען אַ שלעכטע זאַך .. אַ זינד, וועגן וועלכער עס טראַכט אָפט בלויז ער, משה גרייוויס אַליין ... און פֿון דענסטמאָל אָן ... פֿון דענסטמאָל אָן!..

משה גרייוויס בייגט זיך אָן נידעריקער צום ספר, ער קערט זיך אום צו יענע שורות, לעבן וועלכע ער איז פֿריִער געבליבן שטיין:

— דערימעך דאַרף זיך דער מענטש שטאַרק אָנהאַלטן אין די צווייגן, וואָרעם אַז ניט, קאָן, חלילה, אַ בלאָז טאָן דער גרויסער ווינט... אַזוי ווי אין פּסוק שטייט...

משה גרייוויס חזרט איבער עטלעכע מאָל די לעצטע ווערטער:

— ורוח גדולה וחזקה... אַ גרויסער און שטאַרקער ווינט... ער וואַרפֿט פֿאַנאַנדער בערג און קערט איבער פֿעלדזן...

ער ציט שטאַרקער צוזאַמען די אויגן ער גראָבט זיך טיפֿער אין די ווערטער, נאָר די שלעכטע זאַך, וואָס האָט געטראָפֿן אין זײַן הויז, לאָזט אים ניט אָפּ...

די שלעכטע זאַך געדענקט זיך.

ער, משה גרייוויס, האָט שוין דענסטמאָל געהאַט חתונה געמאַכט אַלע זײַנע טעכטער אין די ווײַטע גרויסע שטעט — ער האָט געהאַט לויטער טעכטער. זײַן ערשטע ווײַב איז שוין געווען געשטאָרבן. געלעבט האָט ער איינער אַליין אין די שטילע זעקס צימערן, געהאַט פּרנסה פֿון די פֿאַרדונגענע זעקס קראָמען, וואָס מיט די אײַזערנע פֿרענטעס, און פֿון דער נאָענטער קלויז האָט מען אים אַלע פֿרימאָרגן געשיקט אָנזאָגן:

„ר׳ משה, מען שטעלט זיך שוין צום עמוד, ר׳ משה"...

בלויז זײַנע רײַכע אויסגעגעבענע טעכטער פֿלעגן דאָן קומען צו זייער מוטער אָף קבר־אבות, און אַז זיי פֿלעגן אַראָפּקומען, פֿלעגן זיי פֿאַרבלײַבן באַ אים אַ שטיקל צײַט. באַ יעדן מיטאָג האָבן זיי צוגעקוקט, ווי אַזוי ער, דער פֿאָטער זייערער, וואָס זיצט און לערנט, איז באַ

זיך אין שטאָט, באַ זיך אין דער היים געבליבן איינער אַליין און איז נעבעך עלנט... זייער עלנט...

געדענקט משה גרייוויס, ווי אַזוי זײַן מיטלסטע טאָכטער האָט דענסטמאָל אָנגעשריבן וועגן זײַן עלנטקייט זײַן עלטערער טאָכטער, און ווי אַזוי די עלטערע טאָכטער האָט אים נאָך דעם געשריבן, אַז ווען זי האָט געלייענט דעם בריוו פון דער מיטלסטער טאָכטער, האָט זי געוויינט... די עלטערע טאָכטער איז דאָן פון איר היים ערגעץ אָפּגעפאָרן — „אָנקוקן" פאַר אים אימעצן איז זי אָפּגעפאָרן... דערנאָך איז זי פלוצעם צו אים אַראָפּגעקומען, עפּעס גלאַט אַזוי אַראָפּגעקומען, כאָטש קיין צײַט פון קבר־אבות איז דענסטמאָל ניט געווען. זי איז באַ אים אָפּגעזעסן אַ וואָך דרײַ און איז ווידער אָװעקגעפאָרן — אַפּנים, ווידער אימעצן „אָנקוקן פאַר אים". זי האָט אים דענסטמאָל אַרויסגערופן דורך אַ דעפּעש ערגעץ־וווהין אַף אַ פרעמדן וואָקזאַל... און דער סוף איז געווען, אַז טאַקע אַף יענעם וואָקזאַל האָט מען געשטעלט אַ חופּה, און באַ אים אין הויז, אין די שטילע צימערן, איבער די קראָמען, וואָס האָבן אײַזערנע פּרענטעס, איז דענסטמאָל צוגעקומען אַ נײַער שטילער מענטש, — אַ פרוי פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק — אַ געוועזענע פרוי פון עפּעס זייער אַ גראָטענעם יונג־געשטאָרבענעם יחסן, כמעט אַ פרוי פון אַ געוועזענעם גוטן־ייִדן — אַזוי האָט מען געזאָגט... צי אפשר האָט זיך נאָר אַזוי געדאַכט...

געדענקט משה גרייוויס:

די פרוי איז זייער אַ שוויַיגנדיקע, אַ פאַמעלעכע. זי פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ באַזונדערן קאַלטלעכן ריח — איר אייגענעם קאַלטלעכן ריח; זי שמירט אַף באַנאַכט איר פּנים פון באַזונדערע סלאָיִקלעך, און אויך אַט די סלאָיִקלעך זײַנען ווי קאַלטע: זיי קילן איר פּנים, זיי קילן אירע באַוועגונגען, זיי קילן אַרום איר די לופט. זי פאַרקעמט זיך אַזוי, אַז איר שווערער פאַרוק זעט אויס, ווי אייגענע האָר; זי ציילט צופיל אויס דער דינסט יעדן גראָשן, און אַליין איז זי אַ ביסל אַ קורצזיכטיקע... שטענדיק, ווען מען זעצט זיך צום טיש עסן, איז זי אָנגעטון אין אַ וואַרעמער שאַל — איר איז ווי קאַלטלעך... זי טראָגט צו איר זילבערנעם לעפל זייער נאָענט צו אירע אויגן און באַקוקט אים פון אַלע זײַטן, ווי גלײַך זי וואָלט האָבן אין אים אַ סימן. און דער

זילבערנער לעפל איז אירער אַן אייגענער — זי האָט אים געבראַכט מיט זיך פון דער היים... מיט דעם זילבערנעם לעפל האָט זי נאָך געגעסן, אַפּנים, ווען זי איז נאָך געווען צוזאַמען מיט איר ערשטן מאַן...

און פון אָנהייב האָט מען בײַ גרייוויסן אין שטוב זיך געמאַכט גלײַך ווי מען באַמערקט עס ניט — אָט דאָס, וואָס זי זיצט בײַם טיש אַן אײַנגעהילטע אין איר שאַל און וואָס זי באַקוקט ־אַרט מיט קורצ־זיכטיקע אויגן איר אייגענעם זילבערנעם לעפל. נאָר נאָך דעם האָט מען דאָס אָנגעהויבן צו באַמערקן, — פריִער האָט דערויף אָנגעהויבן צו וואַרפן אַ זײַטיקן בליק ער, משה גרייוויס אַליין, — אָט אַזוי בעת ער זיצט בײַם טיש און קוקט פּלוצעם אַרויס פון זײַן ספר און דערזעט, ווי זי באַקוקט איר זילבערנעם לעפל... און נאָך דעם האָט דאָס אויך אָנגעהויבן ניט צו געפעלן זײַנע אויסגעגעבענע טעכטער, וואָס קומען אָפּט אַראָפּ צו זייער געשטאָרבענער מוטער אַף קבר־אבות.

די טעכטער האָבן אויסגעפונען, אַז זי איז עפּעס ניט יענע, וואָס מען האָט געמיינט.

זיי האָבן געזאָגט:

— זי איז עפּעס אַ קאַלטלעכע...

— עפּעס אַ פרעמדע...

— אַ מאָדנע פּאַמעלעכע איז זי...

— יאָ, — האָט דערויף געענטפערט ער, משה גרייוויס, — טאַקע... זייער אַ פּאַמעלעכע איז זי.

— און אויסער דעם, — האָבן געזאָגט די טעכטער, — עפּעס דער־דאָזיקער זילבערנער לעפל אירער...

— הע ?... טאַקע, — איז ער געוואָרן צופרידן, וואָס די טעכטער פאַרשפּאָרן אים מיט איין וואָרט זייער פיל רייד, — עפּעס טאַקע דער דאָזיקער לעפל אירער...

די טעכטער האָבן דאַן עטלעכע טעג זיך געשעפּטשעט צווישן זיך און האָבן ענדלעך בײַ אים, דעם פאָטער זייערן, געפרעגט:

— איז וואָס וועט מען זי דאָ האַלטן, אַז זי קאָן זיך ניט אײַנ־לעבן ?... וואָס, טאַטע ?... מען וואָלט זי אפשר גאָר באַדאַרפט אָפּשיקן אַהיים.

און דענסטמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי... ער האָט ניט קעגן דעם גאָרנישט.

— ריכטיק, — האָט ער געזאָגט, — וואָס וועט מען זי דאָ האַל־טן ? אַז זי איז עפּעס אַ מאָדנע — זי קאָן זיך ניט איינלעבן.

און אין יענע טעג, געדענקט ער, איז ער געזעסן און געלערנט... געזעסן און געלערנט...

די טעכטער האָבן דעמאָלט די פרוי ערגעץ אָפּגעפירט, זיך ער־געץ פאַרלאָזט מיט איר אַף מענטשן, — זי אָפּגעגט דורך אַ שליח. זיי האָבן זי ערגעץ איבערגעלאָזט. און אַז זיי זיינען געקומען צוריק שוין אָן איר, האָבן זיי דערציילט:

— וויינען האָט זי ניט געוויינט...

— זי איז עפּעס אַ קאַלטלעכע...

— עפּעס ווי מען וואָלט איר איינגעגעבן שלאָפּטראַנק...

— וויינען, אַפּנים, קאָן זי ניט — זי איז אַזאַ מענטש...

— נאָר אַ רחמנות איז נעבעך אַף איר געווען זייער אַ גרויסער.

— אַז אָך און ווי איז צו איר... זי האָט אַף דער גאַנצער וועלט קיינעם ניט...

— עס האָט אויסגעריסן דאָס האַרץ...

דעמאָלט האָ משה גרייוויס געפרעגט:

— נו, און מחילה ? מחילה האָט מען באַ איר אַרויסגענומען ?...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן:

— ניין... הערט נאָ אַ מעשה !...

— וועגן אַרויסנעמען באַ איר אַ מחילה איז גאָר קיין רייד ניט געווען...

— ס׳איז עפּעס גאָר ווי אַרויס פונעם קאָפּ...

— אַי... אַי... אַי... האָט דאַן ער, משה גרייוויס, באַדויערט, — אַ שאָד... אַ גרויסער שאָד... ווי פאַרגעסט מען דאָס אַזאַ זאַך ?... וואָס הייסט ?... מחילה...

אים האָט זיך אַלץ געדענקט זיינע טעכטערס ווערטער: וויינען האָט זי ניט געוויינט... זי איז עפּעס אַ קאַלטלעכע... נאָר אַ רחמנות איז געווען אַף איר זייער אַ גרויסער — עס האָט אויסגעריסן דאָס האַרץ...

און אַט... פונקט פון דעמאָלט אָן...

פונקט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה... עס איז געקער־מען די רעוואָלוציע, עס האָט אַ בלאָז געגעבן דער גרויסער ווינט, וואָס וואַרפט פאַנאַנדער בערג און קערט איבער פעלדזן... אים, משה גריי־וויסן, איז וויפל מאָל אַרויפגעקומען אָפן זינען, אַז עס איז אַ גרויסע זינד...

ער האָט אַלץ געדענקט:

— די פרוי וואָלט מען באַדאַרפט אויפזוכן. אויב זי לעבט, דאַרף מען זי פאַרגיטיקן מיט געלט. אויב זי איז געשטאָרבן, דאַרף מען בעטן מחילה באַ איר קבר. און אפשר... אפשר דאַרף מען אויך אָפן קבר פון איר ערשטן מאַן בעטן מחילה...

נאָר פון דער פרוי האָט מען מער ניט געהערט. זי איז פאַרשווונדן, ווי אין ים אַרײַן.

און דער אמת איז, אַז ער, משה גרייוויס, האָט נאָר געקלערט וועגן פאַרגיטיקן זי אָדער וועגן בעטן באַ איר מחילה... אָף אויפצוזוכן זי האָט ער גאָרנישט געטאָן. און דער גרויסער ווינט האָט דערווײַל געבלאָזן, פאַנאַנדערגעוואָרפן אַלץ מער בערג, איבערגעקערט אַלץ מער פעלדזן, און קיינער ווייסט ניט, אַז זײַן זינד איז דערווײַל געוואָקסן און אַז איך דעם אַלעם איז אפשר שולדיק ער, משה גרייוויס... ער מיט זײַן זינד אַקעגן יענער ייִדענע, וואָס איז עפּעס אַ קאַלטלעכע און קאָן ניט וויינען... וואָרעם איבער דעם ווייגעשריי פון איינער אַ מיידל האָט גאָט אַמאָל איבערגעקערט סדום, אַזוי ווי אין פסוק שטייט: ארדה נא ואראה... איך וועל אַראָפּגײן אײַנקוקן... איך וועל אַראָפּנידערן און זעען, הכצעקתה עשו... אויב ווי דער געשריי פון יענער מיידל האָבן זיי געטאָן...

משה גרייוויס בויגט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער צו זײַן אַלטן גמראַדיק־גראָבן און פאַרגעלטן ספר; ער זשמורעט ווי אַ בין:

— וכשיתחרט... און אַז אַ מענטש וועט חרטה האָבן אָף זײַנע זינד, יזכור.... זאָל ער געדענקען, אַז אָף אַלע זינד איז גאָט מוחל, נאָר ניט אָף די זינד, וואָס אַ מענטש זינדיקט אַקעגן דעם צווייטן. וואָרעם אַזוי שטייט געשריבן: ופגעו אנוש באנוש, איז די טײַטש: און אַז זיי וועלן מאַכן אַ פּגם איין מענטש דעם אַנדערן, ופגעו במלכותי... וועלן זיי מאַכן אַ פּגם אין מײַן וועלט, וואַרוס מוסדותיה... און איך וועל

פאַנאַנדערשאָקלען אירע פונדאַמענטן, ותפול... און די וועלט וועט פאַ־נאַנדערפאַלן פון זיך, ווי אַ וואַלד, מיט פוילע וואָרצלען, אַזוי ווי אין פסוק שטייט: ותרעש הארץ... און די ערד האָט אָנגעהויבן ציטערן, כי חרה לו... ווײַל עס האָט אים פאַרדראָסן...

איצט איז שוין זייער שפּעט באַנאַכט.

די לאָמפּן אין די צימערן זײַנען שוין צוריק אויסגעלאָשן, און נאָר דער גרויסער שטייזייגער אין עסצימער קלאַפּט נאָך אַלץ, ווי עס קלאַפּן אַזעלכע זייגערס, ווען אַלע פון דער וווינונג גייען אַוועק...

דער אַלטער גרייוויס ליגט שוין ווידער אין בעט, נאָר אַנטשלאָפן ווערן קאָן ער ניט:

אים טוט באַנק זײַן קליינע שטאָט אין אוקראַינע, און איבערהויפּט טוט אים באַנק זײַן אַלטמאָדישער צווייגאָרנדיקער מויער, וואָס אין עק מאַרק ניט ווײַט פון דעם שמאָלן געסל, ווו עס געפינט זיך די גרויסע קלויז... ער געדענקט, ווי אַזוי זײַן שטאָט האָט אויסגעזען אַמאָל און ווי אַזוי זי זעט אויס איצט, און אים איז אַ שאָד... אַ גרויסער שאָד...

— געווען באַדאַרפט אויפזוכן יענע יידענע און זי פאַרגיטיקן מיט געלט... אָדער אפשר איז זי שוין געשטאָרבן... געווען באַדאַרפט בעטן מחילה אַף איר קבר און אַף דעם קבר פון איר ערשטן מאַן... נאָר ער, משה גרייוויס, האָט דאָס ניט געטאָן... ער האָט פאַרשפּעטיקט...

דער אַלטער גרייוויס ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן אין בעט, און אַ געפיל איז בײַ אים אַזאַ, ווי גלײַך נאָר ער... באַשטימט, נאָר ער האָט געבראַכט דערצו, אַז אין זײַן לאַנד זאָל אַ בלאָז געבן דער גרויסער ווינט, און אַליין איז ער פון דאָרט אַנטלאָפן פון זײַן זינד — אַנטלאָפן פון גאָט, ווי יונה איז אַמאָל אַנטלאָפן פון גאָט קיין תרשיש...

ער ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן און שטעלט זיך פאָר, ווי אַזוי אָפן ים איז אַ גרויסער שטורעם: די שיף... אָט, גייט זי אונטער: אַלע שרײַען צו גאָט, און נאָר יונה באַהאַלט זיך אויס — ער פאַר־קלײַבט זיך אין אַ ווײַטן ווינקל פון דער שיף און ליגט דאָרט מיט פאַרמאַכטע אויגן זייער אײַנגעהויקערט, זייער אומעטיק פונקט ווי עס ליגט איצט דאָ אין בעט ער, דער אַנטלאָפענער אַלטער גרייוויס...

אין דרויסן איז שוין גרויער טאָג, נאָר גרייוויס שלאָפט ניט, און

זײַנע קינדער זײַנען נאָך אַלץ אַהיים ניט געקומען. איבער די נאָענטע פּײַכטע גאַסן, וואָס פון יענער זײַט פאַרהאַנגענע פענצטער, לויפן די ערשטע פול־געפּאַקטע, פאַרטאָגיק־באַלויכטענע טראַמוואַיען, זייער פאַר־בײַיאָגנדיקער געפּילדער איז פול מיט יונגן חשק אָפּצוטרייסלען פון זיך די פוילקייט פון באַנאַכט, זיי זײַנען פול געפּאַקט מיט אַרבעטער און אַנגעשטעלטע, וואָס אײַלן מיט זייער לעצטער פאַרשלאָפנקייט צו אַ נײַעם טאָג פון אַרבעט.

עס הערן זיך פון די טראָטואַרן שווערע געקאָוועטע טריט פון שפּאַ־נענדיקע מענטשן.

ערגעץ פון ווײַט, פון פאַרדרויכערטע פּלעצער, וואָס אין מיטן דער שטאָט און אויסער דער שטאָט, רופט זיי צו זיך דער לאַנגער מאָנענ־דיקער פּײַף פון די לאַמטערנדיק־באַלויכטענע זידעוודיקע פאַבריקן.

די טריט ווערן דאָרט מיט יעדן אויגנבליק אַלץ מער וואַכעוודיק, אַלץ מער אײַלעוודיק. עס גליטשן זיך הין־און־צוריק, ווי אין גרויס כאַפּעניש, די איבערפולטע אַוטאָבוסן.

ווי מיט פריש־אויסגעשלאָפענער באַנײַטער קראַפט קלאַפּט אין דער הייך די אויסגערוטע מעכטיקע שטאָטבאַן.

משה גרייוויס הערט זיך אײַן אין אַט די אַלע קלאַנגען; ער שליסט אַלע ווײַלע שטאַרקער די אויגן אַף אַנטשלאָפן צו ווערן און טראַכט, אַז די שטאָט איז אַ גרויסע, אַ זינדיקע, זי איז געגליכן צו נינוה, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: „און נינוה איז געווען אַ גרויסע שטאָט פאַר גאָט", נאָר עס איז נישטאָ ווער עס זאָל פאַר איר תשובה טאָן...

גרייוויסן טוט באַנק, וואָס אַט די גרויסע שטאָט וועט אונטער־גייען, פונקט ווי עס טוט אים באַנק זײַן קליינע שטאָט מיט זײַן מויער דאָרט אַף אוקראַינע, און פונקט ווי עס טוט אים באַנק זײַן זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן יענער קאַלטלעכער פרוי, וואָס קאָן ניט וויינען, און דאָס איז ערגער פון אַלץ — ערגער פון אַלץ איז דער געוויין פון אַ שטומען ...

אין קאָפּ דרייט זיך אים אָן אויפהער:

— און עס איז געווען די רייד פון גאָט צו יונהן, דעם זון פון אמיתי... און יונה איז אַנטלאָפן פון גאָט... יונה איז געלעגן באַהאַלטן אין עק פון דער שיף, אַט ווי עס ליגט איצט ער, משה גרייוויס...

## צווישן עמיגראַנטן

אומקערנדיק זיך אַהיים פון בערלינער גאַסן אין אַ היציקן יולי־טאָג, האָב איך געטראָפן מײַנע אייגענע זייער אויפגערעגט און אָנגע־שטרענגט. געזיכטער האָבן אויסגעזען בלאַסלעך, שטאַרק אָנגעשראָקן.

מען האָט מיר באַלד איבערגעגעבן.

אין שרײַבצימער וואַרט אַף מיר שוין אַ שעה דרײַ עפּעס אייגער אַן אומבאַקאַנטער, אַ יונגערמאַן... אַ ייִד.

— ער איז עפּעס...

— זייער אַן אומגעדולדיקער...

דעם יונגנמאַן האָט מען געזאָגט: איך וועל קומען ניט פריִער ווי פאַרנאַכט, נאָר ער האָט ניט געענטפערט. ער איז אַרײַנגעגאַנגען גלײַך אין שרײַבצימער און האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט. מען האָט אים געגעבן אָנצוהערן: עס איז גלײַכער ער זאָל אַרײַנקומען שפּעטער. ער האָט פון אָנהייב ווי ניט אײַנגעהערט, נאָך דעם האָט ער אויסגעזען צעטראָגן. ער האָט קאַלט געענטפערט:

— ניין, בעסער מען זאָל מיך ניט זען פיל מאָל אַרײַנגיין צו אײַך און אַרויסגיין פון אײַך... איר קאָנט נאָך דעם האָבן אַן עסק מיט פּאָ־ליציי...

איך בין אַרײַן אין שרײַבצימער אַ קוק געבן אַפן יונגנמאַן. נאָר אויך מיר איז ער געווען אומבאַקאַנט.

ער האָט אויסגעזען ווי פון אַ יאָר זעקס־זיבן און צוואַנציק. ער איז

געזעסן אײַנגעהויקערט אין אַ ווינקל, אין דער סאַמע פאַררוקטער ווײַ־כער שטול, און האָט ווי געדרימלט.

זײַנע אויגן האָבן זיך געשמאָלט, זײַנע פּלײצעס האָבן זיך געהוי־קערט. זײַן גאַנצע פיגור האָט דערמאָנט אין גרויען שטויב, וואָס אַף ווײַטע קלײנשטעטלדיקע וועגן, און אַלײן האָט ער געמאַכט דעם אײַנ־דרוק פון אַ מענטשן, וואָס האָט אָן אָטעם דורכגעמאַכט זײער אַ לאַנגע שטרעקע.

איך האָב אים געפרעגט, צי ער דאַרף ווירקלעך צו מיר. ער האָט נאָר ווי אַף אַ האַלב אויפגעוואַכט און האָט געענטפערט ווי מיט אַ בײזער:

— פאַרשטײט מען, אַז ניט וואָלט איך צו אײַך ניט געקומען. איך בעט אײַך נאָר, זאָגט קײנעם גאָרניט. איך דאַרף דאָ אין שטאָט אָפּטאָן אײנע אַ זאַך... איך בין... נו, ווי זאָל איך עס אײַך אָנרופן?

— איך בין אַ ייִדישער טעראָריסט.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען.

— איר קערט צו אַ פאַרטײ? — האָב איך געפרעגט.

— נײן, — האָט ער זיך אַ קרים געגעבן. — איך האָב פײַנט פאַרטײען.

פאַר מיר איז געוועזן קלאָר: איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ מענ־טשן, וואָס איז צו מיר געקומען דורך פאַרפּלאָנטערטע און קרומע וועגן. וואָס האָט אים געקענט צו מיר ברענגען? איך האָב אים געלאָזט אַף אַ ווײַלע אַלײן. נאָר זיצנדיק אין עסצימער באַם טיש, האָב איך אַף קײן רגע ניט פאַרגעסן סײַ זײַן פיגור, סײַ זײַן געזיכט. ניט ווילנ־דיק האָב איך געטראַכט וועגן אים מיט די ווערטער, מיט וועלכע מען האָט מיך באַגעגנט באַ מײַן אַרײַנקומען אין שטוב.

— ער איז עפּעס...

— אַן אומגעדולדיקער...

פאַראַן מענטשן, וואָס זעען אויס שטויביק, כאָטש מען געפינט ניט אַף זײ קײן אײן שטויבעלע — דער יונגערמאַן איז געווען אײנער פון זײ. ער האָט געהאַט ברײטע בײנער אונטער די אויגן, די בײנער זײַנען געווען ניט קײן גלײַכע, און זײַנע באַקן האָבן דעריבער אויסגעזען פאַרשײדן. די רעכטע באַק איז געווען אַ גלײַכע, ווי באַ אַלע מענטשן

— אַ באַק, וואָס וויל הנאה האָבן פון דער וועלט; זי גיט צו וויסן:
— איך וויל זײַן צווישן מענטשן.

און זײַן לינקע באַק איז געווען אַ קרומע; זי איז געווען ווי זײַנע און ניט זײַנע. זי האָט אויסגעזען, ווי אַ באַק, וואָס איז צעקריגט מיט דער וועלט — דאָס לעבן האָט געוואָרפן אַף איר אַן אומחן, האָט זי דערײַבער געוואָרפן אַן אומחן אַפן לעבן. אַדאַנק דער לינקער באַק האָט דער יונגערמאַן אויסגעזען העסלעך, נאָר, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, איז ער געווען דווקא אַף דער זײַט פון דער לינקער באַק, דערמאָנט אַן אַ מוטער, בײַ וועלכער איין קינד איז אַ געראָטנס, דאָס צווייטע אַ פּאַרזעעניש — פון יושר איז ער געווען אַף דער זײַט פון דער לינקער מיאוסער באַק, געטראָגן אין זיך איר בייזקייט. צוליב דער דאָזיקער מיאוסער באַק טראָגט ער וואָנצעס — ער וויל, זיי זאָלן כאָטש אַ קאַפּעלע פּאַרדעקן איר קרומקייט. איך האָב די וואָנצעס גלײַך דערזען און מיר האָט זיך געדאַכט: די רעכטע באַק איז מיט זיי ניט צופרידן, ווײַל זיי האָבן עפּעס אַן אומגעוויינלעכע ברודיק־מעשענע פאַרב, זיי וואַרפן זיך אין די אויגן און זאָגן אָן:

— טשעפּעט מיך ניט. איך בין אַ בייזער. בעסער גייט אײַך איר מיט אײַער וועג, און איך וועל מיר גיין מיט מײַנעם.

דאָס אַלץ איז אין זײַן געזיכט געווען ביז גאָר שאַרף. זיצנדיק אין צווייטן צימער, האָב איך זיך געפילט אומהיימלעך. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט: ער קוקט אַף מיר דורך דער גראָבער וואַנט.

אַז איך בין ווידער אַרײַנגעקומען צו אים, איז ער נאָך אַלץ געזעסן ווי פריִער קאַלטבלוטיק אַף זײַן פּלאַץ. אין זײַנע אויגן האָבן געברענט צוויי העלע פונקען — פריִע, ווי די ליכטלעך פון אַ פריִאַנגעצונדענעם יאָרצײַט, נאָר אפשר האָט זיך בײַ זון־אונטערגאַנג נאָר אַזוי אויסגעוויזן. פון דרויסן, פון קעגן איבער די לאַנגע פאַרהאַנגען האָט זיך געפילט:

די ריזיקע געקעסטלטע גאַסן הייבן אָן אויפלעבן, ווימלען און אָפּגעבן פון זיך די גרויסע און טרוקענע היץ, וואָס זיי האָבן אין זיך אַרײַנגעזאָפּט אין משך פון לאַנגן טאָג — אַ טאָג, ווי אַ יאָר, אַ טאָג, ווי אַ לאַנגער, לאַנגער וועג. אַף אַזאַ מין טאָג, אַז מען קוקט זיך אום צוריק, דאַכט זיך: מען איז דורכגעגאַנגען אַן אומגעוויינלעך גרויי־

סע שטרעקע. אַזאַ מין טאָג טרײַבט אַרויס אַלע איינזאַמע „טשודאַ־קעס" אין גאַס אַרויס, און זיי בלאָנדזשען אַרום, ווי שטומע נאָגנדיקע גײַסטער. אין אַזאַ מין טאָג האָט זיך צו מיר איין מאָל אַף אַ באַנק אין שטאָטפּאַרק צוגעזעצט אַן איינזאַמער פּאַרשוין און האָט צו מיר פּלוצעם אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דעם וואָס אין ערגעץ איז אַ מענטש ניט אַזוי איינזאַם, ווי צווישן מענטשן, און וועגן דעם, וואָס אין ער־געץ איז מען ניט אַזוי „ניט צווישן מענטשן", ווי אין דער גרויסער שטאָט. ניט ווילנדיק האָב איך זיך אָן דעם דערמאָנט, קוקנדיק אַף מײַן גאַסט. איך האָב באַ אים געפרעגט:

— איר זײַט אַן עמיגראַנט?

— אַן עמיגראַנט.

— פון וואַנען?

ער האָט מיר אָנגערופן אַ גרעסערע שטאָט אין די זאַמדיקע טיילן פון וואָלין. ער האָט זיך אומגעקוקט, צי די טיר הינטער אונדזערע פּלייצעס איז גוט צוגעמאַכט, און האָט מיר באַוויזן איינעקע פּאַפּירן, וואָס דערווײַזן, אַז ער איזווירקלעך פון יענער שטאָט און אַז ער איז איין צײַט געווען צווישן די חלוצים אין פּאַלעסטינע. דערנאָך האָט ער מיר אָנגערופן איינעם אַ באַוווּסטן פּאָגראָמטשיק פון אוקראַינע. ער האָט געפרעגט באַ מיר, צי איך האָט פון זײַנע שרעקלעכע רציחות געהערט. ער האָט אַף מיר אַ קוק געגעבן זייער שטײַף, מיט די אויפ־געפלאָקערטע פײַערלעך, וואָס אין זײַנע אויגן, און איך האָב געפילט, אַז דאָס סאַמע שווערע און שרעקלעכע, וואָס ער האָט מיר צו זאָגן, הייבט זיך אָקאָרשט אָן; ביז אַהער איז ער געווען העפלעך — ער האָט גערעדט אין נאָמען פון זײַן רעכטער באַק — איצט וועט ער אָנהייבן ריידן אין נאָמען פון זײַן לינקער באַק, דער קרומער...

מיר זײַנען ביידע געזעסן איינער אַ קעגן אַנדערן אין אַ פּאַררוקטן ווינקל פון צימער. ער האָט אָנגערופן דעם באַוווּסטן שרעקלעכן פּאָ־גראָמטשיק באַם נאָמען און האָט אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

— הערט זיך אײַן... ער געפינט זיך הי... אין בערלין.

ער האָט נאָך שטײַפער אַף מיר אַ קוק געגעבן און האָט אָנגעהויבן אויסצולייגן.

— הערט זיך אײַן: שוין באַלד אַ וואָכן דרײַ זינט איך וווין „מיט אים" דאָ אין שטאָט אין אַ ביליקן פּאַנסיאָן, איך — אין צימער נומ. 3, „ער" — אין צימער נומ. 5 — אַ טיר אַקעגן אַ טיר. איך בין דאָ אַ פרעמדער. קיינער קען מיך ניט. „ער" — אויך ניט. איך „אים" אָבער קען גוט.

עס טרעפט:

מיר באַגעגענען זיך אין צווייען אין קאָרידאָר. באַם אַרײַנגאַנג ליגט אַ רויטע אָפּגעריבענע סטעזשקע — ביידע רײַבן מיר אין איר אָפּ דעם שטויב פון אונדזערע שיך. איר פאַרשטייט — אין איינער און דער זעלבער סטעזשקע... עס מאַכט זיך: פאַרבײַגייענדיק טוט ער אַף מיר אַ קוק. איך כאַפּ זיך דאַן אַרײַן צו מיר אין צימער און פיל נאָך זײַן בליק אָט אָ דאָ־אָ... (דער יונגערמאַן האָט זיך זייער שנעל אַ פּאַטש געגעבן מיט דער האַנט איבער ביידע באַקן), מײַנע אויגן כאַפּן גע־שווינד אַ קוק אין שפּיגל. איך וויל וויסן, וואָס האָט ער אַף מיר געזען? — אַן אָפּגעלאָזענעם ייִדישן בחור. עס קאָן אַריבער עטלעכע טעג איך זאָל זיך ניט אָפּגאָלן. איך קוק מיט רויטע ניט אויסגעשלאָ־פענע אויגן. אָפּט מאָל בין איך בלאַסלעך, ווי אַ מענטש, וואָס פאַסט כסדר אַ מעת־לעת נאָך אַ מעת־לעת. דאָס איז אַלץ, אַ?... וואָס נאָך אַשטייגער קאָן ער אַף מיר זען?...

— איך אָבער קען „אים" נאָך פון דער היים, פון קינדווײַז אָן; פון יעדער ייִדישער צרה, פון אַ סך צרות. ער האָט אָנגערייצט די באַפעלקערונג פון גאַנצע פיר גובערניעס; איר מיינט, ווי פורישקעוויטש, ווי קרושעוואַן? — פיל ערגער. ער האָט אַליין אָנגעפירט מיט פּאָ־גראָמען, — מיט די לעצטע, מיט די סאַמע שרעקלעכע. ער איז אַלע מאָל פאַרשווונדן און ווידער אויפגעשווומען, זיך ווידער באַוויזן אין שפּיץ פון אַ נײַער ייִדישער שחיטה. ער האָט געטראָגן אַ באָרד, גע־רעדט מיט אַ פּשוטער שפּראַך, די פּויערים זאָלן אים פאַרעכענען פאַר זייערן אַ מענטשן און זאָלן אים גלייבן. נאָר דאָ, אין אויסלאַנד, האָט ער זײַן באָרד אָפּגעגאָלט, זיך אויסגעפּוצט. דאָ איז ער געוואָרן ווידער אַ פריץ. ער איז געזונט, וווקסיק, זײַן פּנים איז רויט, אָנגעגאָסן מיט אַ גיפטיקן שמייכל. דאָס איז דער געפּטיקער שמייכל פון זייער רציחה.

— אַ קעגן אים בין איך בלאַס און אײַנגעבויגן. איר זעט? ניט אַזוי קליין, ווי אײַנגעבויגן. מײַן פּנים איז פון קינדווײַז אָן צוזאַמענגעפּלעטשט, קרום, ווי איבערגעפּאָרן. איך טראָג וואָנצעס, אָט... איך בין ניט קיין שיינער, איבערהויפּט אין פּראָפיל, איך בין פון אַזאַ משפּחה... איר מיינט, איך ווייס עס ניט? צווישן אַלע יונגעלײַט, וואָס איך קאָן, בין איך דער מיאוסטער. דער מיאוסטער בין איך אויך געווען באַ מיר אין דער היים, אין מײַן געבורטשטאָט. טאָקע דערפאַר האָב איך דאָרט פון קינדווײַז אָן געלעבט באַזונדער פון אַלע קינדער, איינער אַליין, ווי אַ יתום. שטעלט אײַך פאָר: איך אין יענער צײַט אין די זומערדיקע פּאַרנאַכטן: אַ צוועלפיאָריקער גימנאַזיסטל „מיט מעשענע קנעפּלעך"; אַ גימנאַזיסטל, וואָס לויפט נאָך זײַן פרומען זיידן אין קלויז אַרײַן דאַוונען מנחה און מעריב, ווי אַ הינטל, וואָס געפינט שוין לעבן זיידן. און ניט דערפאַר, וואָס אַנדערע בײַסן עס; נאָר ווײַל אַנדערע גימנאַזיסטלעך באַמערקן מיך ניט. איך מעג שטיין צווישן זיי, איז סײַ־ווי־סײַ, ווי גלײַך קיינער שטייט ניט צווישן זיי. דאַוונען גייט מען דורך דעם „פּראָספּעקט" — דאָס איז די הויפּטגאַס. גימנאַזיסטלעך, ווייסט איר, האָבן ליב אין זומערדיקע פאַרנאַכטן אַרומגיין אויסגעפּוצט צו פינף־זעקס אין אַ ריי. דאָס גימנאַזיסטל, וואָס לויפט נאָך דעם זיידן, שטעלט זיך אָפּ. ער קוקט אָף די שפּאַצירנדיקע, יענע באַמערקן אים ניט. דאָס גימנאַזיסטל דערשרעקט זיך און יאָגט שנעל, שנעל נאָכן זיידן... און אַ יתום בין איך ווירקלעך — פון אַכט יאָר אָן. באַם זיידן שטאַרבן יונג די קינדער... ער איז אַ קליינער, אַ גרויער, מיט אַ פאַרוואַקסן פּנים. אַ וואַקסן געזיכט, מיט האָר אין דער נאָז און אין די אויערן, מיט טשמאַקענדיקע ליפּן און מיט קאַלטע, שוואַרצן אייגעלעך, וואָס וואַרפן זיך אין ביידע זײַטן געשווינד, ווי באַ אַ מאַלפּע. בלויז אין די אויגן וואַקסט באַ אים קיין האָר ניט. אַז ער רעדט, פאַרשטייען נאָר געציילטע מענטשן, וואָס ער זאָגט. און צו אים אין הויז קומט מען דאָך זעלטן, אָבער מען קומט — מען צאָלט אים געלט און „עיסקא". זײַן הויז איז גרויס און אָן מענטשן. עס געפינט זיך אויך אָפן „פּראָספּעקט", אין סאַמע עק דאָרטן. אין גרויסן הויז וווינען ניט מער, ווי דער זיידע, איך און אַן אַלטע דינסט פון אַמאָל נאָך. און אַ מאָדנע טבע האָט דער זיידע: אַלע מאָל, ווען עס שטאַרבט באַ

אים אַ קינד, קויפט ער נאָך איינעם אַ זייגער און שטעלט אים אַוועק אָדער ער הענגט אים אויף אין איינעם פון די צימערן. אַז איך ווער אַלט אַ יאָר פערצן, פופצן, קלאַפּן שוין די זייגערס אומעטום: אין יעדן צימער אַ זייגער — באַם זיידן זײַנען שוין געשטאָרבן אַלע קינדער. מיטן טאָג, אַז דער זיידע שטייט אויף, נעמט ער זיך צוערשט אָנצײַען די זייגערס, ווי אַ מאַמע, וואָס נעמט זיך צוערשט געבן עסן אירע קינ־דער. ער ברומט צו. ער האָט ניט קיין קול. אַז ער זינגט, איז ווי די קאַץ אונטערן טיש כריפּעט. אַלע אין אונדזער משפחה זײַנען אַזעל־כע. איך אויך — איך האָב ניט קיין קול. דעם זיידנס פּאַרוואַקסן פּנים איז שוין אויך ווי אַ זייגער — די נאָז איז דער ווײַזער, די אויגן — צוויי ציפערן. די זייגערס קלאַפּן, דער זיידע ברומט.

— און פּונקט אַ קעגן, אויך אַפן „פּראָספּעקט״, אויך אין עק דאָרטן, וווינען די פּינסקיס. אַ גרויסע משפחה, אַ פריילעכע. כמעט אַלע וואָך גליקט זיי עפּעס אָפּ איבעראַנייס. זיי פּראַוועון סעודות. פּונקט אַ קעגן אונדזערע שטענדיק פאַרמאַכטע פענצטערס וווינט פּינ־סקיס יונגערער זון — זרח. דאָרט זײַנען די פענצטער שטענדיק אָפן, שטענדיק פריילעך, די באַלקאָנען אויך. זרח האָט געהאַט לויטער מייד־לעך, לויטער יונגע, לויטער גימנאַזיסטקעס אין טונקל־ברוינע קליידער מיט ווײַסע געפּרעסטע קעלנערלעך, לויטער שיינע, שוואַרץ־חנעוודיקע, מיט אַ ריח פון פּאַלמיר־זייף, איבערהויפּט די יינגסטע — מיט אַ חנדע־לע אַט דאָ צווישן די צוויי פאַרנטיקע ציין. איר ווייסט?... ווי עס מאַכט זיך אַמאָל. און דווקא פון אַט דעם חנדעלע, פון צווישן די צוויי פאַרנטיקע ציין, הייבט זיך אָן די גאַנצע שיינקייט אין פּנים, אין קער־פּער און אין אירע באַוועגונגען, ווען זי פאָרט אַף אַ וועלאָסיפּעד, ווי אַלע אירע שוועסטער. דאָרט שפּילט מען קלאַוויר. נאָך איצט, אַז איך דערהער פון ערגעץ שפּילן, דערמאָן איך זיך: אַ־אַ! — עס איז פון די „פּינסקיס״. דאָרט פּראַוועט מען געבורט־טעג. גימנאַזיסטן קומען — מען זעט דאָס פון באַלקאָן דורכן זיידנס פענצטער.

— באַ אונדז קלאַפּן די זייגערס. דער זיידע ערגעץ אין אַ צי־מער ברומט איבער אַ ספר, כריפּעט, ווי אַן אַלטע קאַץ. און איך דריי זיך אַרום צווישן אַט די זייגערס. יעדער זייגער — אַ קבר, אַ יאָר־צײַט. איך בין אַ גימנאַזיסט, וואָס לערנט פלײַסיק, גאַנצע לאַנגע טעג,

גאַנצע זומערס. און ווי מיינט איר? וועגן וואָס טראַכט איך דעמאָלט? — וועגן אָפּטאָן אַ צו להכעיס טראַכט איך... איר פאַרשטייט? וועגן אָפּטאָן עפּעס אַ זאַך, וואָס קיינער דאָרט אַ קעגן אָפּן פריילעכן באַלקאָן וועט ניט אָפּטאָן. פון צו להכעיס קאָן מען אָפּטאָן אַ מיאוסע זאַך, פון צו להכעיס קען מען אָפּטאָן אַ שיינע זאַך — אַלץ איינס, אַבי פון צו להכעיס.

— דענסטמאָל האָט מיך פאַרכאַפּט די מלחמה, נאָר איך האָב זיך ניט געבריהט, ווי אַנדערע, איר פאַרשטייט? — ווי אַף צו להכעיס. נאָר אָקאָרשט נאָך דעם, אַז מיט דער מלחמה איז ווי פון זיך געוואָרן אויס, איז אויך געוואָרן אויס מיט מײַן צו להכעיס, מיר איז געווען אַ ווייטיק:

ווו איז דער צו להכעיס?

טאָקע דערפאַר בין איך באַלד נאָך דער ערשטער פון מײַן פאַ־גראַמירטער שטאָט אוועק ווי אַ פשוטער אַרבעטער קיין פּאַלעסטינע — ווי אַף צו להכעיס. נאָר שפּעטער, אַז פון מײַן שטאָט האָבן אָנגעהויבן קומען קיין פּאַלעסטינע פיל באַלעבאַטישע קינדער, און צווישן זיי אויך אייניקע פון די יונגע פינסקים, בין איך פון דאָרט אַוועק אַהער אין אויסלאַנד, אין אָט דער שטאָט. דאָ האָב איך אין איינער און דער זעלבער צײַט אָנגעהויבן הונגערן און שרײַבן. איך האָב געטראַכט: פון אַזלעכע ווי איך קומען אַרויס יענע מענטשן, וואָס האָבן חשק אונ־טערצורײַסן די וועלט מיט דינאַמיט. איך וועל עס ניט דערלאָזן. פאַר־קערט: איך וועל זיך ברעכן אין דער אַנדערער זײַט אַרײַן.

— איך האָב פאַרטראַכט אַ דערציילונג ניט וועגן מיר, נאָר וועגן אַן אַנדערן. די דערציילונג הייבט זיך גאָר אָן מיט דער באַשרײַבונג פון איינעם אַ ייִדישן קבצן באַ אונדז אין שטאָט. אַלע דאָנערשטיק גייט דער קבצן אַוועק נאָך נדבות צו די רײַכע ייִדן, וואָס וווינען אין גויִישן קוואַרטאַל. דעם קבצן האָבן אין יענעם קוואַרטאַל שטאַרק פײַנט די קריסטלעכע קינדער. זיי קאָנען אים ניט פאַרטראָגן. אַז זיי דער־זעען אים, באַוואַרפן זיי אים מיט שטיינער, רייצן אַף אים אָן די הינט. איבער דעם גאַנצן גויִישן קוואַרטאַל הייבן זיך אויף גרויסע געשרייען, די לופט איז פול מיט קוויטשערײַען, אַ געלויף פון שקצימלעך, אַ ביי־לערײַ פון הינט. פאַר הינט האָט דער קבצן שרעקלעך מורא. עס קלאַפּט

אים אַ צאָן אין אַ צאָן, נאָר ער איז דאָך צופרידן, ווײַל די געוואַלדן מיטן בילן פון די הינט גיט אַלעמען צו וויסן, אַז ער איז געקומען אין גויִישן קוואַרטאַל, און פון אַלע ייִדישע הײַזער טראָגט מען אים אַרויס די נדבות אין דרויסן; ער פאַרשפּאָרט צו קלאַפּן אין יעדער ייִדישער טיר באַזונדער און צו פאַרלירן צײַט. דער קבצן, אַז ער קומט אין גויִישן קוואַרטאַל, בלײַבט ער דעריבער שטיין אין מיטן גאַס און הייבט אָן צו הוסטן, כדי די שקצימלעך זאָלן אים דערזען און אָנרייצן אַף אים די הינט...

— דאָס אַלץ האָב איך אָנגעשריבן אין איין אָטעם. דאָס זײַנען די ערשטע קאַפּיטלעך, און אָקאָרשט נאָך דעם האָב איך דערפילט, אַז דער קבצן — דאָס בין איך אַליין, איר פאַרשטייט? ווידער אַמאָל איך... דער גויִשער קוואַרטאַל — דאָס איז אין פאַרשטעלטן זין מײַן שטאָט, מײַן לעבן. נאָר אַף מיר רייצט מען שוין אפילו ניט אָן די הינט. זיי בילן גאָר אַף מיר ניט, און איך פיל דאָך, ווי זיי בילן. מײַן הוסטן — דאָס איז מײַן דינען, ווי אַ סאָלדאַט, מײַן אַוועקגיין אַף דער מלחמה, מײַן אַוועקפאָרן ווי אַ פשוטער אַרבעטער קיין פאַלעסטינע... דער צו להכעיס, וואָס איך וויל פון קלײנערהייט אָפּטאָן — דאָס איז מײַן סאָרט נדבה בעטלען... אָבער אַז אין תוך וויל איך גאָר אַליין געבן... איר פאַרשטייט? כאָטש איין מאָל אין לעבן זײַן אַ גביר, אַ שמײַס געבן אָט אַזוי מיט אַ ברייטער האַנט — נאַט אײַך און ווייסט... און אָט אין יענער צײַט, ווען איך האָב אַזוי געטראַכט (איך בין ניט געשלאָפן אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט), האָב איך אין איינעם אַ פרימאָרגן דערהערט אַ קליינעם גערויש אין קאָרידאָר פון מײַן פאַנסיאָן — דער גערויש איז אויסגעמישט מיט אַ שאַרפן אוקראַיִניש. איך האָב אין קאָרידאָר דערזען פריִער אַ דינסט פון פאַנסיאָן, ווי זי טראָגט צוויי שווערע טשעמאָדאַנעס, און נאָך דעם האָב איך דערזען „אים“ אַליין מיט די פרייִלעך פאַרדרייטע וואָנצעס. אים איז מיט דרך־ארץ נאָכגעגאַנגען נאָך איינער אַ יונגערער.

— אַ יאַק? — האָט ער געפרעגט באַ אָט דעם יונגערן און האָט געגעבן אַ שמעק די לופט מיט דער נאָז, — אַ טוט טאָוואַ... זשידיווטאַ נימאַ? *)

---

*) ווי אַזוי? — דאָ איז טאַקע קיין ייִדן ניטאָ?

איך בין געשטאַנען לעבן מײַן טיר. איך האָב געקוקט, ווי מען פירט אים פונקט אַקעגן אין צימער נומ. 5. איך בין געווען ווי פאַר־טשאַדעט. אין טשאַד איז צו מיר פּלוצעם געקומען אַזאַ לײַכט גע־פיל, גלײַך איך בין מער ניט איינזאַם. צו מיר איז צוגעקומען עפּעס אַ שטיק. מיר איז געוואָרן ווי פיל גרינגער, כאָטש אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע גרינגקייט האָב איך נאָך אַלץ ניט געוווּסט. ערשט שפּע־טער האָב איך זיך געפרעגט:

אין וואָס איז דאָ די שמחה?... האַ?

אין טיר פון שרײַבצימער האָט מען אָנגעקלאַפּט. מיך האָט מען גערופן אין עסצימער אַרײַן. און נאָך דעם איז שוין אין שרײַבצימער געווען טונקל, ווי אין אַנהייב אָוונט. דער יונגערמאַן האָט געבעטן אַ ביסל וואַסער. ער האָט געהאַלטן די גלאָז באַם סאַמע ברעג. זײַן האַנט האָט אונטערגעציטערט, ער האָט געקוקט זייער פאַרטראַכט אַראָפּ צו זײַנע פיס, ווי גלײַך ער וואָלט זוכן, צי האָט ער דאָרט ניט פאַרלוירן עפּעס פון דעם, וואָס ער האָט מיר צו דערציילן. ער האָט געזאָגט:

— אַ קעגן וואָס־זשע איך האָב עס אײַך אָנגעהויבן צו דערציילן? כדי אײַך זאָל זײַן פאַרשטענדלעך ווער איך בין...

— איצט וועט איר מיר גלייבן, ווײַל אַזאַ געשיכטע טראַכט מען ניט אויס פון קאָפּ. איך האָב, דאַכט זיך, גאָרנישט ניט דורכגעלאָזט, אַ?... וועגן זרח פּינסקי און וועגן זײַן מיידל האָב איך אײַך דערציילט?... דאָס איז אַלץ, אַלץ, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט ביז יענער צײַט, ביז איך האָב דערפילט, אַז איך וועל „אים" הרגנען. איר פאַרשטייט? פון צווישן אַזוי פיל ייִדן דווקא איך, מיט וועמען עס האָט פּאַסירט די גאַנצע געשיכטע. טראַכט זיך אײַן: ווער דען, אַז ניט איך?

אין טונקלקייט פון צימער האָבן זיך געזען די ווײַסע צוויי פלעקן, וואָס אין די ווינקלען פון זײַנע ליפּן, — ווײַסע פלעקן, וואָס קומען פון פיל ריידן. ער האָט אַוועקגעשטעלט די גלאָז.

מיר זײַנען שוין ווידער געזעסן איינער אַקעגן אַנדערן אין ווינקל פון צימער. איך האָב אים געשטעלט אַ פראַגע, האָבן די צוויי יאָר־

צײַט־ליכטלעך אין זײַנע אויגן אָנגעהויבן פיל מאָל זיך אויסלעשן און זיך צוריק אָנצינדן, ווי פײַערלעך, מיט וועלכע מען גיט סיגנאַלן באַנאַכט אין מיטן ים. ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו ריידן.

— פאַרוואָס פרעגט איר עפּעס: ווען איך האָב באַשלאָסן „אים" צו דרגענען? וואָס איז דען דער אונטערשייד „ווען"?... און חוץ דעם, אַזעלכע זאַכן באַשליסט מען דען? אַז צו סאַמע ערשטן האָבן איך גאָר באַשלאָסן וועגן דעם „אָרט"... איך דערמאָן זיך. איך גיי איין מאָל אַרויס פון מײַן צימער אין קאָרידאָר און דערזע: ער שטייט דאָרט און רעדט אין טעלעפאָן. קענטיק, מען זאָגט אים אָן אַ שלעכטע בשו־רה. האַלטנדיק דאָס רערל פון טעלעפאָן באַם אויער, באַקומט ער גרויסע אויסגעגלאָצטע אויגן, דער רציחהדיקער גיפט ברענט אין זיי שטאַרקער. ער פרעגט: „וואַ־אָס"? און דע „וואָס" אין אַן אויסגעצויגענער, אַ דערשראָקענער. שטיי איך בײַ דער זײַט, און אין מיר טוט אימעצער ווי אַ טראַכט: אָט דאָ באַם טעלעפאָן איז דאָס בעסטע „אָרט", אָט דאָ קאָן מען אים אָוועקלייגן מיט איין שאָס. איר פאַרשטייט? ניט איך אַליין גיב עס אַ טראַכט, נאָר ווי אימיצער אַ צווייטער.

אמת, אין איינע פון די שחיטות, אין וועלכע בלויז „ער" איז שול־דיק, איז געהרגעט געוואָרן מײַן זיידע, דער אַלטיטשקער מיטן וואַק־סענעם פּנים און מיט די צוויי קאַלטע אייגעלעך, וואָס וואַרפן זיך גע־שווינד אַף רעכטס און אַף לינקס, ווי בײַ אַ מאַלפּע. נאָר דער רחמנות, וואָס איך האָב פון שטענדיק אָן אַף מײַן זיידן, איז אויך עפּעס ווי ניט מײַנער. ער איז אויך ווי אַ צווייטנס... איז אָט:

— אָט דאָ באַם טעלעפאָן, — האָב איך אַ טראַכט געגעבן, — קיין בעסער „אָרט" קאָן גאָר ניט זײַן.

און שוין בײַ אָט דעם געדאַנק אַליין האָב איך דערפילט, ווי איך ווער אָנגעגאָסן מיט פרייד. מיר האָט זיך דאַן פלוצעם פאַרוואָלט, עס זאָל זײַן אַ שמחה. איך בין אָוועק אין אַ רעסטאָראַן און האָב אָפּגעגעסן אַ מיטאָג כמעט פאַרן גאַנצן ביסל געלט, וואָס איך האָב פאַר־מאָגט — אַ מיטאָג מיט אַ גלאָז ווײַן. איך האָב דערפילט: איך טראָג אַרום בײַ זיך אין האַרצן עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב פריִער אין האַרצן ניט געהאַט און וואָס קיינער אַרום מיר האָט עס ניט. אַז איך בין אַרויס־געגאַנגען אין דרויסן, האָב איך, ווי צום ערשטן מאָל אין לעבן, דערזען:

עס איז אַ שיינער זומערטאָג. אין גאַס גייען אַרום זייער פיל מענטשן, ליבע מענטשן... מײַן געפיל צו זיי — אַזאַ, ווי בײַ איינעם, וואָס מוז אַוועקפאָרן אין זייער אַ ווײַטן וועג, און אים איז שווער זיך צו שיידן מיט זײַנע אייגענע: ער האָט נאָך ניט באַוויזן אפילו זיך אַרומנעמען מיט זיי, ווי געהעריק, זיי צודריקן צום האַרצן, ווי געהעריק, נאָר אַוועקפאָרן מוז ער. און אַזוי זײַנען זיי געוועזן פאַר מיר אַלע, אַלע אָן אויסנאָם — ווי שאָטנס. איך האָב זיך נאָך רעכט צו זיי ניט צוגעטוליעט און מוז זיי שוין פאַרלאָזן.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך אַזוי אַרומגעשפּאַנט מיט דעם געפיל אין האַרצן, און נאָך דעם, אַז איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים, איז שוין געווען פאַרנאַכט. אונדזערע ביידנס טירן האָבן שוין דאָרט געקוקט מאָדנע שטרענג איינע אַף דער אַנדערער. איך זאָג אײַך, אַזוי אָנקוקן זיך קאָנען נאָר טירן פון אַ פּאַנסיאָן, ווו „יענע זאַך" מוז געשען. טיר נומער 3 האָט געקוקט אַף טיר נומער 5 און האָט ווי צו וויסן געגעבן:

— מײַנער, וואָס ווױנט הינטער מיר, וועט הרגענען דײַנעם — יענעם, וואָס ווױנט הינטער דיר.

איז אײַך אַמאָל אויסגעקומען צו זען אַזעלכע טירן? איר שלאָפט אַ גאַנצע נאַכט בײַ זיך אין צימער. איר שלאָפט, דאַכט זיך, גאַנץ פעסט, נאָר אין שלאָף געדענקט איר זייערע נומערן — נומער 3 קוקט אַף נומער 5...

און נאָך דעם האָב איך זיך פּלוצעם אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי בײַ זון־אויפגאַנג. איך האָב געגעבן אַ קוק אין קאָרידאָר און האָב דערזען: אונדזערע ביידנס שיך זײַנען דאָרט אויסגעשטעלט צום פּוצן: מײַנע — לעבן מײַן טיר, און זײַנע — לעבן זײַן טיר. מײַנע — אָפּגעטראָטענע ייִדישע שטיבלעטלעך מיט פאַנאַנדערגעצויגענע רעזינעס, — זיי זײַנען שוין געווען אין פּאַלעסטינע, און זײַנע — פעסטע גוייִשע, מיט קאַליאָווקעס, וואָס ווערן אַרונטערגעלאָזט אונטער די הויזן.

— ער איז דאָ אין דער היים, — האָב איך אַ טראַכט געגעבן.

און מיר איז פון דעם געוואָרן היימלעך, גלײַך איך בין מער ניט איינזאַם. איך האָב אַ קוק געגעבן צום „אָרט" לעבן טעלעפאָן, — דאָס בעסטע „אָרט"...

און מיר האָט זיך ווידער פאַרוואָלט, עס זאָל זײַן אַרום מיר אַ

שמחה. איך האָב באַ מיר אין צימער געעפנט דאָס פענצטער אין גאַס אַרײַן.

עס איז באַ זון־אויפגאַנג.

לערע גאַסן.

איינציקע פאַרשלאָפענע און פריש־געוואַשענע פּנימער.

אַרבעטער גייען איינציקווײַז צו דער אַרבעט.

— „פּיטש, פּיטש״, — איז צו מיר אין צימער אַרײַן אַ צוויטשען פון אַ פייגעלע אויף אַ נאָענטן בוים, אַ צוויטשערײַ, וואָס געדענקט זיך מער פון אַנדערע אין לעבן; און אויך צו אָט דעם „פּיטש, פּיטש״ האָב איך געהאַט דאָס זעלבע געפיל, וואָס נעכטן צו די מענטשן, באַגלײַך איך פאַר אַוועק אין אַ ווײַטן וועג, און מיר איז שווער מיט אָט דעם „פּיטש, פּיטש״ זיך צו שיידן.

פון דעמאָלט אָן האָב איך „אים״ דאָרט אין פּאַנסיאָן אָנגעהויבן צו היטן.

מיר איז געווען גוט, ווען איך האָב געוווּסט, אַז „ער״ געפינט זיך דאָרט אין צימער קעגן איבער הינטער טיר נומער 5, און מיר האָט אָנגעהויבן צו ווערן פּוסט אַלע מאָל. ווען „ער״ איז ערגעץ אַוועקגע־גאַנגען, און זײַן צימער איז געשטאַנען ליידיק. די שעהן האָבן זיך דאַן מאָדנע אויסגעצויגן, די מינוטן — אויך.

איך שפּאַן אַרום באַ זיך אין צימער, אין קאָרידאָר און פּיל:

נאָך איי‌ניקע מינוטן, אויב ער וועט ניט קומען, וועט מײַן האַרץ פּלאַצן...

— איך מוז אײַך זאָגן:

אין בוך פון פּאַנסיאָן איז מיט זײַן אייגענער האַנט אַרײַנגעשריבן זײַן נאָמען. אונטער זײַן נאָמען — אַ דריידל פון אַ מענטשן, וואָס איז מיט זיך צופרידן. ער קומט אָן פון קאָפּענהאַגען. הייסט עס, — אַ טויטע שטאָט, קאָפּענהאַגען. יידן זײַנען דאָרט באַשעפטיקט יעדערער מיט זײַן אייגן שטיקל לעבן. קיינער האָט „אים״ דאָרט אפילו ניט נאָכגעשפּירט.

איך קוק אָפּן דריידל, וואָס אונטער זײַן נאָמען, און מיך פאַרדריסט זײַן רויקייט. „ער״ טראַכט אפילו ניט זיך צו היטן. מיר זײַנען פאַר אים, ווי די וואַנצן — איך, איר, אַלע, ווען ער האָט געשטן.

אַפּט מאָל קומען צו „אים" געסט.

עס קומט צו אים דער יונגער רוס, וועלכער האָט „אים" צום ער־שטן מאָל אין פּאַנסיאָן געבראַכט. עס קומט נאָך איינער, אַן עלטערער, מיט אַ באָרד, און נאָך איינע, אַ יונגע פרוי אין שוואַרצן.

פון קעגן איבער זײַן טיר הערט זיך דעמאָלט:

ער הירזשעט מיט אַ פרייליכן און זאַפטיקן געלעכטער.

און נאָך דעם, שפּעט באַנאַכט, אַז איך שלאָף ניט, ווילט זיך מיר שטאַרק אַרויסגיין אין קאָרידאָר אַרײַן מיט אַ מעסער און עפּעס טאָן... מאַכן כאָטש אַ לאָך אין זײַנע אַרויסגעשטעלטע שטיוול. גלאָט אַזוי. זאָל ער וויסן, אַז אימעצער „דרייט זיך" אַרום אים. זאָל ניט פאַרדריסן, וואָס ער איז רויק?...

איך טו עס ניט — בלויז ווײַל איך קען מיט דעם אומברענגען די גאַנצע זאַך, און ווײַל אונדז ביידן היט שוין אָפּ דאָס „אָרט" דאָרט אין קאָרידאָר בײַם טעלעפאָן — דאָס „אָרט" איז שוין אַף אונדז ביידן באַ־לעבאָס.

צום טעלעפאָן גייט ער אַרויס עטלעכע מאָל אין טאָג, און איך ווייס שוין באַשטימט:

— פאַרקומען וועט דאָרט די „זאַך" פאַרנאַכט, יעדן פאַלס ניט פריִער, ווי נאָך האַלבן טאָג.

כאָטש אויך וועגן דעם האָב איך פריִער ניט געטראַכט. עס איז געקומען באַשטימט, ווי פון זיך, ווי גלײַך אימעצער האָט מיר געלאָזט אַן אַרבעט און האָט מיר אָנגעזאָגט:

— אויספירן זאָלסטו עס דעמאָלט און דעמאָלט, דאָרט און דאָרט.

און טאַקע דערפאַר האָב איך זיך פאַר קיין זאַך ניט געזאָרגט, ווי גלײַך אימעצער האָט מיר פון פריִער אַלץ אָנגעגרייט. איך דאַרף נאָר נעמען און אויספילן. און ערשט נאָך דעם האָב איך זיך איין מאָל באַ־נאַכט דערמאָנט:

— איך האָב ניט מיט וואָס די „זאַך" צו טאָן.

איך פאַרשטייט, צי נײן? אַ מעסער טויג ניט. מיט אַ מעסער קאָן מען אָפּט נאָר אַ קראַץ געבן. זיכער איז — אַ רעוואָלווער. איך בין אַ געוועזענער סאָלדאַט. איך האָב כוח און קאָן שיסן, נאָר איך בין אין אָט דער קעסלדיקער שטאָט אַ פרעמדער, איך האָב ניט באַ וועמען

אַ רעוואָלווער צו קריגן. און חוץ דעם האָב איך שוין זייער ווינציק געלט, בלויז אויף עטלעכע טעג צום לעבן. דאָס געלט וועט ניט קלעקן. נאָר אפילו ווען איך האָב יאָ געלט, איז וווהין גיין קויפן? אין אַ געווער־געשעפט? עס טויג ניט, אויף אַזעלכע פאַרשוינען מיט אַזאַ אויסזען, ווי איך — קוקט זיך אַיין אין מיר — אויף אַזעלכע דערקענט מען באַלד, אַז ער קויפט דעם רעוואָלווער פאַר די לעצטע גראָשנס און אַז עפּעס וויל ער מיט אים טאָן. זאָל זײַן, אַז אין די געשעפטן פאַרקויפט מען געווער פרײַ, אָן אַ דערלויבעניש, איך גלייב עס ניט, נאָר אין אַזאַ סאָרט קעסלדיקער שטאָט הערט די פּאָליציי געוויס קיין מאָל ניט אויפצוזוכן פאַרשיידענע חברה־לײַט, וואָס גרייטן זיך עפּעס אָפּטאָן, און אויב מען זוכט זיי ערגעץ, איז אַ געשעפט פון געווער תמיד דערויף אַ פּלאַץ. טאָמער שטעלט מען מיך דאָרט אָפּ, מען וועט בײַ מיר געפינען, נאָר אַ טאַראַראַם וועט ווערן. מײַנע פּאַפּירן זײַנען פאַר דער היגער פּאָליציי ניט גאָר אין אָרדענונג.

מען קען נאָך דעם קומען אין פּאַנסיאָן זיך אויף מיר נאָכפרעגן.
„יענער" קאָן זיך דערוויסן און פאַרשווינדן.
איך קאָן מיט דעם אומברענגען די גאַנצע „זאַך".
ס'אַראַ שלימזל איך בין!

איך מוז געפינען אַן אויסגאַנג און עפּעס טאָן, נאָר טראַכטן איז מיר שוין שווער. איר פאַרשטייט? טראַכטן האָב איך געטראַכט פריִער, איידער איך האָב זיך אָנגעהויבן צו גרייטן די „זאַך" צו טאָן. איצט בין איך ווי אַ שיכור, וואָס שטרענגט אָן אַלע מיטלען, אַז אויף אים זאָל מען ניט דערקענען, אַז ער איז אַ שיכור. אַזאַ מענטשן דאַכט זיך אויס, אַז פון יעדער באַוועגונג, וואָס ער מאַכט, קאָנען די אַרומיקע דערקענען אַלץ, אַלץ...

איז וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מײַן אָרט?

אָט שטעלט אײַך פאָר — איר זײַט אַ ניכטערער...

איר וואָלט זיך געוויס געווענדט צו אימעצן נאָך הילף. דאַרפט איר אָבער וויסן: קיין אייגענע האָב איך ניט דאָ אין שטאָט, קיין נאָענטע — אויך ניט.

פון מײַן געבורט־שטאָט געפינען זיך דאָ אייניקע מענטשן, נאָר איך באַגעגן זיך מיט זיי קיין מאָל ניט. איך ווייס אפילו ניט, וווּ זיי וווינען,

פאַראַן דאָ פון מײַן שטאָט איינער אַ בחור בערעלע זשים, — אַזוי האָט מען אים גערופן בײַ אונדז אין דער היים, כאָטש אין אמתן הייסט ער גאָר באָריס בלום. אַזוי האָט מען אים גערופן, ווײַל ער האָט פון תמיד אָן געזשומעט בײַ די ציוניסטן און האָט געשריבן אין זייערע רוסי־שע צײַטונגען. ער איז אַ פּעיקער, קען שפּראַכן, ווערט גלײַך אַ מחותן מיט ווילד־פרעמדע מענטשן, אפילו מיט קריסטן.

ער האָט דאָ אין אויסלאַנד זיך שוין צוגעשאַרט צו אַ פּאָר דײַטשישע צײַטונגען און שרײַבט אין זיי, יאָגט זיך אַרום מיט אַ פּאָרטפעל אונ־טערן אָרעם.

פאַראַן דאָ פון מײַן שטאָט אויך זרח פינסקי מיט זײַן יונגער מיידל, וועגן וועלכער איך האָב אײַך שוין געזאָגט. זי איז געווען די שענסטע בײַ אונדז אין שטאָט און מיט איר האָט זיך אין איינעם אַ פּאָגראָם גע־טראָפן יענע „באַוווּסטע זאַך"... אַזוי האָט מען געזאָגט, כאָטש פון די־די פינסקיס אַליין האָט דאָס קיינער ניט געהערט.

— בײַ די פינסקיס, האָט מען געזאָגט, גייט זיך פאַנאַנדער יעדער געשווילעכץ, די פינסקיס ווישן אָפּ די ליפּן.

מיר האָט מען געזאָגט, זיי זײַנען אַרויס גאַנץ. בריהס... אפילו אין צײַטן פון פּאָגראָמען...

די פינסקיס געפינען זיך דאָ אין אויסלאַנד — דאָס האָב איך גע־ווּוּסט נאָך איידער איך בין אַוועק פון פּאַלעסטינע. נאָר צו זיי זיך ווענדן — דאָס וויל איך ניט. איך וויל אפילו ביט זיי זאָלן וויסן, אַז איך געפין זיך דאָ. אין פאַרשטייט ? דאָס גייט מיך אָן מער ווי אַלץ. עס איז מײַנע אַ סוד־זאַך.

איך גיי אַלע טאָג אַוועק אין גרויסן שטאָטגאָרטן. איך זיץ אויף אַ באַנק. איך טראַכט וועגן אַן עצה.

און אין דער צײַט, ווען איך זיץ אַזוי און טראַכט, בין איך צופרידן, וואָס די פינסקיס ווייסן וועגן דעם גאָרנישט. זיי וועלן זיך דערוויסן שפּעטער, נאָך דעם, ווי איך וועל די זאַך אָפּטאָן. זיי וועלן פון דעם געוואָר ווערן פאַרנאַכט פון די אָוונט־צײַטונגען. עס וועט דאַן זײַן וואָלקנדיק. עס וועט דאַן גיין אַ רעגן. צי אפשר וועט דאַן זײַן אַ לױ־טערער הימל, עס וועט זיך זעצן די זון. אַלץ איינס: סײַ־ווי־סײַ זעט מיר אויס מאָדנע יעדער רגע פון מײַן לעבן, וואָס וועט קומען שפּעטער.

נאָך דעם, ווי איך וועל די „זאַך" אָפּטאָן. אַלע מענטשן, סײַ פרעמדע, סײַ יענע, וואָס שטאַמען פון מײַן שטאָט, דאַכטן זיך מיר אַלץ איינס נאָענט און אַלץ איינס ווײַט. אַלע זײַנען זיי פאַר מיר אויסגעמישט מיט די פאַרנאַכטיקע קלאַנגען פון אַ ווײַסן קלויסטער, וואָס דערגרייכן צו מיר אין גרויסן שטאָטגאָרטן נאָך דעם, ווי איך זיץ דאָרט אָפּ איינער אַליין אַף אַ באַנק אַ לאַנגן, לאַנגן טאָג און געדענק אָן אויפהער, אַז איך גיי טאָן אָט די „זאַך".

וואָס איז דען דענסטמאָל פאַר מיר אָט דער גאַנצער אויסלענדי־שער קעסל אײַערער מיט זײַנע טאַראַראַמען און מיט אַלע לויפנדיקע, וואָס פילן אים אָן? וואָס זײַנען זיי דען פאַר מיר, אויב אפילו צווישן זיי געפינט זיך דעמאָלט זי — פינסקיס מיידל — איינע פון די יעניקע, אי־בער וועלכער איך גיי טאָן די דאָזיקע „זאַך"?

— האָלט איך באַ יענע טעג, ווען איך פלעג זיצן אין שטאָטגאָרטן.

איך קען אײַך ניט זאָגן, ווי לאַנג עס האָט זיך געצויגן. מעגלעך — אַ גאַנצע וואָך און מער, מעגלעך — נאָר דרײַ צי פינף טעג, אַז קיין וואָכן צייל איך שוין ניט, קיין טעג — אויך ניט. איך האָב אויפגעהערט...

נאָר איין מאָל, ווען איך בין דאָרט אַזוי ניט ווײַט פון אַ באַלעבטער אַלעע געזעסן, איז פאַרבײַגעגאַנגען בערעלע זשום, אָדער ווי זײַן ריכ־טיקער נאָמען איז — באָריס בלום. דורכגעגאַנגען, ווייסט איר, געשווינד מיטן פאַרטפּעלכל אונטערן האַנט, מיט אַ פאַרשוויצט טשובעקל פון אַ מענטשן, וואָס האָט יעדן טאָג צו לויפן איבער אָט דער גרויסער קעסל־דיקער שטאָט אין פיל ערטער. ער האָט זיך אַ דריי געגעבן צו מיר מיט זײַן טונקעלן אָפּגעברענטן פּנים און מיטן ווײַסן טיכעלע, וואָס שטעקט אין זײַן אויבערשטן טאַש, גרייט אָפּצווווישן דעם נאָסן שטערן; ער האָט מיך דערזען מיט די צעטראָגענע אויגן, זיך באַגריסט און גלײַך אָוועקגעזעצט זיך לעבן מיר, גלײַך אַנגעהויבן צו וווּנדערן:

— שוין לאַנג אין בערלין?

— ניין, — האָב איך געזאָגט, — ניט זייער לאַנג.

— און איך האָב געהערט: איר זײַט אין פּאַלעסטינע.

— איך בין געקומען אַהער פון פּאַלעסטינע.

— איר זײַט דאָ אַף אַ שטעלע?

— ניין, — האָב איך געזאָגט. — איך בין דאָ ניט אָף קיין שטע־לע.

איך קען ניט געדענקען אַלץ וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט. איך האָב באַמערקט: ער קוקט מיך אַרום צעטראָגענערהייט.

מײַנע קליידער באַקוקט ער און מײַן גאַנצן אויסזען.

מיר איז דאָס געווען ניט אנגענעם.

און אפשר דערפאַר טאַקע, וואָס מיר איז געווען ניט אנגענעם, האָב איך אים אָנגעהויבן דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב ביז אַהער דערציילט אײַך, נאָר פיל קורצער. ער האָט געדענקט מיך גוט פון דער היים. ער האָט געקענט מײַן זיידן און קען מיר גלויבן אָפן וואָרט.

איך האָב אים געזאָגט: איצט הענגט די גאַנצע „זאַך" אָפּ בלויז פון אים, און אונדזער באַגעגעניש טאָר דעריבער ניט בלײַבן קיין צופע־ליקייט, וואָרים די „זאַך", וואָס איך גיי טאָן, איז ניט נאָר מײַן זאַך. טאַקע ווײַל איך האָב ניט קיין אַנדערן צו ווענדן זיך, מוז ער אַליין פאַר מיר שאַפן אַלץ, וואָס צו דער „זאַך" איז נייטיק. און חוץ דעם — ער דרייט זיך שטענדיק צווישן די יידישע געזעלשאַפטן. ער טראָגט זיך אַרום מיט די געזעלשאַפטן. ער טראָגט זיך אַרום מיט די געזעלשאַפטן און די געזעלשאַפטן טראָגן זיך אַרום מיט אים. ער איז דעריבער פאַראַנטוואָרטלעך פיל מער איידער אַ שפעקוליאַנט, אָדער אַ פשוטער ייד פון גאַס. צו וועמען דען זאָל איך זיך ווענדן, אויב ניט צו אים?

איך האָב געזען:

כאָטש ער איז שטאַרק באַשעפטיקט און כאָטש ער איז אַ צעטראָ־גענער, הערט ער מיך פון דעסטוועגן אויס, און ניט קאַלט — מיט מיט־געפיל אין די גרויסע צעטראָגענע אויגן.

— הערט אַ מעשה! — האָט ער געזאָגט, — עס איז דאָך טאַ־קע... באַ אונדז אין פאַלעסטינע, אַז אַן אַראַבער הרגעט אַ יידן, געפינט מען אין אַ פאָר שעה אַרום אַ געהרגעטן אַראַבער, און דאָ, צווישן אַזוי פיל יידן, דרייען זיך אַרום פראַנק און פרײַ אַן אַ צאָל פאָגראָמשטשיקעס, און עס געפינט זיך ניט קיינער, ווער עס זאָל אָוועקלייגן כאָטש איינעם פון זיי. אַ מאָדנע פאָלק! אַ? אַ מאָדנע פאָלק!

און ער האָט צעטראָגענערהייט ווידער גענומען מיך אַרומקוקן. גע־

קוקט אַף מײַן פּנים, אַף מײַן אויסזען, אפילו אַף די שיך און הוט, וואָס איך טראָג.

— הערט אַ מעשה! — האָט ער געזאָגט, — הערט אַ מעשה! אוודאי טויג ניט צו אַזאַ „זאַך" קיין מעסער. מיט אַ מעסער האָט אַמאָל אַ יידישער סטודענט ניט מער ווי אַ קראַץ געגעבן אַ יידישן צורר. געוויס מוזט איר דערצו האָבן אַ רעוואָלווער. שאַט... איר זײַט דאָך געווען אַף מלחמה... איר קאָנט דאָך שיסן... וואַרט נאָר... וואַרט נאָר...

און ער האָט זיך אַ כאַפּ געגעבן אונטערן מויל און האָט זיך פאַרטראַכט.

— גוט, — האָט ער זיך פּלוצעם אויפגעכאַפּט פון דער באַנק און האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט, — איך וועל עס שוין באַזאָרגן. איך שאַף עס אײַך. אָבער וואַרט נאָר, וואַרט, ווען?... מאָרגן. גיט מיר אײַער אַדרעס... איר וועט מאָרגן אין דער פרי באַקומען פון מיר אַ צעטעלע... אַ?... ניין, מיר וועלן זיך בעסער ערגעץ באַגעגענען... וווּ?... דאָס בעסטע איז טאָקע אָט דאָ אין גאָרטן, באַ אָט דער־אָ באַנק. איז, הייסט עס, מאָרגן אין דער צײַט, פּונקט דרײַ אַזייגער בײַטאָג...

ער איז אוועק געשווינד מיט זײַן פּאָרטפעלכל אונטער דער האַנט. איך האָב געזען: ער גייט אַפּ אַ ווײַלע און קוקט זיך אַף מיר אום, ער גייט ווידער אָפּ אַ ווײַלע און קוקט זיך ווידער צו מיר אום. אָט אַזוי איז דאָס געווען...

אַף מאָרגן פּונקט דרײַ אַזייגער בײַטאָג, צו דער מינוט, בין איך שוין געזעסן אין גאָרטן פּונקט אַף יענער באַנק. איך האָב דאַרט אָפּגעוואַרט אַף אים זייער לאַנג. איך בין שוין גלאַט אַזוי געזעסן און האָב געוואַרט. איך בין שוין געווען זיכער:

— ער וועט ניט קומען.

און בין נאָך אַלץ געזעסן.

נאָר אַרום פינף אַזייגער האָט ער זיך פּלוצעם דאָך באַוויזן אַף דער אַלעע. ער איז צו מײַן באַנק ניט צוגעגאַנגען.

— קומט, — האָט ער פאַרבײַגייענדיק אַ ווונק געטאָן צו מיר מיט די אויגן, — גייט מיר נאָך.

און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן:

ער — פריִער, און איך מיט עטלעכע קלאַפּטער הינטער אים, ווי גלײַך מיר קאָנען זיך ניט.

ער איז אַרײַן אין אַ טראַמווײַ, בין איך אויך אַרײַן, און אַלץ ווי אַ פרעמדער.

ער איז געזעסן אין איין עק און איך — אינעם צווייטן.

מיר זײַנען אַזוי געפאָרן זייער לאַנג, און אפשר האָט זיך עס מיר נאָר אויסגעוויזן לאַנג, ווײַל איך בין געווען אומגעדולדיק.

איך האָב געטראַכט:

וווהין פירט ער מיך?

מיר זײַנען שוין געווען אין צענטער צווישן די געדיכטע גאַסן.

מיר זײַנען געפאָרן ווײַטער — ווידער געדיכטע גאַסן.

מיר האָבן אויסגעשטיגן, ער — פריִער, איך — נאָך אים. ווידער אַ פרעמדע גאַס, אַ שמאָל געסל און נאָך אַמאָל אַ גאַס. מיר האָבן זיך אַרײַנגעשלײַכט אין אַ הויף, זיך אויפגעהויבן אַף טרעפּ. מיר זײַנען אַרײַן אין אַ טיר — אַ קליינער טונקעלער און שטויביקער קאָרידאָר.

איך האָב באַלד באַמערקט:

עס איז ניט קיין וווינונג, עס זעט אויס, ווי אַ מין האַנדלס־ביוראָ, ווו מען אַרבעט ניט שפּעטער ווי ביז אַזייגער דרײַ באַטאָג, און נאָך דעם לאָזט מען זי פאַרשלאָסן און פוסט.

אין צווייטן צי אין דריטן צימערל נאָכן קאָרידאָר זײַנען אַרום אַ טיש געזעסן אַ מענטשן פינף, און אין זייער זיצן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט ספּעציעל צוליב דער „זאַך", וואָס איך גיי טאָן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי זײַנען געזעלשאַפטלעכע טוער און אַז בערעלע זשום האָט זיי אַהערגערופן, ווײַל ער וויל ניט נעמען דאָס אחריות אַף זיך אַליין. אַלע זײַנען געווען שוין ניט קיין יונגע־לײַט, איינער — מיט גרויע האָר, אַ צווייטער — אַ וווקסיקער, אַ פעט־לעכער, מיט אַ פליך אַפן גאַנצן קאָפּ, מיט אַ שטרענגן בליק אין די אויסגעקוליעטע שאַרפע אויגן, מיט אַ שאַרף־אַרויסגערוקטן אונטערמויל און מיט אַן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס בלאָזט שטענדיק די באַקן. מאָלט אײַך: איך בין געווען גענוג צעטראָגן, נאָר מיר איז פלוצעם אַרויף אַ געדאַנק, אַז אין דער היים קריגט ער זיך מיטן ווײַב, אָט דער, וואָס מיטן פליך אַפן קאָפּ, איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, נאָר מיר איז

דענסטמאָל אַרויף אַזאַ געדאַנק. ער האָט אָן אויפהער געקוקט אַף מיר.

און קיינער האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט.

אַ ווײַלע זײַנען מיר אַזוי געזעסן אַרום טיש און האָבן געשוויגן.

איך האָב געוואַרט

אָט־אָט וועט מען מיט מיר אָנהייבן ריידן.

נאָר אַפן אָרט פון צו ריידן מיט מיר האָבן זיי אָנגעהויבן אָפּצו־רופן איינער דעם צווייטן אַף סודות אין נאָענטן צימער אַרײַן. פון אָנ־הויב אָן האָבן זיי זיך געסודעט דאָרט פּאָרלעכווײַז, און נאָך דעם צו דרײַ און צו פיר, און אַלע צוזאַמען מיט בערעלע זשום. זיי האָבן זיך אַלע ווײַלע אומגעקערט און אַלע רגע ווידער גערופן איינער דעם צוויי־טן אַף אַ סוד...

איך האָב באַמערקט:

זיי ווערן מיר עפּעס ווייניקער, זיי גייען איינציקווײַז אַוועק.

איך האָב געהערט:

זיי גייען איינציקווײַז אַרויס אין קאָרידאָר און לויפן דאָרט זייער געשווינד אַראָפּ די טרעפּ.

נאָר פאַר וואָס איז דווקא איינער פון די ערשטע פאַרשווּנדן בערעלע זשום? — דאָס האָב איך פאַרשטיין ניט געקאָנט...

און אַז אַלע זײַנען שוין אַוועק, איז מיט מיר אין צימער געבליבן נאָר דער ווּקסיקער, דער פעטלעכער, וואָס מיטן פליך אַפן גאַנצן קאָפּ און מיט די שטרענגע אויסגעקוליעטע אויגן.

איך האָב באַמערקט:

ער רוקט זיך צו מיר אַלץ נענטער און נענטער, ער קוקט מיר אַרײַן מיט זײַנע שאַרפע אויגן גלײַך אין פּנים און אַלץ אַזוי שטרענג, אַז איך פיל שוין זײַן אויסגעקוליעטן בליק באַ זיך אין די אויגן, באַ זיך אין האַרצן, נאָר ער רוקט זיך אַלץ נענטער און נענטער צו מיר, און אַז ער רירט זיך שוין אָן אָן מיר מיט זײַן ברוסט, טוט ער פלוצעם צו מיר אַ זאָג:

— הערט, — זאָגט ער צו מיר, — איך בין אַ דאָקטער... אַ פּסי־כיאַטאָר...

ער קוקט מיר נאָך שטרענגער אַריין אין די אויגן און גיט צו מיט מער עזות:

— אַ דאָקטאָר... בין איך אַ פּסיכיאַטאָר...

וואָס האָב איך אים געהאַט צו ענטפערן ?... איך האָב זיך אָפּגע־רוקט פון אים מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ צו מיר גערעדט.

דערנאָך האָט מיך עפּעס ווי אַ שטויס געגעבן צו אים, און ניט אַזוי מיך אַליין האָט צו אים אַ שטויס געגעבן, ווי מײַן האַנט... אָט־אָ די... איר זעט אַ האַנט ? — מיט מוסקולן... זי איז געווען אין מלחמה... און ערשט שפּעטער, אַז איך בין שוין ווידער געווען איינער אַליין אין גאַס, האָב איך דערפילט, אַז עס האָט מיר גאָרנישט ניט געהאָלפן, — איך מיין אָט דאָס, וואָס איך האָב אים דאָרט מיט אַזאַ כעס געגעבן אין באַק... ווײַל סײַ־ווי־סײַ, אויב זיי מיינען, אַז איך בין געווירט פון זינען, וועלן זיי איבערן פּאַטש נאָך מער מיינען... און חוץ דעם... אַז מײַן ווײ־טיק ווערט דערפון ניט קלענער.

בערעלע זשום האָט אָנגעפּלאָנטערט אָט וואָס :

עטלעכע געזונטע בײַכיקע ייִדן האָבן זיך צונויפגעקליבן — צוליב וואָס ? פון נײַגעריק וועגן ? כדי צו געבן אַף מיר אַ קוק ? צווישן זיי איז געווען בערעלע זשום, וועלכער האָט מיר ערשט נעכטן געזאָגט :

— הערט אַ מעשה !... עס איז דאָך טאַקע... בײַ אונדז אין פּאַלעס־טינע, אַז אַן אַראַבער הרגעט אַ ייִדן, הרגעט מען באַלד אַן אַראַבער, עס מעג זײַן אַ ווילד פרעמדער.

פאַר וואָס־זשע מוז איך זײַן געווירט, אויב איך וויל הרגענען אַ פּאַ־גראָמשטשיק, וועלכער איז שולדיק אין אַזויפיל בלוט ?

גייענדיק אַזוי איינער אַליין, האָב איך זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן פאַ־נאַנדערקלײַבן אין די ווערטער, וואָס דער וווּקסיקער מיטן פליך אַפן קאָפּ האָט מיר געזאָגט, ווען ער איז צו מיר צוגעגאַנגען זייער נאָענט.

עפּעס האָט ער צו מיר גערעדט וועגן אַ סאַנאַטאָריע, וווּ איך וואָלט געקענט „אָפּרוען" אייניקע וואָכן... וועגן פאַרמעגלעכע לײַט פון מײַן שטאָט, וואָס געפינען זיך איצט דאָ און האָבן אַרויסגעזאָגט דעם ווונטש פאַר מיר אין סאַנאַטאָריע צו באַצאָלן...

איז ווער זײַנען אָט די פאַרמעגלעכע לײַט פון מײַן שטאָט, אויב ניט זרח פּינסקי מיט זײַן פאַמיליע ?... הייסט עס, אַז בערעלע זשום האָט שוין אויך צו זיי די זאַך אָפּגעטראָגן, אויך זיי רעכענען מיך שוין

פאַר אַזעלכן... און מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַ צער, ווי נאָך קיין מאָל ניט.

מיר האָט ווי געטאָן אַלץ, וואָס אַרום מיר, אַלץ, וואָס מײַנע אויגן האָבן מיטן וועג געזען: די שטאָט, די גאַס, די אויטאָמאָבילן, דער אַרר־מיקער גערויש און איבערהויפּט די שעה האָט מיר ווי געטאָן... די פֿאַר־נאַכטיקע זיבנאַזייגערדיקע שעה. אין דער דאָזיקער שעה שטייט „ער" דאָרט אַלע טאָג אין קאָרידאָר באַם טעלעפאָן...

איך בין דאָך די גאַנצע פֿריִערדיקע נאַכט אַרומגעגאַנגען באַ זיך אין צימער און בין געווען זיכער, אַז פּונקט הײַנט, אין דער דאָזיקער שעה, וועל איך דאָרט באַם טעלעפאָן מאַכן אַן ענדע...

וואָס איז מיר געבליבן צו טאָן?

און איך האָב נאָך שטאַרקער דערפֿילט, ווי איך מוז די „זאַך" אָפּ־טאָן, און מען זאָל וועגן דעם לייענען אין די אָוונט־צײַטונגען. זאָלן וועגן דעם לייענען זיי אַלע, די פֿינף געזעלשאַפֿטלעכע בחורים, בערעלע זשום, און באַ פֿינסקין אין דער היים — זאָל וועגן דעם לייענען זי... איינע פֿון יעניקע, פֿאַר וועמען איך גיי טאָן די גאַנצע „זאַך"...

איך האָב מיר אָנגעהויבן איבערלייגן: צי איז ניט פֿאַראַן דאָ קיין יידישע געזעלשאַפֿט, אַזעלכע, וואָס וואָלט מיר געהאָלפֿן. איך האָב אַ טראַכט געגעבן: איז פֿאָרט, כאָטש אימעצער — אפשר שרײַבער...

שרײַבער, האָב איך געטראַכט, זײַנען ווי דער געוויסן פֿון פֿאָלק. זיי זײַנען זײַנע נערוון, זיי שטעלן פֿאַר זייער פֿאָלק פֿאַר דער וועלט, פֿון די ווערק פֿון שרײַבער, וויל מען נאָך דעם וויסן, ווי אַזוי האָט אין זייערע צײַטן געלעבט זייער פֿאָלק.

און אָט בין איך געקומען צו אײַך. איך האָב אײַך אַלץ אויסדער־ציילט. איר דאַרפֿט וויסן — מאָרגן, איבערמאָרגן קאָן „ער" זיך פּלוצ־לינג אויפֿהייבן און פֿאַרשווינדן פֿון פּאַנסיאָן. און וויבאַלד איך האָב אײַך אַלץ אויסדערציילט, זײַט איר שוין פֿאַראַנטוואָרטלעך צוגלײַך מיט מיר און נאָך מער פֿון מיר, ווײַל איר זײַט אַ שרײַבער... איך זיץ מיט אײַך דאָ, אין טונקעלן צימער, איך האָב שוין אײַך לאַנג געוואָלט זאָגן: מאַכט, איך בעט אײַך, באַ אײַך אין צימער ליכט. איך וויל אײַך טאַ־קע זען אין פּנים...

ווי איך אַן אינעווייניקסטן טשאַד בין איך אויפגעשטאַנען ליכט מאַכן. איך האָב עס געטאָן מיט אַזאַ צושטאַנד, גלײַך דעם יונגנמאַנס לעצטע ווערטער זײַנען ניט מער, ווי אַ וויץ, ווי די ווערטער פון אַ „טשר־דאַק", וואָס האָט דיר מאָדנע אײַנפאַלן. אָבער איך האָב אין אָט דעם געפיל פאַרגעסן, ווי נאָר איך האָב געמאַכט ליכט און האָב דערזען דעם יונגמאַנס פּנים.

זײַן לינקע קרומע באַק האָט ווי געברענט מיט אַ טונקעלן אײַזער־נעם פײַער. זײַן רעכטע באַק איז געווען פאַרשלאָפן ביזן אויג און האָט מער ווי ניט געשפּילט קיין שום ראָל, זי האָט מער ווי ניט געלעבט, די לינקע ברענענדיקע באַק האָט געוועלטיקט מיט איר גאַנצער קרומקייט. און דער יונגערמאַן אַליין האָט שוין מער ניט געדעדט אײנפאַך. עס איז אויסגעקומען, ווי ער קריגט זיך מיט מיר, ער פאָדערט פון מיר דאָס, וואָס אים קומט. און די זאַך, וואָס ער פאָדערט, איז אַ קלייניקייט:

— אַ רעוואָלווער.

קוקנדיק אַף מיר מיטן פײַער, וואָס אין זײַן לינקן פאַרשלאָפענעם אויג, האָט ער געטענהט, כמעט געשריגן.

און איך האָב געקוקט אין די פײַערן, וואָס אין זײַנע אויגן.

דער יונגערמאַן אַליין האָט זיך געבעטן:

— פאָלגט מיך, אויב איר ווילט מיר אָפּזאָגן, טאָ זאָגט מיר ניט אָפּ באַלד. טוט פריִער אַ טראַכט. איך גיב אײַך צײַט די גאַנצע נאַכט. אויב איר וועט באַשליסן, אַז יאָ, וועט איר מיר דעם רעוואָלווער צו־שיקן. איך לאָז אײַך מײַן אַדרעס. איך וועל וואַרטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך פון דעם יונגנמאַן מיט דער קרומער באַק באַקומען דורך פּאָסט אַ צעטעלע:

איך האָב געפונען אַן אויסגאַנג. אונטערן שפּיגל, וואָס הענגט בײַ מיר אין צימער נומ. 3, אין פּאַנסיאָן, איז פאַראַן אַ האָקן. דער שטריק, אַף וועלכן דער שפּיגל הענגט, וועט מיר קלעקן... איך האָב פאַרשטאַנען די גאַנצע זאַך: איך בין אַן עמיגראַנט... צווישן עמיגראַנטן... איך וויל עס מער ניט...

# אַ זעלטענער סוף

## I

ראַטעווען חעט מיך דאָס נײַע צימער, וואָס איך האָב דורך דעם „זשיל־אַטדיעל” באַקומען אין אַט דער וווינונג. איך פיל עס מיט אַלע אברים:

—אַט דאָ וועל איך אָנשרײַבן מײַן ערשטע פעסטע, יאָדערדיקע, זאַפטיקע זאַך.

שטאָף? — די אַרומיקע טשיקאַווע וווינונג.

איך בין אויפגערעגט און אין מיר טאַנצט גאַנצע טעג עפּעס אַ שד צי אַ מלאך — איין קלייניקייט:

— איך ווער אויס אָנפאַנגער און באַקום אַ נאָמען.

איך האָב עס דערפילט נאָך אינעם ערשטן טאָג, ווען איך האָב זיך אין דער נײַער וווינונג איבערגעקליבן. איך האָב דאָרט נײַגעריק אויסגעקוקט אַלע ווינקעלעך. איך האָב אין זיך אַרײַנגעצויגן דעם גערוך פון עפּעס אַ מין באַזונדער סאָרט פאַרפומירטער פרוי (דער גערוך הענגט דאָ אין אַלע קאָרידאָרלעך אין דער לופט), איך האָב באַלד אָנגעהויבן צו זוכן, פונוואַנען די ריחות גייען — איך האָב געכאַפּט אַ קוק צו מײַנע שכנים פון רעכטס און פון לינקס. איך האָב באַוווּנדערט דעם אוצר, וואָס איז אויסגעפאַלן אויפן חלק פון מיר, דעם אָנפאַנגער, ליבע קאַלעגן, טײַערע יאַטן, וואָס איר זײַט! קיין איין שרײַבער פאַלט ניט אַראָפּ פונעם הימל. גאַנץ פשוט. מ׳דאַרף זיך באַגעגענען אויג אויף אויג מיטן לעבן, אַט ווי איך אין אַט דער וווינונג.

דער ערשטער מיט וועמען איך האָב זיך דאָ באַקאַנט:
אלי קריסמאַן.
אַ מעטראָפּאַזש אין אַ דרוקעריי.

ער זאָגט אָף זיך, אַז ער איז אַ קאָמוניסט, נאָר איך גלויב אים ניט. ווען עס זאָל זיין געווענדט אין מיר, וואָלט איך אים געמאַכט אפשר פאַר אַ קאַנדידאַט און אפשר פאַר קיין קאַנדידאַט אויך ניט. יעדן פאַלס, רעדט ער מיט מיר עפּעס וועגן קאָמוניזם, ווי וועגן אַ געוויינהייט, וואָס ער וואָלט האָבן אין זיך אַריינגעזויגן נאָך אַמאָל צוזאַמען מיט דער מילך פון זיין מוטערס ברוסט — עס איז שוין באַ אים, ווי אַ ביי־זאַך. באַ אים אין צימער אָף דער וואַנט הענגט אַ קילימל. אָפן קי־לימל: אַ רויטער יאַפּאַנישער פאָכער; אַרום דעם פאָכער — צוויי מאַנדאָלינעס מיט אַ גיטאַרע, און אַליין איז שוין גאָר באַ אים דער עיקר, וואָס ער האָט ליב ציכטיקייט — אינעם טאָג, ווען ער אַרבעט ניט, פּוצט ער אָף הפקר די שיך — ער האַלט אין איין פּוצן די שיך.

די ווערטער, מיט וועלכע איך וועל וועגן אים אָנהייבן שרייבן, וועלן געוויס זיין:

— אַ מענטש, וואָס לויט זיינע אַלע באַוועגונגען זעט ער אויס אַ חתונה־געהאַטער, נאָר קיין ווייב האָט ער ניט.

דער צווייטער קוואַרטיראַנט (מיין שכן אין דעם צימער פון דער רעכטער האַנט):

זייער אַ פּליישיקער און בלאַסער בחור — ניט גאָר קיין הויכער. זיין פּנים: געלבלעך און הייוונדיק, ווי אַ פאַרקנאַטעטע מזלדיק־אויפגעגאַנגענע חלה, אַ פּנים, ווי אַ לאָקשנטאָפּ. אָפן פּנים קאָן מען זאָגן:

— ס'איז אַלט ניט מער, ווי אַ יאָר ניינצן.

מ'קאָן אָבער אָף דעם אויך זאָגן:

ס'איז שוין אַלט אַ יאָר צוויי — דריי און דרייסיק.

זיין נאָמען:

יונה משכיל־לאיתן, אַ צערעפּעטער נאָמען, פּונקט ווי זיין פּנים.

דער בחור איז מיר פאַרדעכטיק ביז גאָר. ער טרעט זעלטן אַרויס פון זיין צימער. פון קעגן איבער דער וואַנט, וואָס טיילט אונדז אָפּ, הער איך אָפט, ווי ער רוקט אַרויס פון אונטערן בעט עפּעס זייער אַ שווערע זאַך, ווי אַ שווערן אוצר. ער פאַרעט זיך מיט איר. ער נעמט

עפּעס אַרויס און לייגט צוריק אַרײַן. ער שפּאַנט דאָרט אַרום זייער שטיל און פּאַמעלעך הין און צוריק. עס איז גענוג, איך זאָל דאָ באַ מיר אין צימער געבן אַ הוסט אָדער אַ טופּע מיטן פוס, אַז דער משׂכּיל־לאַיתנדיקער בחור זאָל זיך פון יענער זײַט וואַנט דערשרעקן, אַרונטער־רוקן געשווינד די שווערע זאַך צוריק אונטערן בעט און בלײַבן אַף אַ ווײַלע זייער שטיל, ווי אַן אָטעם און אַן באַוועגונגען. דערנאָך האָב איך זיך מיט אים איין מאָל באַגעגנט אין קאָרידאָר. איך האָב אים געפרעגט, פונוואַנען איז ער, האָט ער זיך פאַרשעמט. עס האָט גע־דויערט, ביז ער האָט מיר געענטפערט. ער האָט פריִער אַ שמייכל געטאָן, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— פונוואַנען זאָל איך זײַן?... איך בין, איך בעט איבער אײַער כּבוד... אַ פרילוקער.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער האָט אַזוי שעמעוודיק גע־שמייכלט און פאַרוואָס האָט ער געזאָגט: „איך בעט איבער אײַער כּבוד". איך האָב זיך דערמאָנט: איך האָב איין מאָל געהערט ווי אַ ייִדענע זאָגט:

— אוי־ווי איז מיר, ס'איז שוין דורכגעפאָרן, איך בעט איבער אײַער כּבוד, אַן אויטאָמאָביל...

דער הויפּטשטאָף צום שרײַבן וועט מיר אָבער דאָ געבן די יונגע געוועזענע באַלעבאָסטע פון דער גאַנצער וווינונג. איך האָב זיך דער־וווסט:

זי איז אַ געשמדטע.

איך האָב גלײַך באַשלאָסן:

— אַזוינס שמדט זיך ניט מחמת גלויבן, נאָר מחמת זינד. זי איז גאַנצן, איר גאַנץ פּנים זעט אויס ווי אַ שטיק זינד; פּראָבע — צוויי און נײַנציק.

זי איז מײַן שכנה פון לינקס.

איר טיר באַהאַלט זיך אויס אין טונקלעניש פון קאָרידאָר.

אין טונקלעניש פון קאָרידאָר לאָזט מען זיך דאָרט פּלוצעם אַראָפּ פון אַ פּאָר אומגעריכטע טרעפּלעך, מ'טאַפּט אָן:

אַ שווערן געוואַנטענעם פאָרהאַנג פאַר דער טיר — אפשר אַ גרי־נער און אפשר אַ בלויער — עס איז טונקל, מ'זעט קוים.

מ׳דערשמעקט גלײַך:

אַ געריך פֿון פֿאַרפֿומען, פֿון פּודער און פֿון אַלערליי אַנדערע זאַכן: ריחות, וואָס דערמאָנען אָן אַ שיינע פּרוי, אָן אַ פֿײַנען עבֿירה. דער פֿאַרהאַנג אין איינעם מיט זײַנע ריחות זאָגט אָן וועגן דער אויסבאַהאַל־טענער געמיטלעכקייט, וואָס פֿון יענער זײַט טיר.

אָט טוט זיך דאָרט די טיר אָן עפֿן.

צוערשט דערזעט מען:

פּערסישע טעפּיכער.

נידעריק, ווייך געבעט מעבל.

גאָבעלינען אויף די ווענט.

יאַפּאַנישע שירעמלעך אַרום בריייטע, בריייטע בעט.

ווײַסע האַריקע פֿעלן.

אין די אויגן טוען זיך אַ וואָרף:

פֿאַרשיידענע פֿאַרביקע זײַדענע קישעלעך. קישעלעך אויף די דיוואַנען און אויף די גרעסערע ווייכע שטולן — אָן אַ צאָל קישעלעך, וואָס זעען אויס ווי אַ „סגולה״ צו זינד און דערמאָנען אָן זינד...

פֿון אַ ווינקל טוען אַ שווינדל:

הויכע אָפּצאָסן פֿון אַ פּאָר אויסגעטוענע שטאַרק פֿאַרשפּיצטע טופ־ליעס.

שנירלעך פֿון אַן אָוועקגעוואָרפֿענעם קאָרסעט.

פֿון צווייטן ווינקל:

די שלאַנקוווקסיקע פֿיגור פֿון דער יונגער משומדת אַליין.

ניט ריכטיק.

צוערשט טוט אַ שווינדל דער פֿאַרהיילטער שניט, וואָס אויף איר האַלדז — אַ קורצער, נאָר טיפֿער שניט. ער האָט געקאָנט פֿאַרבלײַבן אָדער פֿון אַן אָפּעראַציע אין די קינדער־יאָרן, אָדער פֿון דעם, וואָס איינער פֿון אירע קאַוואַלערן האָט זיך אויף איר געוואָרפֿן מיט אַ מעסער (איך בין ניט מחויב צו ברעכן דערויף מײַן קאָפּ). נאָר אַז איך קער זיך אום צוריק אין מײַן צימער, געדענק איך דווקא אָט דעם שניט — ער איז פֿאַרבליבן אויף אייביק, ווי אויף אַ סימן, מען זאָל זי ניט פֿאַרבײַטן מיט אַנדערע פֿרויען. דערנאָך דערמאָן איך זיך אָן אַלץ, וואָס אַרום דעם שניט טוט זיך:

אַ שוואַרץ פּינטעלע אין דער לינקער זײַט פון די ברייטע בלוטיק־רויטע נאַשער־ליפּן.

פאַרביק־ברוינע באַקן מיט פלעקן, ווי גלײַך מען האָט זי אָנגעקנײַפּט.

אַ ביסל אַן אײַנגעבויגענע נאָז, וואָס דאַרף זײַן אײַנגעבויגן.

לאַנגע גאָלדענע רייפלעך אין די עזותדיק־רויטע לעפּלעך פון אירע אויערן.

און איבערהויפּט:

אויגן מיט לאַנגע ווײַעס, וועגן וועלכע מ׳קאָן מיינען, אַז זיי זײַנען שוואַרץ און זייער אומעטיק, און פּלוצעם זאָל מען דערזען, אַז זיי זײַנען טונקל־בלויע און שטאַרק פריילעכע.

איצט ווײס איך שוין דאָרט עטלעכע טעג.

איך דריי זיך אַרום אין גאַס; איך בין שטאַרק באַשעפטיקט. פּלוצעם דערמאָן איך זיך אַן איר שלאַנקער בויגיקער פיגור, אַן אירע אָנטפּלעקטע נאַקעטע הענט, ווען זי דרייט זיך דורך אין קאָרידאָר אין איר ברייטן שטוב־כאַלאַט, און איך דערפיל דאַן פּלוצעם אַ שטאַרקן ווילן זיך אומקערן צוריק אין מײַן צימער. איך געדענק דעם אויפדערנאַכטיקן טומל, די פאַרדעכטיקע פאַרשווינען, וואָס פאַרזיצן זיך דאָרט מיט איר ביז שפּעט אין דער נאַכט — אַ טונקל ווינקעלע, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אויסבאַהאַלטן איצט, נאָך עטלעכע יאָר ראַטנמאַכט — און איך בין גליקלעך, וואָס מיר איז אויסגעפאַלן וועגן דעם צו שרײַבן, דאָס הייסט: עס באַקומען. איך גיי מיט חשק אַהיים נעמען די פען אין האַנט.

מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער משומדת (טאַקע דאָרט אין טונקעלן קאָרידאָר):

זי האָט אַהין אַן עפן געטאָן די טיר פון איר צימער און איז געבליבן שטיין, זי האָט זיך מיט מיר באַקאַנט.

דאָס איז געווען אַ מאָדנע שטומע באַקאַנטשאַפט — אָן ווערטער.

פונדעסטוועגן האָט זי זיך נאָך דעם געדענקט פיל מער, איידער פאַרשיידענע אַנדערע באַרעדעוודיקע קענטשאַפטן.

זי האָט אַ קוק געגעבן אױף מיר מיט אַ שטומען בליק, פֿון װעלכן איך בין פֿול געװאָרן מיט צװײ געפֿילן.

אײן געפֿיל:

עס נאָגט מיך אונטערן האַרצן באַם לעפֿעלע.

אַן אַנדער געפֿיל:

איך פֿאַרשפּעטיק עפּעס אין לעבן. װאָס אַזױנס איך פֿאַרשפּעטיק — װײס איך ניט, נאָר אַז איך פֿאַרשפּעטיק — דאָס איז קלאָר.

אין יענעם זעלבן טאָג (באַ אַ צװײטער באַגעגעניש):

זי האָט אױף מיר נאָך אַמאָל אַ קוק געגעבן (איצטיקס מאָל — מער הײמיש). פֿון אָט דעם צװײטן קוק אירן האָב איך זיך דערמאָנט:

איך בין נאָך יונג.

איך קוק מיט יונג־שװאַרצע סאַמעטענע אױגן.

איך טראָג אַ שװאַרץ־סאַמעטן געפֿאַלדעװעט רעקל.

איך בין אַן אָנפֿאַנגער מיט אַ לינקער ריכטונג. איך בין אַ שטיקל שותּף צו דער ראַטנמאַכט. איך מוז אַרײַנטראָגן אין דער ליטעראַטור אַ שטיקל אמתדיק לעבעדיק לעבן. אַלץ, װאָס איך װעל דאָ זען, װעל איך באַלױכטן אין מײַן נײַער זאַך.

נאָך מער:

אױב עס װעט זײַן נײטיק, װעל איך װעגן דעם דערצײלן װען מען דאַרף און װוּ מען דאַרף.

פֿון דענסמאָל אָן האָב איך דעריבער זיך אָנגעהױבן שטאַרק צו־הערן צו יעדן שאָרך, װאָס קומט פֿאָר באַ איר אין צימער קעגן איבער דער פֿאַרשפּאַלירטער פֿאַניערן־װאַנט, װאָס טײלט אונדז אָפּ. איך האָב זיך דערװוּסט אַ סאַך נײַע זאַכן.

## II

די משומדת האָט אַן אַלטן טױבן פֿאָטער — אַ געװעזענער באַלע־באָס פֿון אַ פּינפֿגאָרנדיקן הױז דאָ אין דער גרױסער שטאָט.

ער װױנט ערגעץ־װוּ אױף דער דריטער אָדער פֿערטער גאַס.

רופֿן רופֿט מען אים דאָ אין װױנונג:

— דער אַלטער זאַבאַרסקי.

זײַן אויסזען:

אַ וווקסיקער, אַ גרויער, אַ צוגעפּוצטער.

אַן אַלטער פּריץ, וואָס לעבן פון רענטע.

(אינטערעסאַנט: פון וואָס לעבן אַזאַ סאָרט נפש איצט, אין די צײַטן פון ראַטנמאַכט ?)

זײַן טויבקייט, די שטיקלעך ווײַסע וואַטע, וואָס אין זײַנעביידע אויערן, זײַנען ווי אומיסטן באַשאַפן געוואָרן, ער זאָל האָבן וואָג אין לעבן.

עס דאַכט זיך:

ער פאָדערט, מען זאָל צו אים ריידן זייער הויך, ניט ווײַל ער איז טויב, נאָר ווײַל ער איז געווען אַ באַלעבאָס פון אַ פינפגאָרנדיק הויז און איז אויף אייביק פאַרבליבן אַ געהויבענער מענטש.

אַלע גאַנץ פרי — די גרויסע שטאָט איז דענסטמאָל נאָך געווים פול מיט פײַכטע שאָטנס און מיט באַנאַכטיקער קילקייט — קומט ער אַהער אָפּנעמען אַ גרוס באַ זײַן טאָכטער וועגן די געשעפטן, וואָס ער פירט דורך איר. ער קלינגט דרײַ מאָל אין טיר־גלעקל, אויף אַ סימן, אַז דאָס גייט ער, דער אַלטער זאַבאַרסקי אַליין.

איך טו קוים־קוים אָן עפן מײַן טיר און דערזע דאָרט דעם פאַר־שלאָפענעם מעטראָנפאַזש קריסמאַנען, וועלכער מוז דעם אַלטן די טיר עפענען. קריסמאַן האַלט בײַזלעך מיט איין האַנט די אַראָפּגעפאַלענע אונטער־הויזן, זײַן צווייטע האַנט קראַצט דעם האַלדז־און־נאַקן מיט אַזאַ אויסזען, גלײַך זי וועט באַלד אָפּלאָזן דעם אַלטן אַ פּאַטש. נאָר דעם אַלטן גייט עס משמעות ניט אָן. ער זאָגט זייער העפלעך און שטאָלץ:

— ספּאַסיבאָ.

און ער שלײַכט זיך באַלד אַרײַן הינטערן שווערן געוואַנטענעם פאָרהאַנג צו זײַן טאָכטער אין צימער.

דענסטמאָל בלײַב איך זיצן אין בעט מיט אַן אָפן מויל און מיט פאַרמאַכטע שלעפעריקע אויגן און דערהער פון קעגנאיבער דער דינער וואַנט קולות:

— איך האָב אים פרעדלאָזשעט — שרײַט סאָני איך אַלטנס טויבן אויער אַרײַן, — ס'איז געווען אָפּאַסנע... איך האָב אים געזאָגט: איר האָט אַ וואָזמאָזשנאָסט צו ווערן רײַך... אויף אַ כשרן וועג...

פון יענער זייט וואַנט איז שטיל. עס דאַכט זיך: דער אַלטער טוט דאָרט אַ שמעק טאַבאַק.

— נו? — פרעגט ער.

— ער איז אַ יונגער!... שרייט נאָך העכער די משמדת... אַ ספּעק. ער איז ערשט אַחודש אַף זיין דאַלזשנאַסט... ער נעמט קיין געלט ניט.

פיר אַזעלכע פרימאַרגנס... פינף... זעקס... קלאָר, פון וואָס דער אַלטער לעבט — פון „מעקלעריי". דורך זיין טאָכטער „באַארבעט" ער אייניקע ספּעצן. דאָרט, ווו געלט איז ווייניק, העלפט ער זיך אויס דורך זיין טאָכטערס ליבע.

— נישקשה פון אַ פרנסה!

איך גענעץ אין בעט ליגנדיק און הייב אָן צוריק איינצושלאָפן מי־טן געדאַנק וועגן דעם שטאָף, וואָס איך האָב דאָ פאַר דער זאַך וואָס איך וועל נשרייבן:

— שון איין מאָל אַ שטאָפּעלע.

אין גרינגן גראַאַנגל צווישן דרימל און וואָך־זיין געדענקט זיך נאָ־כאַנאַנד די געשמדטע סאָני זאַבאַרסקי — אַ יונגע, אַ שיינע, אַ וווקסיקע. אַראָפּגעקומען איז זי אַף דער וועלט, ווי אומיסטן, כדי זיך אָנפּרעסן און אָנזעטן אַנדערע מיט יענע געשמאַקע זינד, וואָס קיינער וועט קיין נאָר ניט זיין, ער זאָל אויסזאָגן, אַז ער חלומט וועגן זיי, און וועט דאָך וועגן זיי חלומען. זי האָט אַ טבע ניט צושליסן אינעווייניק די טיר פון וואַש־צימער בעת זי וואַשט זיך דאָרט אַלע פרימאָרגן אַ האַלב־נאַקעטע. איין מאָל, ווען ניט וויסנדיק פון גאָרנישט, האָב איך אַהין די טיר אָן עפן געטאָן, האָט זי זיך אַפילו ניט אַנטשולדיקט. אינעם קורצן אויגנבליק, ווען איך האָב אין גרויס שרעק זיך געגעבן אַ כאַפּ אַף צוריק, האָט זי נאָר געוואָרפן אַף מיר אַ בליק פון אויגן מיט לאַנגע וויעס, ווי זי וואָלט פרעגן, צי איך זע... און איך האָב ווירקלעך...

— טפו, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

איך באַשליס, אַז צוערשט וועל איך אָנהייבן מאָלן דעם אַלטן טוי־בן זאַבאַרסקין, ווי ער גייט אַלע גאַנץ פרי אָפּנעמען חשבון בא זיין טאָכ־טער. אָט אַזוי וועל איך אָנהייבן שרייבן די זאַך:

אין דרויסן גייט דאָן אויף ווי מיט פאַרשפּעטיקונג די זון. די שטאָט

— אַ גרויסע, אַ געדיכטע. פון אויבן, פון איבער די הויכע פילגאָרנדיקע מויערן. קוקן אַף דער שטאָט קײַלעכיקע און דרײַעקיקע שטיקלעך הימל, זיי זעען אויס העכער און בלויער, ווי געוויינלעך דער הימל...

איך בין צופרידן פונעם אָנהייב, און איבערהויפּט — פון מיינע קײַלעכיקע און דרײַעקיקע שטיקלעך הימל, וואָס זעען אויס העכער און בלויער, ווי געוויינלעך דער הימל. איך ליג מיט פאַרמאַכטע אויגן און זען זיי. אַט די שטיקלעך הימל:

— בלוי, ווי סינקע...

איצט בין איך זיכער, און איך ווער ווירקלעך אַ שרײַבער מיט אַ גרויסן נאָמען.

ענדלעך, ענדלעך — אויס אָנפאַנגער!

פון גרויס גליק פאַרגעס איך, אַז איך לעב אַף דער וועלט. איך טראַכט און ווייס ניט וואָס איך טראַכט. פּלוצים כאַפּ איך זיך, אַז איך האַלט שוין אין מיטן אַ גאַנץ ווײַטן קאַפּיטל פון דער זאַך, וואָס איך וועל דאָ אָנשרײַבן:

... אין דרויסן גייט אַ יונגע זייער שיינע פרוי אין אַ לאַנגן קאַטיק-פוטער. עס איז אָנהייב ווינטער, עס פאַלט דער ערשטער שניי. דאָס גייט זי — סאָני זאַבאַרסקי (אַ וואונדער, וואָס זי איז נאָך אַלץ ניט אין טורמע!). זי גייט דורך אין ברייט פון שטאָט־גאָרטן, ווי זי וואָלט באַשטעלט אַ ראַנדעוווּ מיט אַ יונגן הויכן־באַאַמטן, וועמען זי האָט בשום אופן ניט געקאָנט אויסנוצן צוליב איר פאָטערס געשעפטן און אין וועמען זי איז פאַרליבט טאַקע אַף אַן אמת. זי וואַרט אַף אים זייער לאַנג און פאַרלירט די האָפענונג, אַז ער וועט קומען... און דער יונגער באַאַמטער — בין איך טאַקע אַליין... פאַרוואָס עפּעס דווקא איך? — פאַר גאַרנישט... עס איז מיר עפּעס גלאַט אַזוי אַ שאָד עס זאָל זײַן אַן אַנדערער...

איצט ווער איך אַנטשלאָפן מיט מאָדנע זיסע און זויבערע געפילן פון אַ יונגן הויכן־באַאַמטן, אין וועלכן מען האָט זיך פאַרליבט און וועלכן מען האָט דאָך ניט געקאָנט אויסנוצן פאַר מיאוסע געשעפטלעך.

פון רחמנות קום איך ענדלעך אָן אקעגן דאָרט אין שטאָט־גאָרטן אַרום בײַן אַ זייגער, ווען איך כאַפּ זיך אויף און נעם זיך אָנטאָן,

געדענק איך נאָך די לײַטישקייט מײַנע. איך געגעגעץ און טראַכט וועגן דער יונגער ראַטנמאַכט, וואָס נייטיקט זיך, אַז יונגע מיטפֿילנדיקע שרײַבער זאָלן מיט איר צוזאַמען באַקעמפֿן די געבליבענע שוואַרצע ווינקעלעך . . .

— נאָך פֿאַראַן, טראַכט איך, אויסצוראַטן אַרום און אַרום געגנוג פּאַסקודסטווע . . .הו־הו־הו . . . נאָך פֿאַראַן געגנוג.

אַ שמועס מיטן בחור וואָס האָט אַ פֿליישיק־בלאַט משכיל־לאַיתנדיקן פּנים (מײַן שכן פֿון רעכטס). דער שמועס איז פֿאָרגעקומען לעבן דער טיר פֿון זײַן צימער.

פֿונעם בחור האָב איך זיך דערוווסט:

— דער משומדתטעס קריסטלעכער מאַן, וואָס דינט אַלס דאָקטאָר אין דער רויטער אַרמיי, האָט זי אַוועקגעוואָרפֿן און קומט צו איר מער ניט צוריק.

— שוין אפֿשר אַנדערהאַלבן יאָר, אָדער מער, — אַזוי האָט מיר דער בחור זייער פֿוילבלעך דערציילט.

איך האָב אים אויסגעהערט כלומרשט קאַלט, ווי עס גייט מיך זייער ווייניק אָן. איך האָב געשוויגן אַ רגעלע.

— פֿונדעסטוועגן, — האָב איך אַ פֿרעג געגעבן, — פֿונדעסטוועגן וווינט זי דאָ אין וווינונג נאָך אַלץ, ווי אַ פֿרוי פֿון אַ רויט־אַרמייער?

— יאָ, — האָט געזאָגט דער בחור, — זי וווינט . . .

דערבײַ האָבן זײַנע מזלדיק־אויפֿגעגאַנגענע באַקן געמאַכט אַזאַ קינדעריש־שעמעוודיקע, פֿאַמעלעכע באַוועגונג, וועלכע מען האָט געקאָנט אויסטײַטשן, אַז אויך אים וווּנדערט עס, נאָר ער איז אַ מענטש אַ שטילער . . .

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן:

איין מאָל, ווען די הויז־פֿאַרוואַלטונג האָט זי פֿון איר גרויסן צימער געוואָלט אַרויסזעצן אין אַ קלענערן, האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד, און עס האָבן זיך געפֿונען אייניקע ווירקנדיקע מענטשן, וואָס האָבן איר דענסמאָל געהאָלפֿן. אגב, דער מעטראַנפּאַזש — יונה קריסמאַן — אויך...

איך — זייער פאַרזיכטיק:

— פאַרוואָס?

דער בחור:

ער ענטפערט ניט. די מוסקולן אַרום זײַן פליישיקער נאָז הייבן נאָר אָן זיך צו באַוועגן זייער פאַרזיכטיק אַף צו טאָן אַ האַלבן שמייכל.

דעם האַלבן שמייכל קאָן מען טײַטשן:

— פאַרוואָס? — פרעגט איר — פאַר אירע מעשים טובים...

אַ צווייטער שמועס מיטן בחור:

עס האַנדלט זיך וועגן די פיל מענטשן — כמעט דורכויס מאַנצבילן, וואָס טומלען אָפט ביז שפּעט באַנאַכט בײַ דער משומדת אין צימער. עס טרעפט אָבער אויך, אַז צו איר קומט מען איינציקווײַז און זייער שטיל, ווי בסוד־סודות. דענסטמאָל איז זי אָנגעטאָן זייער אײַנפאַך און פרום. נאָך דעם באַרימט זי זיך פאַר אירע קוואַרטיראַנטן:

— איר ווייסט, ווער ס'איז בײַ מיר געווען?

און זי רופט אָן נעמען...

— צום בײַשפּיל, — האָב איך געפרעגט, — וועלכע נעמען?

— צום בײַשפּיל, — האָט געענטפערט דער בחור, — נעמען פון דער הפטורה...

אַ שאָד: דער בחור, ווײַזט זיך אַרויס, איז דאָ אין דער משומדתטעס געשעפטן ניט פאַרמישט.

און נאָך ווײַזט זיך אַרויס:

פונעם בחור אַליין וועט זײַן קנאַפּ מאַטעריאַל צו שרײַבן. ער זיצט דאָ גאַנצע טעג אין צימער און טוט גאָרנישט. ער וואַרט אַף אַ וויזע פון זײַנעם אַ ברודער אין אַרגענטינע. די שווערע זאַך, וואָס ער שלעפּט אַלע מאָל אַרויס פון אונטערן בעט, איז ניט מער, ווי אַ פּשוטער שווערער טשעמאָדאַן, אין וועלכן אַלע זײַנע זאַכן ליגן שוין מער ווי אַ יאָר אײַנגעפּאַקט. אין טשעמאָדאַן האָט ער אויך אויסבאַהאַלטן אַן אַלט און אָפּגעריבן סטודענטיש היטל מיט אַ צעבראָכענעם לאַקירענעם דאַשעק. ער האָט דאָס היטל געקויפט בײַ אַן אַמאָליקן סטודענט זייער וואָלוול, ווײַל איצט טראָגט מען עס מער ניט, ווי מען טראָגט מער ניט קיין אָפיצירישע עפּאָלעטן. אין טשעמאָדאַן האַלט ער אויך זייער אָפּגעהיט אַן אַטעסטאַט, פון וועלכן עס איז צו זען, אַז פונקט אָנהייב רעוואָלוציע האָט ער אָפּגע־

געבן עקזאַמען אַף אַכט קלאַסן. דער אַטעסטאַט, זאָגט ער אַליין, איז אים אָנגעקומען זייער שווער, ווײַל ער האָט פֿון קינדווײַז אָן אַ ביסל אַ שווערן קאָפּ און איז נאָך דערצו געוואַקסן אַ יתום. זײַן מוטער פֿלעגט אים שטענדיק זאָגן מוסר:

— בײַ דײַנע פֿעטערס טוען די קינדער אַף גיך אַ לערן אין גימנאַ־זיע, אין אוניווערסיטעט און ווערן באַלד פּטור, און דו לערנסט און לערנסט און עס ווערט דערפֿון גאָרנישט...

נאָר אָנהייב רעוואָלוציע, ווען ער האָט ענדלעך דעם אַטעסטאַט באַ־קומען, איז זײַן מוטער שוין געווען געשטאָרבן, און ער אַליין — דאָס הייסט, אַ מענטש מיט אַן אַטעסטאַט — האָט דאָ אין לאַנד שוין געהאַט זייער אַ קליינעם ווערט. דערפֿאַר אָבער האָט דער אַטעסטאַט נאָך אַ ווערט אין אַרגענטינע — אַזוי שרײַבט אים פֿון דאָרט זײַן ברודער, וואָס דאַרף אים צושיקן אַ וויזע.

קלאָר:

כדי דעם בחור זאָל דאָ ניט זײַן אַזוי לאַנגווײַליק צו וואַרטן שליסט ער אָפּ די טיר באַ זיך אין צימער, ער שלעפּט אַרויס פֿון אונטערן בעט דעם טשעמאָדאַן.

איין מאָל, ווען אין דער גאַנצער וווינונג איז חוץ אונדז ביידן קיי־נער ניט געווען, האָב איך זיך אײַנגעקוקט דורך דעם שליסל־לעכל פֿון זײַן טיר און האָב געזען:

ער קוקט לאַנג, לאַנג אַפֿן אַטעסטאַט און לייגט אים נאָך דעם צו־נויף מיט זייער גרינגע פֿינגער. ער נעמט זייער געהיט אַרויס פֿונעם טשעמאָדאַן דאָס סטודענטישע היטל מיטן צעבראָכענעם לאַקירענעם דאַ־שעק, ער טוט עס אָן זייער געהיט, ווי אַ גלעזערנס. און שפּאַנט אין דעם אַרום איבערן צימער הין און צוריק זייער לאַנגזאַם און פֿאַרזיכטיק, קענ־טיק: ער איז זייער דערשלאָגן, וואָס קיינער דערקענט דאָ אַף אים ניט, אַז ער האָט אַן אַטעסטאַט. דערפֿאַר אָבער וועט ער זיך דערפֿילן פֿראַנק און פֿרײַ, ווי נאָר ער וועט באַקומען פֿון זײַן ברודער די וויזע. ווי נאָר ער וועט אַריבערפֿאָרן די סאָוועטישע גרענעץ, וועט ער פֿראַנק און פֿרײַ אָנ־טאָן אָט דאָס היטל און... זאָל די וועלט וויסן, ווער ער איז.

נאָר אָט וואָס:

פֿאַרוואָס, אַשטייגער, האָט די משומדת אַליין אָפּגעגעבן אַזאַ סאָרט

אידיאָט אַ צימער באַ זיך אין וווינונג און פאַר וואָס האַלט זי אים דאָ שוין דאָס צווייטע יאָר?

דער תירוץ איז:

1) דער אַלטער זאַבאַרסקי קומט אַלע גאַנצפרי זיך נאָכפרעגן אָף זײַנע געשעפטלעך.

2) אין אָוונט קומען דאָרט פאַר פאַרברעכערישע זאַכן.

3) פון יענער זײַט שפּאַלירטער פּאַניערן־וואַנט איז אַ מיאוסע פאַר־ברעכערישע נעסט.

קלאָר:

פאַר דער משומדת לוינט, אַז די קוואַרטיראַנטן אַרום איר צימער זאָלן זײַן אידיאָטיש און ניט פאַרשטיין, וואָס באַ זיי אונטער דער נאָז קומט פאָר. נאָר ווו בין איך — אַ יונגער לינקער שרײַבער? זאָל זײַן אַן אָנפאַנגער, אָבער אַ געטרײַער דער ראַטנמאַכט, אין מאָסקווע מאַ־טערט מען זיך, מען ברעכט זיך די קעפּ, פאַר וואָס עס קומט אַן אַזוי שווער יעדער טריט, און דאָ טיילט מען זיך מיט כאַבאַר און מיט דער משומדתטעס ליבע. פאַר וואָס ליגט מיר אַלץ אין קאָפּ די זאַך. וואָס איך וויל דאָ אָנשרײַבן? פאַר וואָס גיי איך פשוט ניט אַוועק דערציילן וועגן דעם אַלעם דאָרט, ווו מען דאַרף? אויב איך טו דאָס ניט, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב נאָך דערווײַל ניט קיין פאַקטן. איך ווייס נאָך אַלץ ניט, ווער איז דער משומדתטער קאָמפּאַניע. איך מוז פריִער געוווּיר ווערן אַלע סודות: אַרײַננעמען זי מיט איר גאַנצער קאָמ־פּאַניע שטײַף אין די הענט... שטײַף אין די הענט...

## III

פון טאָג צו טאָג ווערט באַ מיר דער אויער אין מײַן צימער מער פאַרשפּיצט. איך לאָז ניט דורך קיין מינדסטן שאָרך פון איר געוווּק־סיקער און שטאַלדטנער פיגור. זאָל זײַן, אַז מיך האָט קיינער ניט גע־דונגען. איז וואָס? עס איז דען ניט מײַן חוב?

ס'איז שטיל.

אַרום דרײַ באַטאָג.

איך דערהער פֿון יענער זײַט שפּאַלירטער פּאַניערן־וואַנט, ווי זי טוט אַ קורצינק, לײַכט און סאַמעטן הוסטל — אַ הוסטל, וואָס נאָר באַזונדער־שיינע פּרויען קאָנען פֿון זיך אַרויסגעבן. מיטן הוסטל זאָגט זי אָן:

— איך בין אין דער היים ... דאָ ... באַ זיך אין צימער.

נאָך דעם הוסטל איז באַ איר ווידער שטיל. איך בין אָנגעשטרענגט ביז גאָר. פֿון יענער זײַט דינער טאַפּעטן־וואַנט דערהערט זיך אַ נײַער שאָרך. איצטיקס מאָל זייער נידעריק אַף די פּערסישע טעפּיכער, וואָס באַדעקן די פּאָדלאָגע. אין אָט דעם שאָרך דערפֿיל איך, אַז זי טוט אָן די טופֿליעס. מיר קומט עס פֿאָר, ווי זי וואָלט עס טאָן באַ מיר אין צימער און וואָלט זיך דערבײַ ניט שעמען, ווײַל זי איז שוין מיט מיר זייער היימיש. איך זע כמעט ווי זי טוט עס: די ליניעס פֿון איר זיצנדיק־אָנגעבויגענער וווקסיקער פֿיגור זע איך, די ליניעס פֿון אירע פֿיס, וואָס זײַנען פֿאַרוואָרפֿן איינער איבערן אַנדערן, און אויך איר טראָט אינעם זײַדענעם זאָק — אַ טראָט פֿון אַ שלאַנקן פֿוס, וואָס גליטשט זיך אַרײַן אין דער טופֿליע זייער לײַכט „אָן תּירוצים", ווײַל אַזוי הייסט זי. און אויך די געשווינדע באַוועגונג פֿון אירע פֿינגער זע איך — לאַנגע אומרויִקע פֿינגער מיט גלאַנציקע מאַניקירטע נעגל. זיי זײַנען פֿון לאַנגקייט אַ ביסל אײַנגעבויגן און צעשפּרייטן זיך באַ די שפּיצן, ווי לאַפּעטקעס. זיי זײַנען אומיסטן באַשאַפֿן געוואָרן אַף אומרויִקע גלוסטעניִשן.

— טטס־הע! — דערהערט זיך ווידער איר הוסטל.

עס זאָגט ווידער אָן:

— איך בין דאָ ... איך בין דאָ.

איך שפּאַן אַרום באַ זיך אין צימער און פֿיל אַ ריח פֿון פּודער און פֿון פּאַרפֿומען, כאָטש אַזאַ ריח איז אַרום מיר נישטאָ. אימעצער אין מיר איז עפּעס ווי ניט מסכּים, וואָס זי וועט באַלד אָן אויסגעפּוצטע ערגעץ אַוועקגייען, און די גאַנצע וווינונג וועט אָן איר בלײַבן ווי פּוסט אַף גאַנצע עטלעכע שעה. נאָר פֿון דער אַנדערער זײַט ... איך בין זיכער, אַז עס מאַכט ניט אויס — אָט דאָס, וואָס זי געפֿעלט מיר אַזוי שטאַרק ווי אַ פֿרוי. פֿאַרקערט ... ווי שטייט עס, אַז מען דאַרף ניט זײַן קיין מאַנצביל? אַדרבה, דאָס אַלץ גיט מיר נאָך צו מער אימפּעט צו טאָן דאָס וואָס מײַן געוויסן פֿאָדערט ... אויב עס וועט זײַן נייטיק, וועל איך זי פּשוט

אויסגעבן. איך וועל פשוט אָנשרײַבן אַהין, ווהין מען דאַרף:

דאָ און דאָ, אַף דער און דער גאַס, אין דער און דער וווינונג, קעגן איבער דעם צימער, אין וועלכן איך וווין, קומען פאַר טאָג־טעגלעך אַזעלכע און אַזעלכע זאַכן. איך וועל אונטערשרײַבן מײַן אמתן נאָמען, און זאָל עס אַפילו הייסן, ווי מען וויל — איך וועל טאָן, וואָס מיר וועט הייסן מײַן געוויסן...

באַ מיר איז דאָס אַ באַשלאָסענע זאַך.

דעריבער האָב איך קיין מורא ניט פאַר דעם געדאַנק, אַז די משומדת טוט אַלץ, כדי צו ווערן מיט מיר מער היימיש.

ניט אומזיסט לאָזט זי אַלע פרימאָרגן אָפן די טיר פון דעם וואַשצימער, ווען זי וואַשט זיך דאָרט.

ווער, וויל זי, אַ שטייגער, זאָל זי דענסטמאָל טרעפן אין וואַשצימער. אויב אַחוץ איר און מיר איז דענסטמאָל מערסטנטייל קיינער אין דער וווינונג נישטאָ?..

איין מאָל, נאָך אָט דעם וואַשן זיך, איז זי כלומרשט ווי אַ באַלעבאָסטע דורכגעגאַנגען איבער דער גאַנצער וווינונג.

זי האָט אַרײַנגעקוקט צו אַלע אַוועקגעגאַנגענע קוואַרטיראַנטן אין די צימערן.

ווי אַ בעלעבאָסטע האָט זי כלומרשט אַרײַנגעקוקט אויך אין מײַן צימער.

— אַף! האָט זי זיך געוווּנדערט, — איר זײַט אין דער היים? און איך האָב געמיינט, אַז איר זענט נישטאָ... קיינער פון די קוואַרטיראַנטן איז נישטאָ...

דערבײַ האָט זי מיר די גאַנצע צײַט געקוקט גלײַך אין די אויגן מיט אַ פרײַנטלעכן, האַלב שמייכלענדיקן בליק, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגן:

— דו קוקסט מיט סאַמעטענע אויגן... דו געפעלסט מיר, נאָר דו ביסט אַ לעמעשקע, מײַן יונגער פרײַנט... הויבטס ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס דאַרף מען טאָן, אויב מען האָט אַ באַלעבאָסטע ווי איך, און קיינער פון די קוואַרטיראַנטן איז דעמאָלט נישטאָ אין דער היים.

און כדי מיר צו דערווײַזן, וואָס פון אַזאַ באַלעבאָסטע ווי זי, קאָן

מען האָבן, האָט זי, שטייענדיק אַקעגן מיר אין טיר, זיך געגעבן אַ צי אויס פון נאָך איר שלאָפן און פון נאָך איר וואַשן זיך.

איר ברוסט האָט זיך דערביי אויסגעקײַלעכיקט, יעדער טייל פון איר קערפּער האָט זיך אָנגעשטרענגט, ווי פון גרינגער גימנאַסטיק, און אירע אויגן האָבן מיט אַמאָל אַ קוק געגעבן אַף מיר נאָך מער פרײַנטלעך און שמייכלדיק, ווי זי וואָלט מיט איר בליק פּלוצעם איבערגעגאַנגען מיט מיר אַף „דו״ . . .

זי האָט געוואָרט, וואָס וועל איך דערויף ענטפערן. נאָר איך האָב דערויף גאָרנישט ניט געענטפערט, האָט זי גענומען אַרומקוקן מײַן צי־מער, און נאָך מער ווי זי האָט אַרומגעקוקט מײַן צימער, האָט זי נאָך אַלץ אַרומגעקוקט מיך אַליין . . .

— אײַערעביידע פענצטער זײַנען נאַקעט, — האָט זי געזאָגט — מען דאַרף אײַך אויפהענגען פאָרהענגלעך . . . בײַ מיר זײַנען פאַראַן פאַר אײַער פענצטער פאָרהאַנגען. שטענדיק, אַז מען קומט אָן אין אָוונט אין הויף אַרײַן, זעט מען אַלץ, וואָס בײַ אײַך אין צימער טוט זיך . . . איך האָב שוין געטראַכט וועגן דעם . . .

וואָס האָט זי געוואָלט מיט דעם זאָגן ?

זי האָט געטראַכט וועגן מיר . . .

דאָס איז ערשטנס.

צווייטנס :

זי דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז בײַ אַזאַ יונגנמאַן, ווי איך, קאָן אַמאָל אין אָוונט פאָרקומען אַזעלכע זאַכן, וואָס ניט אַלע אין הויף דאַרפן זיי זען . . . זי איז אין דעם זינען ניט קיין אָפּגעשטאַנענער מענטש. און דע־ריבער איז זי גרייט צו פאַרהענגען מײַנע פענצטער מיט פאָרהאַנגען . . .

מיך פאַרדריסט :

פאַר וואָס האָב איך דעמאָלט פאַרלוירן מײַן לשון ?

פאַר וואָס האָב איך איר דעמאָלט וועגן די פאָרהאַנגען ניט געענט־פערט :

— אַלץ איינס . . . מיר איז דאָס אַבסאָלוט אַלץ איינס . . .

פון פאַרדרוס בין איך באַלד נאָך איר וויזיט אַוועקגעגאַנגען פון דער היים — איך בין אַוועק זיך אויסלופטערן, ווי פון אַ טשאַד.

מיר האָט זיך געדאַכט : איך האָב אַ ביסל היץ. עס זעען מיר אויס

פרעמד און אַנדערש, ווי שטענדיק, אַלע פאַרבײַגייענדיקע מענטשן אין גאַס, ווי גלײַך צו יעדן פון זיי איז הײַנט אינדערפרי געקומען מיט אַ ווי־זיט די משומדת און באַ יעדן פו זיי האָט זי געוואָלט אויפהענגען פאַר־האַנגען אַף די פענצטער...

אין אַ פּאָר טעג אַרום.

איך האָב זיך באַטאָג אומגעקערט פון גאַס.

איך האָב געטראָפן באַ זיך אין צימער בלאַנק־ווײַסע, פריש־געקראָכ־מאַלעטע פאַרהאַנגען אַף די פענצטער.

זויבערע, טוליענע און לאַנגע פאַרהאַנגען.

זיי האָבן צוגעגעבן אַ נײַע געמיטלעכע ליניע מײַן גאַנצן צימער; זיי האָבן געשמעקט מיט די זעלבע ריחות, מיט וועלכע עס שמעקט די משומדת אַליין.

באַ מײַן אַרײַנקומען האָט זיך מיר אויסגעדאַכט:

די משומדת האָט דאָ געשפּריצט אין דער לופט מיט פאַרפומען.

נײַע, אומגעריכט־פרישע היימלעכקייט!..

אין אָפּגעפרישטן צימער האָט אַף מיר מיט אַ נײַ חנדל אַ קוק גע־געבן פריִער די קישן, וואָס אַף דעם צוגעגלעטן בעט, דערנאָך די פיר שטולן באַ די ווענט.

די קליינע קאַנאַפּע האָט ווי אין ווילטאָג זיך אויסגעגלעט דעם אײַנגעפאַלענעם בויך.

די שראַנק, וואָס אין ווינקל, די פּאַפּירן אַף דעם קליינעם צוגעדעק־טן טיש, וואָס דינט מיר צו שרײַבן, האָבן מיך זייער שטיל ווי אָפּגענאַרט און ווי מיר געזאָגט מוסר:

— נאָר דו... האָסט פאַרשפּעטיקט... געוועןן באַדאַרפט קומען פריִער אַ ביסעלע...

פון אַלץ האָט אַף מיר אַ בלאָז געגעבן מיט אַזאַ געפיל, ווי עיך־הרע... עפּעס אַזוי גרינג...

אַרום און אַרום אין אַלע צימערן איז געווען זייער שטיל — אָפּנים קיינער איז ניט געווען אין דער היים.

איך האָב ניט געדענקט, ווי לאַנג האָב איך באַ מיר אין צימער אַרומגעשפּאַנט.

אויפגערעגט, ווי פון נאָך אַ טומלדיקער חתונה, האָב איך זיך צו־

געלייגט אַף דער קורצער קאַנאַפּע, זיך צוגעשפּאַרט מיט אַ רויִקייט, וואָס קומט פון דער אַרומיקער פרישער געמיטלעכקייט.

איך האָב דערפילט אַ מידקייט ווי נאָך אַ שוויץ־באָד.

דער קערפּער האָט געוואָלט מען זאָל אים געבן רו און אים לאָזן וואָס לענגער אַזוי ליגן.

די אויגן האָבן זיך אַליין צוגעמאַכט און געוואָלט מען זאָל זיי ניט שטערן צו זען פאַר זיך די בילדער אין דעם ווײַטן קאַפּיטל פון דער זאַך, וועלכע איך האָב שוין אָנגעהויבן צו שרײַבן — זען וואָס לענגער און וואָס נענטער:

אין דרויסן גייט אַ יונגע שיינע פרוי אין אַ לאַנגן קאַטיק־פוטער. עס איז אָנהויב ווינטער. עס פאַלט דער ערשטער שניי. דאָס איז געווען די געוועזענע משומדת סאָני זאַבאַרסקי... ווי מאָדנע איז צו זען פון ווײַטנס, ווי זי שפּאַנט — אין איר האָט זיך איבערגעביטן אַלץ אפילו איר גאַנג. איר פּנים האָט זיך אַ ביסל אויסגעצויגן און איז געוואָרן נאָך שענער — אַ פּנים פון אַ לײַדנדיקן מענטשן. אירע אויגן אונטער די לאַנגע ווײַסע ברעמען בלויע און פריילעכע געוואָרן פיל טונקעלער, כמעט שוואַרץ און זייער אומעטיק. מיט איר אַלטן טויבן פאָטער האָט זי שוין לאַנג איבערגעריסן. זי לאָזט אים צו זיך ניט אַרײַן. ער קומט צו איר ניט מער — צו איר קומט בכלל מער קיינער ניט. זי איז פאַרליבט אין אַ יונגן הויכן־באַאַמטן, וועלכער איז אויך אַ באַוווּסטער שריפטשטעלער.. ער קומט איר אַן אַקעגן מיט אַ זײַטיקער אַלעע אין דעם שטאָט־גאָרטן...

דאָ האָבן באַ מיר זיך אָפּגעשטעלט סײַ די געדאַנקען, סײַ די געפילן, וואָס פאַרבינדן מיך מיט דעם אַרומיקן ווירקלעכן לעבן.

איך האָב ווי ניט געוואָלט אַוועקגיין פון יענעם אָרט אין שטאָט־גאָרטן, ווו איך קום איר אַן אַקעגן.

איך בין זייער לײַכט און זיס אַנטשלאָפן געוואָר, ניט פילנדיק אַז איך קוועטש זיך אָפּ אַ רויט־געוואָרענע שטײַף־צוגעדריקטע באַק.

איך האָב ניט געדענקט, ווי לאַנג מײַן שלאָף האָט געדויערט. מיר איז געווען אַ שאָד, וואָס מען שטערט מיר און וואָס איך מוז זיך אויפכאַפּן.

דינע און לײַכטע פינגער האָבן געקלאַפּט צו מיר אין טיר.

איך האָב דערפילט זייער דינקייט נאָך איידער איך האָב זיך אין

גאַנצן אויפגעכאַפּט, נאָך איידער איך האָב געהאַט די קלענסטע פאַרשטע־לונג, צו וועמען געהערן זיי און ווער וויל דאָ צו מיר אין צימער אַרײַנ־קומען.

מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ האָב איך זיך אויפגעזעצט און האָב זיך אײַנ־געהערט, ווי די פינגער קלאַפּן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

— אַרײַן ! . . .

אין דער אויפגעמאַכטער טיר איז געשטאַנען די משומדת.

ניט קיין אומעטיקע און ניט קיין וויינענדיקע.

פון אונטער אירע לאַנגע ווײַס האָבן אירע בלויע אויגן געקוקט מיט אַ פריילעכן, זינדיק־רייצנדיקן שמייכל.

דער שמייכל אירער, אַזוי האָט זיך געדאַכט, איז אַרײַן אין צימער נאָך איידער אין צימער איז אַרײַנגעטראָטן זי אַליין.

— ג־ג־נעבעך, — האָט זי אָפּגעלאַכט פון מײַן פאַרשלאָפנקייט, פון מײַן פאַרלוירנקייט און פון מײַן צעקנייטשטער רויט־אָפּגעקוועטשטער באַק.

— ג־נעבעך . . . אויפגעוועקט פון שלאָף. אַ ? . . . איך בין געקר־מען צו אײַך אָנטלײַען אײַערע שטולן און אײַער טיש . . . צו מיר וועלן הײַנט אין אָוונט קומען געסט . . פיל געסט . . .

נו . . . פאַרשטייט זיך :

די משומדת האָט אַפילו ניט געטראַכט חרטה צו האָבן און ווערן אַ לײַדנדיקער מענטש . . .

איר האָט זיך אַפילו ניט געחלומט איבערצורײַסן מיט איר אַלטן פאָטער, מיט איר גאַנצער פאַרברעכערישער קאָמפּאַניע און זיי פאַרווערן אַרײַנקומען צו איר אין וווינונג.

זי איז געקומען מיר אָנזאָגן די בשורה, אַז יז וויל בײַ מיר אָנטלײַען די שטולן און דעם טיש, ווײַל בײַ איר וועלן הײַנט זײַן אין אָוונט געסט.

ווײַל אַלע קוואַרטיראַנטן אָנטלײַען אַזעלכע פאַלן זייערע שטולן און זייערע טישן.

דערבײַ האָבן אירע פריילעך־שמייכלדיקע אויגן זיך אָפּגעשטעלט אויף מיר מיט אַזאַ קוקעלע, וואָס דאַרף פעסטשטעלן, אויב איך וועל זײַן צו איר ערגער איידער אַלע אַנדערע קוואַרטיראַנטן, אָדער ניין . . .

איך האָב זיך אונטער אַט דעם בליק אין גאַנצן פאַרלוירן.

איך האָב נאָר געדענקט, אַז איך אַליין בין זייער ווײַט פון איר טויבן, פון אירע „געסט“ און פון זייערע אַלעמענס געשעפּטלעך — איך בין ניט גלאַט אַזוי אַ יונגער שרײַבער . . . איצט אין די צײַטן פון ראַטנמאַכט.

און נאָך האָב איך געדענקט:

אַרום און אַרום איז נאָך פאַראַן אויסצורוימען גענוג פּאַסקודסטווע... גענוג פּאַסקודסטווע.

טאָקע דערפאַר טוט עס מיר באַנק, פאַר וואָס איך האָב זי דעמאָלט געלאָזט אויפהענגען די פאָרהאַנגען בײַ מיר אין צימער, פאַר וואָס איך האָב איר דעמאָלט ניט געזאָגט:

— מיך גייען די פאָרהאַנגען ווייניק אָן . . . מיר איז דאָס אַלץ איינס . . . איך קאָן זיך באַגיין אָן זיי . . .

און ווײַל איך בין איצט געוועזן פאַרשלאָפן; ווײַל איך האָב ניט גע־ווּסט, וואָס איר וועגן די שטולן און וועגן טיש צו ענטפערן; ווײַל איך האָב זיך אונטער איר פריילעך בליקעלע פאַרלוירן, — האָב איך איצט אומגעריכט פאַר זיך אַליין, אַ פּאַנפע געגעבן צו זיך אין נאָז דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט זאָגן וועגן די פאָרהאַנגען.

— אַלץ איינס . . . מיר איז דאָס אַלץ איינס.

מײַנע פיס האָבן דאָן ווי זעלבשטענדיק אָנגעהויבן אַרומצושפּאַנען איבער דעם צימער.

איך האָב געזען:

זי האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן זייער לוסטיק, כמעט מיט פרייד, ווי זי וואָלט מײַנע ווערטער ניט צוגעגעבן קיין מינדסטן זינען.

זי האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטראָגן אַ שטול נאָך אַ שטול, און ערשט נאָך דעם, ווען אַלע שטולן זײַנען שוין געווען אַרויסגעטראָגן, און די ליידיקע ווענט פון מײַן צימער האָבן אויף מיר אַ קוק געגעבן זייער באַליי־דיקט,ווי גלײַך זיי האָבן צו מיר טענות, פאַר וואָס איך נעם זיך ניט אָן זייערע קריוודע . . . האָב איך ערשט אָקאָרשט נאָך דעם אָנגעהויבן צוריק־צוקומען צו זיך און האָב דערפילט, אַז דער „אַלץ איינס“ איז געווען זיי־ער אַ פאַרשפּעטיקטער און נאַרישער.

אויף מײַנע שטולן וועלן הײַנט זיצן „חברה“ . . .

מיטגלידער פון יענער געהיימער פאַרברעכערישער קאָמפּאַניע, מיט

וועלכער דער אַלטער טויבער זאַבאַרסקי פירט דורך זײַן טאַטכער מיאוסע געשעפטן.

ס׳קומט אויס

איך העלף אין דעם מיט מײַנע שטולן...

איצט איז שוין דער משומדת געבליבן ניט מער, ווי אַרויסצוטראָגן פון מײַן צימער דעם טיש, אַף וועלכן איך שרײַב.

דער טיש איז געווען ניט קיין גרויסער, נאָר איר איז דאָך געווען שווער אים צו טראָגן.

זי האָט זיך אַרום טיש אַרומגעדרייט עטלעכע מאָל. זי האָט אים געפּרוווט אַ נעם געבן פריִער פון איין זײַט נאָך דעם פון דער אַנדערער זײַט. זי האָט אים אָנגעבויגן צו איר בויך אַזוי, אַז זײַנע פאָרנטיקע צוויי פיס זײַנען געבליבן אין דער לופט.

זי האָט זיך דערבײַ פאַררויטלט, זיך פונאַנדערגעלאַכט און האָט ענדלעך אַ קוק געגעבן אַף מיר זייער פאַרוווּנדערט און זייער פריילעך:

— נו?.. קאַוואַליער!.. האָט זי באַ מיר געמאָנט מיט די אויגן.

— קאַלעגע!..

און איך אַליין האָב שוין ניט געדענקט ווי אַרום איז דאָס געשען:

אין מײַן קערפּער — אַ קערפּער, וועלכן, איך האָב קיין מאָל ניט גערעכנט פאַר קיין ספּעציאַליסט אין אַזעלכע זאַכן האָבן פּלוצעם אַ זיך געגעבן די בלוטן פון אַ גוואַלדיקן „קאַוואַליער״...

שפּעטער מיט אַ פּאָר מינוט, ווען איך בין געקומען צוריק צו זיך, איז שוין אַלץ געווען אָפּגעטאָן און פאַרפאַלן.

ס׳איז געווען אַ פאַקט:

איך, דער שטילער און באַשיידענער בחור, אַ יונגער שרײַבער, אַ מענטש, וואָס קוקט אַף זיך אַליין, ווי אַף איינעם פון יענע געציילטע, וואָס אַז ווען דער ראַטנמאַכט איז שלעכט, זײַנען זיי גרייט צו פאַסטן מיט איר צוזאַמען דעם גייטיקן תענית... האָט במחילה אײַנגעבויגענער־הייט אַליין געטראָגן צו איר אין צימער יענעם טיש, אַף וועלכן איך האָב אייגנלעך געפילט פאַר מײַן חוב אָנצושרײַבן וועגן איר „דאָס, וואָס מען דאַרף״ און „וווּהין מען דאַרף״...

פאַרסאַפּעט און אויפגערודערט פון דעם אָפּגעטוענעם שטיקל אַרבעט,

בין איך געבליבן שטיין אַף די פּערסישע טעפּיכער לעבן דעם אָוועקגע־שטעלטן טיש.

איצט האָב איך אַקאָרשט דערפילט, אַז איך געפין זיך בײַ דער משמודת אין צימער.

מײַנע אויגן האָבן דערזען, אַז דער אַרײַנגאַנג אין צימער איז צו־געמאַכט גאַנץ שטײַף, ווי געשלאָסן. און אַז דער משומדת געפעלט עס — זי איז צופרידן סײַ פון מײַן קאַוואַליערישער איידלקייט, סײַ פון דעם וואָס זי איז געבליבן מיט מיר אַליין אין צימער... זי דערנענט זיך מיט פריילעכע אויגן און בלײַבט שטיין פאַר מיר מיט אַרונטערגעוואָר־פענע הענט, מיט אַרונטערגעבויגענע אַקסלען, מיט אַ אויסגעקײַלעכיק־טער ברוסט, מיט פײַכטע, פונאַנדערגענומענע ליפּן און מיט אַזאַ שמיי־כעלע, וואָס האָט פיל צו זאָגן וועגן דעם רײַכטום וואָס איר קערפּער פאַרמאָגט:

— נאָ... נעם, טײַערינקער, וואָס דיר קומט... דו האָסט כשר פאַרדינט...

דעמאָלט איז מיט מיר געשען אַ צווייטע זאַך, אַף וועלכער איך האָב פון זיך בשום אופן ניט געוואַרט...

פון דער נאַענטקייט, וואָס איז געבליבן צווישן מיר און איר, פון אירע פײַכטע פונאַנדערגענומענע נאַשער־ליפּן, וואָס האָבן באַוויזן לענג־לעכע ווײַסע ציין, פון דעם פאַרפומירטן גערוך, וואָס טראָגט זיך דער עי־קר פון אירע האָר. פון די לאַנגע רייפּעלעך, וואָס אין אירע עזותדיק־רויטע אויערן־לעפּלעך, און פון דעם טיפן פאַרהיילטן שניט וואָס אַף איר האַלדז. — יאָ... דער עיקר פון אָט דעם שניט — האָט זיך מיר פאַר־דרייט דער קאָפּ.

מײַן קערפּער האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, אַרײַנפאַלנדיק צו איר אין די אָרעמס.

מײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסענערהייט פאַרמאַכט, און די גאַנ־צע צײַט, וואָס איך האָב זיך אין אירע אָרעמס געפונען, האָב איך ניט אויפגעהערט צו באַוואונדערן, ווי אַלץ, וואָס מען קאָן אין איר געפינען, איז פיל מער געשמאַק און מער זינדיק, ווי איך האָב געקלערט, סײַ ווען איך האָב זי געזען האַלב־נאַקעט אין וואַשצימער, און סײַ ווי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט שטענדיק, ווען איך האָב פון יענער זײַט דינער טאַ־

פעטן־וואַנט געהערט איר סאַמעטענעם הוסטל. פון מײַן באַוווּנדערונג האָט מיך ענדלעך אויפגעוועקט איר קול — אַ קול, וואָס קלינגט אַ ביסל גע־לעגערט און מיד, ווי פאַרשלאָפן:

— נו, יִינגעלע, גענוג פון דײַנעטוועגן... גענוג אָפן ערשטן מאָל...

דעמאָלט האָב איך איבעראַנײַס אַ קוק געגעבן אָף איר. און דאָס ערשטע, וואָס איך האָב באַמערקט, איז געווען דאָס, וואָס זי האָט אָפּנים קיין חרטה ניט... זי זעט אויס גאַנץ צופרידן...

פון דעם האָב איך געהאַט זיך אָפּגעלערנט, אַז עס איז ניט געשען קיין שום בייז און אַז אויך איך דאַרף קיין חרטה ניט האָבן.

נאָר קיין פיל צײַט דערויף איז מיר ניט געבליבן, ווײַל באַם אַרײַנ־גאַנג אין קאָרידאָר האָט אימעצער אין גלעקל פון טיר שוין אָן היפּשע ווײַלע זייער שטאַרק געקלונגען.

די משומדת איז געשטאַנען מיט איר פּנים צום שפּיגל.

— אידי... האָט זי מיט געשווינדע פינגער צורעכט געמאַכט אָף זיך די האָר.

איך בין, ווי פריִער, זייער לעפּיש געשטאַנען.

די משומדת האָט זיך צו מיר אומגעקערט מיט שמייכלדיקע אויגן און מיט אָנגעברוגזטע ברעמען.

— אוכאַדי! — האָט זי אָף מיר אַ טופּע געטאָן מיטן פוס — אוכאַדי... ביסטאַרי!...*)

## IV

איך האָב אַרומגעשפּאַנט באַ זיך אין צימער, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט שוין, אַז ער האָט עפּעס פאַרלוירן, נאָר ער ווייסט נאָך ניט פּינקטלעך וואָס ער האָט פאַרלוירן.

איך האָב געהערט, פון יענער זײַט דינער טאַפּעטן־וואַנט שרײַט די משומדת אין איר פאָטערס טויבן אויער:

— האָסט געבראַכט ווײַן?... שטעל אַהין אין ווינקל!

---

*) אוועק, גיך!...

— ברענג נאָך ! . . .

— זיי וועלן זײַן באַ מיר אַלע ! . . . אין אָוונט !

— מען וועט טרינקען ! . . .

— זאָג ליאָוועך, ער זאָל אויך קומען ! . . .

— איך וועל אים דאָ באַקענען מיט דעם „גלאָוו־זשיר” . . . פּיף־פּאַף . . . א יידעלע! . . .

אין יעדן נײַעם געשריי אירן איז שוין מער קענטיק, אַז זי פּילט זיך איצט פרײַער איידער נעכטן און איינעכטן — דאָ אין דער וווינונג האָט זי שוין מער פאַר קיינעם קיין מורא ניט.

— איך בין אַ ליידאַק . . . אָט וואָס.

איך האָב, אַרומשפּאַנענדיק הין און צוריק, געהערט אָט די קולות און האָב אויפגעדעקט אין זיך אַ מאָדנע געפיל:

אומצופרידן מיט דעם, וואָס איז צוריק מיט אַ ווײַלע באַ דער משומדת אין צימער פאַרגעקומען, איז מערסטן דווקא מײַן אײַנגעמידטער קערפּער. דער קערפּער איז ווי גרייט צו זאָגן מיר מוסר:

— מיאוס אַרײַנגעפאַלן . . . וואָס ? . . .

— אויס ריינער געוויסן . . .

— געוואָרן איין שטיק מיט דער משומדתטעס קאָמפּאַניע מיט עפּעס איינעם אַ ליאָוועך . . . מיט יידל אַ „גלאָוו־זשיר” . . . „פּיף־פּאַף”...

— צוליב וואָס האָסטו דאָס באַדאַרפט ? . . .

פאַרקערט, דער פאַרשטאַנד האָט מיך געטרייסט, אַז עס מאַכט ניט אויס... פון דער משומדתטעס קערפּער איז קיינעם ניט פאַרווערט הנאה צו האָבן.

ס'הענגט בלויז אָפּ, צי מען באַגייט צוליב דעם אַ פאַרברעכן.

און איך... איך בין דאָ קיין שום פאַרברעכן ניט באַגאַנגען.

כ'האָב זיך אָף קיין האר ניט געביטן סײַ צו איר, סײַ צו איר טויבן פאָטער, סײַ צו דער גאַנצער קאָמפּאַניע, וועלכע וועט באַ איר הײַנט אין אָוונט שיכורן.

אויב מען וועט דאַרפן, וועל איך, ווי פריִער, גרייט זײַן אָנצושרײַבן וועגן איר אַהין, וווהין מען דאַרף... און ניט איך וועל „אַמאָל גרייט זײַן,, נאָר אָט שוין איצט — איך קאָן עס טאָן טאַקע צו הײַנטיקן אָוונט... טאַקע שוין... באַלד.

כדי צו דערווײַזן מײַן קערפּער, אַז ער האָט אין מיר אַ גראָבן טעות, האָב איך, אַרומשפּאַצירנדיק איבערן צימער, אָנגעהויבן אויסצולייגן בײַ זיך אין קאָפּ, ווי אַזוי איך וועל וועגן דעם שריפטלעך געבן צו וויסן, וווהין מען דאַרף:

שוין דרײַ וואָכן... דרײַ וואָכן, זײַט איך וווין אין דעם און דעם הויף, אין דער און דער וווינונג... דרײַ וואָכן...

ניי, דעם אמת:

הײַנט איז פּונקט זיבעצן טעג, אַז איך וווין דאָ אין דעם און דעם הויף, אויף דער און דער גאַס, אין אַ צימער פון דער וווינונג, וואָס האָט האָט פריִער געהערט צו דער פרוי סאָני זאַבאַרסקי — אַ פרוי, וואָס גיט זיך אויס פאַר אַ ווײַב פון אַ דאָקטאָר אין דער רויטער אַרמיי, כאָטש דער דערמאָנטער מאַן האָט זי שוין לאַנג — אפּנים ניט אומזיסט — אָוועקגעוואָרפן...

איצט איז מײַן קערפּער געוווען געריכט, וואָס ער האָט אין מיר ווירקלעך געהאַט אַזאַ גראָבן טעות — איך שאַנעווע ניט די משומדת, כאָטש זי געפעלט מיר שטאַרק און איז מיר ביז אַ געוויסער מאָס אײַנגעבאַקן אין האַרצן. צו אַלדע שוואַרצע יאָר מיט איר, דער משומדת! איך וואָלט געוווען אַ פאַרברעכער, ווען איך טו עס ניט.

אָט דאָס איז זי — די אמתע נעסט... אָט דאָ קלײַבן זיך צונויף, זיי — ראַסטראַטשיקי...

נאַריש, וואָס איך קלער בלויז אין געדאַנק וועגן דעם.

ממה־נפשך: אויב אויפריכטיק איז אויפריכטיק. אָט איז טינט־און־פען... אָט אַזוי, רויק, ניט געכאַפּט.

איך אָרדן זיך אײַן באַם פענצטער און בין צופרידן פון דער קאַלט־קייט, מיט וועלכער איך הייב אָן צו שרײַבן:

הײַנט איז פּונקט זיבעצן טעג, אַז איך וווין דאָ אין דער וווינונג, וואָס האָט פריִער געקערט צו דער פרוי...

איך שרײַב מיט באַשלאָסנקייט און זייער לאַנג.

אין מײַן צימער ברענט שוין לאַנג ליכט, נאָר איך אַליין באַמערק ניט, אַז ס'איז שוין אָוונט.

איך שרײַב נאָך אַלץ זייער פּאַמעלעך, מיט באַשלאָסנקייט.

איך געדענקט ניט, ווען איך האָב באַ זיך אין צימער געמאַכט ליכט.

פון פאַרנטיקן קאָרידאָר הערט זיך זייער אַפּט דער יום־טוב־דיקער קלונג פון דעם גלעקל.

באַ דער משומדת הייבן שוין אָן זיך צוזאַמענקומען די געסט.

אימעצער פון זיי איז דאָרט דער ערשטער אַרײַנגעקומען צו איר אין צימער.

פון יענער זײַט דינער טאָפּעטן־וואַנט הערט זיך איר קול.

די טריט פון דעם אַרײַנגעקומענעם זײַנען פעסטע, יונגע, פריילעכע, ווי מיט שפּאָרן. פלוצעם ווערט דאָרט אַ ווײַלע שטיל.

איך בלײַב זיצן ווי פאַרשטאַרבן און הער זיך אײַן:

— דאָס איז זי מיט נאָך אימעצן... מען קושט זיך...

עס איז אַ נעסט פון פאַרברעכן, — שרײַב איך ווײַטער, — מען דאַרף זיך פאָרשטעלן:

אויפדעקנדיק אָט די נעסט, קאָן מען דורך איר צוקומען צו אַ פאַר־צווײַגטער נעץ פון גרויסן אומגעהײַערן מיסברויכן, וועלכער איז פאַר־שפּרייט גאַנץ ווײַט איבער פיל שטעט און אין וועלכער, אַדאַנק די ליבע־צויבערישקייטן פון דער הויפּט־פּערזאָן, סאָני זאַבאַרסקי, פאַלן אַפּט אַרײַן נאָך גאָר יונגע אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע וואָלטן דער אָרדענונג אין לאַנד געקאָנט ברענגען פיל נוצן...

איך הייב אָן אַרומשפּאַנען אָן אויפגערעגטער און טראַכט:

— נו, יאָ... וויפל האָט געפעלט, אַז אויך אַזאַ מענטש, ווי איך, זאָל אין דער נעץ אַרײַנפאַלן?

איצט הערט זיך שוין דער קלונג באַ דער טיר פון קאָרידאָר אַלץ עפטער.

די געסט קומען אַפּנים צו צוויי און דרײַ מיט אַמאָל. זיי פאַר־שלעפּן אַהער מיט זיך זייערע געשעפּטלעך פון דרויסן און נאָך פון ער־געץ ווײַטער ווי פון דרויסן...

— פּאַסלושאַיטע, טאָוואַרישטש, — הייבט דאָרט אימעצער אָן אַלע מאָל פונסנײַ, ווי מיט פאַרקאַשערטע געהייליקטע ליפּן, — או נאַס וו ריאַזאַני...

איך דריי זיך אַרום איבערן צימער מיט אַ צופרידן געפיל, וואָס אַלץ איז שוין געענדיקט און אונטערגעשריבן מיט מײַן אמתן נאָמען.

אַלץ ליגט באַ מיר פאַרטיק אין בוזים־טאַש.

גוט, וואָס איך האָב בײַ זיך אין טאָש אַזאַ סאָרט קלאָרן באַוווּסטזײַן, אַז מיט דעם, וואָס קומט פֿאַר אַקעגן איבער דער דינער טאַפּעטן־וואַנט, קער איך זיך אָפּ קיין האָר ניט אָן.

איך הער זיך אײַן אין דעם געמורמל פֿון יענער זײַט וואַנט:

אַ פֿריילעכער געמורמל, אַ יום־טובדיקער און זעלבסטצופֿרידענער, אַ זינדיקער... ווי גלײַך אויסער זינד איז אָפּ דער וועלט מער גאָרנישט נישטאָ — אויסער זינד איז אַלץ ווערט אַ שמעק טאַבאַק...

פֿאַר מיר — דעם שרײַבער... איך מיין: פֿאַר דער גרעסערער זאַך, וואָס איך האָב דאָ אָנגעהויבן שרײַבן, וואָלט איצט געוויס געווען זייער נוצלעך צו זײַן דאָרטן אינעווייניק צווישן זיי און זיך גוט צו־קוקן צו אָט די מענטשעלעך — לערנען יעדערן באַזונדער.

דער דאָזיקער געדאַנק גייט מיר ניט אַרויס פֿון זינען זינט איך האָב אויפֿגעמאַכט בײַ זיך אין צימער די שײַן, כּדי אין דער פֿינצטער הערן בעסער, וואָס קעגן איבער דער דינער וואַנט טוט זיך.

— די דאָזיקע מענטשן... זיי זײַנען אַלע צוזאַמען אַ פֿאַרברעכערישע וועלט. נאָר יעדערער פֿון זיי האָט אַ באַזונדער פּנים. אַ באַזונדערע נאָז, באַזונדערע אויגן און אַ באַזונדער האָרץ... ווייל מען וועגן זיי שרײַבן, מוז מען זיך אַ שאָר געבן צווישן זיי, כאָטש אַ קליינע צײַט... כאָטש איין אָוונט זײַן איינער פֿון זיי, קומען אָט, ווי זיי, איצט צו דער משומדת און וויסן: צוליב מיר האָט זי געגרייט דאָ די טישן און צוגעגרייט ווײַן, צוליב מיר האָט זי זיך אויסגעפּוצט...

איך האָב מיט אַמאָל ווי אין גאַנצן פֿאַרגעסן אָן דעם אָנגעשרײַבענעם, וואָס בײַ מיר אין בוזים־טאַש.

אין דער פֿינצטער האָב איך זיך צוגעלייגט אָפּ דער קורצער קאַ־נאַפּע און דערפֿילט מאָדנע ברויזנדיקע געפֿילן אַרום האַרצן.

די געפֿילן האָבן זיך אונטער דער ברוסט אַלץ מער פֿאַרשפּרייט.

סוף־כּל־סוף האָט מיט מיר נאָך קיין מאָל ניט פּאַסירט אַזאַ פֿאַל ווי איצט...

ווי גלײַך איך וואָלט מיט איר האָבן חתונה געהאַט, מיט אָט דער סאָני זאַבאָרסקי...

ווײַל איך בין אַ ריינער מענטש... אַ יונגער...

אזא סאָרט באַציִונג מיט אַ פּרוּי דרינגט אין מיר אַרײַן טיף, טיף און לאָזט נאָך דעם אַ פּוסטע לאָך אין האַרצן...

צוליב וואָס נוצן מיר אָט די לעכער?

איך האָב פאַרגעסן אין אָט דעם האַלב־שיכורן גערמורמל, וואָס קען איבער מיר דער דינער וואָנט.

איך האָב ניט געדענקט ווי לאַנג בין איך אַזוי געלעגן אַ ברוגזער אַף זיך אַליין.

דערנאָך האָב איך זיך פּלוצעם אויפגעזעצט — איך האָב דערהערט אַ שאָרך לעבן מײַן טיר.

און נאָך איידער די טיר האָט זיך געעפנט, האָב איך זיך אין פאַר־לויף פון איין אויגנבליק דערפילט זייער לעבעדיק... ווי גלײַך צו מיר קערט זיך אום אַ פאַרלוירן גליק...

אין דער געעפנטער טיר האָט מיט גישווינדער אײַלעניש זיך אַרײַנ־גערוקט דער פאַרפומירטער, אויסגעפוצטער און צעטראָגן־באַשעפטיקטער קאָפּ פון דער משומדת.

— טי זדיעס? — האָט זי צו מיר געשווינד אין דער פינצטער די ווערטער אַרײַנגעוואָרפן, — אַדיעוואיסיאַ, זאַידי, פּאָזנאַקאָמליו. *).

זי האָט מיר געזאָגט „דו“.

הייסט עס.

זי האָט ניט פאַרגעסן, וואָס צווישן מיר און איר איז פאַרגעקומען — זי האָט דאָך געפירט אַ שטיקל חשבון...

— נו, טשטאָ? — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום ווידער צו מיר איר קאָפּ אַרײַנגערוקט, — אידיאָש?

און זי איז ווידע‎ר אַנטלאָפן צו אירע געסט.

מיר גייט עס, דאַכט זיך, ניט אָן.

מײַנע פיס שפּאַנען אַרום גאַנץ געשווינד איבער דעם פינצטערן צימער.

טראַכטן טראַכט איך איינצײַטיק וועגן פיל זאַכן:

וועגן דער משומדת טראַכט איך, וועגן אירע געסט, און נאָך מער ווי וועגן זיי אַלע טראַכט איך, וועגן דעם ווײַטלעכן קאַפּיטל פון דער זאַך, וואָס איך האָב דאָ אין ווינונג אָנגעהויבן צו שרײַבן:

*) דו ביסט דאָ? טו זיך אָן, איך וויל דיך באַקאַנען.

אין דרויסן גייט אַ יונגע און זייער שיינע פרוי אַ לאַנגן קאַטיק־פוטער. עס פֿאַלט דער ערשטער שניי. די פרוי גייט דורך אין דער ברייט דעם שטאָטגאָרטן. זי קוקט אימעצן אויס ווייטיקלעך מיט טיפֿע לײַדן. מיט גרויס חרטה...

אָבער אַ סוף. יעדער זאַך, וואָס מען שרײַבט, מוז מען דאָך מיט עפּעס ענדיקן.

נאָר די משומדת פּירט, אַפֿנים, חשבון.

זי פֿאַרגעסט ניט...

זי שטעקט ווידער אַרײַן איר קאָפּ צו מיר אין צימער.

איצטיקס מאָל קוקט זי זיך געשווינד אַרום, אויב קיינער איר אַרום איר נישטאָ.

פֿאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר, טוט זי זיך אַ יאָג צו מיר אין דער פֿינצטער.

זי איז שטאַרק אויסגעפּוצט.

זי איז אָנגעזאַפּט מיט אַלע ריחות, וואָס דערמאָנען אָן פֿריילעכקייט, אָן אויסגעלאַסנקייט און אין חתונות.

זי כאַפּט מיך דאָרט אָן פֿאַר די הענט. זי שטייט אַזוי אַ ווײַלע קעגן מיר אָן ווערטער.

דעמאָלט דערפֿיל איך, אַז באַ מיר הייבן זיך איבערראַנײַס אָן אונ־טערצובערעכן די קני, און אַז דאָס, וואָס צווישן מיר און איר הייבט אָן פֿאַרצוקומען, איז זייער ענלעך אַף דעם, וואָס צווישן אונדז איז פֿאַרגע־קומען באַטאָג.

און ווידער בין איך פֿאַרגאַפֿט, פֿול מיט וווּנדער, וואָס אַלץ אין איר איז פֿיל מער זינדיק־זיס, איידער איך האָב זיך פֿאַרגעשטעלט.

— נו, זאַידי, — וועקט מיך די משומדת מיט אַ שטילער שעפּ־טשערײַ.

און זי אַנטלויפֿט צוריק צו אירע געסט.

איך קוק איר נאָך. איך בין אין אַ צושטאַנד פֿון אַ מענטשן, פֿאַר וועמען עס האָט זיך פּלוצעם אויפֿגעדעקט זײַנער אַ גרויסער אומגליק.

אָט וואָס:

עס האַלט דאָך זייער שלעכט מיט דער זאַך, וואָס איך האָב דאָ אָנ־געהויבן צו שרײַבן...

די זאַך האָט ניט קיין סוף...

שוין מער ווי אַ וואָך, אַז איך בין געבליבן שטיין באַ יענעם קאַפּיטל, ווען „זי" שטייט אין שטאָטגאַרטן, און עס פאַלט דער ערשטער שניי...

ווײַטער רירט זיך ניט די זאַך פון אָרט...

איך ווייס מער קיין וואָרט ניט, וואָס צו שרײַבן...

כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן.. איך זע ניט מער גאָרנישט...

אָן אומגליק:

נישטאָ דער סוף!...

סײַדן אפשר גיין איצט אַהין צו איר אין צימער... אַ? גיין אָדער ניט גיין?

טראַכטנדיק וועגן דעם, אַז ס'איז זייער מעגלעך, אַז דאָרט באַ איר אין צימער, זעענדיק מיט די אייגענע אויגן די גאַנצע קאָמפּאַניע, זאָל איך אָנטאַפּן צווישן זיי דעם נייטיקן סוף, נעם איך זיך פאַמעלעך אָנטאָן.

איך באַשליס איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז ס'איז ניט צוליב מיר, נאָר צוליב דער זאַך, וואָס איך שרײַב:

— איך מוז גיין...

V

אין טונקעלן קאָרידאָר איז, ווי שטענדיק, דער שווערער געוואַנטענער פאָרהאַנג, וואָס פאַר דער טיר פון דער משומדתטעס צימער.

איצט איז דאָרט לעבעדיק, ווי פאַר אַ לעקעך־און־בראָנפן.

לעבן די טרעפּלעך שטויס איך זיך אָן אויף צוויי פון די געסט:

איינער נאָך זייער אַ יונגער אין מיליטער־קליידער.

דער צווייטער: אַן עלטערער, אַ ציווילער.

דער יונגער שלעפּט דעם עלטערן אויף אַ סוד און האָט צו אים טענות:

— פּאַסלושאַי, בראַט, מניע זדיעס ניע גראַוויטסיאַ... אַי קודאַ מעניאַ זאַוויאַל?... *)

*) הער, ברודער, מיר געפעלט דאָ ניט.. וווהין האָסטו מיר פאַרפירט?...

דערבײַ קנאַקט ער אָפּ אַ פײַנע קללה און פאַרענדיקט:

— סוואָלאָטשי, וואָט טשטאָ...

ער רײַסט זיך אויס פונעם צווייטנס הענט און גייט אַוועק.

— ער וועט קומען צוריק. — טרייסט אימעצן דער ציווילער. — ער וועט קומען צוריק.

מײַן האַנט איז שוין אַרונטערגערוקט הינטער דעם פאַרהאַנג.

איך טאַפּ דאָרט אָן די טיר מיט אַ געמיש פון אַ גוט און שלעכט געפיל:

מײַן שלעכט געפיל געהערט צו דעם ציווילן, וואָס איז געבליבן.

מײַן גוט געפיל געהערט צו דעם יונגן אין די מיליטער־קליידער, וואָס איז ווי מיט אַ שפּײַ פון דאַנען אַנטלאָפן.

פון דעם באַשליס איך, אַז איך בין ניט דער איינציקער.

— פאַראַן, הייסט עס, חוץ מיר נאָך אַרנטלעכע מענטשן, וואָס קאָנען אַהער אַרײַנפאַלן.

נאָר אַז איך עפן די טיר, דערזע איך, אַז דער יום־טוב אין דעם העל־באַלויכטענעם צימער איז זייער גרויס.

איך פאַרגעס גלײַך איןביידע געפילן.

מען קאָן נישט זאָגן, ווער איז מער פאַרפּוצט: דער ווײַס־געדעקטער טיש אָדער די משומדת?

עס נאַרן צו זיך די יום־טובדיקע ברענענדיקע ליכט און די בלומען, וואָס צווישן פאַרשיידענע עסנוואַרגן און פאַרשיידענע הויכע און קורצע פלעשער ווײַן.

און נאָך מער, ווי די ליכט און די בלומען, נאַרט צו זיך פון קעגן איבער דעם טיש די משומדת.

אירע אויגן ווינקען צו מיר מיט אַזאַ פריילעכער האַרציקייט, ווי גלײַך זיי וואָלטן מיך וועלן אַרונטערנעמען אונטער זייערע לאַנגע וויִעס.

וואָס וויל זי דאָ מיט מיר טאָן?... זי באַקענט מיך מיט אירע געסט און האַלט מיך דערבײַ פאַר מײַן לינקער האַנט שטײַף און וואַרעם, ווי אירס אָן אייגנטום, אָן איין־און־איינציקן...

צוויי יונגע פרויען — פרויען מיט נאַקעטע אַקסלען און נאַקעטע הענט — שאַצן מיך מיט די אויגן, בשעת די משומדת באַקאַנט מיך מיט זיי.

זיי שמייכלען צו איר, ווי צו איינער, וואָס האָט געפּאַקט אַן אַנ־טיקל, אַף וועלכן מען מעג איר ממקנא זײַן...

— אויסגעצייכנט, — ווינקען זיי צו איר מיט די אויגן, — וווּ האָסטו אַזוינס געפּאַקט ?...

קענטיק :

זיי ווייסן אַלץ... די משומדת, אפנים, האָט זיך פאַר זיי באַרימט. און נאָך מער ווי זיי ווייסן, זײַנען זיי חושד...

נאָר איך האָב קיין צײַט ניט צו פילן זיך שלעכט — מיר געפעלט, ווי אַזוי דאָס אַלץ וועט אויסזען אין דער זאַך, וואָס איך וועל אָנשרײַבן.

איצט איז מיר שוין קיין ספק ניט, אַז איך האָב געמוזט אַהערקו־מען : אַנדערש וואָלט די זאַך, וואָס איך שרײַב, געטויגט אַף כפרות.

מיך אַרט שוין ניט, וואָס אַלע קוקן דאָ אַף מיר, ווי אַף איינעם פון זייער קאָמפּאַניע.

אין פאַרלויף פון איינעם אַן אויגנבליק איז מיר נאָר ניט פאַרשטענד־לעך : וואָס וועט דאָ פאָרקומען.

נאָר באַלד פאַרגעס איך אין דעם, ווײַל אין צימער זײַנען פאַראַן פיל מענטשן און עס קומען פאַר זייער פיל טשעקאַווע זאַכן, אַף וועלכע מען קאָן, אַלס שרײַבער, מיט גרויס אינטערעס קוקן. צום בײַשפּיל, דער עלטערער פון יענע צוויי — דער ציווילער, וואָס האָט אַ פּנים פון א געוועזענעם פּריסטאַוו, איז שוין אויסגעטרונקען און איז שטײַף צוגע־טוליעט צו איינער פון יענע צוויי פרויען, וואָס וויפל מען זאָל זיך אין זיי ניט אײַנקוקן, געדענקען זיי זיך ניט מער, ווי נאַקעטע פּלייצעס און נאַקעטע אַקסלען.

איך האָב זיך פּלוצעם ווי דערשראָקן :

— ווּעמען ? מיך ?...

מיר דאַכט זיך, אַז די משומדת רופט מיך, נאָר אַז איך דריי זיך אויס, דערזע איך, אַז זי רופט אַן אַנדערן ; צו מיר שמייכלט זי בלויז.

זי ווינקט צו מיר, ווי א קלוגעטשקע, אַף די דרײַ מענטשן, לעבן וועלכע זי שטייט — זי זאָגט מיר, דאַכט זיך, אַן, אַז אירע געשעפטן גייען גוט...

איינער פון די דרײַ איז אַ קליינטשקער, אַ פולבלעכער, מיט אַ געל אויסגעקעמט בערדעלע. ער איז פריש אָרומגעשוירן און אָרומגעפּוצט,

ווי אַ באַיאָרטער חתן צו זײַן צווייטער חתונה. ער טוט אַלע מאָל אַ קוק אַף דעם גרויסן בלעטער־ציגאַר, וואָס ער רייכערט, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצײַגן:

צוזאַמען מיט דעם ציגאַר בין איך גאַנץ גרויס און היפּש.

ער מאַכט באַוועגונגען פון אַ מענטשן, וואָס האָט מורא אויפצוהייבן אַ שווערע מאַסע, און רעדט צו די צוויי יונגעלײַט, וואָס זיצן אים אַקעגן, זייער פּאַמעלעך, ווי מיט פּאַרקאַשערטע געהייליקטע ליפּן, אַלע מאָל הייבט ער אָן באַנײַס אַ קאָן:

— פּאַסלושאַיטיע, טאָווארישטש! או נאַס וו ריאַזאַני...

דאָס איז, אפנים, דער „גלאָוו־זשיר", וועגן וועלכן די משומדת האָט באַטאָג געשריגן צו איר פּאָטער אין טויבן אויער:

— „פּיף־פּאַף"...

אי אָט וואָס: אַ ייִדעלע... אָט אַזוי זעען אויס ראַסטראַטשיקעס...

פון אים הענגען, ווײַזט אויס, איצט אָפּ אַלע געשעפטן, וואָס די משומדת האָט פּאַרדרייט. זי טרעט כמעט ניט אָפּ פון דעם שטול, אַף וועלכן ער זיצט. זי בייגט זיך צו צו אים אָן אַלע ווײַלע. זי גלעט זײַנס אַ הענטל. זי שמייכלט צו אים, שעפּטשענדיק גוטע ווערטער אין זײַן אויער. זי צווינגט אים ער זאָל אַלע ווײַלע זיך אַף איר אומקוקן מיט אַ שמייכעלע און זאָל געדענקען, אַז ניט די צוויי יונגעלײַט פּאַרקויפן אים גאַנצע פּאַרטיעס פּעטס, נאָ ער קויפט באַ זיי זייער ביליק „זי", די געוווקסיקע און שיינע משומדת.

— טאָווארישטש, — רופט דער „פּיף־פּאַף" צו זיך נעענטער דעם ציווילן מיט דעם רויט־אָנגעגאָסענעם פּנים פון אַ געוועזענעם פּריסטאַוו און די צוויי יונגעלײַט, וואָס אַקעגן, און פון זײַן בוימלדיק שמייכעלע איז קענטיק, אַז אַלץ גייט אַף אַ לאַד.

איך בין באַשעפטיקט מיט דעם געדאַנקט:

אין דער זאַך, וועלכע איך שרײַב, וועל איך אָט דאָס ייִדעלע פּאַרבײַטן מיט אַן אַנדערן... דאָס ייִדעלע געפעלט מיר ניט — עפּעס איז ער מיר צו קליין...

נאָר איך מוז פון מײַן געדאַנק אויפוואַכן, ווײַל אין דער טיר פון קאָרידאָר קלינגט אימעצער שוין אַ היפּשע ווײַלע זייער שטאַרק און ברוגז.

די משומדת לאָזט זיך אַהין האַלב־דערשראָקן און, ווען זי קערט זיך אום, איז אַף איר פּנים קענטיק, אַז זי האָט זיך דאָרט מיט אימעצן געקריגט.

עס ווײַזט זיך אַרויס:

ס'איז גאָרנישט — עס איז אַ שכן פון דער ערשטער וווינונג. די משומדת זאָגט אַף אים:

— אַ שיכור... שלאָגט שטענדיק דאָס ווײַב.

זי איז אין כּעס.

— חודש־געלט, זאָגט זי, איז אים קאַרג, — ער וואָלט אַ בעלן זײַן... איך זאָל אים צאָלן פאַר יעדן גאַסט... אַ מכּה׳ אים אַ גרויסע... באַלד קומט קריסמאַן... ער איז פונעם הויז־קאָמיטעט...

איך געדענק ניט:

ווען איז דאָס מיט אַמאָל געוואָרן אין צימער אַזוי רעשיק, אַזוי פריילעך?

ווען האָבן זיך געענדיקט די געשעפטן?

די משומדת האָט באַם טיש אויסגעטרונקען מיט אַלע צוזאַמען און מיט יעדן באַזונדער. זי איז איבעראַנײַס אַרויסגעלאָפן אַ קוק געבן, ווער קלינגט עס אין טיר, און צי קריסמאַן איז שוין געקומען. נאָר אַנשטאָט קריסמאַנען האָט זי פון זײַן ליידיקן צימער געבראַכט צו טראָגן די צוויי מאַנדאָלינעס און די גיטאַרע, וואָס הענגען באַ אים אַף דער וואַנט.

אַ פּאָר פון די פרויען האָבן אָנגעהויבן אַף זיי רימפּלען.

אַ האַלדז האָט זיך פאַרמאָסטן אַף צו זינגען.

אַ פּאָר ליפּן האָבן זיך פאַרמאָסטן אַף צו קושן.

און די מײַלער האָבן ווי פון זיך אָנגעהויבן ריידן העכער ווי געווייב־לעך, אַלע צוזאַמען.

אַ באַטרונקענער גאַסט האָט מיט די באַוועגונגען פון זײַנע הענט געוואָלט דערווײַזן זיך אַליין, אַז ער איז נאָך ניכטער. נאָר די באַווע־גונג האָט זיך אים, צו זײַן גרויסן וווּנדער, נישט אײַנגעגעבן — ער האָט מיט די הענט איבערגעקערט אָפן טיש אַ פלאַש. דער רויטער ווײַן האָט זיך אויסגעגאָסן, צעבראָכן מיט אַ קנאַק אַ פּאָר גלעזער מיט אַ טעלער.

און אַלעמען אַרום טיש האָט זיך גענומען אויסדאַכטן, אַז צוזאַמען מיט די גלעזער און מיט די טעלער איז צעבראָכן געוואָרן די גאַנצע ליַיטיש־קייט פון מענטשן, די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַן אָרדענונג אין לעבן, און אַז דעריבער דאַרף מען זיַין פריילעך.

איצט האָבן שוין אַלע געטרונקען זייער פיל, אָן חשבון, ווי אַף צעפּיקעניש יענער צעבראָכענער ליַיטישקייט, וועלכע האָט זיי ביז איצט געבונדן, און נאָך מער ווי אַלע האָבן ווי אימעצן אַף צעפּיקעניש געטרונ־קען איך... איך אַליין.

נאָך די ערשטע פּאָר גלעזלעך, וואָס איך האָב, צעקושנדיק זיך מיט דער משומדת, אין זיך אַריַינגעגאָסן, בין איך נאָך געווען אין גאַנצן ניכטער.

איך האָב פאַר יעדער גלעזל געזאָגט צו דער משומדת:

— איך טרינק פאַר...

געמיינט האָב איך דערביַי — פאַר דער זאַך, וואָס איך שריַיב.

נאָך דעם פערטן אָדער פינפטן גלעזל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך טרינק אָפן חשבון פון די מיאוסע געשעפטן, וואָס זיַינען דאָ געשלאָסן געוואָרן.

מיר איז דערפון געוואָרן אומעטיק־פּאַסקודנע.

נאָר נאָך די וויַיטערדיקע גלעזלעך האָט מיך מיט אַמאָל אַרומגע־כאַפּט אַ מאָדנע פרייד:

איך האָב פּלוצעם דערפילט, אַז אָט דעם גאַנצן עולם, מיט וועלכן איך טרינק און וועלכן איך האָב מאָדנע פיַינט, וויַיל ער איז אַ פאַרברע־כערישער און שעדלעכער עולם, אַז אָט דער גאַנצער עולם איז דאָך ניט שרעקלעך, וויַיל די נַיַיע אָרדענונג אין לאַנד איז שטאַרקער פון אים, זי וועט אים אויסראָטן... איך וועל איר העלפן... איך מיט דער נַיַיער אָרדענונג וועלן אָט דעם שעדלעכן עולם אויסראָטן...

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז זייער טיף און וויכטיק — אָט דאָס, וואָס אין לעבן איז פאַראַן פּאַסקודסטווע און וואָס די נַיַיע אָרדע־נונג ראַמט די פּאַסקודסטווע אויס: עס איז אַ גרויסע פרייד ריין צו מאַכן אַ פאַרעיפּושעטע שטאָל!...

איך האָב זיך געשטופּט צום טיש און געוואָלט האַלטן וועגן דעם אַ רעדע.

נאָ אײַנשטעלן דעם עולם איז געווען אוממעגלעך און, אַז איך האָב זיך צוגעשטופּט צום טיש, האָב איך אָן מײַן רעדע פאַרגעסן.

אָנשטאָט צו דרשנען פאַרן גאַנצן עולם, האָב איך באַנײַס אָנגע־הויבן טרינקען מיט דער משומדת. איך האָב זי אָפּגעשלעפּט אָן אַ זײַט און האָב, טרייסלענדיק צו איר מיט אַ פויסט, גענומען ווי מיט גוואַלד אַרײַנשרײַען אין איר מײַן גאַנצע דרשה:

— דו ווייסט דאָך, — האָב איך זי געשלעפּט צו זיך, — דו ווייסט דאָך, ווער דו ביסט... דו און דײַן גאַנצע קאָמפּאַניע... אַ שטאָל... זענט איר! מירן אויסרייניקן די שטאָל, ווי שטאַרק אַ ר ריח זאָל ניט פאַרגיין אין דער נאָז. מיט שלעכטע ריחות וועט איר אונדז ניט בײַקומען!... אָט: זע, ווי איך מיאוס זיך ניט — וועגן אַלץ, וואָס באַ אײַך דאָ טוט זיך, האָב איך אָנגעשריבן אַהין, וווהין מען דאַרף... אָט טאָפּ עס אָן... אָט דאָ באַ מיר אין בוזים־קעשענע ליגט עס...

נאָר די משומדת איז שוין געווען שיכור און האָט זיך געריסן צו־ריק צום טיש, צו איינעם פון אירע יונגעלײַט, וועמען זי האָט געהאַט צו זאָגן נאָך פיל מער בילכערס איידער איך האָב געהאַט צו זאָגן איר. זי האָט געקוקט אַף מיר מיט שרעק אין די אויגן און האָט אַ ציטער גע־טאָן מיט איר גאַנצן קערפּער, ווײַל אָפן טיש צווישן די ליכט...

אָפן טיש האָט אימעצער איבעראַנײַס געהאַט איבערגעקערט אַ פּאָר פלעשער, צעבראָכן אַ פּאָר גלעזער.

אַרום טיש האָבן זיך אַלע געגעבן אַ דריי, ווי אַף איבערצוקוליען זיך אַלע אין איינעם, צוזאַמען מיטן גאַנצן צימער.

אונטער דעם פאַרשטאַרקטן רימפּלען פון די מאַנדאָלינעס מיט דער גיטאַרע האָט, אָפּשלײַדערנדיק פון זיך מענטשן און שטולן, אימעצער אַראָפּגעצויגן פון זיך זײַן רעקל און זיך געשטעלט טאַנצן.

פון אַרום האָט מען אָנגעהויבן צו צוקלאַפּן, צו צופײַפן, צו צופּאַ־טשן, זיך הייבן פון די ערטער, טופּען מיט די פיס און אונטערגעבן דעם טאַנצנדיקן פײַערדיקן חשק.

מען האָט זיך אַרום אים געבויגן, געמאַכט מיט די הענט, געקלאַפּט מיט די פויסטן, געקלאַפּט מיט די גאָפּלען און אין אים געפּאָמפּעט אַלץ שטאַרקערן און שטאַרקערן חשק זיך צו הייבן, דריגען מיט די פיס, און מען האָט פלוצעם, זייער פלוצעם דערהערט, אַז מען קלאַפּט שוין אַ לעב־

גערע צײַט זייער שטאַרק אין טיר פון קאָרידאָר — און ניט מיט די פויסטן קלאַפּט מען דאָרט, נאָר מיט פיל מער שווערערס און האַרטערס.

מען איז מיט אַמאָל געוואָרן זייער שטיל און זיך אײַנגעהערט.

— איך גיב אים מער קיין געלט ניט, — האָט היסטעריש געשריגן די משומדת — עס איז ער — דער שכן !...

מען האָט זיך אַ לאָז געגעבן נאָך דער משומדת אין קאָרידאָר אַרײַן און זיך דאָרט אָנגעשטויסן אָף דעם פאַרשלאָפענעם און בלאַסן משכיל־לאיתנדיקן בחור — מײַן שכן פון רעכטס.

אין אונטערשטן וועש מיט אַ ביז־גאָר אומגליקלעך און דערשראָקן פנים האָט ער דאָרט מיט אידיאָטיש־אומזיכערע באַוועגונגען זיך געמאַטערט עפענען די טיר.

מען איז געווען ביז גאָר באַוואונדערט:

אָנשטאָט דעם שיכורן שכן איז אין דער געעפנטער טיר געשטאַנען אַ מיטלוווקסיקער, מאָדנע שטילער און טרוקענער מענטש. אין ערשטן אויגנבליק מאַכט ער דעם אײַנדרוק פון אַ שטומען.

עס דאַכט זיך:

ער איז נעבעך ביז גאָר אומבאַהאָלפן און דעריבער מוזן אים נאָכגיין פיס־טריט די פיר צי די פינף שטאַרק־באַוואָפנטע רויט־אַרמייער, וואָס באַגלייטן אים פון אונטן. ער נעמט אַרויס פון בוזים־טאַש אַ קליין צעטעלע און באַווײַזט, ווער ער איז.

נאָר באַלד ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער קאָן רײַדן:

— אַלע אין איין צימער! — זאָגט ער אַרויס זייער גלאַט און טרוקן. — אײַערע דאָקומענטן!

פון צעטומלטקייט האָב איך דער ערשטער אָנשטאָט דעם דאָקטער־מענט אַרויסגעכאַפּט פון בוזים־טאַש די באַשרײַבונג פון אָט דער גאַנצער פאַרברעכערישער נעסט און האָב זי אים דערלאַנגט.

— יאָ פּיסאַטיעל, — האָב איך אים דערבײַ כמעט מיט שמחה אַ זאָג געטאָן.

נאָר נעמענדיק פון מײַן האַנט די פּאַפּירן בלײַבט ער זייער קאַלט.

— קאַקאָי טאַם פּיסאַטעל?

ער טוט אָף מיר און אָפן גאַנצן עולם מאָדנע גלײַכגילטיק אַ קוק און טוט אויך אַזוי גלײַכגילטיק אַ זאָג:

— סוואָלאַטשי!...

## VI

עס איז שוין גרויער טאָגליכט.

אונדז — די גאַנצע אַרעסטירטע קאָמפּאַניע — פירט מען איבער ברוקירטע גאַסן ערגעץ־ווו אין ווײַטן עק שטאָט, אין איינער פון די געפענגענישן.

אַ קליינע קאָמפּאַניע פון אַ מענטשן צוועלף. צווישן זיי — דרײַ פרויען.

באַם פּראָטאָקאָל־שרײַבן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט דער קאָמ־פּאַניע קוקט מען שוין לאַנג נאָך.

נידערגעשלאָגן און אומעטיק פלאָנטערט מען קוים מיט די פיס.

אויפגערעגט, שטאַרק באַשעפטיקט און פאַרטיפט איז צווישן דער גאַנצער קאָמפּאַניע בלויז איין מענטש.

דאָס איז טאַקע איך אַליין:

איך באַוווּנדער ממש דעם זעלטענעם סוף, וואָס איך האָב הײַנט באַנאַכט געפּאַקט פאַר דער זאַך, וואָס איך האַלט אין שרײַבן.

איך בין זייער פאַרטון אין דעם און שטעל מיר פאַר אין קאָפּ, ווי אַזוי דער סוף וועט אויסזען אין דער דערציילונג:

פײַכטע שאָטנס זײַנען געווען פול מיט באַנאַכטיקער קילקייט, אַף די טראָטוואַרן האָבן פאַרשלאָפענע סטרוזשן געאַרבעט מיט די בעזימער. זיי האָבן אַלע רגע אויפגעהערט צו קערן און זיך אײַנגעקוקט אין די אַרעסטירטע, וואָס מען פירט פאַרבײַ. ווי פאַרשפּעטיקט איז איבער דער גרויסער שטאָט אויפגעגאַנגען די זון. פון אויבן, פון איבער די הויכע פילגאָרנדיקע מויערן, האָבן אַראָפּגעקוקט צו דער שטאָט קײַלעכ־דיקע און דרײַעקיקע שטיקלעך הימל. זיי האָבן אויסגעזען פיל העכער און פיל בלויער איידער אַ געוויינלעכער הימל...

מיך דריקט בלויז איין וואָרט, וואָס יענער, וואָס האָט אונדז אַרעס־טירט, האָט אַ זאָג געטאָן וועגן אָט דער גאַנצער זינדיקער קאָמפּאַניע צוזאַמען מיט מיר:

— סוואָלאָטשי!

איך קאָן זיך דאָ ניט אויספלאָנטערן:

— ווי איז דאָס?... כדי צו באַלײַכטן ווי געהעריק אָט די גאַנצע זינדיקע קאָמפּאַניע האָב איך געמוזט כאָטש איין נאַכט צוזאַמען מיט איר אַ זינדיק טאָן. און פון דער אַנדערער זײַט... יענער, וואָס אַרעס־טירט די גאַנצע קאָמפּאַניע און מיך — צוזאַמען מיט דער קאָמפּאַניע — ער איז דאָך גערעכט, וואָס ער האָט אַ זאַג געטאָן וועגן אַלע, וואָס ער האָט געפּאַקט:

— סוואָלאָטשי!

—איז ווי איז עס?

איצט זיץ איך שוין עטלעכע טעג אַרעסטירט.

איך טראַכט, אַז אייניקע ערטער וועט מיר דאָך אויסקומען פון מײַן זאַך אַרויסוואַרפן.

למשל:

דאָס אָרט, ווי די משומדת האָט חרטה און ווערט אַ לײַדנדיקער מענטש...

צוזאַמען מיט מיר אין קאַמער זיצט דער בלאַסער און פליישיקער משכיל־לאיתנדיקער בחור. ער האַלט זיך אין איין רײַבן אַרום מיר. ער איז זייער דערשלאָגן און הייבט אָן אַלע מאָל באַנײַס זיך דערפרעגן וועגן זײַן אַטעסטאַט מיטן אַלטן סטודענטישן היטל, וואָס מען האָט באַ אים בשעת דער אונטערזוכונג צוגענומען:

— ווי מיינט איר? מען וועט זיי מיר אומקערן, אַ?

— מען וועט זיי באַ מיר ניט צונעמען?

נאָר איך הער כמעט ניט, וואָס ער רעדט צו מיר.

איך בין גליקלעך מיטן זעלטענעם סוף, וואָס איך האָב צו מײַן דערציילונג. פונעם מוח גייט מיר נאָך אַלץ ניט אַרויס דאָס וואָרט, וואָס יענער, וועלכער האָט אונדז אַרעסטירט, האָט אַ זאָג געטאָן וועגן אַלעמען, וועגן אַלעמען.

אין קאָפּ דרייט זיך מיר אָן אויפהער:

— אַ זעלטענער סוף!

— סוואָלאָטשי!

— אַ זעלטענער סוף!

— סוואָלאָטשי!

# חובות

## I

פון מאָסקווע איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מאָטין, דעם לײַטישן און עלטערן — דעם אויסגעשלאָסענעם סטודענט, און פון עליקן, דעם „ני־בע־ני־מע”, דעם קלענערן און קלײַנעדיק־דויטן, וואָס וואַלגערט זיך דאָרט שוין דאָס צווייטע יאָר לעבן מאָטין און קאָן זיך צו קיין שטעלע ניט צושלאָגן.

ביידע האָבן געשריבן מיט מאָטיס קאַלטער האַנט: „דאָראָגיע” — אַ פּאַרעווע־קאַלטער טיטל געווענדט:

אי צו טאַטע הירשל זוסמאַן,
אי צו מאַמע שיינדעלע,
אי צו שוועסטער מאַני.

ביידע זײַנען געווען אונטערן בריוו געחתמעט זייער טרוקן, איי־נער נאָכן אַנדערן, ווי אונטער אַ פּראָטאָקאָל.

און ביידע האָבן געבעטן מען זאָל זיי פאַרשטיין (דאָס וואָרט „פאַרשטיין” — דרײַ מאָל אונטערגעשטראָכן) און מען זאָל זיי פאַר־שרײַבן אין איינעם פון די קאָלעקטיוון אַף דער נײַ אויסגעטיילטער ערד ניט ווײַט פון טראַקט. ווײַל די ערד איז נאָענט צו דער היים — דאָס איז איינמאָל, און ווײַל זיי, מאָטי מיט עליקן, האָבן סײַ־ווי־סײַ ניט וואָס צו טאָן ניט אין מאָסקווע, ניט אין דער היים, און עס האָט

זיי ביז גאָר דערעסן און צו אַלדי שוואַרצע יאָר... און זיי האָבן קיין אַנדער ברירה ניט...

— אין שטוב באַ די זוסמאַנס —

(אַ רעשט פון אַ גאַנצער קייט גרויס־פּענצטערדיקע, וועמען מ׳האָט לאַנגע יאָרן גערופן מיט פאַרצויגענע נעמען און מיט אַ באַזונדער קוועטש אַפן „סמך״

— די זוסמאַנס.

— באַ די זוסמאַנס.

אין שטוב באַ די זוסמאַנס האָט מען דעם ברית איבערגעלייענט קאַלט (ווי גליד־געשוועסטערקינדער וואָלטן באַ אים בעטן אַן הלוואה אַף חתונה צו מאַכן אַ קינד), נאָכן לייענען אַרונטערגעלייגט אונטער דער סיראַטע אַפן עסטיש, וווהין מ׳שטופּט אַרונטער אַנדערע, ניט גאָר וויכטיקע פּאַפּירלעך, אַזעלכע, וואָס פאַרלירן דאַרף מען זיי ניט, נאָר אַז זיי זאָלן זיך וואַרפן אין די אויגן, ווילט זיך אויך ניט. דער לאַנגער הירש זוסמאַן — אַ גרווילעך־בלאָנדער מיט זעקעלעך אונטער די אויגן — האָט דאַן אַ מאָל דרײַ אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פינגער פון אויבן אַף דער סיראַטע, ווי מען קלאַפּט אַף אַ פּאָרטעפּיאַן. די קליינע שוואַרצ־אַפּל, וואָס אין זײַנע גרויסע ווײַסלעכער, האָבן דערבײַ אַ קוק געגעבן פון איבער די ברילן זייער מבוסמדיק. ווי אַלע מאָל, און עפּעס פאַרוווּנ־דערט, ווי גלײַך זיי דערקאָנען ניט די וועלט אַרום זיך.

— אייסעך, — האָט ער געזאָגט, — ציגן !...

נאָר שיינדעלע איז געווען אַ מער שאַרפער מענטש. פון שאַרפּ־קייט האָט זי זעכצן יאָר כסדר ניט גערעדט מיט אַ שוועגערן.

גראָד אין יענעם פרימאָרגן האָט זי זיך אומגעקערט מיט אַ שווערן קאָשעק פונעם מאַרק (דעם מאַרק האָט דער סאָוועט, ווי אַ קרעציקן, שוין אַ יאָר צײַט געהייסן זיך אויסשטעלן אַרויס שטאָט אַפן „נײַעם פּלאַץ״). גראָד אין יענעם פרימאָרגן האָט זי, טראָגנדיק פונעם מאַרק דעם שווערן קאָשעק, געזאָגט צו אַ באַגעגנטן ייִנגעלע:

— נאַ, ייִנגעלע, טראָג מיר אַ ביסל אונטער דעם קאָשעק.

נאָר ווען דאָס ייִנגעלע האָט שוין געוואָלט נעמען דעם קאָשעק פון אירע הענט, האָט דאָרט עפּעס אַ יונגער בעל־עגלהשער בחור אַ געשריי געטאָן פון דער זײַט:

— ניטע, מ׳דאַרף ניט, דו !... מען האָט איר שוין גענוג געטראָגן די שווערע קאַשעקעס.

גראָד אין יענעם פרימאָרגן האָט שיינדעלע זיך אַרײַנגעלייגט אַף אַ טאָג אַכט אין בעט, ווײַל „זי האָט אַ קראַנק האַרץ און טאָר בכלל קיין סך ניט ריידן" — אַזוי אַז מען האָט ניט געוווסט אַף קלאָר, פאַרוואָס זי האָט זיך אין בעט אַרײַנגעלייגט:

ווײַל פון די קינדער — פונעם אַנשפּאַר, אומשטיינס געזאָגט — איז אָנגעקומען אַזאַ בריוו ?

אָדער דערפאַר, וואָס אין מאַרק האָט אימעצער אַ געשריי געגעבן:

— „ניטע ! מען האָט איר שוין גענוג געטראָגן די שווערע קאַשעקעס" !

ליגנדיק אין קלענערן פון די צוויי צימערן (די זוסמאַנס זײַנען פאַר די לעצטע יאָרן אַהין אַרײַנגעשטופּט געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע גרויסע ניקלענע בעטן און מיט זייער איבעריקן געבעטן בײַכיקן מעבל), האָט זי אַזוי אָפּגעשוויגן אַקעגן אַ טאָג, מיט אַזאַ אויסזען, גלײַך לעבן איר בעט וואָלט ווירקלעך ווי לעבן אַ קראַנקן געלעגן אַ צעשניטענע לימענע מיט אַ מאַראַנץ, אָדער ווי גלײַך זי וואָלט איצט, ווי אַמאָל, זיך האָבן אומגעקערט פון אַן אויסלענדישן קוראָרט און וואָלט שוין האָבן אויסדערציילט אַלץ, וואָס זי האָט דאָרט געזען:

— טשטאָ אי גאָוואָריט ? — טשיסטאָטאַ !... *)

הירשל איז אַפּאָר מאָל אַרײַנגעקומען זיצן לעבן איר, אַ זאָג טאָן:

— אייסעך וואָס... זיך נעמען צום האַרצן ?...

האָט זי אים ווי ניט באַמערקט. הירשל איז אַוועקגעגאַנגען פון שטוב, האָט זי מיט אַ שטימונג פון אַ קראַנקן און מיט אַ קול פון אַ געזונטן מאַנעריש גענומען רופן צו זיך פון צווייטן צימער איר טאָכ־טער מאַנין — אַ מיידל, וואָס איז העכער געוואַקסן פון אַלע אַרומיקע מיידלעך, און איר לאַנגער ווזקס איז איר געגעבן געוואָרן ווי אומיסטן צוליב דעם, כדי דער רײַכער פּעלץ, וואָס זי וועט טראָגן, זאָל זײַן גרע־סער און זאָל זיך מער וואַרפן אין די אויגן.

נאָר מאַני איז, ווי אַלע מאָל, אָן שום ווילן געגאַנגען צו איר אין צימער. זי האָט בכלל אויסגעזען זייער פויל און האָט בעסער גע־

*) וואָס איז דאָ צו ריידן ? — די ריינקייט !

וואָלט שטיין אין צווייטן צימער באַם פענצטער און זיך ניט רירן. זי איז אָקאָרשט ביז צוריק מיט אַ פּאָר יאָר געווען געוווינט צו טראָגן הויכע קאָרקעס מיט זייער אַן ענגן קאָרסעט, און פון זינט זי האָט די הויכע קאָרקעס מיטן קאָרסעט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, איז באַ איר די שטימונג נאָך אַלץ אַ געדריקטע, און אַ געפיל איז באַ איר נאָך אַלץ אַזאַ, גלײַך אין דרויסן וועט זײַן אַ געוויטער אָדער עס וועט פון ערגעץ אָנקומען אַ שלעכטע בשורה. און אָט איז איצט די שלעכטע בשורה אָנגעקומען, און פונעם גאַנצן בריוו, וואָס מאָטי מיט עליקן האָבן צוגעשיקט, געדענקט זי בלויז איין וואָרט, וואָס, דעם אמת זאָגנדיק, קאָן אפילו זײַן, אַז דאָרט אין בריוו שטייט עס גאָרנישט, נאָר עס איז קלאָר:

— ליקווידאַציע...

ווען זי זאָל מיט אָט דעם וואָרט אַרײַנקומען אין קלענערן צימער צו דער מוטער, וואָלט עס יענע אונטערגעכאַפּט מיט אַ קוויטשיקל:

— נו, יאָ... מען האָט שוין קיין צײַט ניט... ליקווידאַציע!...

נאָר טאָקע דעריבער גייט זי ניט אַהין, ווײַל זי האָט פײַנט קוויטשיקלעך.

דערפאַר איז אָבער דער „פּאָטער פונעם הויז”, דער לאַנגער הירשעלע זוסמאַן, ווי תמיד, געווען אַן אַרומקריכער צווישן מענטשן און זיך אַרומגעשאָרט אין גאַס, וווּ מען רעדט אָפּט וועגן דער נײַ־אויסגעטיילטער ערד, זיך אַרומגעשאָרט מיט אַזאַ אויסזען, ווי גלײַך עס איז נאָך אַלץ בירגערקריג און מען שיסט נאָך אַלץ אַף דער שטאָט, און ווי באַלד מען שיסט, זײַנען דאָך „אָרעם און רײַך — ביידע גלײַך”.

מער ווי מיט אַלעמען האָט ער דאָרט אין אַ זײַט זיך געסודעט מיט אַלטער דעם קליין־בוטשאַטשער קצב — אַ 70יאָריקער זקן, וועלכער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט פאַרגעסן, אַז באַ די זיידעס פון די דאַזיקע זוסמאַנס האָט ער אַמאָל געדינט אין זייערע גרויסע אָקסנשטאַלן און אַז די באָבע פונעם דאַזיקן הירשעלע זוסמאַן האָט אים אַמאָל געליגן געלט אַף צו ווערן אַ קצב.

אַלטערן דעם קצב האָט ער איצט דערציילט אַלע זײַנע סודות, ווי ער פלעגט אַמאָל אונטערוועגס דערציילן אַלע זײַנע סודות זײַן פורמאַן.

וועגן אָט דעם נײַעם פרײַנט זײַנעם האָט ער אַליין איין מאָל, האַלב אין אַ וויץ, האַלב ערנסט, געזאָגט אַ צעשטרייטע חקירה:

— שאַדט ניט — אַמאָל פּלעגט מען פרעגן אַן עצה באַ אַ גביר, און הײַנט דאַרף מען זיך מיישב זײַן מיט אַ קבצן — הײַנט זײַנען קבצנים קלוגער, ווי ?...

און אַט דער אַלטער, דער קצב, האָט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג, אַז :

— וואָס שטעלט מען דאָ אײַן, אויב מען וועט פאַרשרײַבן די קינדער ? אַז די „מיני מיט דער זשמעני”, אומשטיינס געזאָגט, טראָגט מען ערשט אַרײַן, ווען מ'וועט שוין האָבן אײַנגעטיילט און איבערגעאַקערט די ערד. אַזוי, זאָגט מען, איז די „פּאָלאָזשעניע”.

דערנאָך איז דער אַלטער קליין־בוטשאַטשער קצב איין מאָל געקומען צו די זוסמאַנס און האָט דערציילט, אַז ער מיט אַלע זײַנע פינף בנים פאַרשרײַבן זיך אויך אַלע, אַז אויב פאַרשרײַבן מאָטין מיט עליקן, איז טאַקע דאָס בעסטע צו זיי — צו אים מיט די בנים, אין קאָלעקטיוו אַרײַן, און אַז ער האָט שוין מיט זײַנע קינדער גערעדט.

דערנאָך איז ער אַן אַנדערס מאָל געקומען תחילות אָוונט, געזעסן לאַנג אָן לשון, נאָר ערגעץ טיף אין זיך צוגעשמייכלט, ווי אַ גוטער־פרײַנט, געפּאָדערט אָן לשון מען זאָל זיך צו אים צוהערן, ווי צו אַ גוטן־פרײַנט, און געדרונגען זייער פּאַמעלעך, אַז ממה־נפשך :

— אויב מעט גיט טאַקע צו צוויי אָדער צו דרײַ דעסיאַטין אַף איטלעכן פון דער משפחה, איז פאַר וואָס טאַקע ניט ? מעגן זיך דאָך געוויס פאַרשרײַבן אַלע — ס'איז אַן עברה... אַ חשבון — זעקס אָדער נײַן דעסיאַטין... אַז ווי באַלד די ערד איז דייקע גוטע, אַזוי זאָגט מען : פּערווי קלאַס... טשערנאָזיאָם !...

דענסטמאָל זײַנען אַוועק אַ פּאָר וואָכן זינט די משפחה האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט, פּאַר וואָס הירשעלע האָט „געכאַפּט און זיך פאַרשריבן”. די מוטער : ווײַל די קינדער אין מאָסקווע — דער „אָשפּאָר, אומשטיינס געזאָגט” — וועלן ניט האָבן קיין טענות, אַז מען האָט זיי „אומגליטשיק” געמאַכט ; און די טאָכטער : ווײַל דער אַלטער קצב וועט נאָך אַמאָל אָנהייבן קומען אַהער געבן עצות. און דענסטמאָל איז איין מאָל אינדערפרי אַרײַנגעקומען צו די זוסמאַנס אַן אָראָפּגעקומענער פרעמדער יונגערמאַן מיט אַ גראָבן פּאָרטפעל אונטער דער פּאַכווע. ער האָט זיך מיט זײַנע פרעמדע פּאַפּירן אַוועקגעזעצט באַם טיש.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט באַ די זוסמאַנס, צי זײַנען זיי ווירקלעך די געוועזענע באַלעבאַטים פון דאָברער גרויסן שפּירט־זאַוואָד, פון אָט דעם הויז, וווּ זיי וווינען, און פון אַ פּאָר נאַציאָנאַליזירטע הײַזער אין קרײַז־שטאָט.

און דענסטמאָל האָבן זיך די זוסמאַנס דערפרייט, ווײַל זיי האָבן שוין לאַנג געהאַט אַוועקגעשריבן קיין אויסלאַנד וועגן די האַלב־אָפּגעצאָלטע פּאָליסן פון דער אַמעריקאַנער סעקוראַציע־געזעלשאַפט, באַ וועלכע זיי האָבן זיך פאַר דער מלחמה סעקורירט, און אָט: אַפּנים, אַז שרײַבן שטערט קיין מאָל ניט — מען האָט סוף־כל־סוף אַראָפּגעשיקט די האַלב־אָפּגעצאָלטע פּאָליסן אויסקויפן.

נאָר דער פרעמדער יונגערמאַן האָט צום אָנהייב זיך זייער געוווּנדערט:

— פּאָליסן ?... וועלכע פּאָליסן ?...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן:

ער איז אַ ייִד, אַ קאָמוניסט, אַן אַראָפּגעשיקטער צו יענע, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרשריבן אַף דער אויסגעטיילטער ערד.

ער האָט ווי מיט וווּנדער באַטראַכט דעם לאַנגן דאָרן הירשעלען; ער האָט אַ רייד געטאָן אַ פּאָר ווערטער צו שיינדעלע זוסמאַן, וואָס פאַרענטפערט זיך באַלד, אַז זי קאָן קיין סך ניט ריידן, ווײַל זי האָט אַ קראַנק האַרץ און מוז גאָר ליגן אין בעט; ער האָט געכאַפּט אַ קוק אָפן לאַנגן וווּקסיקן מיידל, וואָס שטייט מיטן פּנים צום פענצטער, ווי אַ ברוגזע, הלמאַי זי האָט ניט איר וווּקס ווו אַהין צו טאָן. ער האָט ענדלעך געפרעגט:

— איז ווער־זשע וועט באַ אײַך אַרבעטן ערד ?

דערויף האָט זוסמאַן פאַר אים אָנגעהויבן אויסצולייגן, אַז ער האָט נאָך צוויי קינדער אין מאָסקווע, אַז איינער איז אַן אויסגעשלאָסענער סטודענט, נאָר דער עיקר איז דער צווייטער:

— עפּעס גלאַט אַזוי אַ גרויסער פּראָסטאַק, אַ רויטער, מיט זומער־שפּרענקעלעך אָפן גאַנצן פּנים און אפילו אַף די אויערן... אַז ער איז געבוירן געוואָרן, איז פּשוט געווען אַ וווּנדער, פונוואַנען האָט זיך אַזוינס גענומען ?... — אַז אין דער גאַנצער משפּחה זײַנען גאָר קיין מאָל קיין רויטע ניט געווען... אַן אַקציע געווען מיט אָט דעם קלענערן,

דעם רויטן. שיקסט אים לערנען, און ער — נעכטיקע טעג: ער איז גאר א גאנצן טאג געווען באם פורמאן, אים געהאלפן רייניקן די שטאל, און אליין שמעקט ער טאקע אויך אזוי: וויפל מען זאל אים ניט צוואגן און וואשן, שמעקט פון אים אלץ מיט פערדן־שטאל — אן אקציע...

ער האט דאס אלץ אויסדערציילט דעם פרעמדן יונגערמאן זייער היימיש, מיט התלהבות, כמעט מיט קוועלנדיקן פארגעניגן.

דער יונגערמאן האט אבער פונקט די מעשה וועגן דעם קליינעדיק־רויטן „פראסטאק" ווי פארהערט, געווארן פון מאל צו מאל מער אומגעדולדיק, אומצופרידן און געשטעלט א פאר פראגעס, וואס באהאלטן אין זיך עפעס א חשד — א חשד, אז בא די זוסמאנס צאפט זיך נאך עפעס אן אויסבאהאלטן קוועלכל — עפעס גאלד... עפעס ברילאנטן... אנדערע ווערטפולע זאכן... דער יונגערמאן איז אוועקגעגאנגען אן אומצופרידענער, און דענסטמאל האט זיך ארויסגעוויזן, אז „ערד איז טאקע א זאך", ווײַל אט —

„ביט אלעמען גיט מען דאך".

און דענסטמאל איז נאך אמאל ביז שפעט אין אוונט מיט קלעביקע אויגן געזעסן דער אלטער קליין־בושטאטשער קצב און האט געדרונגען:

— מײַן עצה — מען זאל כאפן איינס און צוויי און מען זאל אנידערשטעלן א וואסער־ניט איז שטיבל טאקע דארט אף דער אויסגעטיילטער ערד, ווײַל הײַנטיקע צײַטן, אז מען כאפט ניט, האט מען ניט, און אז מען כאפט ארײַן, איז פארפאלן — דאס האט איר איין מאל א גאנג. און צוריק געוועדט: מוני מיט דער זשמעני! וויפל קאן דען אזא שטיבל אפקאסטן! איז ממה־נפשך: אויב עס איז פון מייערן, וועט זיך עס פארשלײַערן. אלא עס וועט זיך ניט אײַנגעבן, איז גאט א פאטער — מיט דער צײַט וועט זײַן אפן שטיבל א בעלן — טאקע ער, אלטער דער קצב אליין, אדער אימעצער פון זײַנע קינדער. און מיט די קינדער זײַנע קאן ער איבעררײדן — זיי רעכענען ארויסגיין צו דער אויסגעטיילטער ערד פון דער נײַער וואך און זיך שטעלן גראבן זעמליאנקעס.

אזוי איז געווען דער אנהייב:

אנהייב זומער איז אף דער אויסגעטיילטער ערד, ווײַט א קעגן די זעמליאנקעס פון אלטער דעם קצבס קינדער, געשטאנען פארטיק א

ניט פויעריש שטיבל — אויסגעווייסט איין מאָל און צוויי מאָל און פאַרלאָזט מיט אָפענע טיר־און־פענצטער פונקט אַ קעגן דער זון.

אַרום שטיבל — פלאַכע, ווילד־גרינע פעלדער.

אַף די פעלדער — ווינטן אַף צו דרייען אַן אַ שיער פליגלען פון ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע ווינטמילן. דערוויילּ הודען זיי דאָרט טאָג ווי נאַכט אין דער אָפן געלאָזטער קיך און אין די אָפענע צוויי צימערלעך.

רעגנס האָבן דאָ שוין לאַנג אָפּגעשווענקט אַלע סימנים פון ליים, פון שטרוי, פון שפּענדלעך, פון אַנדערע בוי־אָפּשניצלעך. דער אַרומי־קער פּלאַץ ווערט צוריק גרין — זאָל זײַן אַף אַ צײַט, אַן חשבון, נאָר דערפאַר געשווינד, ווי אַף אַנצוכאַפּן נאָך אַ תמוז.

און תמוז האָט, ווי אַלע יאָר, דרײַסיק טעג. נאָר איצטיקס מאָל — לאַנג־אויסגעצויגענע, שטויביקע און פאַרשרפּעט־דאַרע — אַ פאַר־שרפּעט יאָר, וואָס טרײַבט אַף דאַטשע.

אונטער אַ ברענענדיקער זון איז איין מאָל באַטאָג אָנגעקומען צום שטיבל פריער — אַ פור מעבל, און דערנאָך — אַף אַ בעל־עגלהשן פאַיע־טאָן — הערשל זוסמאַן מיט זײַן ווײַב און מיידל. אָנגעקומען ווי אײַנ־מיטן דרינען, ווי אומיסטן אַף צו בלײַבן שטיין אין דרויסן און זיך וווּנ־דערן:

— זע נאָר: אין פוסטן פעלד גאָר!

— זע נאָר!...אַן איין ביימעלע אפילו.

פון טרייסלען זיך פינף שעה אַף דער היץ האָט שיינדעלען אָנגע־כאַפּט אַ שלוקערץ. מען איז אַוועק צו די זעמליאַנקעס נאָך אַ ביסל וואַסער. נאָר אַלטער דער קצב מיט זײַנע קינדער האָבן אַלע ערגעץ ווײַט אין פעלד געקאָסעט היי. האָט מען זיך אויסגעזעצט באַ אַ פרעמ־דער זעמליאַנקע לעבן אַ שטאַרק־באַקינדלט און טראַגנדיק ווײַבל, וואָס פאַכעט זיך אין שאָטן מיט מורא, אַז אָט־טאָ ווען זי באַשלאָגן מע־לאַסטיעס. מען האָט דאָרט געטרונקען מילך, וואָס מען ווייסט נאָך ניט קלאָר, צי מען וועט פאַר איר באַצאָלן, צי ניין (ווײַל אפשר וועט זיך דאָס ווײַבל באַליידיקן). מען האָט גערעדט מיטן ווײַבל מכוח דעם, וואָס פונעם שטויב און פון מסוכנע היצן איז אין שטאָט ניט אויסצוהאַל־

טן, און מכוח דעם, וואָס צו לעבן דאָ אין מיטן פעלד איז, ווי עס שײַנט, אויך ניט קיין וואָזשנע מאכל.

— שווער הײַנטיקע צײַטן, ווי?

דערבײַ האָט מען משפּחהדיק זיך געקוקט אין די אויגן און אין זיבען געהאָט אָן אויפהער בלויז די אייגענע מאָגנס. (די מילך איז געווען ניט קיין געזאָטענע), בלויז שיינדעלעס שלוקערץ און די שטאָ־טישע היצן פון וועלכע מען איז אַנטלאָפן.

מען איז פאַרנאַכטלעך געגאַנגען צוריק צום שטיבל זייער פּאַמע־לעך, יעדערער ווי אַף צו דערווײַזן די איבעריקע, אַז ניט ער האָט צוגע־רעדט, מען זאָל אַהער אַרויספאָרן. מען האָט ניט ווילנדיק, ווי אין אַ כאָמוט, אַרײַנגעשטעקט אַהין די קעפּ דורך אַן אָפן פענצטער און אַלץ געדרייט מיט די ליפּן:

— אַ נחלה... אומשטיינס געזאָגט.

— לופטערט זיך, לופטערט זיך און שמעקט, ווי מיט זויערקרויט.

מען איז ווי ברוגז אַף דער וועלט פאַר פרי געגאַנגען שלאָפן.

נאָר אַף מאָרגן האָט מען דאָך שטילערהייט אויפגעהאָנגען פאַרהענג־לעך אַף די פענצטער און אַף יעדן פאַל צוגעשלאָגן שווערע אײַזערנע פּרענטעס צו די טירן — מען איז געבליבן אַף דערווײַל, אַף די הייסטע פײַערדיקע זומער־טעג. מען האָט עס געטאָן צוליב שיינדעלעס געזונט.

II

אַף דער פרײַער לופט איז געווען ווייניקער שטויב.

אַרום און אַרום — פרײַע פעלדער. און אַ קעגן — פון יענער זײַט טראַקט — אַ סאָמעטן וועלדל, וווּהין מען קאָן אַלע טאָג אָוועקגיין ליגן.

מאַן און ווײַב האָבן דאָ אָנגעהויבן אַכטונג צו געבן איינער אָפּן אַנדערן, מען זאָל זיך צופילנעווען און אַרויפנעמען אַף זיך לײַב. און ווײַל אַרום און אַרום האָט אַלץ אויסגעזען זייער אָרעם און פּוסט אין פאַרגלײַך מיט אַן אמתער דאַטשע, האָט דעריבער הירשעלע זוסמאַן געפונען פאַר נייטיק אַ זאָג צו געבן עטלעכע מאָל אין טאָג:

הערסטו, שיינדעלע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — ס'איז דאָ ניט שלעכט.

לאַנג און דאַר, ווי אַלע זוסמאַנס, מיט די זעקעלעך אונטער די ברעמען, מיט מבוסמדיקע אויגן־ווײַסלעכער, וואָס קוקן פון איבער די ברילן אַזוי פאַרוואונדערט, גלײַך זיי דערקענען ניט די וועלט אַרום זיך, האָט ער אַלע פרימאָרגן אַרומגעשפּאַצירט לעבן שטיבל אין די שטעקשיך, אַרומגעטענצלט מיט פאַלייגטע הענט אין די אַרבל, מיט דריבנע גיכע טריטעלעך און מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט, ווי גלײַך דאָקטוירים האָבן אים דאָס צוגעשריבן. ער האָט דערבײַ געדענקט אָן אויפהער דאָס ווײַסע לײַנענע זעקעלע מיט די אויסבאַהאַלטענע גאָלדענע און נאָך אַנדערע נאָך מער ווערטפולע זאַכן — דאָס לײַנענע זעקעלע, צוליב וועלכן מען האָט איצט. דאָ אין שטיבל צוגעשלאָגן די שווערע אײַזערנע פּרענטעס באַ די טירן. עס האָט זיך ווי פון זיך געמאַכט אין קאָפּ דער חשבון: וויפל, אַ שטייגער, וואָלטן איצט ווערט געווען די נאַציאָנאַליזירטע הײַזער מיטן שפּירט־זאַוואָד, ווען מען זאָל זיי אים, למשל, באַ הײַנטיקן טאָג אומקערן צוריק.

און תמיד איז אים שוין פונעם דאָזיקן חשבון אַליין געוואָרן גוט און רו׳ק אָפּן האַרצן אַזוי, אַז ער האָט דענסטמאָל אַליין ניט באַמערקט, ווי ער הייבט פּלוצעם אָן זיך אײַנהערן אין דער אַרומיקער שטילקייט, אינעם צוויטשערן פון די פייגעלעך אין וועלדל, וואָס פון יענער זײַט טראַקט, און ווי אַזוי ער שרײַט דאַן אַרײַן אין שטיבל צום ווײַב:

— שיינדעלע! אַנו, קום נאָר אַרויס!..

— שיינדעלע, הער נאָר, ווי פײַן!

עס זײַנען דאָ אַריבער די הייסע זומערדיקע חדשים — האַלב־יום־טובדיקע וואָכן, האַלב־וואָכעדיקע שבתים.

די זוסמאַנס נאָך אָט די חדשים:

זאַטלעך־אויסגעפּאַשעט, מיט פאַרברענטע פּנימער, מיט לײַבער, וואָס הייבן אָן אַרויסצוגעבן פון זיך דעם זעלבן ריח, וואָס דער אַ קעגנדיקער גרינער וואַלד.

דערנאָך האָבן די פאַרנאַכטן אָנגעהויבן צוצופאַלן פריִער. שטילע און צאַפּלדיקע קילקייטן האָבן פרום אַ קיצל געטאָן די נשמה. ליידיקגייערישע שעהן האָבן אָנגעהויבן צו וועגן שווערע פּודן, און דאַן האָבן די פאַדלאָגעלעך אין קליינעם שטיבל אָפּגעענטפערט אַף יעדן שטאַר־

קערן טריט מיט אַ פּוסטלעכן קלאַנג — אַ פאַרטראַכטן און אויסגעצויגענעם, ווי אַ פרעגנדיק ווידערקול:

— וואָס טוט מען דאָ?

אין אַזעלכע פּאַרנאַכטן:

קולות איינציקע, טראָפּ־ווערטער דערטראָגן זיך אַהער פון אַרום די אַכט פונאַנדערגעוואָרפענע זעמליאַנקעס — דער אָפּגעהאַרעוועטער זומער האָט אויפגעהערט צו זײַן אַ מחיצה צווישן זיי און צווישן אויער. איצט צווינגט שוין פון דאָרט יעדער טראָפּ־וואָרט, מען זאָל זיך פאַרטראַכטן און דערפילן: בייזוויליקייט פון פאַרהאַרעוועטע, אויסגעמאַרכעוועטע מענטשן. יעדער שטאַרקערער קלאַפּ באַ די זעמליאַנקעס ווינקט מען זאָל דאָ אין שטיבל זיך אײַנהערן: באַלד נאָכן קלאַפּ קאָן אימעצער אַ שיק געבן אַהער זײַן שאַרף קול, זײַן קללה פאַר די ליידיקגייערישע שיריים פון געוועזענער גבירישקייט. באַ די זוסמאַנס ווערן דאַן פאַרשפּיצט די אויערן — מען וואַרט אַ ווײַלע. עס איז שטיל. און דאַן ווערט נאָך די ערגער, וואָס די קללה קומט ניט... וואָס דאָרט אַרום די זעמליאַנקעס ליגט קיינעם ניט אָט דאָס שטיבל אפילו אין פּיאַטע.

אָפּט מאָל אין אַזעלכע פּאַרנאַכטן:

לעבן די זעמליאַנקעס וואַרט לאַנג דער זעלבער קאַבריאָלעט מיט די יונגע גרוי־געפלעקטע פערדלעך פונעם אַנגעפּאַרענעם באַפּולמעכטיקטן אַגראָנאָם.

אַרום אַגראָנאָם, צווישן די זעמליאַנקעס, אַ מענטשן־רעדל — געהאַרכזאַמע רוקנס, געלאַטעטע פּלייצעס, שוואַרצער ווי דער פּאַרנאַכט. מען דערציילט אים אויס, מען הערט אים אויס, מען ישובט זיך מיט אים, מען פירט אים אַרום יעדערער צו זײַן באַלעבאַטישקייט און מען מאָנט עפּעס באַ אים נאָגנדיק־לאַנג. מען צינדט אָן אין איינער פון די זעמליאַנקעס אַ לאָמפּ און מען גייט אים אַהין נאָך אַלע, אַלע.

דענסטמאָל זיצן די זוסמאַנס אין שטיבל זייער אַנגעשטרענגט, אומרויק; מען וואַרט ווי מיט מורא: אָט־אָט וועט דער באַפּולמעכטיקטער צו זיי אַרײַנקומען און וועט אַ פרעג טאָן:

— אַף וואָסער סמך איז מען פאַרשריבן אין קאָלעקטיוו?

און תמיד, אַז מען דערהערט נאָר פון ווײַטנס דעם קאַבריאָלעטס אָוועקפאָרן, דערפילט מען זיך דאָ לײַטיש־באַליידיקט, פאַר וואָס דער

אַגראַנאָם באַמערקט זיי ניט און קומט צו זיי ניט אַרײַן — ווײַל סוף־כל־סוף איז ער דאָך אַ יונגער מענטש, אַן אינטעליגענטער, אַ סברה אפילו — פון אַ פײַן אָרט. מען מעג זיך זײַן, ווי מען זאָגט אַף אים, אַ קאָמוניסט... און תמיד האָט דענסטמאָל הירשל זוסמאַן נאָך אַ לענגערער שווײַגנדיקער פּויזע פּלוצעם און זייער אויסגעצויגן אַ פרעג געגעבן:

— ווי־יי־י ?

ווי גלײַך אימעצער פון די אַרומיקע וואָלט אים זאָגן, אַז דאָס ניט אַרײַנקומען איז מצד דעם אַגראַנאָם אַ גראָבקייט, און ער וואָלט מיט דעם אָט „ווי—י—י ?" ענטפערן, אַז עס איז טאַקע אַזוי:

— אַ גרויסע גראָבקייט.

זײַנע מבוסמדיקע ווײַסלעכער האָבן דערבײַ אַריבערגעקוקט פון איבער די ברילן מערסטנס צו זײַן מיידל און האָבן באַ איר ווי געפרעגט, צי מיט דעמדאָזיקן „חי—י—י?" פילט זי זיך געטרייסט.

עס האָבן זיך פרי אַ לאָז געטאָן די ערשטע רעגנס, איז שיינדל מיט איר קראַנק האַרץ געלעגן גאַנצע טעג אין בעט. און אַז שיינדל ליגט אין בעט, קומט תמיד אויס, אַז ניט בלויז איין מענטש, נאָר די גאַנצע שטוב האָט אַ קראַנק האַרץ. און דאָס לאַנגע מיידל פילט דאַן מער ווי תמיד, אַז זי טראָגט שוין מער ניט קיין הויכע קאָרקעס מיט קיין ענגן קאָרסעט. זי איז געשטאַנען באַם פענצטער און געוואַרט אַף אַ שלעכטע בשורה, געוואַרט אַזוי לאַנג, ביז זי האָט איין מאָל גאַנץ פרי מיטן טאָגלעך דערהערט אַרום זיך אַ רעש איק שטוב, זיך אויפגעכאַפּט און האָט אין פאַרשלאָפנקייט זיך אַליין אָפּגעגעבן:

— מזל־טוב... דער אַלטער קליין־בוטשאַטשער קצב איז שוין ווידער דאָ אין שטוב.

ער האָט זיך אָקאַרשט באַנאַכט אומגעקערט פון שטאָט — ער דערציילט עפּעס אומגעוווּנטשענס, און אין צווייטן צימער שרײַט די מוטער צום פאָטער (איצטיקס מאָל מיט אַזאַ קוויטשיקל, אַז עס ווילט זיך אַנטלויפן פון דעם אַף גאַנצע מײַלן):

— ווער דען ? !

— וואָס דען ? !

— באַ אַזאַ ענגשאַפט אין דירות ?

— מען האָט דען פריִער ניט געוווּסט ?

— ווי לאָזט מען אַ וווינונג פּוסט ?

— נו, האָט מען זיך באַזעצט...

— הערסט'אַך אַ מעשה פון צוויי וואָכן.

— פאַרפאַלן...

זוסמאַן איז דענסטמאָל אַוועקגעפאָרן אָף עטלעכע טעג, געקומען צוריק פון שטאָט מיט זייער אַ קליינער נחמה, נאָר דאָך אַ פאַררויטל־טער, אַ מער לעבעדיקער, ווי גלײַך ער האָט צו מזל אָנגעהויבן נאָך אַ מאָל „דרייען געשעפט".

— הערסט'אַך : דער מענטש, ווען מען האָט אין דער וווינונג אַרײַנגעזעצט, איז דווקא, ווײַזט זיך, אַ לײַטישער.

אדרבא, זאָגט ער, — גיט מיר וווהין אַרויס.

און דער עיקר :

דער אַלטער קליין־בוטשאַטשער קצב האָט ווידער אַמאָל אָנגעהויבן קומען אַלע אָוונט געבן עצות. פון אים האָט געשמעקט מיט פיל אויפ־געגעסענע זויערע אוגערקעס — ער האָט דאָ געפינטלט מיט די קאַליע אויגן, געשמעקט טאַבאַק און האָט פאַמעלעך, פאַמעלעך דאָ געמאַכט דעם חשבון פון אַלע נײַע קאָלאָניסטן — וואָס פאַר אַן אויסזיכט האָט יעדע־רער פון זיי באַכן ערשטן אָפּגעאַרבעטן זומער.

— אַנדערע אפילו זאָגן : אָפּגעאַרבעט אַ זומער פון עולם־הבא וועגן, און איך זאָג : ס'אַ ליגן. איך זע דאָך אַ חשבון... מ'וועט זיך דעם ווינטער איבערכאַרטשעווען... מ'וועט זיך איבערכאַרטשעווען.

— די לופט אַרום אים — פול מיט אָנשטרענגונג, ווײַל פול מיט אָנשטרענגונג זײַנען די פרויען, וואָס ליגן אין צווייטן פינצטערן צימערל ביידע אין איין בעט, און זוסמאַן אַליין, וואָס שפּאַצירט אַרום טיש — אַלע וואַרטן, ווען וועט שוין אָט דער זקן אַוועקגיין, נאָר יענער האָט צײַט.

— פּכע ! איך בין אַ קצב... געלעבט אַלע יאָרן אין דאָרף. איך זאָג : פון ערד קאָן מען לעבן.

און תמיד, ווען דער אַלטער גייט ענדלעך אַוועק, איז שוין שפּעט־לעך, און דאָס לאַנגע מיידל לופטערט נאָך אים אין אײַלעניש דאָס צי־מער, כדי באַלד אויסצולעשן דעם לאָמפּ, זיך אַרײַנלייגן אין בעט, זיך איבערדעקן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און ניט הערן, ווי אין צוויי־

טן פינצטערן צימערל קלאַפּט די מוטער ווי מיט אַ העמערל אין קאָפּ:

— זיך אַרויסכאַפּן פון דאַנען.

— פּטור ווערן...

— זאָל זײַן אַן אַנדער דירה.

— נו, איז דינגען... נו, איז פאַרוואָס דינגסטו ניט?

זוסמאַן האָט דאַן ווידער אָנגעהויבן צו פאָרן אָפּט אין שטאָט. עס האָט געהאַלטן באַ איבערציִען. נאָר פון די קינדער איז פּונקט צו יענער צײַט אָנגעקומען אַ בריוו, מען זאָל זיך אָפּהאַלטן, מען זאָל צוּוואַרטן — זיי קומען. דעם בריוו האָט מען געלייענט אַלע צוזאַמען שטייענדיק, מיט ברוגזן פּראָטעסט אין די אויגן און אין די עטעמענדיקע בעזער:

— וואָס לויפן זיי אַהער?

— וואָס זײַנען זיי אַזוי גליקלעך?!

III

דער ערשטער האָט זיך פון מאָסקווע אומגעקערט עליק, דער קלענ־ערער, דער „פּראָסטאַק" מיט די רויטע האָר און מיט די זומער־שפּרענקע־לעך אָפן גאַנצן פּנים און אפילו אָף די אויערן.

דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דאָ געטאָן:

ער איז אָפּגעשלאָפן אַקעגן אַ פּאָר מעת־לעת אָן אָטעם, אין די קליי־דער, מיטן פּנים אַראָפּ אָפן האַרטן געלעגער, וואָס ער האָט אין קיך־ווינקל אָף דער פּאָדלאָגע זיך אויסגעבעט.

אין שטוב האָט מען באַטראַכט אָף אים די בגדים:

— זע נאָר אַ הילוך.

— זע נאָר אַן אָפּגעריסנקייט.

— קיין „קאַפּיטאַלן" האָט ער מיט זיך ניט געבראַכט.

— קיין פּלענער — אויך ניט.

נאָר מעגלעך, אַז די פּלענער האָט געפירט מיט זיך מאָטי, דער אויסגעשלאָסענער סטודענט.

מען האָט זיך דעריבער דערפרעגט:

— עליק... ווען, זאָגסטו, קומט מאָטי?

עליק איז פאַרשמײַעט, רײַבט די אויגן, וואַשט זיך און האָט בכלל

ווי קיין צײַט ניט צו ענטפערן — ער שנאָרעט אַרום צווישן די זעמליאַנ־קעס פון די שכנים־קאָלאָניסטן, פאַרפירט שמועסן מיט אַלטער דעם קצבס קינדער, באַטראַכט זייער באַלעבאַטישקייט; כאַפּט זיך אַרויף צו דעם אָדער יענעם שכן אַף דער פור און פאָרט מיט אים אין פעלד אַרײַן.

באַ אימעצן האָט ער געכאַפּט אַ האַק.

ער האָט אָנגעהויבן פאַרפאַלן צו ווערן אַף גאַנצע טעג אינעם וועל־דל, וואָס קעגן איבער דעם טראַקט, אָנגעהויבן פון דאָרט שלעפּן אַהער פלעקער און גאַנצע הויפנס פרומיס; ער האָט געפלאָכטן אַ פלויט אַרום שטיבל.

מאַן און ווײַב האָבן געהאַט פאַרדרוס:

— וואָס וויל ער?

— צוליב וואָס טוט ער דאָס?

דאָס לאַנגע מיידל האָט, שטייענדיק אין פענצטער, אַריבערגעקוקט איבער אים, איבער דער אַרבעט, וואָס ער טוט, און אים ווי ניט געזען.

אײַנגראָבנדיק פּונקט אַקעגן דער טיר אַ גראָבן פלאָקן און אַרויס־שלאָגנדיק זיך פון די כוחות, אַז דער פלאָקן זאָל שטיין גלײַך, האָט דער רויטער אַ זאָג געטאָן צום פענצטער־צו, צו אָט דער שוועסטער זײַנער.

אַנו, אַנו קום... האַלט נאָר צו אַ ווײַלע דעם פלאָקן.

די שוועסטער האָט אַ קוק געגעבן אַף אים מיט אַ זייער ווײַטן קאַלט־לעכן בליק און האָט אומעטיק אָפּגעטראָטן אין דער טיף פון צימער. דער רויטער האָט זי גערופן; זי האָט ניט געענטפערט. דעמאָלט איז ער אַוועק־געגאַנגען צו די זעמליאַנקעס און האָט זיך פון דאָרט אומגעקערט מיט אַלטער דעם קצבס יונגערן זונס 15יעריק מיידל — אַ פעסט מיידל מיט גראָבלעכע פיס, אַ ברייט מויל און מיט אַ פליישיק, אייביק־שמייכלענדיק פנים. האַלטנדיק מיט ביידע הענט דעם גראָבן פלאָקן, אַרום וועלכן דער רויטער שיט ערד און טופעט מיט די פעס, האָט דאָס קצבישע אייניקל ניט אויפגעהערט צו שמייכלען און צו קוקן מיט קוועלנדיקע אויגן גלײַך אין די פענצטער אַרײַן.

אין שטיבל האָט מען זיך דעם גאַנצן טאָג געפילט שלעכט; מען איז אין דרויסן ניט אַרויסגעגאַנגען; און מען האָט געהאַלטן אַראָפּגע־לאָזט די פאַרהענגלעך.

עליקן האָט מען געגעבן אַ ביסל געלט ער זאָל פאָרן אין שטאָט

אַרײַן און זאָל זיך קויפן אַ פּאָר אַנדערע הויזן, אַ פּאָר נײַע שיך, אַ וואַטענע פּאַלטאָ אויף ווינטער.

מען האָט צו אים געזאָגט:

— זעסט אויס, ווי אַ שמאַראָוואָז.

עליק איז אין שטאָט געפֿאָרן, נאָר אָפּן אָרט פֿון נײַע הויזן און נײַע שיך, האָט ער פֿון שטאָט געבראַכט פֿינף הינער מיט אַ האָן. פֿאַרן איבעריקן געלט — פֿאַרן פּאַלטאָ — האָט ער זיך צונויפֿגערעדט מיט אַ שכן און האָט צוזאַמען מיט אים איבערגעאַקערט אַ טייל פֿעלד אויף ווינטערדיקע פּאַרעס. די הינער מיטן האָן האָט ער דערווײַל אָפּגעלאָזט אינעם אַרומגעצוימטן הויף, געזוכט פֿאַר זיי ברעקלעך, פֿאַנאַנדערגעגראָבן אַ שטיקל ערד און צוגעקוקט מיט פֿאַרגעניגן, ווי זיי פּיקן אויס די ווערים. גאַנץ פֿרי, באַלד ווי ער איז אויפֿגעשטאַנען, איז ער געלאָפֿן אין הויף אַרײַן אויף זיי קוקן — ער האָט ווידער געבראַכט אַהער פֿון די זעמליאַנקעס אַלטער דעם קצבֿס אייניקל, כּדי זי זאָל דאָ אַרומטאַפּן די הינער און אים זאָגן, וועלכע פֿון זיי דאַרף זיך „לייגן".

די באַציִונג צו אים מצד די עלטערן אין יענע טעג:

ער איז דער איינציקער אויף דער גאַנצער וועלט, אויף וועמען ס'האָבן ניט געווירקט ניט די יאָרן, ניט די אומגליקן — ער איז געבליבן באַם קינדערישן שׂכל...

עס פֿאַרדריסט איבערהויפּט די הנאה, וואָס ער האָט פֿון זײַנע זאַכענישן — ווי אַמאָל, פּאַקט ער איצט ערגעץ אַ הונט, ליאַנטשעט אים צו צום הויף און מאַכט פֿאַר אים אַ דעכל פֿון צווײַגן.

דער הונט זײַנער:

— אַ פֿוילער, אַ הונט, וואָס האַוקעט ניט.

דערפֿאַר האָט אָבער זײַן האָן אין אַ פּאָר טעג אַרום זיך דערפֿילט דאָ אין הויף גאַנץ היימיש און האָט אָנגעהויבן צו קרייען אַלע פֿאַרטאָג מיטן טאָגלעך, קרייען אונטער די פֿענצטער און שטערן די איינציקע גוטע געוווינהייט, וואָס איז נאָך פֿאַרבליבן פֿון אַמאָליקע גבֿירישע צײַטן — די געוווינהייט צו שלאָפֿן שפּעט אָפּן טאָג, צו פֿאַרגעסן זיך.

שיינדל האָט דעריבער געקרעכצט אין בעט אַלע פֿאַרטאָג, געקרעכצט הויך און אומיסטן געשריגן אויף אַ הויך קול, כּדי עליק זאָל הערן:

— הערשל, איך האָב אַ קראַנק האַרץ. איך בעט דיך: האָב רחמ־נות, גיי אַרויס אין דרויסן... הערשל...

— איך בעט דיך: דערהרגע דעם האָן, הערשל!

מיט אַ קנאַפּן חודש שפּעטער האָט זיך אומגעקערט מאָטי:
אַ דאַרער, אַן איינגעבויגענער, מיט אַן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס וויל אויסבאַהאַלטן אין זיך זיין אייגענעם לאַנגן וווקס.
אַנשטאָט פּענסנע האָט ער איצט געטראָגן זייער קליינע ברילן — ניקלענע, פּשוטע, אַזעלכע, וואָס פּויערן און פּויערטעס קויפן פאַר גראָ־שנס אויף די ירידים.
זיינע שוואַרצע וואָנצעס זיינען געווען צו גרויס אין פאַרגלייך מיט זיין קליינעם דאַרן פּנים. זיינע לאַנגע הענט האָבן געוואָלט וואָס מער זיך אַריינגעשטופּט אין די הויזן־טאַשן. זיין גאַנצע שטויביקע פיגור האָט ווי געטראָגן אין זיך אַ וויטלעכע באַליידיקונג אויף די עלטערן, וואָס האָבן אים אָפּגענאַרט — אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ געלערנטן, געשטופּט, געשטופּט אין אים פון קליינערהייט אָן, גאָר אָפּן ניין־און־צוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער פּלוצעם זיך אַליין געלאָזט וויסן זייער איינ־פאַך און קורץ.
— הער נאָר, דו, בחור! קיינער דאַרף ניט דיין געלערנטקייט.
אויסער דער אומעטיקער געוווינהייט אַרומצושפּאַצירן הין און צו־ריק מיט פאַררוקטע הענט אין די הויזן־טאַשן האָט ער מיט זיך פון מאָסקווע גאָרנישט געבראַכט.
נאָך די ערשטע טעג:
דער פאָטער פּרוווט זיך סודען מיט מאָטין, ווי מיט אַן עלטערן פאַרשטענדיקטן זון, און דערציילט אים, ווי אַזוי מ'האָט „צוגענומען", און ביזן לעצטן הויז, און ווי אַזוי דעמאָלט האָט זיך נאָך אַלץ אויסגע־וויזן: אימעצער וועט זיך איינשטעלן, אימעצער וועט ניט דערלאָזן... נו... און דערנאָך די מעשה מיט אָט דעם „טרעסט" אין וועמען מען האָט ניט לאַנג אָפּגעגעבן דעם שפּירט־זאַוואָד.
— עס פאַרדריסט: די יונגעלייט — יענע, וואָס פאָרן אַהער פון

„טרעסט" אין זאַוואָד אַרײַן, זײַנען סך־הכל צוויי שוואָגערס. אַזוי זאָגט מען — פֿאַר דער מלחמה האָבן זיי געהאַלטן אין כּאַרקאָוו די קאַראַבקע. נאָר סוף־כּל־סוף וועט מען זיך דאָך אַרומקוקן: צי עס לוינט גאָר אַט דער גאַנצער בײַט... ווי? ניט אַזוי?

צו מאָטין האָט די מוטער צוגעקלאָגט עליקן. ווי אַזוי ער ווייס ניט, וואָס עס טוט זיך מיט אים:

— פּוסטע יינגלישע מעשיות.

— היגער מיט הינט, מיט קצבישע אייניקלעך. מיט „שמאַ־אַרבעטן ערד"... אַנדערע אין שטאָט האָבן נאָך גאָרנישט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ — מען טוט נאָך עפּעס... און וואָס וועט זײַן, אַז מען וועט שוין אויפעסן דאָס לעצטע?

מאָטי קוקט אָן פֿאָטער־און־מוטער ניט מיט די אויגן, נאָר מיט די ברילן־גלעזלעך, און הערן הערט ער זיי, דאַכט זיך, אויך נאָר מיט די ברילן־גלעזלעך. ער זעט אויס אומגליקלעך, ווען זיי שטייען צו אים צו, און פֿיל מער צופֿרידן, ווען זיי לאָזן אים צורו. ער שווײַגט, ווי אַ פֿרעמדער.

פֿאַרקערט:

מיט עליקן וואַרפֿט ער זיך אָפּט דורך מיט אַ פּאָר ווערטער, ווי מיט אַ ברודער, און גייט אים נאָך אין הויף אַרויס. עליק ווײַזט אים דאָרט אָן, ווי אַזוי וועט אויסזען אין עק הויף די ניט־דערבויטע קאָמער מיט דער שטאָל.

דורכן פֿענצטער זעען זיי פֿאָטער־און־מוטער, סײַ די שוועסטער.

מאָטי חברט זיך מיט עליקן — ער גייט מיט אים אָנקוקן די איבער־געאַקערטע פֿעלדער און שפּאַנט מיט אים אַרום צווישן די קאָלאָניסטישע שטיבלעך, בעת אַהין פֿאָרט אָן דעם אַגראָנאָמס קאַבריאָלעט; ער שטייט דאָרט אין רעדל אַרום אַגראָנאָם צוזאַמען מיט אַנדערע קבצנים...

אין אָוונט נעמט זיך דער פֿאָטער נאָך אַמאָל צו מאָטין, און די שוועס־טער גייט דאַן אַרויס אַף לאַנג אין דרויסן, כּדי ניט צו הערן ווי מאָטי שווײַגט. אַז זי קערט זיך אום, שלאָפֿן שוין מאָטי מיט עליקן אָפֿן אויסגעבעטן געלעגער, וואָס אין קיך אין ווינקל אַף דער פּאָדלאָגע, נאָר אין שטוב איז נאָך אַלץ ניט שטיל — אין צווייטן צימערל פֿאַרענטפֿערט זיך דער פֿאָטער פֿאַר דער מוטער:

— אַז ווער הערט מיך ?

— אַז ניט, איז דען דאָ צו וועמען צו רייזן ・

אַ לאַנגער פאַרענטפערן זיך, אַן אומאויפהערלעכער.

עס טרעפט :

דער שמועס אין צימערל האַקט זיך אין דער פינצטער איבער און הייבט זיך אָן נאָך אַמאָל — טאַטע־מאַמע הערן ניט אויף זיך צו זאָרגן פאַר איר, דער טאָכטער, פאַר איר תכלית, פאַר אירע יאָרן. דענסטמאָל רוקט דאָס לאַנגע מיידל אַרויס דעם קאָפּ פון אונטער דער איבערגעדעק־טער קאָלדרע, טוט זיך געשווינד אַ זעץ אויף און קלאַפּט אָן צו זיי אין טיר :

— זאָל זײַן שטיל... איך וויל שלאָפן.

אַף מאָרגן אין דער פרי אַ נײַס אין שטוב :

עליק פאָדערט, מען זאָל אים געבן געלט אַף צו קויפן אַ וואָגן און צוויי פערד, ווײַל ס'איז שוין סוף אויגוסט — אַלע אַרומיקע קאָלאָניסטן האָבן שוין צוגעגרייט די פעלדער.

עליקן האָט מען געענטפערט זייער אומעטיק, פאַמעלעך, ווי גלײַך דעם ענטפער האָט מען שוין פון זײַנעטוועגן לאַנג צוגעגרייט :

— נישטאָ קיין געלט.

— פון וואַנען זאָל מען נעמען ?

עליק האָט באַקומען שאַרפע אויגן און האָט אַ ווונק געטאָן מיט גיפּט צום צווייטן צימערל :

— פון דאָרט, פונעם לײַנענעם זעקעלע... פון בעט...

מען האָט אים קיינער ניט געענטפערט.

עליק האָט דענסטמאָל אַ פרעג געטאָן בײַ מאָטין מיט אַזאַ קול, ווי ער וואָלט בײַ אים בעטן הילף :

— וואָס זאָגסטו שוין, אַ ? מאָטי...

מאָטי האָט אַנשטאָט ענטפערן אַ שפּאַן געטאָן הין און צוריק, זיך פאַמעלעך אָנגעטאָן און פאַמעלעך אַוועקגעגאַנגען פון שטוב.

— איר זעט, צי ניין ?

עליק האָט אַף אים אַ ווונק געגעבן, זיך אַ שפּאַר געגעבן מיט ביידע הענט אָפּן טיש, אַרום וועלכן עס זיצן טאַטע מאַמע, און האָט באַוויזן צוזאַמענגעדריקטע ציין :

— קוקט: ער האָט איך פיינט, מאָטי... איבער איך האָט מען אים אויסגעשלאָסן... יאָ, יאָ — איבער איך... איר האָט אונדז געלערנט, האָט איר אונדז... צו וואָס טויגן מיר?

דענסטמאָל האָט פונעם אָהט באַם פענצטער זיך אומגעקוקט דאָס לאַנגע מיידל און האָט באַטראַכט עליקס פּאָזע.

— אידיאָט! — האָט זי געזאָגט קאַלט און גלייכגילטיק. — שפּילט טעאַטער...

געענזיקט.

קיין געלט האָט מען עליקן ניט געגעבן.

נאָך מיט אַ וואָך שפּעטער איז ער דאָך מיט איינעם פון די שכנים געפאָרן ערגעץ־וווּהין אויף אַ יריד, און צוריק האָט ער זיך אומגעקערט מיט אַ פריילעכן „וויאָ", געזעסן אין אַ נייעם דראָבעניאַק און אונטער־געטריבן מיט אַ פּאָר פערד — פּרעמדע, היפּשע, פּריש־געקויפטע; איי־נעם פון זיי איז נאָכגעלאָפן אַ לאָשעקל.

אין יענער זעלבער וואָך:

שיינדל האָט איין מאָל באַטאָג געגעבן אין צווייטן צימערל זייער אַ הויכן, אומגעוויינלעכן היכץ. אַז מען איז אַהין אַריינגעלאָפן, האָט מען זי געטראָפן אין חלשות, און לעבן איר איז אויפגעבונדן געלעגן דאָס לייגענע זעקעלע מיט די זאַכן. אַלץ אין זעקעלע איז געווען גאַנץ. גע־פעלט האָט דאָרט ניט מער, ווי אַ קליין קעסטעלע מיט אַ פינגערל — אַ פינגערל מיט אַ בריליאַנט.

נאָר מאָטי האָט דאָך דענסטמאָל אָנגעהויבן צו פאָרן מיט עליקן אַלע גאַנץ פרי אין פעלד אַריין און זיך אומקערן ניט פריער, ווי מען האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ, פון אונטן אונטערן וואָגן איז זיי נאָכגעלאָפן דאָס לאָשעקל. הייסט עס: מאָטי איז געווען אויף עליקס זייט — מאָ־טין אַרט ניט וואָס די פערד מיטן וואָגן זיינען געקויפט געוואָרן פאַרן פינגערל מיטן בריליאַנט.

זוסמאַן האָט, טראַכטנדיק וועגן דעם, אַרומגעשפּאַנט אין שטוב גאַנ־צע טעג אין די שטעק־שיך, שיינדל האָט אים מיט די בליקן אונטערגע־שטופּט צו מאָטין:

— נו שוין, פאַר וואָס רעדסטו ניט?

באַ זוסמאַנען איז שוין געווען צוגעגרייט אַלץ, וואָס ער וועט מאָ־טין זאָגן:

— נו, יאָ, סאַמע די צײַט דערויף. קינדער אַליין נעמען זיך צו עפּעס רעכטס. יונגע טויגן הײַנט גאָר בעסער, ווי די עלטערע.

אַז ער איז ענדלעך מיט דעם צו מאָטין צוגעטראָטן, איז דאָס געווען אין הויף, אַנהייב אָוונט, ווען מען האָט זיך אומגעקערט פון פעלד. מאָטי האָט אים געענטפערט:

— לאָז מיך צורו... איך בין מיד.

און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט העלפן עליקן אויסשפּאַנען די פערד.

איז ער געווען דער לעצטער, אַז דער:

„לאָז מיך צורו".

איצט רעדט מען מער ניט — די פאַמיליע איז ווי אַף אייביק צעשפּאָלטן אַף צוויי צדדים:

איין צד:

הירשל, זײַן ווײַב און דאָס לאַנגע מיידל.

דער צווייטער צד:

עליק מיט מאָטין.

די בחורים אַרבעטן אין פעלד, האָרעווען דאָרט פון גאַנץ פרי ביז פאַרנאַכט, וואַשן זיך זעלטן די פּנימער, גאָלן זיך נאָך מער זעלטן די בערד, גייען אַף פאַרזאַמלונגען צו די פּאַנאַנדערגעוואָרפענע זעמליאַנקעס, פירן באַגלײַך מיט אַנדערע געהילצער צו די שטיבער, וואָס מען וועט דאָרט קומענדיקן זומער בויען, נעמען דערפאַר באַגלײַך מיט אַנדערע אַ חלק אינעם היי, וואָס מען האָט אָן זיי אָנגעקאָסעט. נאָך דעם לייגן זיי זיך פרי שלאָפן און באַמערקן ניט דעם צווייטן צד, הערן ניט די טאָג־טעגלעכע שמועסן וועגן „אָפּגעגעבענע הײַזער" און וועגן דעם וואָס די יונגעלײַט פון „טרעסט" וועלן אין גיכן דורכלאָזן אין דאָברי דעם שפּירט־זאַוואָד...

די דאָזיקע ידיעות פאַרטראָגט אַהער אַלטער דער קצב, וואָס פירט קיין דאָברי פלייש.

ער פאַרפולט דאָ די קליינע שטוב מיט זײַן ריח פון רויען חלב, פּינטלט מיט די קאַליע אויגן, שמעקט טאַבאַק און באַוווּנדערט, ווי אַזוי אַלץ האָט זיך איבערגעדרייט:

— די צוקער־פאַבריק גייט, און דער שפּירט־זאַוואָד גייט.

— מיט איין וואָרט...

— גאָר ווי אַמאָל... גאָר ווי אין די גוטע צײַטן.

ער האָט ניט מער וואָס צו דערציילן און גייט פונדעסטוועגן ניט אַוועק.

— נו, און אָקסן אָף מאַליאַס, מיינט איר, וואָלט מען איצט באַם זאַוואָד ניט געקאָנט אַוועקשטעלן ?

— אָ־אָ! נאָך אַ מין... סקאָט איז ביליק... שטאַרק וואָלוול.

דאָס אַלץ וועקט און היצט זוסמאַנען.

נאָך דעם קצבֿס וויזיטן שפּאַנט ער אַרום אין די שטעקשיך, ווי אַ פּאַרטשאַדעטער, קאָן ניט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַנטשלאָפן ווערן, און אָף מאָרגן באַשרײַבט ער נאָך אַלץ פאַרשיידענע שטיקלעך פּאַפּער מיט פיל ציפערן און מאַכט נאָך אַלץ דעם חשבון, וויפל טויזנט פּוד פּאַ־טעקע עס זײַנען געבליבן אין זאַוואָד אין די גריבער, וויפל פּוד אַליען און האַלץ, און וויפל וואָלט מען אָף זיי פאַרדינט. דאָס זעלבע חזרט זיך איבער אַ וואָך נאָך אַ וואָך. און ווײַל קיינער פון די אַרומיקע נעמט אין אָט די חשבונות קיין אנטייל ניט, און ווייסט ניט אין וואָס זיי באַ־שטייען, ווערט זוסמאַן ביסלעכווײַז דורך זיי אַ דריטער, אַ באַזונדערער צד אין די פאַמיליע און לעבט מיט אַ באַזונדער אָפּגעטיילט לעבן.

אין דרויסן פאַלן די ערשטע שנייען. שיינדל האָקט טאָג־טעגלעך אין קאָפּ אַרײַן וועגן פאָרן אין שטאָט, וועגן אַ דירה, וואָס מען קאָן איצט קריגן, וועגן אַ בײַט, וואָס מען קאָן דאָרט מאַכן מיטן שכן, וועגן אַ געשעפט: נאָר ער הערט קוים און רעדט אָפּט צו זיך אַליין:

— נו, יאָ... דער חשבון איז ריכטיק...

## IV

אין פעלד דרייען ווינטן מיט זאַווערוכעס גאָר אַנדערש, ווי זיי דרייען מיט זיי אין שטאָט — ווינטן אָף צו דרייען אָן אַ שיער פליגל פון ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע ווינטמילן פּאַטש מיט שמחה, פאַר־פּאַטשן ווי פון חוזק וועגן. מיט יעדער באַזונדער שנייעלע — אַ שפּיל

פון קאַך־און־מויז. פונעם שטיבל, וואָס אַ קעגן די זעמליאַנקעס, זעט מען עס טאָג־איין — טאָג־אויס.

דאָס לאַנגע מיידל שטייט אין פענצטער און קוקט אַזוי זיך, פויל; באַם שטיבל קרעכצט דער דאַך אַראָפּגעטראָגן צו ווערן.

ווינטן שמייסן דעם שיטנדיקן שניי פון אונטן אַרויף, פון אויבן אַראָפּ, צלמענדיק די שטרעקעס מיט יאָגנדיקע זיילן. פּאַרוויליטע שפּרינג־גען־אונטער מאָטי מיט עליקן, פּאַרקענדיק אין הויף: זיי מוזן פּאַרשטעלן כאָטש איין צפונדיקע וואַנט מיט אַ סך שטרוי — עס מעג פון דעם ווערן אין קיך פינצטער; עס העלפט ניט טרעטן אַף דער שטרוי מיט די פיס און אַנלייגן פון אויבן דרענגלעך — דער ווינט צעטראָגט. פון די זעמליאַנקעס איז אימעצער צו זיי געקומען און זיי געגעבן אַן עצה: מען דאַרף דערצו האָבן כאָטש אַכט אָדער צען לייטערס. נאָר ווו נעמט מען לייטערס — אַף קריגן איז שוין איצט אפשר צו שפּעט, צו שפּעט, — איצט, ווען ווינטן שמייסן מיט שיטנדיקן שניי פון אונטן אַרויף און פון אויבן אַראָפּ און צלמען די שטרעקעס.

אין פעלד דרייען ווינטן מיט זאַווערוכעס גאָר אַנדערש, ווי זיי דרייען מיט זיי אין שטאָט.

זיי האָבן אַזוי אָפּגעדרייט אַ טאָג אַכט און זיינען געבליבן שטיל. עס האָט זיך געזאָלט איינשטעלן אַ וועג. אָנגעטאָן און פאַרוויקלט אַזוי, אַז באַ אים זאָלן קאָנען פרירן ניט מער, ווי די בלאָנד־גרויע וואָנצעס מיטן שפּיץ נאָז, איז זוסמאַן געזעסן אינעם גרענדזשאָלע שליטן פונעם קצבס יונגערן זון און איז געפאָרן אין שטאָט מיטן פעסטן באַשלוס:

— מאַכן אַן עק... איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

נאָר פון דער אַנדערער זייט:

— אויב עס וועט זיך לאָזן.

אין שטאָט האָט ער זיך געזען מיט חיים באַרים — מיט יענעם זעלבן חיים באַרימען, וואָס האָט אויך אַ זון אַן אויסגעשלאָסענעם סטו־דענט און איז אויך געווען רייך און האָט זומער געזאָגט וועגן זוסמאַנס אַרויספאָרן אַף ערד:

— חוכא וטלילה!

באַרימען האָט ער באַגעגנט אין גאַס מיט אַ געלאַטעטן פּאַלטאָ, מיט געלאַטעטע שיך און מיט אַ באָרד, וואָס איז ניט געשוירן און ניט גאַנץ.

זוסמאַן האָט בא באַרימען געפרעגט:

— נו... וואָס הערט זיך?

באַרים האָט געענטפערט:

— וואָס זאָל זיך הערן? ס'איז פריילעך.

זוסמאַן האָט געפרעגט:

— דהיינו?

באַרים האָט געענטפערט:

— פאַראַן אין לשון־קודש זיבן ווערטער אַף אַ קבצן.

— נו?

— איז קיין איינס פון זיי פאַר מיר ניט צוגעפּאַסט. איך זוך דאָס אַכטע.

דערנאָך האָט ער גלאַט אַזוי אַף זוסמאַנען אַ קוק געגעבן — ער האָט בא אים געפרעגט:

— אפשר זוכט איר אויך?

און נאָך איין זאַך האָט זיך זוסמאַן אין שטאָט דערוווּסט.

דעם דאָברער שפּירט־זאַוואָד האָט דער „טרעסט" טאַקע דורכגע־לאָזט — ער גייט אַף אַן אמת.

איצט איז זוסמאַן שוין געווען צוריק. ער האָט זיך געוואַרעמט בא דער הרובע, וואָס עליק האָט גאַנץ פרי אָנגעהייצט, ער האָט וועגן דעם דאָברער שפּירט־זאַוואָד געדענקט:

— ער גייט אַף אַן אמת.

און אין דרויסן האָט שוין ווידער געשאָטן. באַם פענצטער איז גע־שטאַנען דאָס לאַנגע מיידל און האָט געקוקט גלאַט אַזוי זיך, פויל:

אין פעלד דרייען וויגטן מיט זאַווערוכעס גאָר אַנדערש, ווי זיי דרייען מיט זיי אין שטאָט — זיי פּאַטשן און פאַרפּאַטשן, ווי פון חוזק וועגן: מיט יעדער באַזונדער שנייעלע — אַ שפּיל פון אַך־און־מויז.

אין שליטוועגס בא איינגעפרעסטע און פונאַנדערגעלאָזענע שנייען:

מאָטי מיט עליקן פירן האָלץ פון אַ ווײַטלעכן וואַלד צו אַ ווײַטלע־כער באַן־סטאַנציע — פריִער מיט שמאָלע, זײַטיקע ווינטער־וועגן, און נאָך דעם, ווען דער שניי לאָזט — מיטן טראַקט.

פֿאַר זייער פֿור און הינטער איר:

אַ גאַנצע ריי פֿורן פֿון ווײַטע דערפֿער און פֿון די קאָלאָניסטן פֿון די נאָענטסטע זעמליאַנקעס; מען וואַרפֿט אָפּ די שווערע מאַסע בײַ דער סטאַנציע און מען פֿאָרט צוריק נאָך נײַע. אַז מען אַרבעט אַזוי אין צווייען, פֿאַרשפּאָרט מען צײַט בײַ אָנלאָדן און אויסליידיקן דעם שליטן אָדער דעם וואָגן — מען קאָן זיך אומקערן צוויי מאָל אַ טאָג.

דער גערוך, וואָס ביידע בחורים גיבן פֿון זיך אַרויס:

אַ געררוך פֿון פֿערדישע שלייעס און פֿון פֿויעריש ברויט אויסגע־מישט מיט דזעגעכץ און מיט שווייס. אין אָוונט, אַז זיי קומען אַהיים, פֿילט זיך פֿון זיי אָט דער געררוך איבער דער גאַנצער שטוב און פֿאַר־טרײַבט פֿון דאָרט די לעצטע האָפֿענונג, אַז די געוועזענע גוטע צײַטן וועלן זיך צוריק אומקערן. אין שטוב איז דאָן ווי קיינער נישטאָ, בלויז זוסמאַן דער פֿאָטער דרימלט אָף אַ שטול לעבן דער קאַלט־ווערנדיקער הרובע און דרימלענדיק האָט ער אַ פֿולן קאָפּ מיט ציפֿערן — ציפֿערן פֿון צענער טויזנטער פּוד פּאַטעקע, פֿון גרויסע באַלאַנען מיט אָליען, פֿון אָנגעלאָדענע וואַגאָנען שפּירט.

אַלע פֿרימאָרגן נאָך די בחורימס אָוועקפֿאָרן לופֿטערט דאָס לאַנגע מיידל די צימערלעך, ווי נאָך שלעכטע קוואַרטיראַנטן. נאָר אין אָוונט, ווען מען צינדט אָן דעם לאָמפּ, קומען פֿריִער אָדער שפּעטער די בחורים צוריק, און אין איינעם מיט זיי — זייער געררוך. זיי האַלטן זיך אויף, ווי אָפּגעזונדערט, אין קיך, און דאָן פֿאַרדריסט די חברישקייט, וואָס הערשט צווישן זיי, זייער הויך ריידן און דאָס וואָס עליק לאַכט דאָרט אָפּט הויך אָף אַ קול.

איצט זײַנען שוין די וועגן קאַליע. קיינער פֿון די ווײַטע דערפֿער און פֿון די קאָלאָניסטישע זעמליאַנקעס פֿאָרט שוין מער ניט אין וואַלד, אין דרויסן שמעקט די לופֿט מיט אָנהייב־פֿרילינג, נאָר די בחורים פֿירן נאָך אַלץ — זיי האָבן זיך אויסגערעכנט דערפֿירן ביז צו אַ געוויסן חשבון — זיי מעגן אפֿילו אַרײַנפֿירן אין ערב־פּסח.

אין איינעם אַזאַ טאָג האָט זיך בײַ זיי צעבראָכן דער אָנגעלאָדענער וואָגן אין סאַמע מיטן טראַקט. זיי האָבן אים לאַנג געהויבן מיט דרינג־לעך און אים געפּרוּווט מיט וואָס זיי האָבן געקאָנט. ער איז געוועזן אַ טאָג — מלכות. עס האָט געוואָרעמט די זון, און ביידע זײַטן וועג האָט

געמורמלט דאָס אָפּלויפנדיקע וואַסערל, זיך געריינצלט, געפּלאָסן — אָן אויסנאַם פון טראָפּ־טריפנדיקן אַוועקלויפנדיקן קרישטאָל.

עס איז געווען פאַרנאַכטלעך, ווען די זון האָט זיך געזאָלט זעצן. דער וואָגן איז שוין כמעט געווען פּאַרטיק אָף ווײַטער צו פאָרן, און מיטן טראַקט איז דענסטמאָל אָנגעלאָפן אַן אויטאָמאָביל, אַ נײַער, אַ בליאַסקענדיקער. איינער פון די פּאָר פרעמדע יונגעלײַט האָט זיך נאָכ־געפרעגט אָפן וועג:

— קיין דאָברי, צום שפּירט־זאַוואָד...

די בחורים האָבן אַלץ געפּראַוועט דעם וואָגן, ניט אומקוקנדיק זיך און ווי קיין חשק ניט געהאַט צו ענטפערן.

— גלײַך... גלײַך, — האָט ענדלעך איין נאָז אַ פאָנפע געטאָן מאָ־טי, — גלײַך מיטן וועג.

ער האָט אין זײַט וועג אויפגעהויבן אַ גרעסערן שטיין אָף צו פאַר־שלאָגן עפּעס אין וואָגן, זיך אָנגעבויגן און זיך אײַנגעקוקט:

אָפן אָרט, פונוואַנען ער האָט אַוועקגענומען דעם שטיין, האָט גע־גרינט אַ רייפעלע פון יונגע גרעזעלעך — פרישע, צערטלעך־שוואַכע, ליגנדיקע און צוגעפּלעטשטע אונטער דער שווערקייט פון שטיין.

עס האָט זיך פאַרבענקט נאָך באַאַרבעטע ווינטער־פעלדער און נאָך יענע פעלדער, וואָס דאַרפן באַאַרבעט און פאַרזייט ווערן אָף זומער.

הילכיק, פריש, ווי אויסגעשלאָפן, קלאַפּן נאָכן ווינטער פאַרבײַלויפנ־דיקע פורן אָפן טראַקט.

צווישן די פורן: דער לויפנדיקער אויטאָמאָביל פון „שפּירט־טרעסט“. ער טראָגט טאָג־טעגלעך די פרעמדע יונגעלײַט פון דער שטאָט צום זאַ־וואָד און פון זאַוואָד צוריק אין שטאָט.

אַלע פרימאָרגן אַזוי — באַ נאָכגעלאָזטע פרעסטלעך, באַ שטראַלנ־דיקער זון, ווען אין שטילער וואַרעמקייט קריכן גרעזעלעך פון די בײַטן. דער הילכיקער געשריי פון אָט דעם אויטאָמאָביל פאַרפולט פון ווײַטנס די לופט מיט קאָכעדיקן פלוידער — אַ שוואַרצער אויסגעלאָסענער פלעק, וואָס יאָגט געשווינד איבער דעם גרויען טראַקט, וואָס שלענגט זיך איבער גרינע באַאַרבעטע פעלדער.

און אין דער זעלבער צײַט אין שטיבל, וואָס אַקעגן די זעמליאַנקעס: הירשל זוסמאַן זיצט דאָרט ווי אין אַ טשאַד. ער חזרט ציפערן אָף

אויסנווייניק און שרייבט ציפערן אַף פּאַפּיר. פאַרשיכורט פון גרויסע סך־הכלען נעמט ער נאָך אַמאָל איבעררעכענען אַט די אַלע חשבונות אַפן קאָפּ און נאָך אַמאָל זיי אויפשרייבן אַף פּאַפּיר — דאָס זיינען חשבו־נות, וועלכע ער גרייט זיך צוצושטעלן די יונגעלייט פון „טרעסט", וואָס האָבן דורכגעלאָזט אין דאַברי זיין זאַוואָד — חשבונות אַף פּאַטעקע, פאַר אַליען, פאַר האַלץ, פאַר אַרענדע...

מאָטי מיט עליקן האָבן דעמאָלט שוין ווידער געאַרבעט אין פעלד און אין קליינעם אָפּגעצוימטן הויף, געאַקערט, געזייט. ערגעץ האָבן זיי געקראָגן געלט, געקויפט אַ קו, וואָס האָלט באַם קעלבן זיך. די קו האָט זיך אָפּגעקעלבלט, איז ניט געווען, ווער ס׳זאָל זי מעלקן. די בחורים האָבן געבראַכט אַהער מלכהן, דעם קצבס אייניקל, געשטאַנען אין ביידע זייטן, געקוקט, ווי דינע, ווייסע שטראָמעלעך פליסן פון אונטער מלכהס בריהשע הענט אין מעלקשעפל אַריין, און ענדלעך זיך אַליין אויסגעלערנט מעלקן.

די מילך האָט דאָ נאָך דעם געזויערט אין מעלקשעפל אַפן טיש. די בחורים זיינען אין אָוונט געווען אין כעס, איבערהויפט עליק — ער האָט זיך געקריגט מיט דער שוועסטער, מיאוס געקריגט. נאָר הערשל האָט ניט געהערט — ער האָט געחשבונט. און וויל קיינער אין שטוב האָט זיך מיט זיינע חשבונות ניט אינטערעסירט, האָט ער ביסלעכווייז אָנגעהויבן גיין צום אַלטן קליין בוטשאַטשער קצב אַהיים, אים אַרויס־רופן אַף אַ סוד און אַרויסלייגן פאַר אים אַט די אַלע חשבונות זיינע, מיט וועלכע ער קלייבט זיך צו גיין צו די יונגעלייט פון „טרעסט", ווי אַזוי די חשבונות זיינען ניט קיין אויפגעבלאָזענע, זיי זיינען אמתע, און ווי אַזוי ער קלערט, אַז ווער די דאָזיקע יונגעלייט זאָלן ניט זיין, נאָר עפּעס... וויפל ניט איז... כאָטש אַ קליינעם חלק, כאָטש אַ קליינעם פּראָ־צענט מוזן זיי אים געבן, וויל די חשבונות זיינען אמתע, און ווי קלערט דער קצב — וואָס ? ניט אַזוי ? די חשבונות מוזן ווירקן ! !

דער קצב האָט געפינטלט מיט די קאַליע ווייעס, געשמעקט טאַבעקע מיט אַ פרומען פנים, ווי אַלע מאָל, ווען ער געדענקט, אַז באַ די זיידעס פון אַט דעם הערשעלע זוסמאַן האָט ער אַמאָל געדינט אין די גרויסע אַקסנשטאַלן. ער האָט מודה געווען, אַז יאָ :

— מען דאַרף אַזוי קלערן... עפּעס, כאָטש וויפל ניט איז וועלן זיי געבן...

דעמאָלט האָט באַם לאַנגן זוסמאַנען ווי אין טשאַד געשטראַלט די אויגן און האָבן מיט גלאַנץ געקוקט אַפן קצב:

— נו, געוויס, אַזוי דאַרף מען קלערן.

עס איז געווען די לעצטע וואָך וואָס פאַר פּסח. די חשבונות זײַנען געווען פאַרטיק. די יונגעלײַט פון „טרעסט” האָבן יעדן טאָג געקאָנט אַוועקפאָרן אַף פּסח. הערשל זוסמאַן האָט זיך ניט דערוואַרט אַף קיין פור און האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין דאַברי צופוס. ער איז צוליב דעם אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, ווײַל פונקט אין יענעם טאָג האָט דער אַלטער קצב באַדאַרפט האָבן קיין דאַברי — זיי האָבן זיך אַהין אַוועקגעלאָזט בײדע צוזאַמען.

## V

אַרום 11 אַזייגער אין דער פרי.

זיי זײַנען שוין ווײַט אַפן טראַקט.

אַלטער דער קצב האָט געטריבן קיין דאַברי אַ מאַגערע יאַלעווע קו. דאָרט האָט ער געדאַרפט די קו קוילען, כשר מאַכן און פאַרקויפן דאָס פלייש אַף פּסח צו די אַנגעשטעלטע פונעם שפּירט־זאַוואָד און פון דער נאָענטער גרויסער צוקער־פאַבריק.

ער האָט מורא געהאָט צו פאַרשפּעטיקן.

דערצו נאָך האָט אים דער דאַברער שוחט נעכטן אין אָוונט אָנגעזאָגט, אַז באַ אַ לאָמפּ קוילעט ער ניט, ווײַל ער זעט שלעכט, און אַז מאָרגן גאַנץ פרי גייט ער אַוועק אַף דער געגנט. דער קצב האָט דערײַבער אונטערגעאײַלט אַלע ווײַלע מיט זאָרג אַף די פינצטערדיקע אויגן געקוקט אַף דער זון. נאָר דער מיוחסדיקער הערשל זוסמאַן איז לחלוטין ניט געווען געווױנט צו שטעלן פיס ווי געהעריק, און האָט באַלד אַף די ערשטע טראַקט־וויאָרסטן אָנגעהויבן אָפּצושטיין און שאָרן מיט די טריט, ווי אַ געפּענטעטער. האַלטנדיק אַפן קאָפּ די חשבונות, וואָס ער טראָגט אין בוזים־טאַש, האָט ער אַלע ווײַלע אין צעטראָגנקייט געפרעגט באַם קצב:

— דעם אויטאָמאָביל מיט די יונגעלײַט זעט מען ניט, האָ ? מן־הסתם זײַנען זיי שוין פון שטאָט דורכגעפאָרן.

און נאָך :

— קיין דאָברי איז נאָך ווײַט, האָ, אַלטער ? מן־הסתם איז נאָך ווײַט...

— פאָלגט מיך. — האָט אים געלערנט דער קצב, — איר שלעפּט בעסער אַראָפּ די שיך און נעמט זיי במחילה אין די הענט אַרײַן, אַט ווי איך מײַנע שטיוול. דער שטיין, פּאַני זוסמאַן, איז שוין וואַרעם פון דער זון, אַ מחיה, זאָג איך אײַך, אַזוי איז פיל גרינגער דער וועג. און אויסער דעם, הײַנטיקע צײַטן, אַז מען האָט אַ פּאָר שטיוול, דאַרף מען זיי היטן, ווי, להבדיל, אַ בן־יחיד... שטיוול זײַנען הײַנט טײַער... מסוכן טײַער...

געשען איז דאָס ווי אַף צו־להכעיס :

פונקט אין יענעם אויגנבליק, ווען דער מיוחסדיקער, לאַנגער זוסמאַן האָט זײַנע אַראָפּגעשלעפּטע שיך און זאָקן גענומען אין די הענט אַרײַן און האָט מיט ציטערדיקע באָרוועסע פיס אָנגעהויבן טאַפּן די וואַרעמקייט פון שטיין, האָט ווײַט פון הינטן הילכיק אַ פּלוידער געגעבן דער מאָטאָר פון אויטאָמאָביל — אַ פּלוידער געגעבן, ווי מיט אַ מאָדנער פרייד, וואָס די זון שײַנט, וואָס די לופט איז שטיל און וואָס יעדערער, וואָס עס וועט זײַן פּלוידער דערהערן, וועט אים נעמען זוכן אין דער אַרומיקער געגנט מיטן אויג.

איצטיקס מאָל האָט ער מיט זײַן שוואַרצן, יום־טובדיקן גלאַנץ געיאָגט אַהער פון אַ זײַטיקן פריילעכן וועג. ער האָט געשווינד אויסגעמיטן אַ קליין בלאָטיק דערפל ; ער האָט פאַרשפּריצט מיט אַ פּאַר־פּסחדיקער קאַליוזשע וואַסער די פּוסטע, חרובע פערמע זאַבאָרע און איז מיט אַ וויגנדיקן טרייסל אַרויף אַפן האַרטן וועג פון טראַקט. די געדרייטע געדערים פון זײַן אָפּגעפּוצטער מעשענער טראָמפּייט האָבן דאָרט אַ כאַפּ געטאָן אַ צעהיצט בינטל שטראַלן באַ דער פריילעכער פרימאָרגן־זון, און דער טראָמפּייט אַליין האָט דערבײַ געהאַלטן אין איין בלאָזן און כאָרכלען אַף אַ פּשוטער גוייִשער פור, וואָס טרייסלט אַרויס די קישקעס באַ אַ האַלבן מנין פויערים.

אַט האָט דאָרט די פויערישע פור אַראָפּגענייגט אין אַ זײַט, אָפּ־

טרעטנדיק דעם אויטאָמאָביל דעם וועג. באַ די פויערים האָבן די אויגן אַ בלאָנדזשע געגעבן ווי אין שרעק; זיי האָבן באַוויזן אויסצודריקן טעמפּקייט, וואָס האָרעפּאַשניקעס דערפילן, ווען לעבן זיי טראָגט זיך געשווינד דורך אַ געשווינד יום־טובדיק לעבן; זיי האָבן באַוויזן צו באַ־מערקן אַפן אויטאָמאָביל צוויי פנימער, אַ טראַכט צו טאָן:

— ייִדן.

און דער אויטאָמאָביל איז לעבן זיי שוין ניט געווען. ער איז גע־שווינד אַוועק און האָט פון וויַטנס אָנגעיאָגט אַ שרעק אַף אַלטער דעם קצב און אַף הערשל זוסמאַן, די צוויי פּוסגייער, וואָס קריכן אַפן טראַקט, ווי צוויי שוואַרצע פליגן.

— פּיטש! פּיטש! — האָט געפּאַטשט אין דער לופט דעם אוי־טאָמאָבילס גרויסער סיגנאַלגעבער — פּיטש! פּיטש! פּיטש!

— האָב דיר אַכציק שוואַרצע יאָר! — האָט זיך געשאָלטן דער אַלטער דער קצב, — האָב דיר אַכציק שוואַרצע יאָר!

באַ אים האָט זיך דערשראָקן די מאָגערע יאַלאָווקע און האָט מיט בריקענדיקע פיס אַוועקגעיאָגט אין אַ זיַט מיט די גרינע, פאַרזייטע פעלדער.

דער אַלטער קצב איז אַוועקגעלאָפן כאַפּן די קו פאַרן שטריקל, און הערשל זוסמאַן איז געבליבן איינער אַליין אַפן טראַקט. זיַן הוט איז אים אַראָפּגעפאַלן. דער פאַרבײַלויפנדיקער אויטאָמאָביל האָט אַ בלאָז געגעבן מיט אַ ווינט אַף זיַנע גרוילעך־בלאָנדע האָר און אַף זיַנע באָר־וועסע פיס. די פאַרמאַכטע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן צוזאַמען מיט דער גאַנצער לינקער נערוועזער באַק און מיטן זעקעלע, וואָס אונטערן אויג. דער שטערן האָט זיך אָנגעברוגזט, און זיַן גאַנצע צורה האָט זיך וועגן עפּעס פאַרטראַכט, שטאַרק פאַרטראַכט.

—אר־וואַ, — האָט ער געהעדט צו זיך אַליין, — אַ שאָד... אַ שאָד...

אַן אויסזען איז באַ אים געווען אַזאַ, גלײַך ער האָט עפּעס ביז איין אָט דער מינוט פאַרגעסן — סאַמע דער עיקר האָט ער ביז איצט פאַר־געסן. נאָר דער קצב האָט שוין איצט קיין צײַט ניט געהאַט זיך אַוועק־צושטעלן טראַכטן.

— קומט, רב הערשעלע — האָט ער אונטערגעאײַלט, — קומט, עס ווערט שפּעט.

תחילת אַוונט זײַנען בײדע אַרויסגעגאַנגען צוריק פֿונעם שפּירט־זאַ־וואָד און זיך אַוועקגעלאָזן מיטן טראַקט קײן קלײן־בוטשאַטש.

דער אַלטער קצב האָט געטראָגן אַף זיך אַ פֿריש אָפּגעשוונדענע פֿעל, אַ פּײַכטע און האָריקע, וואָס שמעקט מיט רויען חלב פּונקט ווי ער אַליין. און בײַ הערשל זוסמאַן האָבן פֿון די טאַשן פֿון זײַן אַלטמאָדישן פּאַלטאָ אַרויסגעשטעקט די פֿאַרשטאָפּטע העלדזלעך פֿון צוויי בײַכיקע פֿלעשער מיט שפּירט; די פֿלעשער האָבן אים געקלאַפּט איבער די פֿיס און אים געשטערט צו גײן. און ווידער האָט זײ איבערגעיאָגט דער אויטאָמאָביל מיט די צוויי יונגעלײַט פֿונעם „טרעסט", וואָס פֿאָרן אַף נאַכטלעגער אין שטאָט אַרײַן.

— טאַ! — האָט געזאָגט דער קצב, — אַנדערע יאָרן... גאָר אַנ־דערע יאָרן.

נאָר הערשל זוסמאַן איז נאָך אַלץ געווען ווי פֿאַרהילצערט און האָט ניט גערעדט.

פֿאַר זײַנע אויגן:

דרײַ זידנדיקע קאַרפּוסן פֿון שפּירט־זאַוואָד, דער אויסגעשטײנער־טער הויף אַרום — די עלעקטרישע באַלײַכטונג, וואָס מען האָט דאָרט ניט לאַנג אײַנגעפֿירט. און די אָנגעשטעלטע זײַנען כמעט דאָרט אַלע געבליבן די פֿריערדיקע, אַלע די פֿריערדיקע. די קינדער פֿון די דאָזיקע אָנגעשטעלטע האָבן זיך באַהאַלטן אונטער ווענט פֿון די געבײַדעס און האָבן פֿון דאָרט אונטערגעקוקט, ווי אַזוי ער, הערשל זוסמאַן, דרײט זיך אַרום אין הויף צווישן די קאָרפּוסן, און ווי אַזוי אײניקע נײַע אָנגעשטעל־טע, וואָס קאָנען אים ניט, דערפֿרעגן זיך בײַ אים, ווער ס'האָט אים אין זאַוואָד אַרײַנגעלאָזט.

פֿאַר זײַנע אויגן:

די צוויי יונגעלײַט פֿון „טרעסט" — פֿרעמדע, שטרענג־באַשעפֿטיק־טע, וואָס האָבן אַלץ קײן צײַט ניט אים אין קאָנטאָר אויפֿצונעמען, און נאָך דעם אַז זײ נעמען אים שוין ענדלעך אויף, מאַכט אײנער פֿון זײ אַוועק מיט דער האַנט אַף די חשבונות, וואָס ער שטרעקט אויס.

— אונדז, — זאָגט ער, — איז פאַרוועדט... מיר קאָנען ניט פאַר־האַנדלען מיט פּריִערדיקע באַלעבאַטים.

די יונגעלײַט הייבן גלײַך אָן אויפצונעמען אַנדערע מענטשן, נאָר ער שטייט נאָך אַלץ, איינער פון זײַנע פּריִערדיקע אָנגעשטעלטע רעדט פאַר אים זייער שטיל דאָרט בײַם טיש. איינער פון די צוויי יונגעלײַט פאַרבײַסט די ליפּ, און עס דויערט אַזוי אַ ווײַלע ; ביידע שעפּטשען דעם אָנגעשטעלטן עפּעס אין אויער. דער אָנגעשטעלטער רופט אים אַרויס אין דרויסן. דאָרט לאָזט ער אים אַ ווײַלע וואַרטן אונטער איינעם אַ קאַרפּוס, נאָר באַלד קומט ער צוריק און שטופּט אים אין די טאַשן אָט די צוויי פלעשער שפּירט, וואָס בויטען זיך איצט בײַ יעדן טריט, קלאַפּן אים איבער די פיס און שטערן אים צו גיין.

זוסמאַן הערט נאָך אַלץ ניט, וואָס דער קצב רעדט, ער דערפרעגט זיך :

— נאָך ווײַט אַהיים ?... אַ ? נאָך זייער ווײַט ?...

ענדלעך, אַרום 11 אַזייגער אין אָוונט, האָט דער קצב אים צוגעפירט ביז צו זײַן שטיבל. נאָר זוסמאַן האָט פון צעטראָגנקייט נאָך אַלץ ניט געוווּסט, ווו ער געפינט זיך.

— גיי, גיי, — האָט ער געזאָגט צום קצב, — איך וועל שוין אַליין טרעפן.

ער איז געבליבן איינער אַליין. ער האָט דערקאָנט זײַן שטיבל. ער האָט אַרויסגענומען ביידע פלעשער שפּירט פון די טאַשן און האָט זיך ווי גנביש אַרומגעקוקט. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל מיט זיי טאָן.

— ניין, האָט ער געמורמלט, — חלילה... איך דאַרף זיי ניט.

דערנאָך איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין הויף און האָט אַרונטערגעשטופּט אין פלאַש טיף, טיף אונטער אַ הויפן פערדישן מיסט. ער האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע און האָט אונטער דער הויפן אַרונטערגעשטופּט די צווייטע פלאַש. איצט איז אים מיט אַמאָל ווי גרינגער געוואָרן. ער האָט זייער שטיל אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר פון שטיבל, ווי ער וואָלט וועלן אויספּרובירן, צי מען שלאָפט דאָרט שטאַרק, צי גרינג.

עס איז געווען שפּעט אום זומער. פון שטאָט קיין קליין־בוטשאַטש איז געקומען חיים באַרעמס בחור — מאָטיס אַ באַקאַנטער פון אַמאָל, אויך אַן אויסגעשלאָסענער סטודענט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די קאָלאָניסטישע שטיבלעך, וואָס בויען זיך. ער איז געקומען זיך צו־קוקן:

— אפשר... טאַקע... אפשר אַ פּלאַן?

ער האָט אויסגעזען חול־מועדיק. פון פעלד האָבן פאַרנאַכט אַף זייער וואָגן זיך אומגעקערט מאָטי מיט עליקן, פאַרפאָרן אין הויף און האָבן אים דאָרט געטראָפן.

— אָ! — האָט אַ זאָג געטאָן מאָטי, אַרונטערשפּרינגענדיק פון דער פור.

געדאַכט האָט זיך: ער האָט דערקענט דעם בחור, נאָר ער האָט פאַרגעסן ווי ער הייסט.

ער איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַ באַרוועסער מיט אונטערגעבראָ־כענע, ציטערנדיקע קני אונטער די אָפּגעפליקטע הויזן, און מיט שעמעוו־דיקן בליק פון קורצזיכטיקע אויגן, וואָס זעען שלעכט אָן ברילן און האָבן זיך ניט ווו אַהינצוטאָן.

— וואָס זאָל מען מאַכן? — האָט ער געזאָגט, — אָט שוין, דאַכט זיך, באַלד אַ יאָר?

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. עליק האָט אויסגעשפּאַנט די פערד. אין ווינקל פון הויף, אַף טרוקענעם היי, איז געלעגן דער פרעמדער בחור, און לעבן אים, אײַנגעבויגן און פאַרעקשנט — מאָטי. פון קעגן איבער דעם דינעם אָפּגעצוימטן ווענטל האָט זיך געהערט, ווי גלײַכמעסיק עס קײַען די פערד, און אונטער דער באַגלייטונג פון אָט דעם גלײַכמעסיקן קײַען האָט פאַרעקשנט געמורמלט מאָטיס קול:

— נו, יאָ, — דאָס איז שבת, דאָס איז וואָך...

און שפּעטער אַ ביסל:

— איך וועל אין גיכן האָבן 10 גוט באַאַרבעטע דעסיאַטין...אָט וואָס: אַ יאָר אַזוי, און צוויי, און פינף, און ביז דער עלטער... פאַר וואָס ניט?... סײַ־ווי־סײַ נישטאָ קיין ברירה.

עס האָט זיך געדאַכט:

ער וועט באַלד אָנהייבן ריידן וועגן זײַן טאַטן, וואָס לעבט שוין איצט ניט, וועגן זײַן זיידן, וואָס אַז ער איז געשטאָרבן, איז אַט דער טאַטע זײַנער אַרומגעגאַנגען און זיך נאָכגעפרעגט, טאָמער איז באַ אימעצן חלילה געבליבן ניט אָפּגעצאָלט זײַנס אַ וועקסעלע... וועגן ער־גערע חובות האָט ער ניט פאַרשטאַנען... און אַט: ער מיט עליקן — קינדער פון אַזוי פיל דורות, וואָס האָבן געגעסן פרעמדס און צעטרענצלט פרעמדס, מוז צאָלן חובות... צאָלן חובות מיט אַרבעט.

נאָר אַרום איז געווען שטיל. ס'איז געווען אנגענעמען צו ליגן אין היי און זיך אײַנהערן, ווי די פערד קײַען און ווי אַ ביסל אין אַ זײַט מעלקט עליק די קו — דינע שטראָמעלעך פליסן פון אונטער זײַנע הענט אין ליידיקן מעלקשעפל אַרײַן פריילעך, ווי אום יום־טוב.

דער פרעמדער בחור האָט געקײַט אַ שטרוי.

מאָטי האָט געזאָגט:

סײַ־ווי־סײַ... ס'איז גאָרנשט אַזוי שלעכט...

# אַ צענרובלדיקער *)

## I

דער פּרעמד־שוואַרצער פּויזנדיקער פּלעק — דאָס איז דער שוחט אינעם נײַעם, ניט גאָר פֿאַרענדיקטן, נאָר בלאַנק ווײַסן ייִדישן ייִשוב.

פֿאַר ימים־נוראים האָט ער פֿאַר ניט פֿרומקייט געזאָגט מוסר לעבן יעדן סטעפּיקן באַראַק און אפֿילו לעבן די עקסטרע געציילטע שטיבלעך, פֿונוואַנען מען זעט שוין אַרויס די בערג. באַם קאָלאָניסט גרשון יאַראָ־שעווער, ווו וואָס צו שחטן איז ניט געווען, האָט ער גערדאַוונט זייער לאַנג און זייער פֿרום — אַף צו להכעיס, ווי אַ בייזער מחותן. נאָכן דאַווענען האָט ער איז בייזער שטומעניש זייער פֿרום און זייער פּאַמעלעך געוואַשן די לאַנגע הענט צו עסן (ברויט האָט ער געהאַט אייגנס, אַלט־געבאַקנס, פֿאַרוויקלט, ווי הייליקער מן אין דער רויטער פּאַטשיילע, וואָס אין זויבערשטן טאַשן־שפּאַלט פֿון זײַן שוואַרצער קאַפּאָטע). ער האָט נאָך דעם געבענטשט, ווי אַף צו להכעיס זייער לאַנג, זייער פֿרום מיט אַ וויינענדיקן ניגון, ווי אום ימים־נוראים. ער איז אַרויס פֿון שטוב אָן אַ „גוטן טאָג”. באַם אַוועקגיין האָט ער מיט דער ליידיקער האַנט עפּעס ווי געוואָרפֿן צו זיך אין מויל אַרײַן. צווישן די ציין, האָט זיך גערדאַכט, האַלט ער אַ שטיקל גומעלאַסטיק — ער האָט געקײַט קללות, ניט אומקוקנדיק זיך האָט ער איבערגעלאָזט אין שטוב די ווערטער:

---

*) „צענרובלדיקע” רופֿט מען אין סאָוועטן־רוסלאַנד יענע איבערוואַנ־דערער, וואָס באַם איבערגיין אַף ערד פֿאַרמאָגן זיי ניט מער, ווי צען רובל.

— גאָט עס ניט שווײַגן... גאָט עס ניט שווײַגן...

און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, פּונקט אום ערב ראש־השנה, האָט באַ גרשון יאַראָשעוויער, ווי צונויפגערעדט מיטן שוחט, אָוועקגעבלאָנקעט פון שטוב אין סטעפּ אַרײַן די „פרומע פריצה״ — אַזוי האָט מען גע־רופן זײַן רויטע צוויי־מיט־אַ־האַלביאָריקע טעלעצע, וואָס מיט די ווײַסע פלעקן אויפן האַלדז, אָפּן שטערן און לעבן די האַרטע שוואַרצע ליפּן — אָוועקגעבלאָנקעט צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט און אָן אַ מינדסטן „זײַ געזונט״, ווי אַ בהמה קאָן. טײַטשן האָט מען עס געקאָנט:

— געשמעקט דער שוחט... איך וויל באַ אײַך ניט זײַן...

גרשון יאַראָשעוויער האָט אָקעגן אַ פּאָר מינוט זיך געקראַצט מיטן שאַרפן נאָגל צווישן די לינקע ריפּן און נאָך אַ ביסל נידעריקער אויף אַ פּיל ערגערן אָרט. ער האָט ניט געוווּסט, וווּ זאָל ער די טעלעצע זוכן און באַ וועמען זאָל ער אויף איר פרעגן — פאַר אים האָבן דאָ אין סטעפּ פון ערשטן טאָג אָן אַלע פּנימער זיך צונויפגעגאָסן אין איינעם, כאָטש אים האָבן דאָ כמעט אַלע געקענט: אַ פעטער, אַ האָריקער האַרעפּאַש־ניק מיט לאַנגע וואָנצעס, מיט אַ געדיכטער געקרײַזלטער באָרד, ווי באַ אַ ציגײַנערישן אַטאַמאַן און מיט אַ געראָך פון אַ פריש־געעפנט פּעקעלע קאַרינציס. דער געראָך גייט פון זײַן גאַרגל, פון זײַן גלאַנציק־שוואַרצער באָרד, פון זײַנע האָריקע הענט, פון זײַן גאַנצן לײַב און פון זײַן קול. ריידן רעדט ער קנאַפּ. מיט אייגענע ווערטער. אויף געלט זאָגט ער:

— קלינגערס.

אַז ער דאַרף עפּעס טאָן אויף גיך, רירט ער זיך אפילו אויף קיין האָר ניט גיכער, ער טוט נאָר געשווינד אַ פּאָנפּע:

— איינס און צוויי און אין דאָם אַרײַן...

באַזעצט האָט ער זיך דאָ אין סטעפּ פיל פּאַמעלעכער און פיל פעסטער איידער אַנדערע שכנים — אָט אַזוי ווי אַ מידער שוואַרמענטש, נאָך לאַנגן אַרומלויפן, טוט זיך אַ זעץ מיטן שווערן געזעס אויף אַ באַנק און עס איז קענטיק: אַז ניט אַזוי גיך וועט ער זיך פון אָרט אויפהייבן. קיין עצות האָט ער קיין מאָל ניט געפרעגט און האָט דערויף קיין חרטה ניט. שמײַען, פילדערן האָט ער פײַנט. נאָר איצט, קראַצנדיק זייער ני־דעריק די ליטקע, האָט ער געדענקט דאָס מיאוסע שעפּטשען פונעם שוחט און האָט געפילט אַ טיפן קרעל אין האַרצן.

גרשון איז געווען אויסער זיך:

חוץ דעם, וואָס דער קלאַפּ וועט זײַן זייער גרויס אויב די טעלעצע וועט פאַרפאַלן ווערן, דאַרף זיך דאָס נאָך טרעפן פּונקט אום ערב ראש־השנה, נאָך דעם ווי זײַן ווײַב איז מיט אַן אומעטיק צעטראָגן טענצל, אין פרומער ראש־השנהדיקער אײַלעניש אַוועקגעפאָרן מיט שכנים אין שטאָט אַרײַן און נאָך דעם, ווי ער — פון תמיד אַן ניט קיין פרומער — האָט פּלוצעם, ווי פאַרגעסן דעם נאָמען פונעם נאָענטן ייִדישן ייִשוב, ווו דער שוחט איז אויך חזן, און האָט איר, דער ייִדענע זײַנער, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן אָפּגעפּאָנפּעט דעם ליגן:

— פאָר, פאָר... איך וועל שוין דאָ צולויפן אַ דאַוון טאָן אַהין... אין ווי אַזוי־הייסט־מען־עס...

און געהאַלטן האָט ער דענסטמאָל סאַמע אין רעכטן מיטן. ער האָט געריייניקט די לעצטע פּודן האָבער אַף דער געליגענער פּוץ־מאַשין, בייל־קע, זײַן פערצניאַריק מיידעלע, האָט געדרייט די קאָרבע, גרשון האָט געשאָטן אויבן פונעם מעסטל.

— איז אָט... האָסטו דיר... אַ דאַנק פאַר אַ בשורה...

געווען איז דאָס באַ זון־זעצן־זיך.

ער מיט ביילקען זײַנען ביידע פאַרשטויבטערהייט גלײַך אַוועק אין צוויי זײַטן פון סטעפּ זוכן די „פרומע פריצה" — אַוועק שוואַליאַם, מיט געפּלעטע קעפּ, מיט פינצטערניש אין די אויגן. באַביידן זײַנען די קערפּערס באַשטאַנען, ווי דורכויס פון לויפנדיקע פיס:

— סטעפּ!!!... גיב אָפּ די „פרומע פריצה!...

אין סטעפּ צינדט די זון אירע פאַרגייענדיקע ליכט פיל שענער, איידער מען צינדט אפילו ראש־השנה אין שטעטל. נאָר זיי איז דאָס געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע.

ביידע האָבן ביז טיפער טונקלעניש געבלאָנדזשעט אין פעלד מיט פאַנאַנדערגענומענע פאַכענדיקע הענט, ווי צוויי יתומים, וואָס אָט־אָט וועלן זיי זיך אַ לאָז טאָן שווימען און שרײַען:

— סטעפּ!... גיב אָפּ!... גיב אָפּ!...

און ביידע האָבן זיך אומגעקערט מיט גאָרנישט: די ערשטע נאַכט פון תשרי — אַ פּרײַע, אָן אַ לבנה — איז דאָ אין פרײַען סטעפּ צוגע־פאַלן בלינד, שטיל און נאָך מיט מער אײַלעניש, איידער אין אַלטן שטע־

טל, ווו מען איז פרום און מען האָט פאַר איר מורא און מען פאַרשרײַט אָט די מורא מיט געוויינען און מיט זיפצן באַ פיל ליכט אין די שולן.

מיד, אויסגעמאַטערט מיט אומזיסטיקן זוכן איז ביילקע אַרײַנגעקר־מען אין שטוב זייער שטיל, ווי מורא האָבנדיק פאַר פעטש; באַקומען נאָך גרעסערע ליפּן, ווי תמיד. איר קורץ נעזל האָט זיך אויסגעצויגן, די אויגן האָבן זיך אויסגעגלײַזט. זי האָט זיך ניט אָפּגעוואַשן, זיך ניט צוגערירט צום ברויט, געשטאַנען לעבן טיש גרוי, ווי דער שטויב, וואָס דער האַרעפּאַשנע טאָג האָט אַף איר אַנגעטרייסלט געקוקט, געקוקט אין דער שײַן פון קליינעם לעמפּל, באַקומען נאָך גרעסערע ליפּן און פּלור־צעם — פון האַרצווייטיק, פון בענקשאַפט צו דער פאַרשוווּנדענער טע־לעצע — אַ פּאַך געטאָן אין גרויס יאוש מיט ביידע געקרויזטע שטיביקע צעפּלעך, אַנגעבויגן דעם קאָפּ זייער בידעריק, ווי אַף צו צוואָגן זיך און זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט אַף אַ קול.

קראַצנדיק אין אַ זײַט די פאַרפאַראַשעטע באָרד האָט גרשון אַף איר אַנגעשטעלט בייז־קוקנדיקע באַלעכעס. איר געוויין האָט אים דערמאַנט אָן דעם מיאוסן שעפּטשען פונעם שוחט — אין זײַן ווײַבעריש־וויינענ־דיקן בענטשן...

— שאַ !... דו ! — האָט ער אַף איר אַנגעשריגן — צו דײַן קאָפּ !

און אַליין איז ער נאָך דעם זייער שווער, בייז און עפּעס ווי אין איין אויגנבליק איבערגעשלאָפן די נאַכט, זיך אויפגעכאַפּט כאור, ווען די פליגן האָבן אַנגעהויבן זיכערער צו זשימען, געזעסן אַ רגעלע אַפן געלעגער פול אַנגעגאָסן מיט דרעמלדיקער חרטה:

— געדאַרפט אים אויסשיטן פון שטויב... אָט דעם פאַסקודנעם שו־חט. זאָל ער ברעכן האַלדז־און־נאַקן...

און ניט אָפּגעוואַשן, ניט אָפּגעגעסן, ניט פילנדיק קיין שום טאַטע־געפילן צו ביילקעס היציק־פאַררויטלטן אין שלאָף פאַרראַלטן לײַב, ניט אַראָפּטרײַבנדיק פון דעם די מחנה אַנגעפּאַלענע פליגן, זיך אַוועקגע־לאָזט זוכן די „פרומע פּריצה". ער האָט געאָטעמט דורך דער נאָז שווער און בייז, ווי שווער און בייז ער איז איבערגעשלאָפן די נאַכט, און ווי תמיד, בעת אים שטייט פאַר די סכנה עפּעס אַנצווווערן, געטראַכט מיט אייגענע ווערטער:

— באַשערט אַ לאַדעניש...

— פֿאַרפֿאַלן די קו מיטן שטריק!
— אַן עברה די קלינגערס.
און נאָך האָט ער געטראַכט:
— נאַ־דיר ראש־השנה...
אויסער וואָס... סע גאָרנישט. אָט גיי איך צינד אַרויס און געפֿין זי, די „פֿרומע פּריצה".
— איינס און צוויי און אין דאָם אַרײַן...

## II

אַרום האָט געהעלט דער טאָג אַ פֿרי־טרוקענער, אַ לײַכט געבוירע־נער, ווי אַ זיבעלע, אַ גרינגער אָן אַ מינדסטן רייכל אין אַלע זײַנע הויכע בלויקייטן און פֿול מיט געראַך פֿון סטעפּיקן פּוסט־און־פּאַס — אַ טאָג, וואָס קלעטערט פּאַמעלעך צופֿוס און ווייסט ניט פֿון גיין ראש־השנה אין שול אַרײַן.

גרשון איז געגאַנגען פֿאַרשלאָפֿן, אומגעוואַשן, נאָר שמײַדיק־גע־גאַנגען אָן שום ווילן אָדער ניט־ווילן, ווי אָן שום ווילן אָדער ניט־ווילן עס באַוועגט זיך אַן אַוועקגעקוליעט קײַקעלע. פֿון זײַן באָרד, פֿון זײַן ברוסט, דער שוואַרץ־באַוואָקסענער און צעכראַסטעטער, פֿון די האָר, וואָס שטעקן אים אין די אויערן און אין דער נאָז, פֿון זײַן גאַנץ ברוינעם, ווי מיט דזשעגעכץ אָפּגעשמירטן לײַב איז געראונען דער ריח פֿון קאָרינציס און זיך אַרײַנגעגאָסן אינעם געראַך פֿון פֿוילע גראָזן, זיך אויסגעמישט מיט אַלע פֿאַרפֿריִעטע פֿײַכטקייטן, וואָס דער סטעפּ אָטעמט אַרײַן אין הייסן פֿרימאָרגן. די אויפֿגעגאַנגענע זון האָט מיט איר פֿײַער געבלענדט די אויגן און איז באַפֿאַלן מיט אַמאָל, ניט ווייניקער פּלוצעם, איידער די בלינדקייט נעכטן אין אָוונט. זי האָט געאײַלט צום סטעפּ אַ פֿריש אויסגעוואַשענע, ווי אינעם ערשטן טאָג נאָך וועלט־באַשאַפֿן. און פֿון יענער זײַט פֿערציק־וויאָרסטיקער שטרעקע האָבן דורך זייער לײַכט גאַנצ־פֿריִענדיקן שלײַער מיט אַ נאָענטן בלויען בליק געקוקט אַהער די גע־קייטלטע בערג, וואָס אַף טשאַטערדאַגס רוקן און פּלייצעס. און אויך זיי זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס זײַנען פֿיל עלטער פֿון ימים־נוראים און

ווייסן ניט פון גיין ראש־השנה אין שול אַרײַן... זייער בליק האָט גרשונען אי באַרויִקט אי באַאומרויִקט.

פאַרשלאָפענערהייט איז ער אַזוי אָפּגעגאַנגען אַ שעה אַנדערטהאַלבן, ניט פילנדיק אַז ער גייט, ניט געדענקענדיק, אַז זײַנע אויגן מאָנען באַם סטעפּ די „פרומע פריצה״. דערנאָך האָט ער זיך עפּעס ווי גלאַט אַזוי אָפּגעשטעלט, זיך דערמאָנט אָן נעכטיקן אָוונט, אַז דער שווערער קורץ אָפּגעשלאָפענער נאַכט, זיך אײַנגעקוקט אינעם אומענדלעך פּוסטן אַרום און אַרום. אים האָט דאָ אין פעלד דעריאָגט אַ געפיל פון דער היים, פון זײַן קליינעם שטיבל, פון ביילקעס היציק פאַררויטלטן לײַב, וואָס איז דאָרט באַפאַלן מיט גאַנצע מחנות שוואַרצע פליגן... און פלוצעם האָט ער דערפילט אַ בענקשאַפט אונטער דער גאַנצער ברייט פון זײַן נאַגנדיקער ברוסט — אַ בענקשאַפט נאָך דער אָוועקגעבלאַנקעטער טעלעצע, נאָך די ווײַסע פלעקן, וואָס אַף איר שטערן און אַף איר האַלדז, אַ בענקשאַפט נאָך דער האַרטקייט פון אירע שוואַרצע ליפּן, נאָך יעדן פינטעלע אַף איר גלאַטן, שטײַפן, בתולהדיק־יונגן לײַב און איבערהויפּט, אַ בענקשאַפט נאָך איר זעלטן־שיינעם, ליבן שלײַער.

— מאָני !... מממאָ־אָ־ני ! ! ! — האָט ער זי אָנגעהויבן צו מאָנען באַם אַרומיקן אומענדלעכן סטעפּ.

און דאָס קול, וואָס האָט זיך באַ אים דאָ אין מיטן סטעפּ אַרויסגעריסן, איז געקומען זייער טיף פון דער ברוסט אַרויס, אָפּגעקלונגען מאַט און נאָגנדיק, ווי דאָס קול פון אַ בענקענדיקער, פריש־אָפּגעלעבטער מילך־געבערן — אַ רוף, וואָס האָט יעדנפאַלס גאַרנישט צו טאָן מיטן רוף פון אַ מענטשן. דאָס האַרץ האָט ווי אַ דאָוון געטאָן, אַ וויין געגעבן און זיך פאַרגאַנגען מיט אַ לאַנגן, לאַנגן נאָגן צו דער „פרומער פריצה״ :

— מממ־אָני !... מאָ־אָני ! ! !

אויב באַ גרשונען וועט דאָ אין סטעפּ אַ מענטש פרעגן, ווער ער איז, וועט ער אים ענטפערן געהיט און תמעוואַטע :

— איך... ווער איך בין ?

ער וועט אָן גלויבן באַקוקן דעם פּרעגער פון קאָפּ ביז די פיס, אויס־שפּײַען אין אַ זײַט און וועט אויסלאָזן:

— אַ צענרובלדיקער.

נאָר אויב עס וועט קומען צו רייד וועגן דער רויטער טעלעצע, וועט ער אויסלייגן די געשיכטע פונעם אָנהייב אָן:

אָפּגעקויפט די „פרומע פּריצה" אָט דאָ — פּאָר צוויי יאָר באַ אַ רײַכן דײַטש (יענער האָט אַלץ אויספאַרקויפט און איז אַוועק קיין קאַנאַדע), זי געהאָדעוועט די גאַנצע צײַט מיט די הענט — ער, זײַן ווײַב און זײַן ביילקע; זיך געוווּנדערט ווי אַזוי „דאָס האָט שוין שׂכל, האָט עס שוין"; זעצט מען זיך נאָר צום טיש, אַזוי באַלד קומט זי און רוקט אַרײַן די קלוגע מאָרדע אינעם אָפענעם פענצטער. פאַראַן דאָ ניט ווײַט אַ באַקאַנטער קאָלאָניסט, אַ קרעמענטשוגער — פון דער היים אַ קצב און אַ בהמה־הענדלער — האָט ער ניט לאַנג, פאַרבײַפאָרנדיק, די „פרומע פּריצה" אַרומגעטאַפּט. דער רוח ווייס אים, פּאָר וואָס ער האָט איר עפּעס אַרײַנגערוקט די האַנט טיף, טיף אין האַלדז אַרײַן, אַרויסגעשלעפּט באַ איר די גאַנצע לאַנגע צונג אין דרויסן — דאָס קאַלב האָט אַזש פאַרגלאָצט מיט די אויגן.

— אוי, ער מוטשעט זי... ער מוטשעט זי... — האָט ביילקע פון דער זײַט אָנגעהויבן צו פּישטשען און האָט משוגעוואַטע און ווילד אַ טענצל געטאָן מיט די באָרוועסע פיסלעך.

נאָר דער קרעמענטשוגער האָט ניט געהערט גאָרניט — ווי אַ טויבער; געשטאַנען לאַנג לעבן דער „פרומער פּריצה", ניט געקענט אָפּרײַסן די אויגן פון איר שיינעם שלײַער:

— בהמות! — האָט ער געזאָגט, — איר ווייסט דען וואָס איר האָט?... אַ ברונעם!... זי וועט אײַך פאַרגיסן מיט מילך.

און נאָך האָט ער געזאָגט:

— סע ניט קיין טעלעצע... סע אַ גאַנצע באַלעבאָסטע!...

און מיטן אייגענעם לײַבלעכן ברודער, מיט קאָפּלען — אַ קאָלאָניסט אין נאָענטן גרעסערן ישוב — האָט גרשון איבער דער „פרומער פּריצה" ניט לאַנג איבערגעײַס זיך צעקריגט — ניט אַף קאַטאָוועס. איבער אַלע שכנים איז אַוועק אַ קלאַנג:

— שוין ווידער זיך געממ׳תט, די יאַראָשעווער בראַטאָקעס, זיך גע־הרגעט, זיך צעדמט.

דער אמת איז, אַז באַ קלעפּ האָט דענסטמאָל נאָר געהאַלטן. קאָפּל — פון תמיד אָן אַ „טרייפענער ביין", דער היפּוך פון גרשונען, אַ לאַנ־גער, אַ ביינער־דיק־מאָגערער און אין גאַנצן אָן האָר, ווי אַ ייִדענע — „קאָפּעלע זאַדריי" האָט מען אים אין דער היים גערופן. תמיד, ווען קיינער האָט שוין גאָרנישט, איז ער האָט נאָך און האָט, חוץ דעם, וואָס דאָרט אין נאָענטן נײַעם ישוב אַף אַ שטיקל שטעלע צום „דזשאָינט".

— יאָ, איך גיב... — האָט ער דאָ ניט לאַנג געוואָלט גרשונען פאַרדרייען — דאַרפסט צוואַנציק קערבלעך, איז וואָס דאַרפסטו קומען צו מיר לײַען ? וואָס דאַרפסטו נאָר מײַנע טובות ?... נאַ דיר צוואַנציק קערבלעך, נאָר גיב מיר די טעלעצע דײַנע, גיב מיר.

דערויף האָט אים דאַן גרשון געענטפערט מיט מסוכן פאַרקוועטשטע ציין און מיט צוויי האַרטע פאַכענדיקע פויסטן:

— נאַ !... „גיב מיר", „גיב מיר"...

די ווײַבער — זײַנע און קאָפּלס — זײַנען אַרײַן אין מיטן און האָבן „צענעמען", נאָר נאָך דעם האָבן די ווײַבער אַליין גלײַך אָנגעהויבן זיך קריגן, גראַבלען מיט נעגל, אַראָפּרײַסן די שלײַערס, — קאָפּל האָט אַ ייִדענע, אַ ברען. פון דענסטמאָל אָן האָט מען איבעראַנײַס אויפגע־הערט צו ריידן איין משפחה מיט דער אַנדערער. איצטער וועלן זיי ווידער האָבן אַ נקמה — ער, דער „טרייפענער ביין" מיט זײַן קאָפּע־ליכע... און אפשר האָבן זיי דאָ טאַקע אַליין אונטערגעפּיצקעט... ניט מיט די אייגענע הענט, נאָר אַזוי זיך, פון דער זײַט... אונטערגעשיקט אַ טאַטער... אַן אייגענער ברודער, וואָס ?

—אַ ככבאָליערע אין די געדערים !...

## III

גרשון האָט אַ שמיץ געטאָן פון זיך דאָס רעקל אַפן גראָז, געבליבן אין קויטיקלעכן צעכראַסטעטן העמד און פאַרצויגן אַף די הויזן דעם גאַרטל זייער געשווינד און זייער ענג, אונטערשפּרינגענדיק און מיט קראַפט, ווי מען טוט דאָס איידער מען טרעט צו צו געבן אימעצן קלעפּ.

דערנאָך האָט ער זײַן אָװעקגעװאָרפן רעקל צוריק אַרױפגעװאָרפן אַף דער האַנט און האָט אַװעקגעשפּאַנט װײַטער — באָרװעס, מיט דער האָריקער ברוסט אין דרויסן, מיט חרמות, װאָס קרומען אויס די אַנגלען:

— אַ כּככאָליערע... אין די געדערים!

פון אַלע קנייטשעלעך, װאָס אַרום די שמאָל פאַרצויגענע אויגן, האָט געטריפט דער שווייס און איז זיך צערונען איבער אַלע ריטשקע־לעך און גריבעלעך, װאָס אַפן האָריקן פאַרקוילט ברוינעם פּנים. די זון האָט שטאַרק געברענט דעם האָריקן האַלדז־און־נאַקן און די לינקע קרום־פאַרקנייטשטע באַק. אין אָפן־געבליבענעם מויל האָט אויסגעטריקנט דער לעצטער טראָפּן שפּײַעכץ. אונטער דער גאַנצער ברייט פון ברוסט האָט געגאָגט דער וויטיק. דער פאַרשאַרפטער קאַרינצים־ריח האָט אַלץ מער פאַרכליוניעט דאָס ניכטערע האַרץ, נאָר די אויגן־שפּאַלטן — פאַר־קנייטשט פון צופיל זון — האָבן ניט אויפגעהערט צו מאָנען באַ גאָר דער אַרומיקער סטעפּיקער װײַט, מאָנען כאָטש אַ שליח, װאָס זאָל אָנזאָגן די בשורה. די פיס האָבן זיך געהויבן מער שמײַדיק, ווי תּמיד, גרינג, ווי אין די קינדער יאָרן, און אונטער דעם שווייס־טריפנדיקן שטערן איז די היץ געװוען נאָך גרעסער, ווי אַרום — דאָרט האָט געברענט און גע־בראָטן דאָס פײַער:

— נישטאָ טאַקי....

— זי — די „פרומע פּריצה".

— פאַרפאַלן!

פון שטוב פלעגט זי ניט װעלן אַװעקגיין אפילו אַף קיין טריט. פיר זי אָפּ כאָטש אַף צוויי וויאָרסט און לאָז זי איבער אַף דער בעסטער פּאַשע, װעט זי זיך דיר באַלד אומקערן אַהיים; איידער דו װעסט זיך אומקוקן:

— האַ־אַ! זי איז שוין דאָ.

און פּלוצעם — נאַ! אָן אַ „זײַ געזונט"... ער, גרשון, האָט גע־מיינט: ער װעט אַף ראש־השנה אָפּשיקן די יידענע אין שטאָט אַרײַן, ער װעט בלײַבן אַליין, װעלן באַ אים ניט גיין אין דער ערד אַרײַן קיין צוויי טעג — ער װעט אַ רייניק־טאָן דעם ווייץ, ווײַל געגעבן האָט מען אים די פּוץ־מאַשין נאָר אַף איבעררייניקן דעם האָבער, גאַנץ פרי נאָך ראש־השנה קומט מען און מען נעמט זי באַ אים צו... איז אָט —

האָסטו דיר אָן אומגליק... אַ שוחט איז דיר אַהער אָנגעשיקט געוואָרן...
און אפשר שטראָפט טאַקע גאָט דעריבער — דערפֿאַר וואָס, בעת ער
האָט נעכטן געזאָגט צו זײַן יידענע: „פֿאַר, פֿאַר... איך וועל שוין דאָ
צולויפֿן אַ דאַוון טאָן אַהין... אין ווי אַזוי־אַזוי־הייסט־מען־עס...״ האָט
ער אפילו ניט געדאַכט אַהין צו לויפֿן — ער האָט געמיינט רייניקן אום
ראש־השנה דעם ווייך, האָט ער געמיינט: איז, הייסט עס, אַזוי גאָר
זאָל עס זײַן:

— האַ?... גאָט שטראָפֿט דערפֿאַר, צי ניין?...

אונטער די פֿיס האָבן זיך געשטויבט און געבראָכן די אויסגעטריקנטע בוריאַנעס און גרעזער, געבריט, ווי מיט פּריסיק, די באַרוועסע פֿיאָטעס, זיך אָנגעהאָנגען מיט הייסע שטעכלקעס אָן די געליאָמעוועטע צעריסענע הויזן — נאָך אַ ביסל און זיי וועלן, דאַכט זיך, אָנהייבן ברענען פֿון זיך אַליין, אָן אַ רויך, בלויז אַ נידעריק געקרײַזלטער פֿלאָם וועט זיך דורכקוליען איבער דער גאַנצער ווײַט פֿון סטעפּ. די גרעזער זײַנען געווען האַרט און שיטער דאָרט, וווּ דער פֿוס טרעט, זיך געדאַכט ווייך, געדיכט דאָרט וווהין דאָס אויג קוקט, און אין ערגעץ אין גאָר דעם ווײַטן אַרום, איז ניט געווען בײַ וועמען צו פֿרעגן:

— האַ? — גאָט שטראָפֿט דערפֿאַר, צי ניין?

שפּרינגערלעך אין די גרעזער האָבן געטאַנצט און געגרילצט. דער סטעפּ האָט געפּײַפֿט פֿון היץ מיט אַ שטילן לאַנג־אויסגעצויגענעם און היציקן פּײַף, אַזאַ וואָס פֿון אים ווערט אַלץ איינס, צי עס איז ראש־השנה, צי ניין — אַף אייביק און אַלץ איינס. און אויך אַזאַ, ווי דער פּײַף איז אַף יענער זײַט געפּלאַצטן בלויען הימל געווען דער ווײַטער, ליכטיק־געוואָרענער בליק בײַ די פֿון אייביק־ביז־אייביק פֿאַרגליווערטע בערג, וואָס אַף טשאַטערדאַגס רוקן און פּלייצעס.

די האַלבטאָגיקע היץ איז שוין געגאַנגען פֿון אונטן אַרויף, זי האָט געזעצט פֿון דער ערד צום הימל, זיך געשטויבט אָן אַ ווינט. גרעזער האָבן געעפֿנט זייערע אומזיכטבאַרע מײַלער — לעכצנדיקע, פֿאַרטרוקנטע, ווי דאָס מויל בײַ גרשונען. דער סטעפּ האָט געפּײַפֿט אין די אויערן מיט זײַן שטילן היציקן אָטעם, און יעדער, וועמען גרשון האָט פֿון קינדווײַז אָן געקאָנט, ווו ער זאָל ניט זײַן, אַלע וואָס האָבן איצט אַף גאָר דער וועלט ראש־השנהדיק געדאַווגט זײַנען געווען ליידיקע פּוסט־

און־פּאַסניקעס אין פֿאַרגלײַך מיט אים, מיט זײַן בלאַנדזשען און מיט זײַן זוכן. פֿויגלען האָבן זיך באַוויזן דרײַ — פּעטע, גרויס, ווי אינדי־קעס. באַ גרשונען איז איבערגעגאַנגען אַ שוידער איבער פּיטש־נאָסן, שווייסיקן רוקן, בעת זיי זײַנען מיט זייערע ווילדע געשרייען דורכגע־פֿלויגן ניט גאָר הויך איבער זײַן קאָפּ, און אויך זיי — אַזוי האָט זיך געדאַכט — זײַנען ניט קיין היגע לײדיקגייערישע אָנשיקענישן, פֿול מיט דרויטעניש, ווי דאָס פּלוצעמדיקע פֿאַרשווינדן פֿון דער „פֿרומער פּריצה"...

— פֿון איין זײַט איז קלאָר...

אַ קליינער גלויבער איז ער געווען נאָך פֿון דער היים. גרשון דער־מאָנט זיך:

— וואָס גאָט האָט זיך שוין אָנגעהאָט פֿון מײַן דאַוונען, מעג מען דאָס פֿאַרגינען אַ פּריץ אַף וועטשערע...

ימים־נוראים פֿלעגט ער, ווי אַ פּוסט־און־פּאַסניק, זיך אַרומדרייען מיטן טלית אַף די אַקסלען צווישן ווײַסע־חברה אין פּאַליש, פּאַנפּענדיק אַ פּאָר ווערטער — אַ נאָש באַ אימעצן אין אַ מחזור — און ניט פֿילנ־דיק אין זיי קיין שום טעם, ווי אין קײַען שטרוי. דאָ אין סטעפּ איז ער שוין מער ווי דרײַ יאָר. פֿאַראַיאָרן ראש־השנה און פּאָר צוויי יאָרן, איידער זײַן ייִדענע איז אַהער אָנגעקומען, האָט ער אפֿילו קיין שמעק ניט געגעבן אַהין, ווו ייִדן דאַוונען, פֿון דעסטוועגן איז דאָס אים אָפּ־געגאַנגען גלאָט אין יעדע ראש־השנהס, און אָט איצטער:

— פּלוצעם נאָ!... אָט האָסטו דיר...

איצט האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט דער ווייטיק און בענקשאַפֿט נאָך דער פֿאַרשווונדענער „פֿרומער פּריצה". די הויפּט זאַך — די שטילע פֿאַרטראַכטע נאָגעניש פֿון וועלן וויסן:

— גאָט שטראָפֿט דערפֿאַר, צי ניין?

און ניט אַזוי צוליב גאָט האָט זיך עס אים געוואָלט וויסן ווי טאָקע צוליב זיך, גרשון יאַראָשעווער אַליין — צוליב אַ צווייטן מאָל, ווײַל אויב גאָט איז טאָקע אין איינעם מיט אָט דעם שוחט און איז שוין יאָ אַזעלכער, דאַרף מען דאָס טאָקע אין זינען האָבן און ניט דערלאָזן, ער זאָל איבער הײַ־יאָר ראש־השנה אָוועקפּאַקן אַ צווייטע טעלעצע...

אין ביטערן אַנגסט איז ער אַזוי צוגעגאַנגען אַ גוטע איבעריקע פּאָר וויאָרסט צו דעם היפּשן ווײַט־צעשפּרייטן הירטל שאָף, וואָס זײַן

אויג האָט ענדלעך אויסגעלויזט באַם סטעפּ. — שוין גלאָט אַזוי אַהין געגאַנגען. צוקומענדיק האָט ער דערזען: לעבן די שאָף איז קיינער נישטאָ. אַ קליין, אייביק־זיצנדיק שייגעצל שוויצט אונטער זײַן וואַטאָווע שמויסענעם מיצל. דאָס שייגעצל איז אַזוינס, וואָס ווייס ניט פון גאָרנישט, הערט ניט פון גאָרנישט און פאַרשטייט ניט גאָרנישט.

— ניט געזען אַ רויטע טעלעצע מיט ווײַסע פלעקן... אַ שיינעם שלײַער ?

די פראַגע איז געווען איבעריק, אַרויסגעוואָרפן. די האַנט האָט זיך געהויבן צום שטערן אַף צו העלפן די אויגן זיך אײַנקוקן. רעכטס, זייער ווײַט פון די שאָף האָט גרשון דערזען אַפּגעפליקטע קוקורוזע־פעלדער, נאָך ווײַטער — עפּעס ווי אַ קליין בערגל מיט שוואַרצע רירעוודיקע פינטעלעך. אַף זײַן האַריקן פּנים, צווישן די ריטשקעלעך, אין וועלכע עס רינט דער שווייס, האָבן די פאַרקנייטשטע אויגן זיך נאָך מער פאַרשמערט, זיך לאַנג אײַנגעקוקט און באַמערקט אין דעם בערגל די קאַנטן פון אַ הילצערנעם באַראַק. זײַנע פיס האָבן ניט געפרעגט בײַ אים קיין עצה — זיי האָבן גלײַך אַהין אַוועקגעשפּאַנט.

## IV

לעבן באַראַק — אַ קליינער, שטײַף אײַנגעטראָטענער שטיק פּלאַץ.

אַפן פּלאַץ אַרום אַ הויפן אָפּגעריסענע סאָלנעטשניקעס זײַנען קײַלעכיק, ווי אין אַ שײַער, געזעסן אַ שטיק פופצן בחורימלעך און מיידלעך, מיט קליינע שטעקעלעך אויסגעקלאַפּט פון די שטאַרק־טרוקענע סאָלנעטשניק־קעפּלעך די יאָדערן. אַלע חברה — צעכראַסטעט, באָרוועס, מער אָדער ווייניקער אויסגעטאָן און ביז גאָר פאַרשטויבט. ווי אומיסטן — זאָל זײַן אַן ערגערער אויסזען ווי אין דער היים, אַבי אַן אַנדערער.

הענט האָבן געאַרבעט גיך און פלײַסיק. די קלאַפּנדיקע שטעקלעך האָבן בײַ קיינעם ניט געפרעגט: „אויפהערן צי ניין ?“ נאָר בליקן — פּיל־פּיל בליקן זײַנען דאָרט געווען אַנגעשטעלט אַף אים, דעם צוקומענדיקן יאַראָשעווער. אַף וויפל ער האָט זיך דערנענטערט, אַף אַזוי פיל איז דאָרט אַלץ געוואַקסן אין די אויגן דער וווּנדער, זיך אײַנגעשטאָכן

אין זײַן װאַכעדיק־שטױביקן פּנים און אין זײַן באָרד.

עס גערױערט אַזױ היפּש. דער טאָג קלעקט, די פּיס שפּאַנען.

אַט האָט אײנער פון זײ, אַ באָרװעס־געלאַטעטער יאַטל פון אַ יאָר פערצן, פּלוצעם אױפגעהערט צו קלאַפּן און אַנגעװיזן אַף אים מיטן שטעקעלע. זײַנע ברעמעלעך האָבן זיך פאַרריסן. דער יאַט האָט פאַרװאָרפן זײַן קעפּל מיטן דינעם העלדזל אַף צוריק און איז זיך פאַרגאַנגען ביז גאָר שמאָל, נאָר זײער קלינגענדיק, װי אַ חדר־ייִנגל:

— אַ! אַ! אַ!..

— אַ ייִד!... אַ ייִד!...

— אום ראש־השנה!!!

דענסטמאָל האָבן דאָרט פּיל־פּיל אױסגעשטרעקט צו אים די שטעקעלעך. די ראָד האָט אים באַגעגנט מיט עפּעס זײער אַ מאָדנעם װוּנדערלעך־פרײלעכן און װוּנדערלעך־פּילדעריקן „אוראַ!" — אַזױ באַגעגנט מען אַ געװעזענעם מלכות, װאָס גײט צופוס. דער „אוראַ" האָט זיך אָװעקגעצױגן אַ פּאָר מינוט און מער, זיך אַלע מאָל פאַרשמעלערט, װי אַף אױפצוהערן, און זיך באַנײַט מיט פרישער, געשמאַקער קראַפט. דער לעצטער איז מיט זײַן שמאָלן, דינעם און קלינגענדיקן קעלעכל געבליבן הענגען אין דער לופט דער ייִנגסטער, דער פערצן־יאָריקער:

— אוררא! אוררא!...

גרשון האָט דערפילט: אַ פרײלעכער קבלת־פּנים, אַ ברוך־הבא אַ מענטשן אַן אײגענעם, אַ גרײטקײט אים אַרײַנצונעמען אין דער קאָמפּאַניע. װי אים איז ניט געװען אַנגעזאָלצן אַפן ניכטערן, פאַרכליונעסבאַגנדיקן האַרצן, האָט ער דאָך געטאָן אַ שמוך — ניט מיטן מויל, נאָר מיט אַ פאַרקרימטער, האַריק־אַפּגעבערענטער און שװײסיקער באַק. אײן אױג האָט זיך באַ אים אין גאַנצן צוגעמאַכט, דאָס צװײטע האָט שעמעװדיק אױסגעפּאַרשט די ראָד אַרום די גאַנצע חברה און צוזאַמען מיטן מויל שטיל אַ פרעג געגעבן באַ אַלע אין אײנעם און באַ איטלעכן באַזונדער:

— קאַמסאַמאָל... אַ?

אימעצער אין ראָד האָט ניט געקאָנט פאַרשװײַגן:

— װי דאָס האַרץ זאָגט אײַך.

גרשון האָט װי ניט געגלױבט:

— אַלע?

געשטאַנען אַ ווײַלע, געקוקט, געקוקט מיט די „בייגעס" און אויס־געשטרעקט אַ האַריקע האַנט אין אַ צעריסענעם אַרבל. ער האָט אָנגע־וויזן מיט אַ פינגער אָף אַ שלעכט־געשוירענער באָרד, וואָס בײַ איינעם אַ מיטל־יאָריקן:

—און אָט דער־אָ?

דער פערצן־יאָריקער האָט ווי פון שמחה, ניט געקאָנט ריידן אַנ־דערש ווי אָנצינענדיק אַלע העכסטע טענער פון זײַן דין העלדזל:

— אָט דער? אַן אַפּיקורס איז ער נאָך פון דער היים. ער שווערט זיך: ער האָט נאָך אין דער היים אַלע שבת געריכערט אַ פּאַפּיראָס. אימעצער האָט צוגעגעבן זייער שטיל:

— אין אַפּטריט...

און אַלע אויסער די מיידלעך האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. דער מיטל־ יאָרעדיקער מיט דער שלעכט־געשוירענער באָרד האָט ניט געוואָלט מען זאָל וועגן אים ריידן — ער האָט דער ערשטער באַנײַט די קלעפּ מיט זײַן שטעקעלע.

— נו, נו, — האָט ער געזאָגט — דער טאָג שטייט ניט! און מיט אַ חומש־ניגון, ווי אַמאָל אַ חדר־ייִנגל, האָט ער אָנגעהויבן צוצווזינגען:

— ואספת — און דו זאָלסט אײַנזאַמלען, את תבואתך — דײַן תבואה, ואספת — און דו זאָלסט אײַנזאַמלען...

אַ שוואַרץ מיידל ניט ווײַט פון גרשונס פיס — אַ מיידל אין אַ רויט טשיפּעקל מיט ביז גאָר קײַלעכדיקע שוואַרצע אויגן — האָט, קוקנדיק אָפן מיטל־יאָריקן, זיך אַ קנייטש געגעבן. זי האָט נאָך באַוויזן זיך אַ פּעסטע צו געבן מיט אַ בליק פאַר איר נאָענט־זיצנדיקער חברטע:

— אוי... אוי... ער זינגט שוין ווידער... איך קאָן ניט לײַדן...

די אַרבעט מיט די שטעקעלעך איז איבעראַנײַס אַוועק. אין מיטן ראָד האָט צו שפּעט מיט אַ טאָן פון אַן עלטסטן אַ קאָמאַנדעווע געגעבן אַ ביינערדיק־קרעפּטיקער בחור מיט אַ פריקרע־אונטערגעהאַקט נעזל:

— גענוג! גענוג געגענעצט...

און ניט אומקוקנדיק זיך צו גרשונען, וואָס זעצט זיך צו זייער מיד אומזער זײַנע פּלייצעס, האָט ער איבערגעשריגן דעם קלאַפּנדיקן געפילדער:

— פונוואַנען?

גרשון האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון זײַן ייִשוב. אוועקלייגנדיק

זיך אַפֿן בויך אונטערן בחורס פּלייצעס, האָט ער מיד און פֿאַרטראַכט געקוקט אינעם סטעפּס ווײַטקייטן.

— פֿאַרפֿאַלן געוואָרן באַ מיר אַ טעלעצע, — האָט ער אָפּגעזיפֿצט.

ער האָט געקײַט די ווערטער צו שטיל פֿאַרן אַרומיקן רעש. נאָר דער בחור האָט דאָך דערהערט:

— אַ טעלעצע?

גרשון האָט גענומען אויסרעכענען אירע סימנים:

— אַ רויטע מיט ווײַסע פּלעקן... נעמט זי מיצקע־דרינען און ערב ראש־השנה און בלאָנקעט אַוועק פֿון דער שטוב.

און ער האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן קײַען פֿון אָנהויב אָן — די מעשה מיטן אַוועקגעפֿאַרענעם דײַטש, מיט זײַן ברודער קאַפּלען און מיטן שוחט:

— אַ זלידניע אַזאַ, אַ פּאַסקודנע... געווען באַדאַרפֿט עפּענען מיט זײַן קאָפּ די טיר...

דער בחור מיטן פֿריקרע־אונטערגעהאַקטן נעזל האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן ווייניקער קלאַפּן, מער הערן. די אײַליק־פֿאַרקנייטשטע מוסקולן אַרום זײַנע אויגן האָבן ניט געוואָלט פֿאַרלירן קיין צײַט:

— מאַכט מיך קלאָר: מיינט איר, אַז דער שוחט האָט די טעלעצע צוגעגנבעט אָדער ער האָט איר אָפּגעשפּראָכן?

— וווּ? אַ כּניאַק אַזאַ... ער איז גאָר אַ חזן אויך. טאַקע דאָרט אין ישוב. ווען די טעלעצע איז אַוועק פֿון שטוב, האָט ער מסתּם גאָר זיך שוין געגאָרגלט... נאָר אפֿשר... ווער ווייסט? — הײַנט איז ראש־השנה, און איך האָב געטראַכט...

נאָר דער בחור האָט שוין מער ניט געהערט.

— חנה! — האָט ער אויסגעשריגן — נאַ! האָסט נעכטן געבעבנקט נאָך אַן אַנטירעליגיעזער קאַמפּאַניע ווי פֿאַראַיאָרן. אָט האָסטו דאָ דעם חבר... גיי, גיב אים אַן „גיטקע“...

— ניין, וואַרט, די מעשה געפֿעלט מיר. גיב אים אַהער... אַנו, פֿעטער, זעט זיך אַ ווײַלע לעבן מיר, אָט דאָ, אַפֿן גראָז.

געווען איז דאָס שפּעטער, באַ זון־זעצן זיך, ווען לעבן אָרט, ווו מען האָט פֿריִער געקלאַפּט די סאָלנעטשניק־קעפּלעך, האָט מען אין אַלטע טשאַוואַנענע טעפּ געזאָטן וואַסער אױף טיי. אונטערן וואָגן בײַם גרויסן פֿאַס האָט מען קונציק אונטערגעשפּרונגען, געוואַשן די פּנימער, געבענטש

און געריבן די פאַרשטויבטע באַקן. ערגעץ ווײַט — אין שטעטלעך ווײַטע — האָט מען דאַן דערזאָגט אין אײַלעניש דעם ראש־השנהדיקן תהילים אָדער געגאַנגען צו תשליך.

זיצנדיק צו גרשונען מיט אַ זײַט, ווי אַ פרוי אין אַ זאָטל, האָט דאָס מיידל אין רויטן טשעפּיקל געשטשיפּעט לעבן זיך גראָז מיט אימפּעט, ווי זי וואָלט פאַר עפּעס וועלן גוט, גוט אַנקנײַפּן די ערד. אירע שוואַרצע, ביז־גאַר־קײַלעכדיקע אויגן האָבן אָפּט געכאַפּט אַ קוק אַף גרשונען פון אונטן אַרויף און באַ יעדן שנעלן אָטעם האָט זי אין איינעם שוין דערווײַל אויך אַף גיך אַראָפּגעשלונגען, די ווערטער האָבן זיך אָפּגעריסן פון אירע ליפּן זייער גרינג, און אַזוי קונציק, אַז קיין איינס פון זיי האָט זיך ניט פאַרטשעפּעט פאַר אירע ווײַסע שאַרפע ציינדלעך:

— נו, גוט. קומט נאָר אַהער. זאָגט איר אַליין: איר זײַט אַ צענרובלדיקער. הײַנט פרעג איך אײַך: וואָס איז דאָס פאַר אַ גאָט, אַז ער ראַדעוועט זיך צונעמען באַ אַ צענרובלדיקן אַ טעלעצע? און פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס איר האָט אום ראש־השנה, ניט געדאַוונט? ווער איז ער, אָט דער גאָט? ווי אַזוי הייסט ער? גיט אים אונדז אַהערצו!... איר ווייסט, פונוואַנען עס נעמט זיך ראש־השנה?... הערט מיט קאָפּ...

דאָס מיידל האָט גערעדט צו גרשונס קאָפּ, און באַ גרשונען איז איצט אפילו דער קאָפּ שוין אויך געווען פול מיט האָר, און דאָס האַרץ האָט געבענקט נאָך דער „פרומער פריצה". וואָס מער דאָס מיידל האָט גערעדט, וואָס היימישער ער האָט זיך דערפילט, אַלץ מער האָט דאָס האַרץ געבענקט:

— געווען איז זי אַ רויטע מיט ווײַסע פלעקן אַפן האַלדז און לעבן די האַרטע שוואַרצע ליפּן און מיט אַ שלײַער אַ זעלטענעם — אַ שלײַער, וואָס מען זעט אים ניט...

— און דער קרעמענטשוגער האָט וועגן איר געזאָגט: „סע ניט קיין טעלעצע, סע אַ גאַנצע באַלעבאָסטע". און נאָך האָט ער איר געזאָגט: „איר ווייסט דען, וואָס איר האָט?... אַ ברונעם!... זי וועט אײַך פאַרגיסן מיט מילך"...

ער, גרשון, איז געווען זייער דאַנקבאַר דעם מיידל פאַר איר ריידן. ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער צו איר געזאָגט:

— האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך שלאָג אײַך איבער, אפשר ווייסט איר!... וויפל דאַרף הײַנט קאָסטן אַ קו?...

## V

ביילקע:

— אַ רוחל, ניט קיין קינד.

אַף דער ערד מעג אַראָפּפאַלן די דינסטע נאָדל, אַ שרײַפּעלע, גרויס ווי אַ שפּילקע־קעפּל — אַלע וועלן זיך אָנבייגן און וועלן זוכן, זוכן — און פון דער זײַט וועט ביילקע פּלוצעם געבן אַ פריילעך געשריי:

— איך זע זי! אָט איז זי!

ביילקע האָט באַטאָג געפונען די „פּרומע פּריצה" און אַזוי גרינג — סך־הכל צוויי וויאָרסט פון שטוב, אין דער באַלקע לעבן ברונעם, פונוואַנען מען פירט וואַסער.

עס איז אַ מעשה מיט אַ פּוסטער, האַלב־אײַנגעפאַלענער שטוב, וואָס שטייט זיך טאַקע דאָרט, אַ ביסל העכער פון דער באַלקע, גרשון האָט שוין לאַנג געטראַכט וועגן אָט דעם אומקומעניש:

— פאַרוואָס צענעמט מען זי ניט אַף אייניציקע שטיינער, פאַר וואָס?

ביילקע איז באַטאָג אַהינגעגאַנגען נאָך וואַסער, זי טוט אַ קוק, אין דער פּוסטער שטוב — די „רויטע פּריצה"! פאַרטריבן, ווי אין שטאַל שטייט זי דאָרט, צוגעבונדן זייער ענג און זייער נידעריק מיטן צעפלאָכטענעם שטריקל, וואָס באַמבלט זיך שטענדיק אַף איר האַלדז.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט גרשונען באַגעגנט אין דער היים אַ רויִקע, זאַטע פרייד.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָבן בלינדע פאַרהוילענע פידלער אָן טענער, אָן אַ מינדסטן גערויש געשפּילט דעם סטעפּס שטילשווײַגנדיקן ניגון, זיך פאַרגאַנגען מיט אים, זיך פאַרכליונעט אַף לאַנגע עקן וועלט, אַ שוואַרצער ים האָט געצוווּנגען זיצן שטיל, זיך קיין ריר ניט געבן און פאַרגאַפט זיך אײַנהערן אין זײַן בלינדן שווײַגנדיקן ליד.

מיטן לויכטנדיקן לעמפּל אין האַנט איז גרשון דאַן געשטאַנען אין דרויסן לעבן דער „פּרומער פּריצה", וואָס רוט ליגנדיק און מעלה־גרהט זייער פאַמעלעך מיט פאַרגלאָצטע אויגן — לאַנג, לאַנג לעבן איר געשטאַנען, און פון זײַן טיפן אינעווייניק האָט גערעדט צו איר אַ קול אָן

אַ מינדסטן קלאַנג, פּונקט ווי די בלינדע פידלער, וואָס שפּילן אויס דעם סטעפּס באַנאַכטיק־אומענדלעכן שטילשווײַגן:

— אַ דו!... נאַר דו! די כּפּרה זאָלן ווערן פאַר דיר זיי — אַלע, וואָס האָבן דיר אין דער פּוסטער שטוב געוואָלט שלעכטס טאָן...

עס איז ניט געווען קלאָר, אַף וועמען גליִעט מער דער כּעס? — אַף דעם שוחטס „פּאַסקודנע שעפּטשען“, צי אַף קאַפּעלעס — דעם לײַב־לעכן ברודערס — אונטערגעשיקטן גנבֿ, וואָס האָט געמיינט: אין דער ערשטער נאַכט זי אויסבאַהאַלטן, אין דער צווייטער — זי אַוועקפירן.

אַף מאָרגן האָט גרשון אַ גאַנצן טאָג גערייניקט דעם ווייץ — בייל־קע האָט געדרייט די קאַרבע, ער האָט געשאָטן אויבן פונעם מעסטל.

און אַף איבערמאָרגן — אויס יום־טובֿ — זײַן ייִדענע האָט זיך שוין געהאַט אומגעקערט פון דאַוונען ראש־השנה אין שטאָט — האָט גרשון יום־טובֿדיק אָנגעטאָן די קורצע, זייער אויסגעפּלעקטע קאַפּאָטע, וואָס איז אים פאַרבליבן פון אַמאָל, און פאַמעלעך און יום־טובֿדיק אַוועקגע־שפּאַנט אינעם נײַעם נאָענטן ייִדישן ייִשובֿ. איצטיקס מאָל איז ער אַהינ־געגאַנגען ניט דאַוונען, נאָר געבן פּעטש. וועמען ער וועט דאָרט די פּעטש געבן, האָט ער נאָך דערווײַל ניט געוווּסט: אפשר „דעם פּאַסקודנעם שו־חט“, און אפשר זײַן אייגענעם לײַבלעכן ברודער קאַפּלען — אָט דעם, וואָס אַז קיינער האָט שוין גאָר גאָרנישט, איז ער האָט נאָך און האָט. יעדנפאַלס וועט ער דאָרט אַרײַנגיין אין ייִדישן סאָוועט און וועט אויס־לייגן די מעשה פון אָנהייב אָן:

— אָפּגעקויפט די „פרומע פּריצה“ אָט, דאָ פאַר צוויי יאָרן באַ אַ רײַכן דײַטש...

גרשון איז געגאַנגען רויִק אין די האַרטע פאַרריסענע־וואַכעדיקע גע־לאַטעטע הויזן און אין דער שוואַרצער אויסגעפּלעקטער קאַפּאָטע, וואָס זיצט אַף אים ביז גאָר ענג און האָט באַ די אַרבל געפּלאַצטע נאָטן. דער אויפגעהויבענער קאָפּ — אַ ביסל אָן אַ זײַט און די אַקסלען אונטער־געהויבן, ווי באַ אַ בעל־מלאכה אום חול־המועד.

דער זוניקער טאָג איז געווען אַ ווינטיקער, אַ ביז־גאָר שטויביקער, פון אַקעגן, אײַנגעהילט אין רויִכעלעך יאָגנדיקן שטויב, האָבן אין צוויי אויטאָמאָבילן זיך געטראָגן אויסלענדער, וואָס פאָרן אויסקוקן דעם נײַעם ייִדישן ייִשובֿ. זיי זײַנען געפאָרן געשווינד און פונעם ווינט, גרשון איז

געגאַנגען צופוס און אַקעגן ווינט. אויב זיי וועלן אים אָפּשטעלן און פרעגן, ווער ער איז, וועט ער ענטפערן זייער געהיט, ניט אַזוי גיך און תמעוואַטע:

— איך ?... ווער איך בין ?...

ער וועט זיי אָן גלויבן באַקוקן פון קאָפּ ביז פיס, אויסשפּײַען אָן אַ זײַט און וועט אויסלאָזן:

— א צענרובלדיקער.

נאָר טיף אין אים וועט דערפון קיין האָר ניט קלענער ווערן דער ווילן צו געבן פּעטש... ער וועט אָוועקשפּאַנען ווײַטער.

# אינהאַלט:

## דערציילונגען:



## שטורעמטעג:

